# גאנץ אמעריקא

## די געשיכטע פון אלע לענדער אין דער נייער וועלט

פון

## פיליפ קראנץ

פערפאסער פון „קולטור געשיכטע", „אמעריקא בעפאר קאלומבוס", „געשיכטע פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואלוציאן", א. ז. וו.

---

## אין צוויי בענדער

מיט 125 בילדער און לאנדקארטען, מיט אן אינדעקס און מיט אן הקדמה פון

אלכסנדר הארקאווי

---

## ערשטער באנד

די געשיכטע פון יונייטעד סטייטס, קענעדע, מעקסיקא און צענטראל אמעריקא

---

ארויסגעגעבען פון

עדיוקיישאנאל קאמיטע פון ארבייטער רינג

175 איסט בראדוויי

נ י ו י א ר ק

1915



# במקום הקדמה.

אַ בריעף פון אלכסנדר האַרקאַווי צום עדיוקיישאָנאַל קאָמיטע פון ארבייטער רינג, וואס האָט פערלאַנגט זיין מיינונג וועגען דיעזען ווערק.

---

געעהרטע העררען!

אויף אייער בריעף פון דעם 22טען אָקטאָבער, אין וועלכען איהר פערלאַנגט, איך זאָל שרייבען אַ „פאָאָר ווערטער" צו דעם בוך „גאַנץ אמעריקא" פון ה' פיליפּ קראַנץ, קען איך אייך ענטפערן, דאס איך נעהם דיעזען כבוד אָן מיט פערגניגען, הגם מיין פריינד דער פערפאסער נעטיגט זיך ניט אין קיין הסכמות. דער אידישער עולם קען קראַנץ'ען זעהר גוט פון זיינע פריהערדיגע ווערק—פון זיין „קולטור געשיכטע", „אמעריקא פאר קאָלומבוס" און אנדערע—און ווייס, וואס עס האָט צו ערוואַרטען פון אַ ווערק, וואס געהט ארויס פון זיין פעדער. ה' קראַנץ האָט הינטער זיך אַ רעקאָרד פון איבער אַ דריטעל יאָהרהונדערט ניצליכע און פעהיגע ליטעראַרישע טהעטיגקייט און אונזער פובליקום ווייס שוין לאַנג, ווער ער איז.

פריהער פאר אַלץ וויל איך אייך זאָגען, דאס ארויסגעבענדיג א ווערק פון געשיכטע גרייפט איהר דאס בעסטע מיטעל פיר די בילדונג און אויפקלערונג פון די מאַסען. טיעף-וויסענשאַפטליכע—ווי מאטעמאטישע און פיזישע—ווערק פאָדערן פון דעם ניט-געשולטען לעזער פיעל אנשטרענגונג און בלייבען איהם אָפט אין גאַנצען אונפערשטענדליך. נאַטירליך, געשיכטע אליין קען ניט פערנעהמען דעם אָרט פון אלע וויסענשאַפטען, אָבער מען שמועסט דאָ פון די ברייטע ארבייטער-מאַסען, וועלכע האָבען ניט די געדולד און ניט די פּאָרבערייטונג אין זייערע קאַרגע פרייע מינוטען צו קענען פערטיעפען זיך אין שווערע ענינים. פיר אַזעלכע איז געשיכטע דאס בעקוועמסטע בילדונגס-מיטעל. און געשיכטע איז אויך דאס וויכטיגסטע פון אַלע בילדונגס-מיטלען; די בעשפּרעכונג פון די פיעלפאַכע ערשיינונגען אין דעם לעבען פון פעלקער איז זעהר גוט צוגעפּאסט דעם לעזער צו מאַכען פיעל-זייטיג, איהם צו ענטוויקלען און אויפקלערען.

עס איז איבריג אָנצואווייזען אויף די וויכטיגקייט פיר אונז זיך בעקאַנט צו מאַכען מיט דער געשיכטע פון די לענדער, אין וועלכע מיר לעבען און מיט וועלכע אונזערע שיקזאַלען זיינען פערבונדען. מיר איינגעוואַנדערטע אידען, וועלכע האָבען געמאַכט די לענדער פון אמעריקא פיר אונזער היים, דאַרפען אונבעדינגט זיך בעקענען מיט דער געשיכטע פון דיעזען וועלט-טהייל. ניט קענענדיג אמעריקא'ס געשיכטע בלייבען מיר דאָ אימער פרעמדע און אונוויסענד אין אַלץ, וואס איז פיר אונז כדאי צו וויסען אלס אנזעסיגע. דאס בוך „גאַנץ אמעריקא" דאַרף ניט פעהלען ביי קיין איינציגען פון דעם אידיש-לעזענדען פובליקום אין דיעזען וועלט-טהייל.

קראַנץ'ס געשיכטע פון אמעריקא בעזיצט אלע מעלות, מיט וועלכע עס צייכנען זיך אויס די אנדערע ווערק פון דעם זעלביגען פערפאסער. דער אינהאַלט איז בינדיג; די שפּראַך איז לייכט און גראַד, ניט פערדרעהט. די היסטאָרישע פאַקטען אין דיעזען ווערק זיינען גרופּירט לויט זייער נאַטירליכען, אינערליכען צוזאַמענהאַנג. דאס ווערק איז ניט קיין טרוקענע כראָנאָלאָגיע, וואו עס ווערען געגעבען אָפּגעזונדערטע טרוקענע פאַקטען און דאטומס, ווי אין די כראָניקעס פון לוחות,—נאָר א היסטאָריע, אין וועלכער פאַקטען ווערען בעלויכטען און עס ווערען געוויזען די אורזאַכען און די פאָלגען פון פאַסירונגען. דאס איז די אמת'ע אַרט, ווי צו שרייבען געשיכטע.

א גרויסע מעלה פון דיעזען ווערק איז דורכאויס די שטרענגע צוועקמעסיגקייט פון זיין שטאָף. אלעס, וואס קומט דאָ, איז צום פּונקט, ניטאָ קיין צוטשעפּעניסען פון זייטיגע זאכען, וועלכע האָבען קיין שייכות ניט מיט דעם פערפאסער'ס אויפגאַבע. דיעזע מעלה בעגעגענט מען אָפט געשיכטליכע ווערק ניט אָפט, און די לעזער וועלען דעם פערפאַסער פון „גאַנץ אמעריקא“ פיר דיעזעם זעהר דאַנקבאַר זיין. דאס שטרענגע האַלטען זיך צו דער זאַך גיט דעם לעזער די מעגליכקייט קלאָר צו פאַסען דעם ענין און איהם צו בעהאַלטען אין זכרון; אָפּווייכונגען, דאַגעגען, צוטומלען איהם און שטויסען איהם אָפּ פון דעם ווערק. ניט איינער וואַרפט אוועק לעזען אַ בוך דערפאַר, ווייל עס ווייכט אָפּט אָפּ פון זיין טהעמא און פערקריכט אין זייטיגע ענינים, וועלכע פאַסען ערגעץ אנדערש.

די אויפמערקזאַמקייט פון דעם לעזער פערדיענען אויך די איללוסטראַציאָנען, די בילדער און צייכנונגען, וועלכע קומען אין דיעזען ווערק. דיעזע איללוסטראַציאָנען זיינען זעהר גוט צוגעקליבען; פיעלע פון זיי, בעזונדערס צייכנונגען פון מאָנומענטען פון פערשוואונדענע קולטורען, זיינען ניט צו טרעפען אין געוועהנליכע געשיכטליכע ווערק איבער אמעריקא.

דער פערפאסער האָט פיעל פערגרעסערט די ניצליכקייט פון זיין ווערק מיט דעם, וואס ער האָט צו איהם צוגעגעבען (צום שלום פון צווייטען באנד) אן אינדעקס אָדער רעגיסטער פון פּערזאָנען און זאכען, דורך וועלכען די לעזער וועלען קענען אויפשלאָגען יעדען נאָמען אָדער יעדען ענין, איבער וועלכען זיי ווילען אָפּפרישען זייער זכרון.

דער ארבייטער רינג פערדיענט אלע אנערקענונג פיר די ארויסגאַבע פון דיעזען ווערק. עס איז צו ווינשען, דאס איהר זאָלט ארויסגעבען וואס מעהר ווערק פון דיעזען סאָרט, וועלכע זיינען דאס בעסטע מיטעל פיר די אויפקלערונג פון אונזערע מאַסען.

מיט גרוס און מיט אכטונג,

ניו יאָרק, 26 דעצ. 1914.

אלכסנדר האַרקאַווי.

# אינהאַלט פון ערשטען באנד

---

זייט — די געשיכטע פון יונייטעד סטייטס:

## די געשיכטע פון קענעדע



## די געשיכטע פון מעקסיקא:

## די געשיכטע פון צענטראל אמעריקא.



———ooo———

צום סוף פון צווייטען באנד קומט אן א י נ ד ע ק ס אָדער אַלפאַבעטישער אָנצייגער פון אַלע נעמען און ענינים אין דיזען היסטאָרישען ווערק.



# בילדער און לאַנד־קאַרטען פון ערשטען באַנד

זייט

# איינלייטונג

## אַמעריקאַ ביז קאָלומבוס'עס צייט

באלד נאָך קאָלומבוס'עס ערשטע רייזע איבער דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן אין יאָהר 1492 האָבען זיך פיעלע אַנדערע מוטהיגע ים־פאָהרערס אַ לאָז געטהאָן אויף דעם זעלבען אונבעקאַנטען וועג, וועלכער האָט ווער ווייסט וויפיעל טויזענדע יאָהרען אָבגעזונדערט די אַלטע פון דער נייער וועלט, וועלכער האָט געטראָגען אין די גריכיש־רוימישע צייטען דעם נאָמען "דער ים פון פינסטערניס" און וועלכער איז פאָרגעשטעלט געוועזען אויך ביי די פאָרטגעשריטענסטע וועסט־אייראָפּעאישע פעלקער אַלס אַ טהייל פון דער ערד, וואָס איז פול מיט שרעקענס־בילדער, בעוואָהנט פון שרעקליכע בעשעפעניסען.



קריסטאָפער קאָלומבוס.

אָבער אַלע דיעזע רייזענדע, וועלכע זיינען געקומען צו פערשיעדענע פונקטען פון אַמעריקאַ און האָבען אויך מעהר אָדער וועניגער נאָכגעפאָרשט דיא ברעגען פון דיעזער נייער וועלט אויף לאַנגע שטרעקען, האָבען גאָר ניט גערעכענט, אַז זיי געפינען זיך ווירקליך אין אַ גאַנץ נייער וועלט. זיי האָבען אַלע געמיינט אזוי וויא קאָלומבוס, דאָס זיי זיינען צוגעקומען צו דיא ווייטעסטע מזרח־ברעגען פון אינדיען אָדער פון כינא און יאפאַן, וויא דיזע לענדער זיינען בעשריבען געוואָרען פון דעם איטאַליענישען רייזענדער מאַרקאָ פאָלאָ צו ענדע פון 13טען יאהרהונדערט. דער צוועק פון זייערע רייזען איז יעדענפאַלס געוועזען צו געפינען אַ נייעם וועג צו דיעזע רייכע מזרח־לענדער, ספּעציעל צו אינדיען, מיט

וועלכע דיא אייראָפּעאישע פעלקער האָבען קיינמאָל ניט אויפגעהערט צו פיהרען האַנדעל אויף וועגען, וועלכע זיינען שוין געוועזן איינגעפיהרט און געברויכט לאַנג־לאַנג פאר דער צייט, ווען אלכסנדר מוקדון האָט זיך אהין אריינגעריסען נאָך זיין זיעג איבער דעם הערשער פון פערסיען.

ערשט מיט א יאָהר דרייסיג נאָך קאָלומבוס'עס גרויסע ענטדעקונג, נעמליך: נאָך מאַגעלאַן'ס ערשטע רייזע ארום דער ערד אין 1521 — א רייזע, וועלכע האָט אונבעשטרייטבאר בעוויעזען אז דיא ערד איז קיילעכדיג — האָט מען זיך גענומען ארומזעהן, אז אויף דער מערב־זייט פון אטלאנטישען אָקעאן האָט מען ניט צו טהאָן מיט אינזלען אָדער האלב־אינזלען פון אַזיאַטישע לענדער, זאָנדערן מיט א גאַנץ נייען וועלט־טהייל.


איינע פון קאָלומבוס'עס שיפען.

קאָלומבוס האָט טאַקע ביז זיין טויט ניט געוואוסט, אז ער האָט אין דער אמת'ן ענטדעקט א נייע וועלט. פאר דיא אייראָפּעאישע פעלקער איז אמעריקא געוועזן א גאנץ נייע וועלט, ניט אזוי דערפאר, וואָס זיי האָבען פריהער גאָר ניט געהערט פון איהר, אָבוואָהל עס האָט אפשר געקענט פּאַסירען, וויא מען דערצעהלט עס געוועהנליך אין דיא געשיכטען איבער דער ענטדעקונג פון אַמעריקאַ, אז דיא מוטהיגע ים־רויבער פון סקאַנדינאַוויען האָבען על פּי סבה דערגרייכט אין 10טען יאהרהונדערט ביז גרענלאַנד און לאַבראַדאָר אין נאָרד אַמעריקאַ, וויא מיר וועלען עס באלד זעהען; אויך ניט דערפאר, וואָס מען האָט אויף איהר געפונען נייע חיות און פלאנצען, נור ספּעציעל דערפאר וואָס זיא איז בעוואָהנט געוועזן פון א גאַנץ נייע ראַסע מענשען — דיא רויט־הויטיגע ראסע, וועלכע מען רופט געוועהנליך מיט דעם אלגעמיינען, אָבער ניט ריכטיגען נאָמען אינדיאנער.

דער אורשפּרונג פון דיעזער ראסע, דיא פראגע, אויב דיא רויט־הויטיגע מענשען זיינען אויפגעקומען אין אמעריקא גופא, אָדער זיי זיינען אין גרוי־אלטע צייטען אריבערגעקומען פון אזיען אָדער פון אן אנדער טהייל פון דער אלטער וועלט — דאָס איז נאָך ביז היינט צו טאָג ניט אויסגעפּאָרשט געוואָרען. מען ווייס נור מיט זיכערהייט, אז דיא אינדיאנער שטאמען און שבטים אין דיא

נאָרד־וועסטליכע טהיילען פון אמעריקא זיינען לאנג־לאנג פאר דיא רייזען פון קאָלומבוס געווען אין פערקעהר מיט דיא שטאַמען פון דיא נאָרד־אָסטליכע טהיילען פון סיביר דורך דעם שמאָלען וואסערוועג, וואָס טראָגט יעצט דעם נאָמען בעהרינג (נאָך דעם נאָמען פון דעם דענישען ים־פאָהרער, וואָס האָט דעם דאָזיגען וועג ענטדעקט אין 1728) און וואָס טהיילט אָב אזיען פון אמעריקא. עס איז דארום מעגליך, אז אמאָל האָבען מענשען אריבערגעוואנדערט פון אזיען נאָך אמעריקא, וואו זיי האָבען זיך צושפרייט ביסלעכווייז. דיא רויט־הויטיגע ראַסע האָט טאקע אזוי פיעל עהנליכקייט צו דער מאָנגאָלישער, אז איינינע גע־לעהרטע רעכענען, דאָס זיא שטאַמט פון אזיען.

יעדענפאלס, וואָס מען זאָל ניט דענקען וועגען דעם אורשפּרונג פון דיא אינדיאַנער, נור דאָס איז בעשטימט, אז אויף דער גאַנצער לענג און ברייט פון דער נייער וועלט, פון קענעדע ביז ארגענטיניען, זיינען זיי געווען שטאַמען אָדער שבטים פון איין ראַסע.

פאר זיי איז דיא נייע וועלט נאַטירליך געווען א גאַנץ אלטע. לאנג־לאנג פאר קאָלומבוס׳ען האָבען זיי אפילו געגרינדעט גרויסע מלוכות אין איינינע גע־גענדען. ביי אויסגראָבונגען אין געוויסע ערטער האָט מען געפונען אונבעשטרייט־בארע בעווייזע, אז מענשען האָבען געלעבט אין אַמעריקא נאָך אין דער צייט ווען איהר נאָרד־טהייל איז געווען בעדעקט מיט אייז, דאָס הייסט אלזאָ, נאָך דיא רעכנונגען פון געלעהרטע געאָלאָגען אָדער ערד־פאָרשער, מיט הונדערטע טויזענד יאָהרען צוריק.

ביי דיא ברעגען פוןביידע אָקעאַנען — דעם אטלאַנטישען אָקעאַן אין מזרח־זייט און דעם פּאַסיפישען אָדער גרויסען אָקעאַן אין מערב־זייט פון אמעריקא — און אויך ביי דיא ברעגען פון גרויסע אמעריקאַנער טייכען האָט מען געפונען לאַנגע און ברייטע בערגלעך פון שאָלעכץ אָדער שיסעלעך פון ראַקעס, אָיסטערס און פון אנדערע אזעלכע ים־בעשעפעניסען. דיעזע בערגלעך טראָגען דעם נאָמען „קיך־הויפענס” און זיינען היינט דיא איינציגע סמנים פון מענשען, וועלכע האָבען אמאָל דאָרטען געלעבט און זיך ערנעהרט דערמיט, וואָס דער ים האָט זיי צגעוואָרפען אָדער וואָס זיי האָבען שוין געקענט פאנגען.

אין פערשיעדענע ערטער פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, בעזאָנדערס אין דעם שטאַאט אָהייאָ, האָט מען געפונען צעהנדליגע טויזענדע ערד־אנשיטונ־גען, וואָס טראָגען דעם ענגלישען נאָמען „מאָונדס” און וואָס זיינען געמאכט געוואָרען פון מענשען, פון וועלכע דיא אינדיאַנער שטאַמען אין קאָלומבוס׳עס צייט האָבען שוין גאָר ניט געוואוסט. ווייטער האָט מען אין דיא וויסטע טהיילען פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, ספּעציעל אין שטאַאט ניו־מעקסיקאָ, געפונען הייזער אויף הויכע בערג און אזעלכע שטעדט, וואָס טראָגען דעם שפּאַנישען נאָמען „פּועבלאָ” און וואָס זיינען שוין לאנג פערלאָזען געווען בשעת דיא

ערשטע שפּאַנישע גאָלד־זוכער זיינען אהין צוגעקומען. די איינוואָהנער פון דיעזע מערקווירדיגע פּועבלאָס, וועלכע עס האָט געוויס גענומען לאַנגע יאָהרען אויפצובויען אין אזעלכע ערטער, וואָס זיינען היינט גאָר וויסטע, — זיינען פערשוואונדען לאַנג פאר קאָלומבוס׳עס צייט. אמאָל האָט דאָרטען געלעבט א צימליך גערדיכטע בעפעלקערונג, וועלכע האָט זיך פלייסיג בעשעפטיגט מיט אקערבוי און וועלכע האָט זאָגאר געגראָבען קאַנאַלען.

אין די געדיכטע וועלדער פון אייניגע געגענדען אין צענטראַל־אמעריקא האָט מען געפונען חורבות פון פּאַלאַצען און טעמפּלען, וועלכע זיינען געבויט געוואָרען פון פעלקער, וועלכע זיינען שוין פערשוואונדען געוועזען אין דער צייט ווען הערנאַנדאָ קאָרטעז האָט איינגענומען די מלוכה פון די אצטעקען אין מעקסיקאָ. דיעזע חורבות ווערען בעוואונדערט פון רייזענדע און געלעהרטע נאכפאָרשער און צייגען, אז די געהיימניספאָלע פעלקער, וואָס האָבען דאָרטען געלעבט, זיינען געשטאַנען אויף א צימליך הויכער שטופע פון קולטור.

ארום דער צייט, ווען שפּאַנישע שווערד־העלדען האָבען גענומען אויס־וואַנדערען נאָך דער נייער וועלט, אום דאָרטען צו געפינען גאָלד און א שם אלס העלדען — כמעט אלעס צו וואָס זיי האָבען געשטרעבט אין לעבען — האָבען אין אמעריקא עקזיסטירט צוויי גרויסע און אין פיעלע הינזיכטען זעהר מערק־ווירדיגע אימפּעריעס: איינע אין דעם נאָרדליכען טהייל וואָס די יעצטיגע רעפּובליק מעקסיקאָ פערנעהמט, און די אנדערע אין דעם זידליכען טהייל וואָס איז נאכהער צוטהיילט געוואָרען צווישען די רעפּובליקען פּערו, טשילי, עקוואַ־דאָר און ארגענטיניען.

די ערשטע פון דיעזע אימפּעריעס, וועלכע האָט אונטער דער הערשאפט פון דעם קריעגערישען אינדיאַנער שטאם אַצטעקען מיט זייער קעניג מאָנטעזומאַ ארויפגעיאָגט א שרעק אויף פיעלע ארומיגע פעלקער, איז צושטערט געוואָרען אין יאָהר 1521 פון אַ הייפעלע שפּאַניער אונטער דער קאָמאַנדע פון הערנאַנדאָ קאָרטעז, וועלכער איז געוועזען אַזוי גרויזאַם וויא העלדיש, אַזוי קלוג וויא פאַנאַ־טיש און וועלכער איז בכלל א מערקווירדיגע פיגור אין דער וועלט־געשיכטע.

די צווייטע אימפּעריע, די פּערואַנישע, וועלכע האָט זיך בעזאָנדערס אויסגעצייכענט מיט איהרע קאָמוניסטישע איינריכטונגען, איז צושטערט גע־וואָרען אין יאָהר 1536 פון אַ הייפעלע שפּאַניער אונטער דער קאָמאַנדע פון פראַנציסקאָ פּיזאַראָ, וועלכער האָט אפילו ניט געקענט אונטערשרייבען זיין נאָמען.

די שפּאַנישע שווערד־העלדען האָבען דאַן בעוויעזען וואונדער איבער וואונדער אין זייער קאַמפּף מיט די אינדיאַנער, בעזאָנדערס אין מעקסיקאָ, וואו די קריעגערישע און בלוטיגע אַצטעקען האָבען זיך געוועהרט מיט ווילדער פערצווייפלונג. די געשיכטע פון דיעזע שפּאַניער און פון זייערע מיליטערישע

גבורות קלינגט יעצט וויא א ראָמאַן. עס גלויבט זיך ניט, אז מענשען זאָלען קענען זאָ עטוואס בעווייזען, אָבער זייערע וואונדערבארע אויפטואונגען זיינען דאָך היסטאָרישע פאקטען.

אין מיין בוך "אמעריקא פאר קאָלומבוס" האָב איך אויספיהרליך בעשריבען, וואָס מען איז ביז אונזערע צייטען דערגאנגען דורך אויסגראָבונגען און דורך אנדערע וויסענשאפטליכע נאָכפאָרשונגען וועגען דיא פערשוואונדענע אמעריקאנער פעלקער און זייער קולטור, וויא אויך וועגען דיא האלב־ציוויליזירטע פעלקער, וועלכע דיא ערשטע אייראָפּעער האָבען געפונען אין דער נייער וועלט. דאָ האָב איך נאָר אָנגעוויזען אויף דעם, אום דער לעזער זאָל וויסען, דאָס ניט אלע איינגעבאָרענע פון אמעריקא זיינען געוועזען אזעלכע ווילדע מענשען, וויא מען שטעלט זיך עס געוועהנליך פאָר אונטער דעם וואָרט אינדיאַנער.

* * *

וואָס אנבעלאנגט דיא חורבות פון טעמפּלען און פּאלאצען, וואָס מען האָט מיט אונגעפעהר א יאָהר 150 צוריק ענטדעקט אין דיא פּערוואָרפענסטע ווינקעלעך פון דיא געדיכטע טראָפּישע וועלדער אין צענטראל־אמעריקא, ספּעציעל אין יוקאטאַן, זאָ בלייבט עס ביז היינט צו טאָג א טיעפע געהיימניס, ווער זייערע בויערס זיינען געוועזען און וואָס עס איז פון זיי געוואָרען.

וועגען דעם זיינען אָנגעשריעבען געוואָרען א סך ספּעציעלע ביכער. מאנכע פאָרשער האָבען געזוכט צו בעווייזען, אז דיעזע טעמפּלען פון דיא פערשוואונדענע פעלקער אין צענטראל אמעריקא האָבען זעהר פיעל עהנליכעס מיט דיא בודדהיסטישע טעמפּלען אין אזיען, אָבער אנדערע האָבען עס געזוכט אָבצושטרייטען און צו צייגען, דאָס דיא סטאטוען און אנדערע סקולפּטורען דאָרטען האָבען גאָר מעהר עהנליכקייט צו עגיפּטישע און גריעכישע.

דיא מערקווירדיגסטע און אינטערעסאנטעסטע פון דיעזע געהיימניספאָלע חורבות זיינען לכל הדעות דיא יעניגע, וואָס זיינען ענטדעקט געוואָרען לעבען דעם מעקסיקאַנער דאָרף סאַנטאָ־דאָמינגאָ־דע־פּאלענקע. מען רופט זיי דארום דיא טעמפּלען אָדער חורבות פון פּאלענקע. דיא סקולפּטורען דאָרטען האָבען ווירקליך א שלאגענדע עהנליכקייט צו געוויסע סקולפּטורען אין אלטע בודדהיסטישע טעמפּלען אין אַזיען. דיא סקולפּטור אין דער פאָרמע פון אַ קרייץ, וואָס טראָגט טאקע דעם נאָמען "דער קרייץ פון פּאלענקע", האָט ערוועקט דעם גרעסטען אינטערעס צווישען ארכעאָלאָגען אָדער פאָרשער פון אלטערטהימער און בלייבט א גרויסע רעטענים אין דער געשיכטע פון דער נייער וועלט.

אויף יעדען שריט אין דיא וועלדער ארום פּאלענקע שטויסט מען זיך אָן אויף טיעפע געשיכטליכע געהיימניסע. דיא שטומע עדות פון אן אמאָליגע קול־

טור גיבען אונז קיין אנטוואָרט ניט אויף אלע אונזערע פראגען מכח דיעזע פער־לאָזענע טעמפּלען. ווער האָט זיי געבויט? דאָס ווייס מען ניט, טראָטץ אלערליי פאָרשונגען און אויסגראָבונגען וואָס זיינען דאָרטען ביז יעצט געמאכט געוואָרען פון פערשיעדענע ארכעאָלאָגען. ווען זיינען זיי געבויט געוואָרען? דאָס קען מען ווידער ניט בעשטימען. וואו זיינען אהינגעקומען דיא מענשען, וואָס האָבען מיט יאהרהונדערטע צוריק געבויט אזעלכע ריעזיגע טעמפּלען? דאָס איז ווידער א געהיימניס.

זיכער איז עס, אז דיא פערשיעדענע אינדיאנער שטאַמען אין צענטראל אמעריקא האָבען שוין צו דער צייט פון קאָלומבוס׳עס רייזען ניט געוואוסט, ווער עס זיינען געווען דיא בויערס פון דיא וואונדערבארע טעמפּלען מיט דיא היעראָגליפישע אויפשריפטען, צו וועלכע מען האָט נאָך ליידער ניט געפונען און מען וועט שוין וואהרשיינליך קיינמאָל ניט געפינען א שליסעל. אפילו צווישען דיא פאָרטגעשריטענסטע פון דיא דאָרטיגע פעלקער, דיא מאיאס, האָט זיך צו דער צייט פון הערנאנדאָ קאָרטעץ ניט געפונען אימיצער צו קענען לעזען אָדער ערקלערען דיא דאָזיגע צייכענס, וואָס וואָלטען אונז געגעבען א קלאָרע תשובה אויף פיעלע קולטור־געשיכטליכע פראגען, וועלכע ווערען וואהרשיינליך אייביג בלייבען אונפערענטפערט.

נאָר אָט געפינט מען גאָר אין אלטע כינעזישע שריפטען און כראָניקעס א שילדערונג מכח א ווירקליך מערקווירדיגע רייזע פון בודהיסטישע מיסיאָנערען אין א וואונדערבארער געגענד אויף דער אנדער זייט פון גרויסען אָקעאַן, א לאנד צום מזרח פון כינא, א לאנד וואָס איז פערצייכענט געוואָרען אונטער דעם נאָמען ״פוזאנג״ אָדער ״פוזו״, ווייל דאָרטען זיינען געוואקסען וואונדער־בארע בוימער מיט דעם דאָזיגען נאָמען.

אין דיא כינעזישע כראָניקעס איז נעמליך פערשריעבען, אז א געוויסער בודדהיסטישער מיסיאָנער מיט׳ן נאָמען הוי־שען, א געבאָרענער פון דער שטאָדט קאבול, וועלכע איז אמאָל געווען א גרויסער צענטער פון דער בודדהיסטישער רעליגיאָן, איז צו דער צייט פון דעם כינעזישען קייזער יונג־יואן געקומען צוריק פון א געהיימניספאָלע לאנד מיט׳ן נאָמען פוזאנג. נאָך דיא רעכנונגען פון געלעהרטע היסטאָריקער איז דאָס געשעהן צו ענדע פון 5־טען יאהרהונדערט פון דער קריסטליכער צייטרעכנונג, אלזאָ מיט 1400 יאָהר צוריק. אין כינא זיינען דאַן געווען גרויסע פּאָליטישע אונרוהען. עס האָט אויסגעבראָכען אַן אויפשטאנד וואָס האָט זיך געענדיגט, ווען דער קייזער וואו־טי פון א נייער דינאסטיע איז ארויף אויף׳ן ״הימלישען״ טראָן.

ערשט דאַן, נעמליך אין 502טען יאָהר פון דער קריסטליכער צייטרעכנונג, האָט עס דער בודדהיסטישער מיסיאָנער הוי־שען געהאט דיא מעגליכקייט אָבצור־געבען דעם כינעזישען קייזער א בעריכט מכח זיין וואונדערבארע נסיעה און צו

דער זעלבער צייט אויף ברייגגען מתנות און קוריאָזיטעטען פון דיא אונבעקאַנטע ערטער מעבר לים. צווישען דיעזע זאַכען איז אויך געווען אַ מאַטעריאַל וואָס האָט אויסגעזעהן ווי זייד, נאָר דיא פעדים און שנירלעך זיינען געווען שטאַר־קערע וויא זיידענע. מען רעכענט, אַז דאָס איז געווען דער שטאָף פון דיא מעקסיקאַנער בוימער וואָס טראָגען איצט דעם נאָמען "אַגאַווע".

דער כינעזישער קייזער וואו־טי האָט אויפגענומען דעם בודדהיסטישען מי־סיאָנער זעהר פריינדליך און האָט בעפוילען, אַז איינער פון זיינע מיניסטערס זאָל גוט אויספרעגען דעם מיסיאָנער און אַלעס ריכטיג פערשרייבען. דעריבער האָט מען עס יעצט אַ ווירקליך היסטאָרישען בעריכט, אויב עס איז נאָר געווען אמת דאָס, וואָס הוי־שען האָט איבערגעגעבען.

הוי־שען האָט נעמליך דערצעהלט, אַז צו דער צייט פון דעם כינעזישען קיי־זער טא־מינג (אונגעפעהר אין 458טען יאָהר פון דער קריסטליכער צייטרעכנונג) האָבען פינף בודדהיסטישע גלחים פון קאַבול געמאַכט אַ רייזע איבער'ן ים נאָך דעם לאַנד פוזאַנג, וואו דיא בעפעלקערונג האָט פריהער גאָר ניט געהערט פון דעם גרינדער פון דער בודדהיסטישער רעליגיאָן. זיי האָבען אויך מיטגענומען דיא הייליגע ביכער און חפצים פון דיא בודדהיסטישע טעמפלען. אין פוזאַנג זיינען זיי פערבליבען אַזוי לאַנג ביז זיי איז געלונגען צו בעקעהרען אַ סך איינ־געבאָרענע און אויך אויסצובילדען היימישע גלחים און פרעדיגער.

דאָ בעט זיך דיא פראַגע: וויא אַזוי האָבען דיעזע מיסיאָנערען געקענט אריבערפאָהרען דעם גרעסטען אָקעאַן, וואָס טהיילט אָב מזרח־אַזיען פון מערב־אמעריקא? הוי־שען ענטפערט אויף דיעזע פראַגע מיט אַ בעשרייבונג פון דעם איינציגען מעגליכען וועג פאַר אַזאַ לאַנגע און שווערע רייזע אין יענע צייטען.

דאָס איז נעמליך דער וועג פון דעם האַלב־אינזעל קאַמטשאַטקאַ אין סיביר ביז צום האַלב־אינזעל אַלאַסקאַ אין אמעריקא. דיעזע קאַלטע געגענדען ווערען אָבגעטהיילט דורך דעם אויבען דערמאָנטען בעהרינג־וואַסערוועג. אין אונזערע צייטען האָט מען צוזאַמענגעקליבען אַ סך בעווייזע מכח דעם, וויא דיא ווילדע שטאַמען דאָרטען פלעגען אין דיא עלטעסטע צייטען אריבערוואַנדערען אויף קליינע שיפלעך איבער דעם בעהרינג וואַסערוועג און דיא וואַסערען צווישען דיא פיעלע אינזלען דאָרטען. מען האָט למשל געפונען אַ סך מערקווירדיגע עהנליכ־קייטען אין דיא מנהגים, שפראַכען, בילדער־שריפטען א. ז. וו. פון דיא אינדיאַנער שטאַמען אין נאָרד־קענעדע און אין אַלאַסקאַ פון איין זייט און פון דיא טשוק־טשים, אַלעאוטען א. ז. וו. אין סיביר פון דער אנדער זייט.

פאַר דיא עסקימאָסען און אנדערע יעגער־שטאַמען פון דיעזע קאַלטע גע־געגדען זיינען אַזעלכע רייזען גאָר ניט אַזוי שווער און געפעהרליך, וויא מען קען עס מיינען פון ערשטען בליק. וויא געזאָגט, דיעזער וועג איז לאַנג־לאַנג פאַר קאָלומבוס'עס רייזען דורכגעמאַכט געוואָרען פון פערשיעדענע ווילדע שטאַמען

און קען אויך יעצט דורכגעמאכט ווערען פון זיי אויף דעם זעלבען שטייגער און מיט דיא זעלבע מיטעל, וויא אפילו מיט טויזענדער יאָהרען צוריק.

הוי־שען'ס בעריכט ערקלערט, אז בודדהיסטישע מיסיאָנערען, וועלכע האָבען שוין לאנג פריהער דערגרייכט צו דיא פעלקער אין נאָרד פון סיביר, האָבען זיך אויך א לאָז געטהאָן אויף דעם וועג פון קאַמטשאַטקאַ נאָך אַלאַסקאַ, אום צו פּרעדיגען זייער רעליגיאָן צו נייע פעלקער (מען דארף וויסען, אז נאָך מיט 200 יאָהר פאר יעזוס'עס געבורט איז בודדהא'ס תורה פערשפּרייטעט געוואָרען פון מיסיאָנערען אין דעם גרעסטען טהייל אַזיען). נאכהער האָבען זיך דיעזע מיסיאָנערען אַרונטערגעלאָזען לעבען דיא ברעגען פון אַמעריקאַ אַלץ ווייטער צום זידען ביז זיי האָבען דערגרייכט דיא רייכע געגענדען פון דיא "פוזאַנג" בוימער. מאנכע פון דיא בעשרייבונגען פון דיעזע בוימער שטימען מיט דיא מעקסיקאַנער בוימער מיט'ן נאָמען "אַגאַווע". אויך מאנכע אנדערע בעשרייבונגען פון הוי־שען ווערען אָנגענומען פאר סמנים, אז בודדהיסטישע מיסיאָנערען האָבען טאקע דערגרייכט ביז צו מעקסיקאָ און ווייטער צום זידען אין צענטראַל־אַמעריקאַ.

נאָר וואָס, וועט דער לעזער פרעגען, איז דערפון געדרונגען, ווען מען זאָל שוין גאָר ניט צווייפלען אין דעם, אז בודדהיסטישע מיסיאָנערען זיינען טאקע געווען אין צענטראַל־אַמעריקאַ וויינינגסטענס מיט 1400 יאָהר פריהער פאר דיא קריסטליכע?

געדרונגען איז, ענטפערען פיעלע אַרכעאָלאָגען און פאָרשער, אז דיא וואונדערבארע טעמפּלען אין צענטראַל־אַמעריקא, דארונטער אויך פון פּאַלענקע, זיינען עס געבויט געוואָרען פון דיא אינדיאנער שטאמען, וועלכע זיינען בעקעהרט געוואָרען פון דיא בודדהיסטישע מיסיאָנערען. מען זוכט יעצט יעדענפאלס צו פערבינדען דיא כינעזישע כראָניקעס מכח הוי־שען'ס רייזען מיט דיא געהיימניספאָלע טעמפּלען אין צענטראַל־אַמעריקאַ.

מען ווייזט למשל אָן, אז אויף דיא וואנד פון דעם פּאַלענקע טעמפּעל געפינט זיך אויך א סקולפּטור פון אן עלעפאַנט'ס קאָפּ. דאָס איז ווירקליך ערשטוינענד. דיא רויט־הויטיגע ראסע האָט דאָך גאָר ניט געקענט וויסען פון עלעפאנטען, ווייל דיעזע חיות האָבען זיך ניט געפונען אין אמעריקא. פון דער אנדער זייט איז אן עלעפאנט איינער פון דיא געוועהנליכסטע סימבאָלען פון בודדהאַ אין אַזיען.

אין ווייטערע אייגצעלהייטען מכח דיעזען העכסט אינטערעסאנטען און זעהר דונקעלען ענין קענען מיר זיך דאָ ניט אריינלאָזען. דאָס איז אן עסק פאר ספּעציעלע קולטור־געשיכטליכע פאָרשונגען און פאר אַרכעאָלאָגישע שריפטען. נאָך דיא נייעסטע פאָרשונגען פון געלעהרטע שיינט עס אַלץ מעהר צו זיין א היסטאָרישער פאקט, אז אַמעריקאַ איז ענטדעקט געוואָרען פון אַזיאַטען לאנג־לאנג פריהער פאר דיא אייראָפּעער. קאָלומבוס'עס כבוד און גרויסקייט ווערט

דורך דעם אויף א האאר ניט פערקלענערט, ווייל ער האט דאך נאטירליך קיין אהנונג ניט געהאט דערפון; אבער אין דער וועלט־געשיכטע איז דאס א זעהר אינטערעסאנטער און ווייט בעלעהרענדער קאפיטעל.

* * *

דאס זעלבע קען מען אויך זאגען וועגען דיא בעריכטען און שילדערונגען מכח דעם, אז דיא מוטהיגע נארד־מענער האבען מיט א יאהר 500 פאר קריסטא־פאר קאלומבוס ענטדעקט געוויסע נארד־טהיילען פון אמעריקא. ניט נאר האט קאלומבוס קיין מאל אין זיין לעבען ניט געהערט און ניט געקענט הערען דערפון, זאנדערן עס איז א גרויסע פראגע, אויב דיא לעגענדען און מעשות אויף וועלכע דיא נארוועגיער און בכלל דיא סקאנדינאווישע פעלקער שטיצען זיך אין זייערע בעהויפטונגען, אז אייניגע פון זייערע אורעלטערן האבען אין 10טען יאהרהונ־דערט פון דער קריסטליכער צייטרעכנונג דערגרייכט ביז דיא ברעגען פון אן ארט, וואס זיי האבען גערופען "וויינלאנד", האבען ווירקליך א ראיעלען גרונד און א היסטארישען ווערטה.

געוועהנליך, ווען מען בעשרייבט, וויא אזוי קאלומבוס האט נאך לאנגע צרות געקענט אויספיהרען זיין טרוים צו פאהרען זוכען א נייעם וועג צו דער אלטער אינדיען (הודו), זעגלענדיג אלץ ווייטער צו מערב איבער דעם אטלאנטי־שען אקעאן, און וויא אזוי ער האט אויף'ן וועג זיך אנגעשטויסען גאנץ אונער־ווארטעט אן א נייעם קאנטינענט און ענטדעקט דעם וועלט־טהייל, וואס האט געקראגען דעם נאמען אמעריקא — פערפעהלט מען דערביי ניט צו בעמערקען, אז אייגענטליך איז שוין דיזע נייע וועלט לאנג פריהער פאר איהם ענטדעקט געווארען, נאר דיא ציוויליזירטע מענשהייט האט וועגען דעם גאר ניט געוואוסט.

בעזאנדערס שטיצט מען זיך אין דיזען פאל אויף א לעגענדע, וועלכע גע־לעהרטע פארשער האבען אויסגעגראבען אויף דעם אינזעל אייזלאנד ערשט אין אנפאנג פון פאריגען יאהרהונדערט. דאס איז נעמליך דיא יעצט בעריהמטע "זאגע (מעשה) פון עריק דעם רויטען", א נארוועגישען העלד, וועלכער זאל האבען ענטדעקט אייזלאנד, וויא אויך גרענלאנד, און וועלכער זאל האבען נאכ־הער געשיקט זיין זוהן לעיף צו פאהרען ווייטער ארונטער זידליך ביי דיא ברעגען פון נארד־אמעריקא. דער דאזיגער לעיף, עריק'ס זוהן (עריקסאן), זאל עס האבען אויף דער דאזיגער רייזע ענטדעקט א לאנד, וואו עס האבען געוואקסען אזוי פיעל וויינטרויבען, אז דערפאר האט ער עס א נאמען געגעבען "וויינלאנד".

זייט דער דענישער פראפעסאר ראפן האט אין 1837 פערעפענטליכט זיין נאכפארשונג מכח דיא לעגענדען, וועלכע מען האט צוזאמענגעקליעבען אין אייז־לאנד, ספעציעל מכח דיא רייזען פון עריק דעם רויטען און פון זיין זוהן לעיף, האט מען שוין אנגעשריעבען בערג מיט ביכער וועגען דעם זעלבען ענין, אבער ביז היינט צו טאג האט מען קיין שום נייע בעווייזע ניט אויסגעפונען. אלץ

וויעדערהאָלט מען דיא זעלבע פאַנטאַזיעס מכח עפּעס אַ "וויינלאַנד", וויא דאָס איז פערצייכענט געוואָרען אין דער "זאגע פון עריק דעם רויטען".

איינע געלעהרטע האָבען שוין לאַנג אויסגעדריקט זייער צווייפעל אין דער גאַנצער מעשה און האָבען געזוכט צו ערקלערען, אַז דיא דאָזיגע לעגענדע האָט גאָר קיין היסטאָרישען גרונד ניט, אַז אונטער "וויינלאַנד" דאַרף מען גאָר פערשטעהן עפּעס אַן איינגעבילדעטע גליקליכע געגענד, אַ מין גן־עדן, לויט וויא דיא נאָרד־מענער האָבען זיך עס פאָרגעשטעלט מיט 1000 יאָהר צוריק, ווען זיי זיינען נאָך געוועןווילדע געצענדיענער. זיי זאָגען, אַז אין דער ווירקליכקייט האָט עס גאָר ניט עקזיסטירט אַזאַ "וויינלאַנד", וויא עס ווערט בעשריעבען אין דער זאגע פון "עריק דעם רויטען". וויא פיעל מען האָט ניט געזוכט אין אונזערע צייטען אַ ווינקעל ביי דיא ברעגען פון נאָרד־אַמעריקאַ, וואָס זאָל עפּעס האָבען אַ שטיקעל עהנליכקייט צו דעם "וויינלאַנד" פון דער דאָזיגער לעגענדע — האָט מען עס ניט געפונען.

דר. נאַנסען, דער וועלט־בעריהמטער נאָרד־פּאָל רייזענדער, לייקענט אויך גאַנץ ענטשיעדען דיא אַלטע מעשה מכח דעם, אַז זיינע אמאָליגע לאַנדסלייט, דיא מוטהיגע נאָרד־מענער, וועלכע האָבען ענטדעקט דיא גרויסע קאַלטע אינזלען אייזלאַנד און גרענלאַנד, האָבען אויך ענטדעקט אַמעריקאַ מיט אַ יאָהר 500 פאַר קאָלומבוס׳ן.

מען האָט בעהויפּטעט און מען האָט אַ געוויסע צייט גערעכענט אָדער, גיכער, געוואָלט גלויבען, אַז איינינע זאָנדערבאַרע קריצונגען אויף אַ פעלז אין דאַיטאָן, מאַססאַטשוזעטס, זאָלען עס האָבען אַן עהנליכקייט צו אַ מין שריפט פון דיא אַמאָליגע סקאַנדינאַווען, וויא עריק דער רויטער; אָבער מען האָט נאָכהער בעוויעזען, אַז עס איז ניטאָ קיין שום גרונד צו מאַכען אַזעלכע בעהויפּטונגען. דיעזע אויסקריצונגען האָבען געקענט געמאַכט ווערען פון אינ־דיאַנער פונקט אַזוי גוט וויא פון דיא אייזלענדער מיט אַ 1000 יאָהר צוריק.

דיא סקאַנדינאַווען, ספּעציעל דיא איינוואָהנער פון דעם אינזעל אייז־לאַנד, האָבען אָבער גאָר ניט געוואָלט צווייפלען אין דעם היסטאָרישען גרונד פון דיא לעגענדען מכח דיא העלדישע ים־פאָהרערס עריק און זיין זוהן לעיף. זיי האָבען אַלץ געגלויבט און גלויבען היינט אויך, אַז דער ערשטער ענטדעקער פון אַמעריקאַ איז ניט געווען קאָלומבוס, נאָר לעיף עריקסאָן. דיא אייזלענדער האָבען זאָגאַר געשטעלט אַ מאָנומענט צום אַנדענקען פון דיעזען לעגענדאַרי־שען העלד. דאַרום זיינען דיא נאָרוועגיער גאָר ניט צופריעדען, וואָס זייער גרויסער און בעריהמטער לאַנדסמאַן, פּראָפעסאָר נאַנסען, איז אויך געוואָרען אַן אפּיקורס אין דער דאָזיגער "וויינלאַנד" מעשה. ער האָט צוקלאַפּט אין גאַנצען זייערע איינבילדונגען, וועלכע זיינען אייגענטליך בעגרינדעט געווען אויף נאַ־ציאָנאַלע אייטעלקייט.

יעדענפאלס, וואס פאר א מיינונג מען זאל ניט האבען וועגען דער "ווינ־לאנד"־לעגענדע און וועגען דיא רייזען פון לעיף עריקסאן, איז עס זיכער, אז מען וואלט דערפון טאקע גאר ניט געוואוסט אפילו אין אונזערע צייטען, אויב גע־לעהרטע וואלטען ניט געפארשט דיא מיטהען, לעגענדען, פאבלען, ליעדער א. ז. וו. פון אלע פעלקער און לענדער.

אזוי וויא קאלומבוס האט אין זיינע יונגע יאהרען, לויט וויא זיינע ביאָ־גראפען דערצעהלען עס, אויך געמאכט רייזען אלס א מאטראז אין נארד־מעער, זאגאר ביז אייזלאנד, דארום האבען מאנכע געוואלט אויספיהרען, אז ער האט עפעס דארטען געמוזט הערען מכח א מעשה, וויא לעיף עריקסאן האט ענט־דעקט א וואונדערבארע "וויינלאנד" אויף דעם אנדערען ברעג פון אטלאנטישען אקעאן. וויא אזוי האט ער אבער דאן געקענט הערען פון אזעלכע מעשות, וועלכע זיינען געבליבען פערבארגען און געהיימניספאל אפילו פאר דיא מייסטע אייזלענדער אליין?

ווען עס וואלטען זיך צו דער צייט פון קאלומבוס אדער נאך פריהער גע־פונען אזעלכע נארוועגישע ים־פאהרער, וואס זאלען פרובירען זייער גליק אי־בערצושווימען דעם אטלאנטישען אקעאן נאך דעם ביישפיעל פון לעיף עריקסאן, וואלט מען עס געוויס געהערט אין גאנץ אייראפא. דיא אייזלענדער האבען אבער אליין פערגעסען אן יענע רייזען, אויב אזעלכע האבען ווירקליך ווען עס איז שטאטגעפונען, און האבען נאכהער קיין מאל גאר ניט פרובירט צו לאזען זיך ווייטער איבער דעם אטלאנטיק זוכען דעם וואונדערבארען "וויינלאנד".

וואס אנבעלאנגט קאלומבוס'ן, זא וואלט ער געוויס זיך געשטיצט אויף אזא מעשה אין זיינע ביטעס און שריפטען צו פרינצען, קארדינאלען און קעניגע, אז מען זאל איהם געבען דיא מעגליכקייט אויסצופיהרען זיין פלאן, וועלכען מען האט געהאלטען דאן פאר אן אפיקורסות און פשוט פאר א משוגעת, אויב ער וואלט נאר עפעס געהערט פון אזעלכע רייזען. אזא געשיכטע וואלט דאך פאר איהם געווען דער בעסטער און שלאגענדסטער בעוויז, וויא ריכטיג זיינע אויספיהרונגען זיינען. ער האט אבער אין קיינע פון זיינע שריפטען א ווארט ניט דערמאנט מכח דיא אמאליגע נארוועגישע ים־פארשער פון אייז־לאנד נאך גרענלאנד און פון דארטען ווייטער ביז צו א "וויינלאנד", וואס זאל זיך האבען געפונען, וויא מאנכע גלויבען עד היום — אבער וויא שוין בעמערקט אהן שום היסטארישען גרונד — ערגעץ ביי דיא ברעגען פון מאססאַ־טשוזעטס.

קורץ, ניט מען האט געפונען אירגענד וועלכע גרינדליכע היסטארישע בע־וויזע, אז אירגענד וועלכע אייראפעער האבען ווען עס איז בעפאר קאלומבוס'ן איבערגעשניטען דעם אטלאנטיק, און ניט עס לאזט זיך דענקען, אז גראדע קאלומבוס זאל עס האבען געהערט פון דיא אייזלענדישע לעגענדען. נאר ער האט

גאָר ניט געהאַלטען פאַר נויטיג אָדער וויכטיג דאָס בעקאַנט צו מאַכען אין זיינע אייגענע אינטערעסען.

* * *

מיט איין וואָרט, דיא עהרע פון דער ענטדעקונג פון אַמעריקאַ געהערט טאַקע צו קיין אַנדערן ניט, וויא נאָר צום אָרימען און געניאַלען איטאַליענישען ים־פאָהרער קריסטאָפאָר קאָלומבוס. ער האָט עס, נאָך לאַנגיעהריגע קאָפּ־ברעכענעס, מאַטערניסען, ערנידעריגונגען און האַרצקלעמענעס, געוויזען דעם וועג צו אַ נייער וועלט, אָבוואָהל עס קען גאָר קיין צווייפעל ניט זיין, דאָס ווען ער וואָלט ניט געוואַגט צו לאָזען זיך אין יאָהר 1492 אַלץ ווייטער צו מערב־זייט איבער דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן, וואָלט עס אַן אַנדער מוטהיגער קאַפּיטאַן בעוויזען מיט עטליכע יאָהר שפּעטער, ווייל דער היסטאָרישער מאָ־מענט פאַר אַזעלכע ענטדעקונגען איז שוין דאַן געקומען. דיא זון פון דער נייער צייט איז שוין אויפגעגאַנגען צו ענדע פון 15טען יאהרהונדערט, און איהרע בעלעבענדע שטראַהלען האָבען אַלץ מעהר דורכגעבראָכען דיא פינסטערניס און דיא געדיכטע וואָלקענס פון מיטעלאַלטער.




דיא אַלטע האַנדעלס־וועגען צווישען אייראָפּאַ און אינדיען.

ים־רייזען צו געפינען נייע וועגען צו דיא מזרח־לענדער און בעזאָנדערס צו אינדיען זיינען געוואָרען אַ סאָציאַל־פּאָליטישע נויטווענדיגקייט פאַר דיא וועסט־אייראָפּעאישע פעלקער, בּפעציעל פאַר געוויסע פּאָרט־שטעדט און צענטערס פון האַנדעל אין מיטעלמעער, וויא יעדער סטודענט פון דער וועלט־

געשיכטע ווייס עס. קאלומבוס'עס ערשטע רייזע איז דארום ניט געווען א צופאל, וויא משונה'דיג און אויך אפיקורסיש זיא האט ניט אויסגעזעהען אין דיא אויגען פון דיא גלחים.

דערביי איז נאר געשעהן דער צופאל, וואס האט איהם אראפגעפיהרט אביסעל מעהר צום זיד (דרום) אויף זיין וועג איבער דעם אטלאנטישען אקעאן. עס איז שוועהר צו זאגען, וויא דיא נייע וועלט וואלט פערטהיילט געווארען צווישען דיא אייראפעאישע פעלקער, וועלכע האבען דאן געזוכט א חלק אין איהר, נעמליך: צווישען שפאניען, ענגלאנד, פראנקרייך און פארטוגאל, ווען קאלומבוס וואלט זיך געהאלטען אויף זיין ערשטען אנגענומענען וועג און וואלט דארום ניט געלאנדעט אויף איינעם פון דיא פיעלע אינזלען, וועלכע ליעגען אין דעם גרויסען וואסער־גום (זיין געאגראפישער נאמען איז אין ענגליש: מעקסיקען גאלף) פון אטלאנטישען אקעאן צווישען דעם נארדליכען און זידליכען טהייל פון אמעריקא און וועלכע טראגען דעם אלגעמיינעם נאמען אנטילען אדער וועסט־אינדיען. וואלט קאלומבוס ניט א קירעווע געטהאן אן א זייט צוליעב אורזאכען, וועלכע עס איז דא ניט דער ארט צו ערקלערן, וואלט ער געוויס געלאנדעט ערגעץ ביי דיא ברעגען פון דעם האלב־אינזעל פלארידא, וואס איז יעצט א טהייל פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. דארטען וואלטען נאטירליך דאן געגרינדעט געווארען דיא ערשטע שפאנישע קאלאניעס און דיא שפאניער וואלטען זיך וויי טער צושפרייט איבער די טהיילען פון נארד־אמעריקא, וואס זיינען נאכהער פערנומען געווארען פון ענגלענדער און פראנצויזען. דאס הייסט מיט אנדערע ווערטער, אז ניט דיא ענגלישע ציוויליזאציאן וואלט איינגעפיהרט געווארען אין נארד־אמעריקא, נאר דיא שפאנישע. אויב עס וואלט זיך איבערהויפט ענטוויקעלט אזא גרויסע רעפובליק, וויא אונזערע יונייטעד סטייטס, וואלט זיא דאן געהאט א גאנץ אנדערע געשיכטע און א גאנץ אנדערן כאראקטער.

יעדענפאלס האט עס אזוי פאסירט, דאס גראדע דיא ציוויליזירטעסטע און דארום אויך אם געדיכטעסטען בעפעלקערטע לענדער פון דער נייער וועלט זיינען אריינגעפאלען אין דיא הענד פון דיא גרויזאמע און פאנאטישע שפאנישע שווערד־העלדען, וועלכע האבען דארטען אלעם חרוב געמאכט אין א גאנץ קורצע צייט.

דא האבען מיר א בעזאנדערס מערקווירדיגען ביישפיעל, וויא א פשוט'ער צופאל שפיעלט אמאל א זעהר גרויסע ראלע אין דעם שיקזאל פון פיעלע פעלקער, אין דער געשיכטע פון דער גאנצער מענשהייט. אט צוליעב אזא סיבה, א קאפריז מעג מען זאגען, איז עס געשעהען, דאס קאלומבוס האט גאר זיין פוס קיין מאל ניט געשטעלט אויף דעם נארדליכען טהייל פון דער נייער וועלט — וויא מיר וועלען עס באלד זעהען, איז נארד־אמעריקא, ספעציעל ניי־ענגלאנד,




דיא קארטע פון קאָלומבוס'עס פיער רייזען.

גאָר ענטדעקט געוואָרען פון דעם ים־פאָהרער דזשאָהן קאַבאָט — און דאָס איידער דיא שפּאַניש׳ע אַוואַנטוריסטען, גאָלד־זוכערס און קאַפּיטאַנען זיינען צוגעקומען צום האַלב־אינזעל פלאָרידאַ, האָט שוין דיא ענגלישע מלוכה גע־האַט אַ טענה און, נאָך דיא אינטערנאַציאָנאַלע פּיהרונגען, אויך אַ חזקה אויף אַ גרויסען טהייל פון דיא געגענדען ביי דיא אַטלאַנטישע ברעגען פון נאָרד־אַמעריקאַ.



ערשטער קאַפּיטעל.

# דיא אַנדערע רייזען און דיא ערשטע בעזעצונגען אין נאָרד־אַמעריקאַ

מיר וועלען יעצט ווארפען אַ קורצען בליק אויף'ן אָנפאַנג פון דער געשיכטע פון אונזער נייעם פאַטערלאַנד, — דיא גרעסטע, מעכטיגסטע און פאָרטגעשריטענסטע רעפּובליק אין דער וועלט, דיא וויגעלע פון פּאָליטישע און רעליגיעזע פרייהייטען, דער מוסטער פאַר אַנדערע רעפּובליקען אין דער נייער וועלט.

אויבען איז שוין דערמאָהנט געווען, אַז קאָלומבוס, וועלכער האָט געמאַכט פיער רייזען נאָך אַמעריקאַ, האָט גאָר ניט געזעהען נאָרד אַמעריקאַ. ער האָט מייסטענס אַרומגערייזט צווישען דיא אַנטיללען אינזלען, זוכענדיג אַלץ אַ וועג נאָך אינדיען. בלויז איין מאָל איז ער צוגעקומען צום הויפּט־לאַנד פון זיד־אַמעריקאַ (נעמליך: צום טייך אָרינאָקאָ אין ווענעצועלאַ). וויא בעוואוסט, איז ער געשטאָרבען אין יאָהר 1506, געבראָכען פון צרות און אַרמוטה, פערלאָזען פון אַלעמען, ניט האָבענדיג אַפילו דיא טרייסט, דאָס ער האָט טאַקע ענטדעקט אַ גאַנצע נייע וועלט, וועלכער עס איז בעשערט געווען צו מאַכען אַ גרויסע איבערקעהרעניס אין דער אַלטער וועלט. איהם זיינען נור געבליעבען דיא קייטען, אין וועלכע מען האָט איהם איינגעשמידט, ווען מען האָט איהם געבראַכט נאָך שפּאַניען אויף דער פאַלשער בעשולדיגונג, דאָס ער האָט געוואָלט ווערען אַ קעניג אין דיא ערטער, וועלכע ער האָט ענטדעקט. מיט דיא פרוכטען פון זיין וועלט־בעגליקענדער ענטדעקונג, צוליעב וועלכער ער האָט זיין גאַנצען לעבען געליטען, האָבען זיך בענוצט אַנדערע. איהם איז אפילו ניט בעשערט געווען, דאָס דיא וועלט, וואָס ער האָט ענטדעקט נאָך אַזוי פיעל הארצקלעמענעס און אָפּפער, זאָל טראָגען זיין נאָמען.

דאָס לעצטע איז אָבער געשעהען ניט אויס אונדאַנקבאַרקייט צו איהם, נור איינפאַך דורך דעם, וואָס מען האָט ניט געוואוסט, אַז ער האָט טאַקע ענט־

דעקט אַ נייע וועלט. דער נאָמען אַמעריקאַ קומט פון דעם איטאַליענער ים־פאָהרער אַמעריגאָ וועספּוטשי, וועלכער האָט אין 1499, אַלזאָ בלויז מיט 7 יאָהר נאָך קאָלומבוס'עס ערשטע רייזע, נאָכגעפאָלגט קאָלומבוס'עס וועג און זיך אויך בענוצט מיט קאָלומבוס'עס קארטען. ער האָט ארומגערייזט דיא ברעגען פון זיד אמעריקא און האָט נאכהער בעשריבען אַלעס וואָס ער האָט געזעהן. אין יאָהר 1507 האָט א דייטשער פּראָפעסאָר מיט דעם נאָמען וואַלדזעע־מילער אָבגעדרוקט א ביכעל איבער געאָגראַפיע און האָט דאָרט ערקלערט, דאָס אַזוי וויא דער פערטער וועלט־טהייל איז ענטדעקט געוואָרען פון אמעריגאָ אָדער אמעריקוס, דארום מעג מען איהם אָנרופען אַמעריקאַ. דיזער פאָרשלאַג איז אָנגענומען געוואָרען פון אנדערע געאָגראפען און רייזענדע, זאָ דאָס דיא גאַנצע נייע וועלט וועט שוין טראָגען דעם דאָזיגען נאָמען זאָ לאַנג מענשען וועלען עקזיסטירען אויף'ן ערד־קוגעל.


אמעריגא וועספּוטשי.

אנפאנגס האָט בלויז דער זידליכער טהייל פון דער נייער וועלט געטראָגען דיזען נאָמען, נאָר נאכהער, אַזוי וויא מען האָט ניט געוואוסט ריכטיג דיא גרענעצען פון דיא ענטדעקטע לענדער, האָט מען אויך דעם נאָרדליכען טהייל אריינגערעכענט אונטער דעם זעלבען נאָמען.

דער אמת'ער ענטדעקער פון נאָרד־אַמעריקאַ איז אָבער געווען דזשאהן קאַבאָט. ער איז אויך געווען אַן איטאַליענער, נאָר אין דער צייט, ווען קאָלומבוס איז צוריק געקומען פון זיין ערשטע רייזע, האָט ער געלעבט אין ענגלאַנד. אַזוי שנעל וויא ער האָט דערהערט מכח קאָלומבוס'עס ענטדעקונג, האָט ער זיך געווענדעט צום ענגלישען קעניג הענרי דעם זיעבעטען צו געבען איהם דיא מעגליכקייט צו מאַכען אַ רייזע איבער דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן אין נאָרד. זיין צוועק איז געווען צו געפינען אַ נאָרדליכען וועג צו כינאַ און צו אינדיען, אום ענגלאַנד זאָל קענען האָבען אַ דירעקטען האנדעלס־וועג מיט אזיען.

דער קעניג האָט אָנגענומען דיזען פאָרשלאַג אין 1497, און אַזוי וויא קאַבאָט האָט זיך אָנגעשטויסען אויף זיין וועג אָן דיא מזרח־ברעגען פון דיא טהיילען פון נאָרד־אַמעריקאַ, וועלכע זיינען געבליבען אַ טהייל פון אונזער רעפּובליק, — האָט דורך דעם ענגלאַנד געקראָגען אַ חזקה אויף דיזע ניי־ענט־

רעקטע לאַנד. נאָר אזוי וויא קאַבאָט האָט ניט בעשטימט דיא גרענעצען פון דיא ברעגען, וועלכע ער איז פערבייגעפאָהרען (מען וויים אפילו ניט אויף זי־כער וואו ער האָט געלאַנדעט; מען רעכענט, אז ער האָט אויסגעפאָרשט דיא אַטלאַנטישע ברעגען פון נאָוואַ סקאָשיע אין קענעדע ביז דעם סטייט דזשאָרדזשיא) האָבען דיא פראַנ־צויזען אויך געקראָגען אַ חזקה אויף אַ טהייל פון נאָרד־אַמעריקאַ, נעמליך אויף קענעדע, נאָך דער רייזע פון דעם פראַנצויזישען ים־פאָהרער זשאַן קאַרטיע אין 1535 (ער האָט עס ענט־דעקט דעם סענט־לאָרענס טייך, זוכענדיג אויך אַלץ אַ וועג נאָך אינדיען).


דער ים־פאָהרער קאַבאָט.

אזוי זיינען אין אָנפאַנג פון 16טען יאָהר־הונדערט דיא ברעגען פון נאָרד־אַמעריקאַ לע־בען דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן געוויסער מאסען צוטהיילט געוואָרען צווישען דריי לענדער: שפאַניען אין זידען, פראַנקרייך אין נאָרד און ענגלאַנד אין מיטען צווישען דיזע ראָמאַנישע שכנים.

מיט הונדערט יאָהר שפּעטער איז נאָך צוגעקומען האָלאַנד, וועלכע האָט אויך געשיקט אַן עקספּעדיציאָן אין דער נייער וועלט, מיט דער האָפנונג דאָך צו געפינען דעם וואַסערוועג וואָס אַלע האָבען דאַן געזוכט, נעמליך אַ וועג נאָך אינדיען.

דער ענגלישער קאַפּיטאַן האָדסאָן, וועלכער האָט געדיענט אין דער האָ־לענדישער פלאָטע, האָט אין 1609 ענטדעקט דעם גרויסען און הערליכען טייך, וועלכער טראָגט זייט דאַן זיין נאָמען. ער איז אריין אין דעם האַפען, וואו עס ליעגט יעצט דיא גרעסטע שטאָדט פון דער נייער וועלט, ניו יאָרק, און איז געשוואומען אויף דעם טייך ביז אָלבאַני, וואו ער האָט זיך ארומגעזעהן, אַז אויף דיעזען וועג וועט ער ניט קענען דערגרייכען ביז אינדיען. דער רעזול־טאַט פון זיין רייזע איז געווען, דאָס אַ האָלענדישע קאָלאָניע איז געגרינדעט געוואָרען אין דער געגענד, וועלכע איז יעצט דער ניו יאָרק שטאַאַט. דיזע קאָ־לאָניע האָט אנפאַנגס געטראָגען דעם נאָמען ניי־ניעדערלאַנד און איהר הויפּט פּאָרט — ניי־אַמסטערדאַם. אָבער אין 1664 נאָכדעם וויא דיא שטאַרקערע ענגלענדער האָבען פעריאָגט דיא האָלענדער אויף דעם גרונד, דאָס דזשאָהן קאַבאָט האָט דער ערשטער ענטדעקט דיא ברעגען פון דיעזער קאָלאָניע, האָט מען איהר געגעבען דעם ענגלישען נאָמען ניו יאָרק לכבוד דעם קעניג׳ס ברודער. אזוי וויא דיא האָלענדער האָבען אָנגעהאַלטען זייער קאָלאָניע אונגעפעהר 50

EUROPEAN COLONIES--ABOUT 1650.

די קארטע פון פראנצויזישע, ענגלישע, שפאנישע, שוועדישע און האלענדישע בעזעצונ־
גען אין מזרח זייט פון נארד־אמעריקא אין מיטען פון 17טען יאהרהונדערט.

יאָהר, האָבען זיי אייגענטליך קיין ראָלע ניט געשפּיעלט אין דער געשיכטע פון נאָרד־אַמעריקאַ.

דיא גרעסטע און שטאַרקסטע געגנער אין נאָרד־אַמעריקאַ זיינען דאַן גע־בליבען דיא שפּאַניער און ספּעציעל דיא ענגלענדער און פראַנצויזען. דיא זיעגער זיינען שליסליך פערבליבען דיא ענגלענדער און נאַכהער זייערע נאָכ־פאָלגער, דיא ניי געבילדעטע אַמעריקאַנער נאַציאָן, וועלכע איז אויך געוואָרען דיא הערשענדע מאַכט אין דער גאַנצער נייער וועלט.

פון דיא ערשטע רייזען און ענטדעקונגען ביז צו דיא ערשטע שטענדיגע בעזעצונגען אין נאָרד־אַמעריקאַ זיינען פאָריבער איבער הונדערט יאָהר. דעם גאַנצען 16טען יאהרהונדערט זיי־נען ענגלאַנד און פראַנקרייך נאָר געבליעבען ביי זייערע פּרעטענ־זיעס און חזקות. ערשט אין אָנ־פאַנג פון 17טען יאָהרהונדערט האָבעןביידע לענדער זיך ערנסט אַ נעהם געטאָן צו גרינדען קאָ־לאָניעס אין דיא געגענדען, וועל־כע זיי האָבען בעטראַכט אַלס זיי־ערע. דיא ערשטע ענגלישע קאָ־לאָניע איז געגרינדעט געוואָרען אין 1607 (אַלזאָ, מיט גאַנצע 110 יאָהר נאָך קאַבאָט׳ס ערשטע רייזע) אין דער געגענד, וועלכע טראָגט דעם נאָמען ווירדזשיניאַ. דעם דאָזיגען נאָמען האָט איהר געגעבען דער בעריהמטער ענגלי־שער אַדעלמאַן סער וואָלטער ראָלעי אין 1584 צו עהרע פון דער קעניגין־בתולה עליזאַבעטע (ווירדזשין בעדייטעט בתולה). דיעזער בראַווער אַדעלמאַן איז געווען דער ערשטער ענג־לענדער, וואָס האָט געמאַכט גרויסע אָנשטרענגונגען און אויך געאָפּפערט זיין פערמעגען צו גרינדען קאָלאָניעס, אָבער אַלע זיינע אונטערנעהמונגען האָבען גאָר קיין ערפאָלג ניט געהאַט, וויל אויסער דיא געוועהנליכע שוועריגקייטען, וואָס קאָלאָניסטען טרעפען און מוזען טרעפען אין ווילדע ערטער, אין אונ־בעזעצטע געגענדען, האָט מען אויך געהאַט צו קעמפּפען מיט ווילדע און זעהר מוטהיגע איינגעבאָרענע, דיא רויט־הויטיגע שטאַמען, אָדער וויא מען רופט זיי אינדיאַנער. אַלעס וואָס ער האָט אויפגעטהאָן מיט זיינע רייזען איז געווען,



סער וואַלטער ראַלעי.

דאָס ער האָט איינגעפיהרט צוויי בעזאָנדערס וויכטיגע אַמעריקאַנער פלאַנצען — טאַבאַק און קאַרטאָפעל — אין דער אַלטער וועלט.

דיא ערשטע פראַנצויזישע קאָלאָניע איז געגרינדעט געוואָרען פון דעם בעריהמטען פראַנצויזישען רייזענדען שאַמפלעין אין 1608 אין דער שטאָדט לעבען דעם טייך סענט־לאָרענס, וואָס טראָגט יעצט דעם נאָמען קוויבעק. דערמיט איז געלייגט געוואָרען דער פונדאַמענט פון דער פראַנצויזישער הער־שאַפט אין קענעדע און אויך אין דער אונגעהייערער געגענד, וואָס ווערט בעוואַסערט פון דעם מעכטיגען טייך מיסיסיפי, און דערמיט האָט זיך אויך אָנגעפאַנגען דער גרויסער קאַמפף צווישען ענגלאַנד און פראַנקרייך פאַר דיא אויבערהעררשאַפט אין גאַנץ נאָרד־אַמעריקאַ, אַ קאַמפף, וועלכער האָט זיך געצויגען 150 יאָהר, ביז דעם זיעג פון דיא ענגלענדער אין דער בעריהמטער שלאַכט פון קוויבעק אין 1759, וויא דאָס וועט געשילדערט ווערן אין דער גע־שיכטע פון קענעדע.

אין 1620, מיט 13 יאָהר נאָך דער גרינדונג פון דער ערשטער ענגלישער קאָלאָניע דזשיימסטאָון אין ווירדזשיניאַ, איז געלייגט געוואָרען דער פונדאַ־מענט פון אַ נייע ענגלישע קאָלאָניע אין אַ טהייל פון נאָרד אַמעריקאַ, וואָס טראָגט דעם נאָמען ניי־ענגלאַנד. דיעזע קאָלאָניע האָט געשפּיעלט דיא וויכ־טיגסטע ראָלע אין דער געשיכטע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען. דאָס איז געווען דיא קאָלאָניע פון דיא זאָגענאַנטע פּוריטאַנער אין פּלימוטה, מאַססאַ־טשוזעטס. דיא גרינדער פון דיעזער קאָלאָניע האָבען ניט געזוכט גאָלד, וויא דיא שפּאַניער, אויך ניט רייכטהום און העררשאַפט בכלל, זאָנדערן איינפאַך רעליגיעזע פרייהייט, דיא מעגליכקייט צו אַרבייטען און צו לעבען נאָך זייערע איבערצייגונגען. אין דעם איז בעשטאַנען זייער קראַפט און צוליעב דעם האָבען זיי עס טאַקע, מעג מען זאָגען, געשאַפען אַ נייע גייסטיגע וועלט אין דער נייער פיזישער וועלט.

מען דאַרף וויסען און געדענקען, אַז אין אָנפאַנג פון 17טען יאהרהונדערט איז אין איירָאָפּאַ נאָך ניט געווען אַזאַ לאַנד, וואו רעליגיעזע פרייהייט איז פאָל־שטענדיג אַנערקענט געווען. אין ענגלאַנד זיינען ניט נאָר דיא פּאַפּיסטען (וויא מען האָט גערופען דיא קאַטאָליקען), זאָנדערן אויך פּראָטעסטאַנטישע סעקטאַנ־טען פערפאָלגט געווען. אַ טהייל פון דיעזע סעקטאַנטען, אַ געוויסע צאָהל פון דיא זאָגענאַנטע פּוריטאַנער, האָבען עמיגרירט נאָך האָלאַנד, דיא איינציגע מדינה, וואו פערפאָלגטע פאַר זייערע רעליגיעזע איבערצייגונגען, דאַרונטער אויך אידען, האָבען דאַן געקענט געפינען אַ מקום מנוחה. נאָר דיעזע פּוריטאַנען האָבען זיך ניט געפיהלט בעקוועם אין האָלאַנד און האָבען אויך געוואָלט פערבלייבען ענגלענדער, דארום האָבען זיי בעשלאָסען אויסצואוואַנדערען אין גאַנצען פון דער אַלטער וועלט און צו בעזעצען זיך ערגעץ אין דער נייער וועלט, וואו זיי האָבען געהאָפט

צו לעבען פּאָלשטענדיג נאָך זייערע אייגענע רעליגיעזע און אויך פּאָליטישע אי־בערצייגונגען.

דיעזען הויפּט־צוועק האָבען זיי אויך אויסגעפיהרט, ווייל דיא ענגלישע רעגיערונג, וועלכע האָט איבערהויפּט געוואונשען צו קריעגען קאָלאָניסטען אין איהרע נייע פּאָסעסיעס, האָט זיי ניט געשטערט אין זייערע רעליגיעזע מיינונגען און אויך ניט אין זייערע קהל'שע פיהרונגען און פּאָליטישע איינ־ריכטונגען. זיי האָבען אויסגעוועהלט איינעם פון זייערע מיטגליעדער פאר אַ גובערנאַטאָר און האָבען אליין פערפאַסט דיא געזעצע נאָך וועלכע זיי האָבען זיך געפיהרט.

דאָס איז געווען אַ פאָלקס־רעגיערונג אין דעם פולסטען זינען פון דיזען וואָרט, טאַקע אַן אמת'ע דעמאָקראַטיע. פון אַזאַ מין רעגיערונג האָט מען דאַן אין איירָאָפּאַ ניט געוואוסט, אויסער אין עטליכע קאַנטאָנען פון דער שווייץ. אַלע פאָרשלעגע פלעגען בעשפּראָכען און אָנגענומען ווערען דורך אַ מאַיאָרי־טעט אויף אַן אסיפה. אַלע מיטגליעדער האָבען געהאַט גלייכע רעכטע און אַ גלייכע דעה.

אָבער רעליגיעזע פרייהייט האָבען דיעזע פרייהייט־זוכענדע פּוריטאַנער דאָך ניט אַנערקענט אפילו אין פּרינציפּ. וויא זאָנדערבאַר דאָס זאָל ניט שיינען, אָבער עס איז אַ פאַקט, אַז זיי האָבען ניט געדולדעט אַנדערע, וועלכע האָבען ניט געגלויבט גראַדע וויא זיי. זיי האָבען נאָר גערן אויפגענומען זייערע מיט־גלויביגע; אַנדערע סעקטאַנטען האָבען זיי אָבער צוריקגעוויזען פון זייער קאָ־לאָניע. דיא איינציגע פרייהייט, וואָס זיי האָבען געגעבען עמיגראַנטען מיט אַנדערע רעליגיעזע אַנזיכטען, איז געווען צו בעזעצען זיך ערגעץ אַנדערסוואו און טאַקע וואָס ווייטער פון זייערע קאָלאָניעס.

אָנפאַנגס האָבען נאָר איינגעוואַנדערט אַהין פּוריטאַנער, זאָ דאָס אַלע האָבען געלעבט רוהיג און אָהן שטרייטען. נאָך ארום 1630, ווען עס זיינען צוגעקומען אַנדערע קאָלאָניסטען, האָבען זיך אָנגעפאַנגען שוויריגקייטען און פיינדליכקייטען. דיא פּוריטאַנער האָבען זאָגאַר ניט געוואָלט אַנערקענען, אַז אַנדערע סעקטאַנטען זאָלען האָבען אַ שטימרעכט אין מאַסאַטשוזעטס. אזוי ווייט אינטאָלעראַנט זיינען געווען דיא זעלבע מענשען, וואָס האָבען פערלאָזען זייער פאַטערלאַנד און האָבען זיך ניט אָפּגעשטעלט פאַר אַלע דאַמאָלסדיגע געפאַהרען אַריבערצופאָהרען אין דיא קליינע זעגעל־שיפען פון יענער צייט דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן און צו לעבען אין ווילדע ערטער צווישען ווילדע אינדיאַנער, אבי נאָר צו פיהרען זיך נאָך זייערע רעליגיעזע איבערצייגונ־גען! דאָס צייגט, וויא ווענינ אפילו פּראָטעסטאַנטען האָבען דאַן פערשטאַנען, וואָס רעליגיעזע פרייהייט איז, וויא וויניג טאָלעראַנט אַפילו דיא פאָרטגע־שריטענסטע פעלקער זיינען געווען ערשט מיט אַ פּאָאר הונדערט יאָהר צוריק.

דיא פוריטאנער זיינען געווען אזוי אבערגלויביש און פאנאטיש, דאס זיי האבען אפילו געברענט דיא אונגליקליכע פרויען, וועלכע מען האט גראדע אנגענומען פאר מכשפות, פונקט וויא מען האט עס געטאן אין אייראפא אין דערזעלבער צייט!

דער שטאאט רהאד־איילאנד, וועלכער איז פערבליבען דער קלענסטער אין אונזער פעדעראטיווער רעפובליק, איז געגרינדעט געווארען נאר צוליעב דיא רעליגיעזע פערפאלגונגען פון דיא פוריטאנער. דער גייסטליכער ראדזשער וויליאמס איז געווען איינער פון דיא וויינינגע מענשען אין יענער צייט, וועל־כער האט געגלויבט אין פולע רעליגיעזע פרייהייט. ער האט אונערשראקען ער־קלערט, אז מען טאר קיינעם ניט צווינגען צו בעלאנגען צו אירגענד וועלכער קירכע געגען זיין אייגענעם ווילען. דערמיט האט ער אזוי אויפגעבראכט געגען זיך דיא פוריטאנער, דאס זיי האבען איהם בעפוילען צו פערלאזען דיא קאלא־ניע אין דער צייט פון א ביטערע ווינטער קעלט. דיא אינדיאנער זיינען שוין געווען פריינדליכער צו דיזען גייסטליכען, וועלכער מעג גערעכענט ווערען פאר דעם פאטער פון פאלשטענדיגע רעליגיעזע פרייהייט אין דער נייער וועלט, וויא דיא פרייהייטס־זוכענדע פוריטאנער. דיעזער מאן האט עס געגרינדעט אין 1638 ניו־פארט און נאכהער פראווידענס, דיא הויפט־שטאדט פון רהאד־איילאנד.

אין דער זעלבער צייט האט דיא הערשענדע פוריטאנער סעקטע פערבאטען דיא באפטיסטען צו פרעדיגען אין מאסאטשוזעטס, און דיא יעניגע וואס האבען ניט געפאלגט, האט מען בעשטראפט. א פרוי מיט'ן נאמען אנא הוטשינסאן האבען דיא פוריטאנער געצוואונגען אויסצואוואנדערן פון מאסאטשוזעטס, וויל זיא האט קריטיקירט זייערע פיהרונגען.

דיא ערשטע ענגלישע קאלאניע אין אמעריקא, וועלכע האט ערקלעהרט פולע רעליגיעזע פרייהייט — אבער בלויז נאר פאר קריסטען — איז גראדע געווען מערילענד, וואס איז געגרינדעט געווארען אין 1634 פון קאטאליקען, וועלכע האבען אויך פערלאזען ענגלאנד צוליעב רעליגיעזע פערפאלגונגען. דיזע קאט־טאליקען, אונטער דער פיהרונג פון לארד באלטימאר, זיינען אין אלגעמיינען געווען א סך טאלעראנטער פאר דיא פוריטאנער אין מאסאטשוזעטס. אין זייער קאלאניע האבען זיי אויך פריינדליך אויפגענומען דיא פוריטאנער, וועלכע מען האט פערפאלגט אין ווירדזשיניא, און דיא קוויקערס און באפטיסטען, וועלכע דיא פוריטאנער האבען געיאגט פון מאסאטשוזעטס. דארום איז טאקע דיא בעפעלקערונג פון מערילענד זעהר שנעל געוואקסען.

פאלשטענדיגע רעליגיעזע פרייהייט פאר ניט־קריסטען — און דאס האט דאן פראקטיש געמיינט פאר אידען — אזוי גוט וויא פאר קריסטען, איז נאר איינגעפיהרט געווארען אין רהאד־איילאנד אזוי שנעל וויא ראדזשער ווי־

ליאַמס האָט געקראָגען אַן ערלויבניס פון דער ענגלישער רעגיערונג אין 1644 איינצופיהרען אַ קאָלאָניאַלע פערוואַלטונג נאָך דעם וואונש פון דיא גרינדערס. דארום איז טאַקע דיא ערשטע אידישע קאָלאָניע געגרינדעט געוואָרען אין ניו־פּאָרט, רהאָד־איילאַנד. דיעזע קליינע ענגלישע קאָלאָניע איז דאַן געווען דער איינציגער אָרט אין דער נייער וועלט, וואו אידען האָבען געקענט לעבען גאַנץ פריי און זיך פיהלען פאָלשטענדיג זיכער, אַזוי גוט וויא יעצט אין אַלע טהיילען פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען.

ווען מען זאָל אָבער ניט רעכנען זייער אינטאָלעראַנץ און ענג־רעליגיעזען סעקטאַנטישען גייסט און נאָר נעה־מען אין אַנבעטראַכט זייערע פּאָליטי־שע פיהרונגען, מוז מען צוגעבען, אַז דיא פוריטאַנער זיינען געווען אמת'ע דעמאָקראַטען. זיי האָבען מוטהיג בע־שיצט זייערע פרייהייטען. זייער פּאָ־ליטישע פערוואַלטונג איז געווען אַ מוסטער פאַר דיא אַנדערע קאָלאָניס־טען וואָס האָבען זיך בעזעצט אין נאָרד־אַמעריקאַ נאָך זיי. אין אַלע ענ־גלישע קאָלאָניעס, פון וועלכע עס האָ־בען זיך נאַכהער געבילדעט דיא ער־שטע דרייצעהן שטאַאַטען פון אונזער רעפּובליק, איז איינגעפיהרט געוואָרען דיא סיסטעם פון פאָלקס פערוואַלטונג, וועלכע איז פערבליעבען ביז היינט צו טאָג אַלס דער פונדאַמענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאַטען.


וויליאַם פּען.

צו ענדע פון 17טען יאָהרהונדערט איז צוליעב רעליגיעזע פערפאָלגונגען אין ענגלאַנד געגרינדעט געוואָרען נאָך אַ קאָלאָניע, וועלכע האָט געשפּיעלט אַ העכסט וויכטיגע ראָלע אין דער געשיכטע פון יונייטעד סטייטס. דאָס איז געווען דיא קאָלאָניע פון דער סעקטע קוויקערס, וועלכע איז אָנגערופען גע־וואָרען פּענסילווייניא נאָך דעם נאָמען פון זייער פיהרער וויליאַם פּען (סיל־וויניאַ מיינט: אַ וואַלדיגע געגענד).

צווייטער קאַפּיטעל.

# דיא מלחמה מיט דיא פראַנצויזען

וואָס פעסטער דיא ערשטע ענגלישע קאָלאָניסטען, דיא פּיאָנערען פון ווירדזשיניאַ און פון מאַסאַטשוזעטס, זיינען געבליבען אויף זייערע ערטער, אַלץ לייכטער איז עס געוואָרען פאַר נייע איינוואַנדערער צו בעזעצען זיך אַרום זיי. פּלאַץ איז דאָך געווען איבערגענוג. דיא בעפעלקערונג פון נאָרד־אַמעריקאַ איז דארום אַלץ געוואַקסען, לאַנגזאַם אָבער שטענדיג. יעדען פריהלינג פלעגען זעגעל־שיפען בריינגען מענשען, וואָס פלעגען אויסוואַנדערען פון דער אַלטער וועלט, ניט צו זוכען גאָלד אין דער נייער וועלט, וויא דיא שפּאַנישע שווערד־העלדען פלעגען עס טאָן, נאָר צו בעאַרבייטען דיא פעלדער און צו פערבלייבען אויף דיא נייע ערטער. דיא מייסטע איינוואַנדערער זיינען געווען ענגלענדער און פּראָטעסטאַנטען, וועלכע האָבען צוליעב רעליגיעזע און עקאָנאָמישע אורזאַכען פערלאָזען זייער פאָטערלאַנד. זיי זיינען פון דעסטוועגען געבליעבען אַזוי טריי צו ענגלאַנד דאָס זיי האָבען אויך געקעמפּפט געגען דיא פראַנצויזען פון קענעדע, אָבוואָהל פערזענליך האָבען זיי קיינע אינטערעסען ניט געהאַט זיך צו שלאָגען מיט זייערע פראַנצויזישע שכנים.

ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבען יאָהרהונדערטע געפיהרט אַ ביטערען קאַמפּף. צו ענדע פון 17טען יאָהרהונדערט האָבען זיי אָנגעפאַנגען אַ נייע מלחמה, וועלכע האָט זיך כמעט אונאויפהערליך געצויגען גאַנצע הונדערט יאָהר. דיעזער לאַנגער קאַמפּף, וועלכער האָט זיך שליסליך געענדיגט מיט אַ זיעג פאַר ענגלאַנד, איז אויפגעפלאַקערט געוואָרען צוליעב זייערע פּאָליטישע און קאָלאָניאַלע אַמביציעס.ביידע מלוכות האָבען בעזאָנדערס געשטרעבט צו בלייבען דיא אויבער־הערשער אין אינדיען און אין נאָרד אַמעריקאַ. דיא קאָלאָניסטען פוןביידע נאַציאָנען זיינען ביסלעכוויז ארייגעשלעפּט געוואָרען אין דיעזען קאַמפּף און האָבען געפיהרט שלאַכטען עפּעס אַזוי וויא עס וואָלט זיי ענג געווען צו לעבען אין דער נייער וועלט וואו עס איז נאָך היינט צו טאָג פאַראַן פּלאַץ פאַר הונדערטע מיליאָנען איינוואַנדערער.

דיא צאָהל פון פראַנצויזען איז שטענדיג געווען אַ סך קלענער פאַר דיא צאָהל פון ענגלענדער אין נאָרד־אַמעריקאַ. דיא פראַנצויזען האָבען איבערהויפּט ניט ליעב אויסצואוואַנדערען פון זייער פאָטערלאַנד. אין דער צייט, ווען דער ענגליש־פראַנצויזישער קאַמפּף האָט זיך אויך פאָנאַנדערגעברענט אין נאָרד־אַמעריקאַ, זיינען שוין געווען ווענינגסטענס 15 ענגלענדער אויף יעדען פראַנצויז. אָבער דיא פראַנצויזען האָבען געהאַט הילפע פון דיא מייסטע אינדיאַנער שטאַמען אויף זייער זייט. זיי האָבען איבערהויפּט מערקווירדיג פריינדליך געלעבט מיט אייניגע אינדיאַנער שטאַמען, פריינדליכער פון אירגענד וועלכע אַנדערע אייראָפּעער. צוליעב דעם האָבען זיי ניט נאָר געקענט אריינדרינגען אין רעכטען מיטען פון נאָרד־אַמעריקאַ, ווען זייערע רייזענדע, פאָרשער און מיסיאָנערען האָבען זיך אַ לאָז געטאָן אַלץ ווייטער פון זייער צענטראַל־פונקט קוויבעק אין קענעדע דורך דעם סענט־לאָרענס טייך און דיא גרויסע לעיקס (אָזערעס) און נאָכהער דורך דיא גאַנצע לענג פון דעם טייך מיסיסיפּי ביז ניו־אָרלעאַנס און דעם מעקסיקאַנער ים (מעקסיקען גאָלף), זאָנדערן זיינען געווען אין שטאַנד זיך צו האַלטען אַזאַ לאַנגע צייט געגען דיא אַטאַקעס פון דיא ענגלענדער צוזאַמען מיט דיא אַמעריקאַנער קאָלאָניסטען.


ראָבערט לאַסאַל.

ווען דיא פראַנצויזישע מלוכה וואָלט געקענט אָנהאַלטען דיזע ריעזיגע געגענד און דיא עטליכע קליינע פעסטונגען, וואָס דער בעריהמטער **ראָבערט לאַסאַל** (ער האָט עס דער ערשטער געמאַכט דיא געוואַגטע רייזע איבער דער גאַנצער לענג פון מיסיסיפּי) און אַנדערע מוטהיגע פראַנצויזישע רייזענדע האָבען אויפגעבויט אין אייניגע סטראַטעגישע פונקטען (יעצט זיינען נאָר פערבליבען סמנים דערפון אין דיא פראַנצויזישע נעמען פון עטליכע טייכען און שטעדט אין דיא שטאַאטען מישיגאַן, אילינאָי, אייאָוואַ, וויסקאָנסין, מיזורי, א. ז. וו.) — וואָלטען דיא ענגלישע קאָלאָניעס ניט געקענט פערשפּרייטען זיך צו מערב־זייט און וואָלטען איבערהויפּט קיין גרויסע צוקונפט ניט געהאַט. זיי וואָלטען געבליבען בעגרענצט צווישען דעם אַטלאַנטישען אָקעאַן אין מזרח און אַ שמאָלען פאַס לאַנד אין מערב ביז דיא אַפּאַלאַטשיאַן בערג.

דער קאַמפּף צווישען דיא ענגלענדער און פראַנצויזען אין נאָרד־אַמעריקאַ טראָגט דאָרום אין דער געשיכטע פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען דעם נאָמען: "דיא פראַנצויזישע און אינדיאַנער מלחמה". זיא האָט אויסגעבראָכען אין 1689,

האָט זיך געצויגען אַ יאָהר זיעבציג, אַריינגערעכענענדיג דיא צווישענצייטען פון שטילשטאַנד און פריעדען, און האָט זיך אָפיציעל געענדיגט אין 1759, ווען דיא ענגלענדער האָבען געשטורמט דיא פעסטונג פון דער קאַנאַדישער הויפּט שטאָדט קוויבעק, וואָס מען האָט גערופען "דער גיבראַלטאַר פון אַמעריקאַ". דיזע שלאַכט איז דיא וויכטיגסטע נאָך איהרע רעזולטאַטען אין דער געשיכטע פון דער נייער וועלט. זיא האָט ניט נאָר געגעבען דיא אויבער־הערשאַפט אין נאָרד־אַמעריקאַ צו ענגלאַנד, זאָנדערן האָט אויך געפיהרט דערצו, אַז דיא פראַנצויזען זאָלען זיך אין גאַנצען צוריקציהען פון נאָרד־אַמעריקאַ. נאָך דעם פריעדענס־אָפּמאַך פון 1763 האָט פראַנקרייך געמוזט איבערגעבען צו ענגלאַנד גאַנץ קענעדע און אויך דיא גרויסע און ווייניג אויסגעפאָרשטע געגענדען ביז דיא מזרח־ברעגען פון מיסיסיפּי טייך.

איינער פון דיא רעזולטאַטען פון דיזען גרויסען און לאַנגען קאַמפּף איז אָבער אויך געוועזען אַזעלכער, דאָס ענגלאַנד האָט מיט 13 יאָהר נאָך דיזען פריעדען מיט פראַנקרייך פערלאָרען איהרע 13 אַמעריקאַנער קאָלאָניעס און איז נאָר פערבליעבען אין קענעדע. אין דיא שלאַכטען מיט דיא אינדיאַנער און פראַנצויזען זיינען דיא אַמעריקאַנער קאָלאָניסטען פערהאַרטעוועט געוואָרען און האָבען זיך געפיהלט אַזוי שטאַרק און אונאַבהענגיג, דאָס זיי האָבען זיך ניט געשראָקען פאַר אַ קאַמפּף מיט ענגלאַנד זעלבסט, אום צו בעשיצען זייערע רעכטע, זייער זעלבסטפערוואַלטונג, זייערע פּריווילעגיעס און פרייהייטען. זיי־ענדיג געצוואונגען צו אַרבייטען מיט ביקסען ביי דער זייט אויף דיא פעלדער, אום זיך צו בעשיצען געגען דיא אינדיאַנער, וועלכע האָבען נאַטירליך געהאַסט דיא ווייסע און געזוכט זיי אויסצוראָטען, זיינען דיא קאָלאָניסטען געוואָרען גוטע שיסערס און האָבען איבערהויפּט זעהר גוט געטויגט צו מלחמה. יעדער פאַרמער איז געוועזען אַן אויסגעצייכענטער, מען מעג זאָגען, אַ געבאָרענער סאָל־דאַט.

דאָס האָט ענגלאַנד גלייך אויסגעפונען, וויא נאָר עס איז געקומען אַזוי ווייט אַז דיא קאָלאָניסטען האָבען אָנגעפאַנגען צו קעמפּפען פאַר זייער אונ־אַבהענגיגקייט.

מיר קומען דאָ צו דעם וויכטיגסטען מאָמענט אין דער געשיכטע פון נאָרד אַמעריקאַ, צו דער גרויסער רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט געפיהרט צו דער גרינ־דונג פון אונזער רעפּובליק — דיא פעראייניגטע שטאַאַטען פון אַמעריקאַ.

## דריטער קאַפּיטעל.

# דער אָנפאַנג פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציאָן

ענגלאַנד האָט גראָדע אין אָנפאַנג זעהר קלוג און גוט בעהאַנדעלט איהרע קאָלאָניעס אין דער נייער וועלט. זיא האָט געהאַנדעלט זעהר קלוג און פּראַקטיש. זיא האָט ערלויבט דיא קאָלאָניסטען זעלבסטפערוואַלטונג און האָט זיי געלאָזען צו רוה אין זייערע אינערליכע אַנגעלעגענהייטען. עס איז אמת, אַז דיא ענגלישע רעגיערונג האָט געהאַט דאַן אין אויג צו צוציהען וואָס מעהר מענשען אין דיא קאָלאָניעס, אום צו קענען בעסער און מיט מעהר קרעפטע קעמפּפען געגען דיא פראַנצויזען. עס איז אויך אמת, אַז פון דער וייטענס איז עס זעהר שווער געווען צו קאָנטראָלירען דיא צוזייטע און צושפּרייטע קאָלאָניסטען איבער ריעזיגע ווילדע געגענדען. אָבער דעם פּרינציפּ פון קאָלאָניאַלע זעלבסטפערוואַלטונג האָט ענגלאַנד אייגענטליך קיין מאָל ניט אָבגעשטריטען אין גאַנצען.

פון דער אַנדערער זייט זיינען דיא קאָלאָניסטען געווען צו שוואַך און צו וייט אָבגעזונדערט, אַז זיי זאָלען קענען האַנדלען צוזאַמען. דערצו נאָך האָבען זיי אויך מורא געהאַט איבערוועלטיגט צו ווערען פון דיא פראַנצויזען, זאָ דאָס זיי האָבען ניט נאָר קיין געדאַנקען ניט געהאַט וועגען אָבטהיילען זיך פון ענגלאַנד, זאָנדערן זיי האָבען נאָך בעטראַכט זייער מוטערלאַנד אַלס זייער בעשיצערין און זיינען טאַקע געווען צוגעבונדען צו איהר, אַט אַזוי וויא היינט, למשל, דיא קענעדער אָדער דיא אויסטראַליער.

אָבער דיא לאַגע האָט זיך שנעל געענדערט אַ קורצע צייט נאָך דעם, וויא ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבען געשלאָסען פריעדען. דיא ענגלישע רעגיערונג האָט זיך דאַן אַרומגעזעהן, אַז זיא קען אויך ציהען אַ גרויסען פינאַנציעלען נוצען פון איהרע אַמעריקאַנער קאָלאָניעס, וועלכע זיינען אַלץ רייכער געוואָרען. זיא האָט אויך געוואָלט האָבען מעהר דעה אין זייערע אינערליכע אַנגעלעגענהייטען. זיא האָט נעמליך אָנגעפאַנגען איינצופיהרען גרעסערע טעקסעס אָדער שטייערען, וואָס עס האָט נאַטירליך גאָר ניט געשמעקט דיא קאָ-

לאָניסטען, וועלכע זיינען צוגעוואָהנט געוואָרען צו אַטאָנאָמיע און פּראַקטישע אונאַבהענגיגקייט אין פערלויף פון דיא אַנדערהאַלבען הונדערט יאָהרען זייט זייער גרינדונג. פיהלענדיג זייער מאַכט, זייער פעהיגקייט צו בעשטעהן זייער שטעטעל מיט געוועהר אין דיא הענד, האָבען דיא קאָלאָניסטען זעהר ענערגיש פּראָטעסטירט געגען דיא אַלץ גרעסערע פּרעטענזיעס און שטרעבונגען פון דער ענגלישער רעגיערונג זיי צו בעהערשען און צו בעשטייערן, וויא אַ געוועהנליכע ענגלישע פּראָווינץ.

קוים צעהן יאָהר זיינען פאָריבער זייט ענגלאַנד איז געוואָרען דיא הערשע־רין פון קענעדע און פון דיא ריעזיגע געגענדען אין דער מזרח־זייט פון מיסי־סיפּי נאָך דעם זיעג איבער דיא פראַנצויזען אין דער בעריהמטער שלאַכט פון קוויבעק, וויא דיא זעלבע קאָלאָניסטען, וואָס האָבען פריהער געקעמפּפט ביי דער זייט פון דיא ענגלישע סאָלדאַטען און האָבען איהר אַזוי פיעל געהאָלפען צו זיעגען, זיינען אַרויס אין אַן אויפשטאַנד געגען זייער מוטערלאַנד. נאָך מעהר, זיי האָבען גערופען צו הילפע דיא פראַנצויזען, וועלכע זיי האָבען ערשט מיט אַ יאָהר פופצעהן פריהער געהאָלפען צו פערטרייבען פון נאָרד־אַמעריקא! דער זעלבער דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, וואָס איז געוואָרען דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרמעע און נאָכהער דער ערשטער פּרעזידענט פון דער ניי־געשאַפענער רעפּובליק, האָט זיך אויסגעצייכענט אין דער מלחמה מיט דיא פראַנצויזען אַלס אַ הייסער ענגלישער פּאַטריאָט.

אַזוי שנעל און אַזוי שטאַרק האָבען זיך געביטען אַפילו דיא געפיהלען פון דיזע קאָלאָניסטען.

דיא הויפּט אורזאַכען פון אַזאַ ווירקליך מערקווירדיג שנעלער איבערקעה־רענעס זיינען מייסטענס געווען עקאָנאָמישע. אין דער צייט פון דעם קאַמפּף מיט פראַנקרייך האָט דיא ענגלישע רעגיערונג געקוקט און האָט אויך געמוזט קוקען צווישען דיא פינגער אויף דעם, וואָס דיא קאָלאָניסטען האָבען גאָר ניט אָבגעהיט דיא אַלטע פאָרשריפטען וועגען האַנדעל. עס איז נעמליך פערבאָטען געווען דיא קאָלאָניסטען צו האַנדלען מיט אַנדערע לענדער אויסער מיט ענגלאַנד און צו גרינדען פאַבריקען. דער צוועק דערפון איז געווען צו געבען דיא ענגלישע קויפלייטע און פאַבריקאַנטען דיא מעגליכקייט צו מאַכען וואָס מעהר געלד דורך דעם האַנדעל מיט דיא קאָלאָניעס. דיא קאָלאָניסטען פלעגען אָבער שטענ־דיג אריינשמוגלען סחורות פון אַנדערע לענדער. אין דער צייט ווען דיא ענגלישע רעגיערונג איז פערנומען געווען מיט דער מלחמה מיט פראַנקרייך, האָבען דיא קאָלאָניסטען פון ניו־אינגלאַנד אַלץ מעהר און אָפענער געהאַנדעלט מיט דיא שפּאַנישע קאָלאָניעס אין וועסט־אינדיען. דורך דיזען האַנדעל זיינען דיא קאָ־לאָניסטען פון ניו־אינגלאַנד אַלץ רייכער געוואָרען. דאַרום איז זייער אונצו־פריעדענהייט געוואָרען גאָר פייערדיג, ווען דיא ענגלישע רעגיערונג, וועלכע

האָט געזוכט מיטעל צו דעקען דעם ריעזיגען חוב דורך איהרע מלחמות אין איי־ראָפּאַ, אַזיען און אַמעריקאַ, האָט ניט נאָר בעשלאָסען אָבצוהאַקען דיזען קאָנט־ראַבאַנדע האַנדעל, זאָנדערן אויך איינצופֿיהרען געוויסע אָבצאָהלונגען אָדער אַ טאַריף אויף פֿערשיעדענע אַרטיקלען.

אויף׳ן ענגלישען טראָן איז דאַן געזעסען דזשאָרדזש דער דריטער, וועלכער איז איינפֿאַך געוועז אַ משוגענער דעספּאָט. וואָס מעהר די קאָלאָניסטען האָבען פּראָטעסטירט געגען די נייע בעשטייערונגען און טיראַנישע האַנדלונגען, אַלץ שטאַרקער איז געוואָרען זיין דעספּאָטישע לוסט צו ברעכען זייער ווידער־שטאַנד און צו צווינגען זיי מיט געוואַלט צו פֿאָלגען. צוערשט האָט די ענגלי־שע רעגיערונג אויסגעשטעלט לעבען די ברעגען פֿון די קאָלאָניעס קריעגס־שיפֿען, אום צו פֿאַנגען די אַמעריקאַנער שיפֿען, וואָס האָבען געהאַנדעלט מיט וועסט־אינדיען. דאַן האָבען ענגלישע בעאַמטע געמאַכט אין באָסטאָן און אין אַנדערע פּאָרט־שטעדט הויז־זוכונגען צו פֿערכאַפּען געשמוגעלטע סחורות און נאַכהער, אין 1765, האָט דער ענגלישער פּאַרלאַמענט בעשטימט איינצופֿיהרען אין די קאָלאָניעס דעם זאָגענאַנטען „סטעמפּ־אַקט“.










די סטעמפּס אין געברויך אין 1765.

מען האָט נעמליך געצוואונגען די קאָלאָניסטען צו געברויכען פֿערשיע־דענע סטעמפּס אָדער מאַרקעס אויף פֿערשיעדענע אַרטיקלען, אום זיי זאָלען דערמיט בייסטייערן צו די אויסגאַבען פֿון דער ענגלישער רעגיערונג. דאָס איז געווען, וואָס מען רופֿט, אַן אינדירעקטע טאַקסע. דיעזע אָבצאָהלונגען זיינען אין דער אמת׳ן געווען קליינע, און די קאָלאָניסטען זיינען ניט נאָר געווען אים שטאַנד אַזוי פֿיעל בייצושטייערן צו די אויסגאַבען פֿון זייער מוטערלאַנד, זאָנדערן האָבען נאַכהער געמוזט פֿיעל מעהר צאָהלען, ווען זיי האָבען נאָך זייער לאַנגען און שווערען רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף איינגעפֿיהרט זייער אייגענע רע־גיערונג. אָבער עס האָט זיך ניט געהאַנדעלט וועגען די סומע פֿון די אָבצאָה־לונגען, נאָר וועגען פּרינציפּ פֿון אַזאַ שטייער. די קאָלאָניסטען האָבען פּראָ־

טעסטירט געגען יעדע טאַקסע וויא באַלד דיא ענגלישע רעגיערונג האָט זיי וועגען דעם פריהער ניט אָנגעפרעגט. זייער פאָדערונג איז געווען, אַז מען זאָל זיי ערלויבען צו שיקען זייערע פערטרעטער אין ענגלישען פּאַרלאַמענט און דאַן בעשטימען צוזאַמען, וויא פיעל זיי דאַרפען ביישטייערן פאַר דיא אויס־גאַבען פון דער מלוכה.

"קיינע טאַקסעס אָהן פערטרעטונג" — איז געווען זייער קריעגס־געשריי געגען דיא שטרעבונג פון דער ענגלישער רעגיערונג זיי צו צווינגען צו צאָהלען, וויא פיעל און ווען זיא וועט עס בעשטימען נאָך איהר ווילען, אַזוי וויא מען טהוט עס אין אַ דעספּאָטישע מלוכה. דיא קאָלאָניסטען האָבען גאַנץ גוט גע־פיהלט און פערשטאַנען, אַז וויא באַלד זיי וועלען נאָכלאָזען זייערע רעכטע אין דער פראַגע וועגען שטייערן, דאָס הייסט, ווען זיי וועלען ערלויבען דיא ענגלישע רעגיערונג ארויפצולייגען אויף זיי טאַקסעס אָהן זייער דעה און צושטימונג, וועלען זיי אין אַ קורצער צייט אַרום פערליערען זייער זעלבסט־פערוואַלטונג און מוזען אויסשטעהן אַלע קאַפּריזען פון דיא ענגלישע גובער־נאַטאָרס.

דאַרום האָבען זיך אָנגעפאַנגען צו שיטען פּראָטעסטען פון אַלע זייטען גע־גען דעם "סטעמפּ־אַקט". דעלעגאַטען פון דיא קאָלאָניעס האָבען זיך צוזאַמענ־געטראָפען אין ניו יאָרק, אום אויסצודריקען אַן ענערגישען פּראָטעסט אין נאָמען פון גאַנצען פאָלק אין אַלע קאָלאָניעס, 13 אין צאָהל. אין פיעלע ערטער האָט מען דיא פערהאַסטע סטעמפּס איינפאַך צוריסען אונטער דיא געשרייען: "טעקסעס אָהן פערטרעטונג איז טיראַניי!" אָדער "פרייהייט און קיינע סטעמפּס!"

ווען דיא נאַכריכטען וועגען דיעזע פּראָטעסטען זיינען אָנגעקומען אין ענגלאַנד, האָט זיך דיא רעגיערונג אַרומגעזעהן, אַז זיא איז פערקראָכען צו ווייט. דער פּאַרלאַמענט האָט דאַרום אָבגעשאַפט דעם סטעמפּ־אַקט; אָבער דערביי האָט מען געגעבען דיא פיעל בעדייטענדע ערקלערונג, אַז דיא ענגלישע רע־גיערונג האָט דאָס רעכט צו בעשטייערן דיא קאָלאָניעס און בכלל איינצופיהרען אַזאַ אָרדנונג, וויא זיא געפינט עס פאַר נויטיג.

אָט דער שטרייט וועגען דיעזען פּונקט האָט עס געפיהרט צו דער רעוואָלו־ציאָן און נאַכהער צו דער ערקלערונג פון אונאַבהענגיגקייט פון דיא דרייצעהן פעראייניגטע קאָלאָניעס אַם 4טען יולי 1776 וויא מיר וועלען עס באַלד זעהן.

דער רעוואָלוציאָנערער קאַמפּף האָט זיך אָנגעפאַנגען, ווען דער קעניג דזשאָרדזש דער דריטער האָט געשיקט סאָלדאַטען אין דיא גרעסטע שטעדט פון דיא קאָלאָניעס אויף דער רעכנונג פון דער דאָרטיגער בעפעלקערונג. אין ניו יאָרק האָט דאָס פאָלק זיך ענטשידען ענטזאַגט אויפצוהאַלטען דיא סאָלדאַ־טען, וואָס דער קעניג האָט געשיקט זיי צו אונטערדריקען. אין באָסטאָן איז עס אין 1770 געקומען צו אַ בלוטיגען געשלעג צווישען דיא בירגער און דיא סאָל־

דאַטען, א געשלעג וואָס טראָגט אין דער געשיכטע פֿון יונייטעד סטייטס דעם נאָמען "באָסטאָן מעסעקר (אויסשלאכטונג)", און אין רהאָד-איילאנד האָט מען צושטערט דיא קריעס-שיף "גאַספּי", וואָס דיא ענגלישע רעגיערונג האָט דאָרט געהאַלטען געגען שמוגלערס.


סעמיועל אַדאַמס.

דאָס זיינען אַלץ געוועזען בליצען פֿון דעם קומענדען שטורם. נאָר דער משוגענער קעניג מיט זיינע מיניסטאָרען זיינען אַזוי בלינד געוועזן, אַז זיי האָבען אַלץ וויטער געטריעבען דיא קאָלאָניסטען צו אַן אָפּענעם אויפשטאַנד און צו פֿערצווייפֿלונג. זיי האָבען נעמליך אַרויפֿגעלעגט אין 1767 א נייע טאַקסע: געוויסע אָבצאָהלונגען אויף גלאָז, פּאַפּיער, פֿאַרב און טהעע. דיא קאָלאָניסטען האָבען דאַן בעשלאָסען ניט צו אימפּאָרטירען און בכלל ניט צו געברויכען דיעזע אַרטיקלען אום אַזוי אויסצומיידען פֿון איין זייט צו פֿאָלגען און פֿון דער אַנדער זייט צו קומען אין א צוזאַמענשטויס מיט ענגלישע בעאַמטע און סאָלדאַטען. אַנדערע זיינען געגאַנגען וויטער אין זייער ווידערשטאַנד און האָבען געפֿאָלגט דעם ביישפּיעל פֿון סעמיועל אַדאַמס פֿון באָסטאָן, גענאַנט "דער פֿאָטער פֿון דער רעוואָלוציאָן", ניט צו עסען, טרינקען אָדער טראָגען איר-גענד וועלכע אימפּאָרטירטע זאַך פֿון ענגלאַנד ביז דיא נייע טעקסעס וועלען אָבגעשאַפֿט ווערען.

דער ענגלישער פּאַרלאַמענט האָט דאַן ווידער געמוזט צוריקרופֿען דיעזע טעקסעס. אָבער פֿון זיין רעכט צו בעשטייערן דיא קאָלאָניעס אָהן זייער צושטימונג האָט ער זיך אַלץ ניט ענטזאַגט. כדי דיא קאָלאָניסטען זאָלען ניט מיינען, אַז זייער פֿאָדערונג מכח א דעה אין דיא איינקינפֿטע און אויסגאַבען פֿון דער רעגיערונג ווערט אַנערקענט אין פּאַרלאַמענט, האָט מען איבערגעלאָזען א קליינע אָבצאָהלונג אויף טהעע. דיא קאָלאָניסטען האָבען אָבער אויך דערפֿון ניט געוואָלט הערען, ווייל זיי האָבען געוואָלט צווינגען דיא ענגלישע רעגיערונג נאָכצוגעבען דעם פּרינציפּ פֿון פֿערטרעטערשאַפֿט אין פּאַרלאַמענט און פֿון פֿולע זעלבסט-פֿערוואַלטונג. זיי האָבען ערקלערט, אַז זיי וועלען ניט נעהמען טהעע אפילו אַלס א געשאַנק, אויב דיא אָבצאָהלונג וועט פֿערבלייבען. דיא ענגלישע רעגיערונג האָט אָבער גאָר ניט געאַכטעט דערויף, און שיפֿען מיט טהעע זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען פֿון לאָנדאָן נאָך ניו יאָרק, באָסטאָן, פֿילאַדעלפֿיא, טשאַרלזטאָן און אַנאַפּאָליס. אום דיא קאָלאָניסטען זאָלען קריעגען

חשק צו קויפען דיזע טהעע, האָט מען ארונטערגעלאָזען דיא פרייזען אזוי, דאָס צוזאַמען מיט דער טאַקסע איז עס געווען ביליגער פאַר דיא טהעען, וואָס מען פלעגט קריעגען ארייננגעשמוגעלט פוז האָלאַנד.

דיא גרעסטע אויפרעגונג האָט דאַן געהערשט אין באָסטאָן. דיזע שטאָדט איז איבערהויפט געווען דער צענטער פון דעם ווידערשטאַנד געגען דיא ענגלי־שע קרוין. דאָרטען איז דאַן אויפגעקומען אַ פּאַרטיי, וועלכע איז געקרוינט גע־וואָרען מיט׳ן נאָמען ״באָסטאָן טי פּאַרטי״. ווען דריי שיפען מיט טהעע זיינען אָנגעקומען אין באָסטאָן, האָבען דיא בירגער בעשלאָסען ניט צו דערלאָזען, אַז דיעזע סחורה זאָל אויסגעלאָדען ווערען. איין נאַכט זיינען אַ געוויסע צאָהל בירגער, וועלכע האָבען זיך פערמאַסקירט וויא אינדיאַנער, בעפאַלען דיעזע שי־פען און האָבען ארייננגעשליידערט אַלע קאַסטענס מיט טהעע אין ים.

דאָס האָט פּאַסירט אין 1773 און דאָס איז אייגענטליך געווען דער אָנפאַנג פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציאָן. דער שאַדען איז געווען אַן אונבעדייטענדער, סך הכל אַ הונדערט טויזענד דאָלאַר, אָבער דער אַקט איז אָנגענומען געוואָרען אין דיא ענגלישע רעגיערונגס־קרייזען איינפאַך פאַר אַ מרידה במלכות. דער קעניג און זיינע מי־ניסטאָרען זיינען העכסט אויפגעבראַכט גע־וואָרען אויף דיזע ״מיאַטעזשניקעס״ און האָ־בען געשיקט דעם גענעראַל גיידזש אַלס גו־בערנאַטאָר פון מאַסאַטשוזעטס צוזאַמען מיט עטליכע רעגימענטען סאָלדאַטען, אום צו פערוואַלטען דיא קאָלאָניע אויף אַ דעספּאָ־טישען שטייגער, גאָר אָהן שום צערעמאָ־ניעס. זיי האָבען אויך בעשלאָסען צו האַלטען געשלאָסען דעם פּאָרט פון באָסטאָן ביז דיא איינוואָהנער וועלען בעצאָהלען פאַר די טהעע וואָס מען האָט ארייננגעשליידערט אין ים.


דזשאָהן הענקאָק.

דיעזע האַנדלונגען פון דעם קעניג האָבען אויפגערעגט אַלע קאָלאָניסטען, און אין עטליכע מאָנאַט ארום האָבען זיך פערטרעטער פון דיא קאָלאָניעס פער־זאַמעלט אין פילאַדעלפיא צו בעטראַכטען וואָס זיי זאָלען טאָן. דאָס איז געווען דער ערשטער קאָנגרעס פון דיא קאָלאָניעס. ער האָט געקראָגען דעם נאָמען: ״קאָנטינענטאַלער קאָנגרעס״. איינער פון דיא דעלעגאַטען פון ווירדזשיניאַ, וועלכע איז דאַן געווען דיא גרעסטע און וויכטיגסטע קאָלאָניע, אויף דיעזען קאָנגרעס איז געווען דזשאָרדזש וואַשינגטאָן. אַ קורצע צייט שפּעטער (אין 1775) האָבען דיא בירגער פון מאַסאַטשוזעטס, ניט אַכטענדיג אויף דעם קעניג מיט

דער גאנצער ענגלישער רעגיערונג, אויסגעוועהלט אלס זייער אייגענעם גובערנאטאר א געוויסען דזשאהן הענקאק, א רייכען קויפמאן פון באסטאן. אויך האבען זיי ארגאניזירט א מיליץ פון 12 טויזענד מאן.

דיא צאהל פון איינוואהנער אין אלע דרייצעהן קאלאניעס אין נארד־אמעריקא איז דאן געוועזן ניט מעהר פון 3 מיליאן; אבער דיא בירגער האבען דאך בעשלאסען זיך ניט אונטערצוגעבען אהן א ביטערען קאמפף און צו ענטפערען מיט געוואלט אויף געוואלט. אבוואהל זיי זיינען געוועזן צואווארפען אויף א ריעזיגע שטרעקע לאנד, פון דיא גרענעצען פון קענעדע ביז פלארידא, זיינען זיי דאך מייסטענס געוועזן איינינג און פעסט ענטשלאסען צו בעשיצען מיט געוועהר אין דיא הענד זייער פרייהייט, זייער זעלבסטפערוואלטונג.

אונטער אזעלכע אומשטענדען האט עס געמוזט קומען צו א רעוואלוציאנערען אויסברוך. עס האט טאקע לאנג ניט געדויערט ביז בלוט איז פערגאסען געווארען אין א צוזאמענשטויס צווישען ענגלישע סאלדאטען און קאלאניאלע מיליץ. דאס איז וויעדער געשעהן אין מאסאטשוזעטס, טאקע לעבען באסטאן. דער ערשטער בלוטיגער צוזאמענשטויס איז געשעהן, ווען דער ענגלישער גובערנאטאר, גענעראל גיידזש, האט ארויסגעשיקט סאלדאטען צו צושטערן דיא פולווער און פראוויזיעס, וואס דיא בירגער, וועלכע האבען זיך דאן אנגעפאנגען צו רופען פאטריאטען, האבען צוזאמענגעקליבען אין קאנקארד, א מייל 12 פון באסטאן. דיא סאלדאטען איז עס געלונגען צו צושטערן איינינגע מיליטערישע מאגאזינען פון דיא פאטריאטען; אבער אויף'ן וועג צוריק האבען זיי זיך צוזאמענגעטראפען מיט אלץ מעהר בירגער, וועלכע זיינען געקומען צו לויפען פון אלע זייטען, און 300 פון זיי זיינען געפאלען טויט. דאס איז געווען דיא ערשטע שלאכט פון דער רעוואלוציאן. דיא פארמערס זיינען געוועזן גוטע שיסערס און האבען אויך גוט געציעלט. פון הינטער יעדער וואנד און בוים האבען דיא זאגענאנטע "מיניוט־מען" (דיזען נאמען האבען דיזע פאטריאטישע מיליציאנטען בעקומען, ווייל צו יעדער מינוט האבען זיי בעדארפט זיין גרייט צום קאמפף) געשאסען אויף דיא ענגלישע סאלדאטען. דיזער צוזאמענשטויס איז בעקאנט אונטער דעם נאמען "דיא שלאכט לעבען לעקסינגטאן" און האט פאסירט דעם 19טען אפריל 1775.


אן אמעריקאנער סאלדאט אין אנפאנג פון דער רעוואלוציאן.

נאך דיזער בלוטפערגיסונג האט שוין קיין רייד ניט געקענט זיין וועגען פשרות און פרידליכע פערהאנדלונגען. פוןביידע זייטען האט מען זיך גענומען

צוגרייטען צו מיליטערישע אָפּעראַציאָנען און צו גרויסע שלאַכטען. מיט קנאַ־פּע דריי מאָנאַט שפּעטער, ווען דער ענגלישער גובערנאַטאָר, גענעראַל גיידזש האָט געקראָגען פערשטערקונגען פון ענגלאַנד און האָט געצעהלט אַן אַרמעע פון 8000 רעגעלע סאָלדאַטען, איז עס געקומען צו אַ פּיעל ערנסטערע שלאַכט, וויא לעבען לעקסינגטאָן, נעמליך: צו דער שלאַכט פון בונקער היל אין דעם טהייל פון באָסטאָן, וואָס הייסט טשאַרלסטאָון. דריי מאָל האָבען דיא ענגלישע סאָלדאַטען געמוזט שטורמען דעם דאָזיגען באַרג, אום צו פּעריאָגען דיא אַמערי־קאַנער, וואָס האָבען זיך דאָרט בעפעסטיגט, און ערשט ווען זיי האָבען פער־לאָרען איבער 1000 מאַן און דיא פּאַטריאָטען, וועלכע האָבען פערלאָרען אַ 500 מאַן, זיינען געבליבען אָהן פּולווער און קוילען, האָבען זיי פערנומען דיא פּאָזי־ציעס פון דיא פּאַטריאָטען.

דער קאָנטינענטאַלער קאָנגרעס האָט דאַן אויסגעקליבען דזשאָרדזש וואַ־שינגטאָן פאַר דעם הויפּט־קאָמאַנדיר פון דיא אַמעריקאַנער קרעפטע. קיין בעסערע אויסוואַהל האָבען גאָר דיא פערטרעטער פון דיא קאָלאָניעס ניט גע־קענט מאַכען, ווייל ער איז וויא געשאַפען געוועזען צו דער גרויסער ראָלע, וועלכע ער האָט געשפּיעלט אין דער רעוואָלוציאָן און נאָכהער אַלס פּרעזידענט פון דער נייער רעפּובליק, וויא מיר וועלען עס באַלד זעהען.



פיערטער קאַפּיטעל.

# דער קאַמפּף פאַר אונאַבהענגיגקייט

דער רעוואָלוציאָנערער קאַמפּף, וועלכער האָט אויסגעבראָכען, וויא דאָס איז געשילדערט אין פאָריגען קאַפּיטעל, האָט זיך געצויגען איבער זעקס יאָהר, נעמליך: ביז דער שלאַכט פון יאָרקטאַון אין 1781, ווען דיא ענגלישע אַרמעע



אינדעפּענדענס האָלל אין פילאַדעלפיא אין 1776.

אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל קאָרנוואַליס איז אַרומגערינגעלט געוואָרען און האָט זיך געמוזט אונטערגעבען. דעם ערשטען יאָהר האָבען דיא קאָלאָניסטען ניט גערעכענט זיך אָבצוטהיילען אין גאַנצען פון ענגלאַנד. דערזעלבער קאָנטי־נענטאַלער קאָנגרעס, וואָס האָט אויסגעוועהלט דזשאָרדזש וואַשינגטאָן פאַר דעם גענעראַל־קאָמאַנדיר און האָט בעשטימט צו שאַפען אַן אַרמעע פון 15 טויזענד מאַן, האָט פונדעסטוועגען ערקלערט, אַז ער אַנערקענט דזשאָרדזש דעם דריטען פאַר דעם אויבערהאַר אויך איבער דיא קאָלאָניעס אין נאָרד־אַמעריקאַ. אָבער דיעזע טרייהייט צום ענגלישען טראָן איז שנעל פערשוואונדען.

דעם נעכסטען יאָהר, נעמליך: דעם 4טען דזשולאַי (יולי) 1776 האָט דיעזער קאָנגרעס אָנגענומען דיא וועלט בעריהמטע "דעקלעריישאָן אָוו אינדעפּענדענס" (ערקלערונג פון אונאבהענגיגקייט), וועלכע טהאָמאַס דזשעפערסאָן, איינער פון דיא גרעסטע און עדעלסטע מענער וואָס זיינען ווען געבאָרען געוואָרען אין דער נייער וועלט, האָט פערפאַסט און וועלכע איז פערבליבען אַזאַ פונדאַמענט פון אַמעריקאַנער פרייהייט וויא דיא קאָנסטיטוציאָן פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען. דער טאָג, ווען דיעזע ערקלערונג איז אונטערשריבען געוואָרען פון דזשאָהן הענקאָק, פּרעזידענט פון קאָנגרעס, ווערט זייט דאַן יעדעם יאָהר געפייערט אַלס דער גרעסטער נאַציאָנאַלער יום טוב פון אונזער רעפּובליק. ער איז אויך איינער פון דיא גרעסטע און גלענצענדסטע טעג אין דעם קאַמפּף פון פעלקער פאַר פּאָליטישע פרייהייטען.



די פרייהייטס־גלאָק אין אינ־דעפּענדענס האָלל, פילאַדעלפיא.

זייט דיעזען אויף אייביג אונפערגעסליכען טאָג, זייט יענעם 4טען דזשולאַי, האָבען דיא קאָלאָניסטען געקעמפּפט ציעלבעוואוסט פיר זייער אונאבהענגיג־קייט אַלס אַ בעזונדערע נאַציאָן. פריהער וואָלטען אַפילו דיא הייסעסטע פּאַטריאָטען פון דיא קאָלאָ־ניעס געבליבען טריי צו ענגלאַנד, ווען דער קעניג און דער פּאַרלאַמענט וואָלטען בעוויליגט זייערע גע־רעכטע פאָדערונגען. אָבער נאָך דער דעקלאַראַציאָן פון אונאבהענגיגקייט האָט זיך דיא שטימונג פון דיא קאָלאָניסטען בכלל אַזוי געענדערט, אַז מען האָט גאָר ניט געוואָלט הערען פון פשרות מיט דער ענגלישער רעגיערונג און אַז מען האָט זאָגאָר אָנגעפאַנגען צו פערפאָלגען דיא זאָגענאַנטע "טאָריס", דאָס הייסט אַזעלכע בירגער, וואָס זיינען געוועזען געגען דיא אונאבהענגיגקייט פון דיא קאָ־לאָניעס און האָבען געוואָלט בלייבען פערבונדען מיט זייער מוטערלאַנד. דער קאַמפּף איז יעדענפאַלס געוועזען זעהר אַ שווערער און אונגלייכער פאַר דיא קאָ־לאָניסטען, און עס האָט ניט פיעל געפעהלט, אַז זיי זאָלען שליסליך פערלי־רען.

גליקליכערווייזע האָבען זיי אָבער אין דער ריכטיגער צייט, אין דעם סאַמע קריטישען מאָמענט, געקראָגען דיא הילפע פון דעם זעלבען פאָלק, געגען וועל־כען זיי האָבען אַזוי מוטהיג געקעמפּפט מיט אַ יאָהר 18 צוריק צו שטיצען ענגלאַנד. דיא הילפע איז נעמליך געקומען פון פראַנקרייך, וועלכע האָט ניט נאָר אַנערקענט דיא אונאבהענגיגקייט פון דער נייער רעפּובליק, זאָנדערן האָט נאָך געשיקט געלד און קריעגס־שיפען מיט סאָלדאַטען געגען דיא ענגלישע אַרמעע. אויף דיעזען שטייגער האָט זיך עס פראַנקרייך אָפּגערעכענט פאַר

איהרע נידערלאַגעס אין דעם לאַנגען קאַמפּף מיט ענגלאַנד, פאַר איהר פערלוסט פון קענעדע. דער מאַן, וואָס האָט אויסגעפיהרט, אַז פראַנקרייך זאָל אויס־שטרעקען איהר מעכטיגע האַנד צו דער ניי־געשאַפענער רעפּובליק, איז געווען בענדזשאַמין פראַנקלין, וועמען דער קאָנטינענטאַלער קאָנגרעס האָט געשיקט אַלס אַמבאַסאַדאָר צום פראַנצויזישען קעניג. דערמיט, קען מען זאָגען, האָט דיעזער מערקווירדיגער מאַן, וועלכער האָט זיך אויך אונשטערבליך געמאַכט מיט אַן ענטדעקונג אין פיזיקע, אַזוי פיעל אויפגעטהאָן פאַר דיא פעראייניג־טע שטאַאטען, וויא וואַשינגטאָן מיט זיין שווערד און דזשעפערסאָן מיט זיין "דעקלערישאָן אָוו אינדעפּענדענס". דיא נעמען פון דיעזע דריי גרעסטע מענער פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציאָן זיינען אַ צירונג ניט בלויז פאַר דיא אַמעריקאַ־נער נאַציאָן, זאָנדערן אויך פאַר דיא גאַנ־צע מענשהייט.



בענדזשאַמין פראַנקלין.

פראַנקרייך'ס אַנטהייל אין דער רע־וואָלוציאָנערער מלחמה האָט באַלד געהאַט אַזאַ ווירקונג, אַז דיא ענגלישע רע־גיערונג האָט פאָרגעשלאָגען שלום און בעוויליגט אַלעס וואָס דיא קאָלאָניסטען האָבען פערלאַנגט מכח זעלבסטפערוואַלטונג, מיט אויסנאַהמע, נאַטירליך, פון אונאַבהענגיגקייט. אָבער דיזער פאָרשלאַג איז שוין געקומען צו שפּעט. דיא שטיצע פון פראַנקרייך האָט צוגעגעבען מוטה דיא פּאַטריאָטען. זיי האָבען דאַ־רום זיך ענטזאַגט אָנצונעהמען אַלעס וואָס דיא ענגלישע רעגיערונג האָט זיי אָנ־געבאָטען און האָבען בעשלאָסען צו קעמפּפען ביז'ן ביטערען סוף פאַר זייער אונאַבהענגיגקייט, פאַר אַ זעלבסשטענדיגע רעפּובליק.

צווישען דיא פראַנצויזען, וועלכע זיינען געקומען אַלס וואָלאָנטירען צו העלפען דיא קאָלאָניסטען צו קעמפּפען פאַר פרייהייט און אונאַבהענגיגקייט, האָט זיך בעזאָנדערס אויסגעצייכענט דער יונגער מאַרקיז לאַפאַיעט, וועל־כער האָט שפּעטער אויך געשפּיעלט אַ זעהר גרויסע ראָלע אין דער גרויסער רעוואָלוציאָן פון זיין פאַטערלאַנד.

דער קאַמפּף, וועלכער האָט זיך אָנגעפאַנגען פאַר דאָס רעכט פון זעלבסט־פערוואַלטונג, האָט זיך אַלזאָ שנעל אומגעוואַנדעלט אין אַ קאַמפּף פאַר פאָל־שטענדיגע אָבטהיילונג פון ענגלאַנד. אין דיא פינף יאָהר, וואָס דיא מלחמה פיר אונאַבהענגיגקייט האָט זיך געצויגען, זיינען פאָרגעקומען פיעלע שלאַכטען,

וועלכע האָבען זיך געענדיגט מיט זיעגען און נידערלאַגען אַמאָל פאַר איין צד, אַמאָל פאַר דעם אַנדערען. מיט איינצעלהייטען וועגען דיזע שלאַכטען וועלען מיר זיך דאָ ניט פערנעהמען, ווייל מען דאַרף האָבען עפּעס קענטניסע אין מי־ליטערישע אַנגעלעגענהייטען אום דאָס צו פערשטעהן. פאַר ניט־מיליטאַריסטען זיינען איינצעלהייטען מכה שלאַכטען, ווי זיי זיינען געפיהרט געוואָרען און וויא מען האָט זיי בעדאַרפט פיהרען — בכלל זעהר לאַנגווייליג.


מאַרקיז לאַפּאַיעט.

נאָך יעדען קלאַפּ, וואָס וואַשינג־טאָן האָט געקראָגען פון דיא ענגלענדער, איז איהם מייסטענס געלונגען זיך אָפּ־צורעכענען נאָך מיט אַ בעסערען קלאַפּ. ווען דיא פראַנצויזען האָבען צוגעשיקט סאָלדאַטען און אַ פלאָטע, האָט זיך וואַ־שינגטאָן זעהר גוט און געשיקט בענוצט דערמיט צו דערלאַנגען דיא ענגלענדער אַזאַ קלאַפּ, אַז זיי זאָלען פערלירען דעם חשק ווייטער צו פיהרען דיזע מלחמה. דאָס איז געשעהן, וויא שוין אויבען דערמאָנט, אין דער שלאַכט לעבען יאָרקטאַון, ווען דער ענגלישער גענעראַל איז אַרומגערינגעלט געוואָרען און האָט זיך געפונען וויא אין אַ פּאַסטקע. פון איין זייט איז געשטאַנען דיא פראַנצויזישע פלאָטע, פון דער אַנדער זייט האָט זיך אויסגעשטעלט אויף גוטע פּאָזיציעס אַן אַרמעע פון 9000 אַמעריקאַנער און 7000 פראַנצויזען, געגען וועלכע דיא ענגלענדער האָבען זיך אומזאָנסט געוועהרט אַ וואָך. שליסליך האָבען זיי קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט וויא זיך אונטערצוגעבען. דאָס איז געשעהען דעם 19טען אָקטאָ־בער 1781.

דערמיט האָט זיך געענדיגט דיא מלחמה פאַר אונאַבהענגיגקייט. דיא ענגלישע רעגיערונג האָט ביי דער ערעפענונג פון פּאַרלאַמענט אין 1782 געמוזט אַנערקענען דיא אונאַבהענגיגקייט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, דיא ערשטע רעפּובליק אין דער נייער וועלט, און דעם נעכסטען יאָהר איז אין פּאַריז אונטער־שריבען געוואָרען אַן אָפּמאַך, נאָך וועלכען דיא נייע רעפּובליק האָט געקראָגען דאָס לאַנד פון אַלע 13 קאָלאָניעס, וועלכע זיינען געוואָרען שטאַאטען, און אויך דאָס הינטערלאַנד, וואָס מען האָט גערופען "נאָרד וועסט טעריטאָרי" און וואָס האָט זיך געצויגען ביז דעם טייך מיסיסיפּי. צוזאַמען האָט דאָס פערנומען אי־בער 800 טויזענד סקווער (קוואַדראַט) מייל.

## פינפטער קאַפּיטעל.

# די קאָנסטיטוציאָן פון דער נייער רעפּובליק און דזשאָרדזש וואַשינגטאָן איהר ערשטער פּרעזידענט

די 13 קאָלאָניעס, וועלכע האָבען זיך פערבונדען געגען ענגלאַנד און האָבען נאָך אַ רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף אין פערלויף פון אַכט יאָהר געוואונען זייער אונאַבהענגיגקייט, וויא דאָס איז געשילדערט אין די פאָריגע קאַפּיטלעך, זיינען נאָך אָבער ווייט ניט געווען פעראייניגט צווישען זיך. זאָלאַנג די מלחמה געגען ענגלאַנד האָט געדויערט, האָבען די קאָלאָניסטען געקעמפּפט אַלע צוזאַמען וויא איין נאַציאָן געגען אַ געמיינשאַפטליכען שונא; אָבער אַזוי שנעל וויא מען האָט געשלאָסען פריעדען מיט ענגלאַנד און מען האָט פונאַנדערגעלאָזען די רעוואָלוציאָנערע ארמעע, האָט זיך באלד ארויסגעוויזען, אז אמת'ע אינערליכע אייניגקייט עקזיסטירט נאָך ווייט ניט צווישען די קאָלאָניעס. דער קאָנטינענטאַלער קאָנגרעס האָט געהאַט ווייניג אָטאָריטעט, און יעדע קאָלאָניע האָט זיך געהאַלטען פאַר א פאָלשטענדיג אונאבהענגיגען שטאַאט.

עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ מיסטרויען פון די קלענערע שטאַאטען צו די גרעסערע. אַלע צוזאַמען זיינען זיי געווען פערשולדעט זעהר פיעל צוליעב די קאָסטען פון דער לאַנגער מלחמה פאַר אונאַבהענגיגקייט. די לאַגע אין אַלגעמיינען איז געווען אַ זעהר טרויעריגע און פערפּלאָנטערטע. דער קאָנטינענטאַלער קאָנגרעס איז געווען צוגלייך אַ פּאַרלאַמענט און אַ רעגיערונג; אָבער זיין מאַכט איבער די שטאַאטען איז געווען אַ זעהר שוואַכע. קיין ריכטיגע צענטראַל־רעגיערונג און קיין פּרעזידענט האָבען די שטאַאטען ניט געהאַט. דער קאָנטינענטאַלער קאָנגרעס האָט געהאַט דאָס רעכט צו בעשטימען געוויסע געזעצע פאַר'ן גאַנצען לאַנד און ארויפלייגען געוויסע אַלגעמיינע שטייערן; אָבער ער האָט ניט געהאַט די מאַכט צו צווינגען די בירגער אין די ניי־געשאַפענע שטאַאטען דאָס אויסצופיהרען.

אונטער אַזעלכע אומשטענדען האָט עס ניט פיעל געפעהלט, אז דער פער־

באַנד פון דיא 13 שטאַאטען זאָל אויפהערען. דיא הויפט אורזאַכע, וואָרום זיי האָבען זיך דאָך געהאַלטען צוזאַמען אַלס איין רעפובליק איז געווען צוליעב דעם אינטערעס, וואָס זיבען פון זיי האָבען געהאַט אין דער "נאָרד וועסטליכער טעריטאָריע", וועלכע זיי האָבען געקראָגען דורך דעם פריהערן זיעג פון דיא ענגלענדער איבער דיא פראַנצויזען אין קענעדע, וויא מיר ווייסען עס שוין פון פאָריגען קאַפּיטעל. יעדער פון דיא שטאַאטען, וואָס האָבען זיך געגרענצט מיט דער דאָזיגער ריזיגער טעריטאָריע ווייט אין מערב זייט ביז דעם מיסיסיפּי ריווער, האָט נאַטירליך געזוכט צו קריגען וואָס אַ גרעסערען חלק פון דער דאָזיגער, זאָ צו זאָגען, פראַנצויזישער ירושה. נאָך לאַנגע טענות און פערדרעהענעסען האָבען דיא שטאַרקסטע און וויכטיגסטע פון דיא אָריגינעלע 13 שטאַאטען, נעמליך: ווירדזשיניא, ניו יאָרק, מאַסאַטשוזעטס און קאָנעקטיקוט, אָפּגעמאַכט צווישען זיך, אַז דער קאָנטינענטאַלער קאָנגרעס זאָל ענטשיידען זייערע שטרייט־פראַגען און זאָל פערטהיילען דיא "נאָרד־וועסטליכע טעריטאָריע" צום וואָהל און בעסטען פון דעם גאַנצען לאַנד.



קאָנגרעס האָלל אין פילאַדעלפיא, 1790.

דאָס האָט, זעלבסטפערשטענדליך, פערשטאַרקט דיא אָטאָריטעט און דיא מאַכט פון דעם קאָנגרעס; אָבער דאָס איז נאָך אַלץ ווייניג געווען צו האַלטען דיא שטאַאטען אַזוי פעראייניגט צוזאַמען, וויא דאָס האָט בעדאַרפט צו זיין און וויא דאָס איז גליקליכערווייזע אַלץ מעהר איינגעפלאַנצט געוואָרען אין דיא אינטערעסען פון אַלע בירגער פון אונזער גרויסער פעדעראַטיווער רעפובליק. דיא בעסטע און איינפלוסרייכסטע מענער פון דיא שטאַאטען האָבען אַלץ מעהר פערלאַנגט, אַז מען זאָל אויסאַרבייטען אַן אַלגעמיינע קאָנסטיטוציאָן און איינריכטען דיא נייע רעפובליק אויף אַ פעסטען נאַציאָנאַלען פונדאַמענט.

ענדליך האָט מען אין 1787 אָפּגעהאַלטען אין פילאַדעלפיא אַ קאָנווענציאָן

פון 55 פערטרעטער פון דיא שטאאטען אונטער דעם פאָרזיץ פון דזשאָרדזש וואשינגטאָן, אום צו בילדען א שטארקערען און פעסטערען פערבאנד. דיזע קאָנווענציאָן האָט געהאלטען געהיימע זיצונגען אין פערלויף פון 4 מאָנאט. פיעלע שטרייטען זיינען פאָרגעקומען איידער מען האָט אָנגענומען דיא ארטיקלען פון דער אלגעמיינער קאָנסטיטוציאָן.

דער וויכטיגסטער שטרייט־פונקט איז דאן געווען וועגען דיא פערטרעטערשאפט פון דיא שטאאטען אין קאָנגרעס. דיא 13 קאָלאָניעס זיינען פון אָנפאנג אָן געווען און זיינען געבליבען ווייט ניט גלייך אין זייער שטח און אין בעפעלקערונג. אונטער דער אויבערמאכט פון ענגלאנד איז יעדע פון זיי נאטירליך געווען אין גאנצען אונאבהענגיג פון דיא אנדערע. דאָס וואָס איין קאָלאָניע האָט פערנומען מעהר לאנד אָדער איז געוואָרען געדיכטער בעפעלקערט — דאָס האָט גאָר ניט אויסגעמאכט, וויא באלד יעדע האָט געהאט איהר אייגענע פערוואלטונג און איז ניט געשטערט געוואָרען פון דיא ענגלישע גובערנאטאָרס. אזוי שנעל אָבער, וויא זיי האָבען אראָפּגעשליידערט פון זיך דעם ענגלישען יאָך און האָבען זיך פערבונדען צוליעב געוויסע געמיינשאפטליכע אינטערעסען אין איין רעפּובליק, האָבען דיא קלענערע אָנגעפאנגען זיך צו שרעקען, אז זיי וועלען איינגעשלונגען ווערען פון דיא גרעסערע, אָדער אז זייער דעה אין דער רעפּובליק וועט זיין אָן אונבעדייטענדע.

דיא קליינע שטאאטען האָבען דארום געקעמפּפט געגען פאָרשלעגע, אז יעדער שטאאט זאָל שיקען מיטגליעדער אין קאָנגרעס פּראָפּאָרציאָנעל צו זיין בעפעלקערונג. זיי האָבען געטענה'ט, אז דיא מעהר בעפעלקערטע און גרעסערע שטאאטען וועלען האָבען דיא גרעסטע דעה אין דער רעפּובליק און וועלען קאָנטראָלירען דיא גאנצע רעגיערונג פון לאנד. זיי האָבען דארום פערלאנגט אזעלכע פונקטען אין דער אלגעמיינער קאָנסטיטוציאָן, אז זיי זאָלען קענען האָבען אזא דעה אין קאָנגרעס, וויא דיא גרויסע שטאאטען. אום צו בעפרידיגען דיא פאָדערונגען פון דיא קלענערע שטאאטען, האָט מען דארום בעשטימט צו בילדען א סענאט, אין וועלכען יעדער שטאאט, גרויס און קליין, זאָל זיין גלייך פערטראָטען דורך צוויי מיטגליעדער.

אזוי איז עס פערבליבען עד היום און אזוי וועט עס נאָך ווער ווייסט וויא לאנג פערבלייבען אין אונזער פעדעראטיווער רעפּובליק. פון ערשטען בליק שיינט עס זעהר זאָנדערבאר און אויך גאָר ניט גערעכט, אז אזא שטאאט וויא, למשל, ניו יאָרק וואָס צעהלט ניט ווייניגער פון א צעהנטעל פון דער גאנצער בעפעלקערונג פון יונייטעד סטייטס (נאָך דעם צענזוס פון 1910 געפינען זיך אין ניו יאָרק סטייט 9,113,279 נפשות), זאָל זיין פערטראָטען אין יונייטעד סטייטס סענאט דורך צוויי מיטגליעדער פונקט וויא דער שטאאט נעוואדא, וואָס צעהלט סך הכל 82 טויזענד נפשות. לויט נאָך זייערע בעפעלקערונגען קע־

נען דיא סטייטס נעוואדא, וויאָמינג, מאָנטאַנא, יוטאה, איידעהאָ, אריזאָנא און ניו מעקסיקאָ צוזאמען אפילו מיט קאָלאָראדאָ זיך בעהאַלטען אין מענ־העטען און בראָנקס (בלויז 2 טהיילען פון דער שטאָדט ניו יאָרק); אָבער נאָך זייער שטח איז יעדער פון זיי פיעל גרעסער פאר גאנץ ניו יאָרק סטייט. אָט טאַקע נעוואדא, וואָס איז דער קלענסטער סטייט אין בעפעלקערונג, איז צוויי און א פינפטעל מאָל גרעסער אין שטח פאר ניו יאָרק סטייט.

ניט וויניגער אויפפאַלענד איז א פערגלייך צווישען אַזעלכע צוויי שטאַ־אטען וויא טעקסעס און רהאָוד אײלאַנד. טעקסעס פערנעהמט 265,780 סקווער מייל (דאָס איז גרעסער פאר דיא גאַנצע דייטשע אימפּעריע צוזאמען מיט דער שווייץ, מיט דענעמארק, האָלאַנד און בעלגיען, ניט רעכענענדיג זייערע קאָ־לאָניעס). דאָס איז אונזער גרעסטער שטאַאט אין שטח, און רהאָוד אײלאַנד איז דער קלענסטער (ער פערנעהמט בלויז 1250 סקווער מייל, אָבער דערפאר איז ער איינער פון דיא אינדוסטריעלסטע און אויך זעהר געדיכט בעפעלקערט; צעהלט איבער 542 טויזענד נפשות).

ווען מיר בעטראַכטען דיא 48 שטאַאטען פון אונזער רעפּובליק, וויא זיי זיינען אָבגעגרענעצט געוואָרען און וויא זיי זיינען אין אונזערע צייטען בעפעל־קערט, וואַרפט עס זיך פשוט אין דיא אויגען, אַז דיא וויניגער בעפעלקערטע קענען בעהערשען אין יונייטעד סטייטס סענאַט דיא מעהר בעפעלקערטע. עס קומט אַלזאָ אוים פונקט פערקעהרט, וויא דיא פערטרעטער פון דיא קלענערע קאָלאָניעס האָבען עס גערעכענט בשעת דיא קאָנסטיטוציאָן פון דיא פעראיי־ניגטע שטאַאטען איז אויסגעאַרבייט געוואָרען.

אָבער בשעת מען האָט אויסגעאַרבייט דיא קאָנסטיטוציאָן פון דער נייער רעפּובליק, האָט מען זיך אויך פערזאָרגט געגען אַזאַ מעגליכקייט. פון איין זייט האָט מען טאַקע נאָכגעגעבען דיא פאָדערונגען פון דיא קליינע שטאַאטען, אָבער פון דער אַנדער זייט האָט מען אָנגעהאַלטען דעם דעמאָקראַטישען פּרינציפּ, אַז דער ווילען פון דער מאַיאָריטעט שטעהט העכער פאַר דעם ווילען פון דער מינאָריטעט אין א לאַנד — אחרי רבים להטות.

דיא פאָטערס פון אונזער רעפּובליק האָבען נעמליך געמאַכט אַזאַ פשרה צווישען דיא גרעסערע און דיא קלענערע פון דיא ערשטע דרייצעהן שטאַאטען:

דער קאָנגרעס זאָל בעשטעהן פון צוויי גזעצגעבענדע הייזער, וועלכע זאָ־לען, זאָ צו זאָגען, קאָנטראָלירען איינע דיא אַנדערע צום וואָהל און בעסטען פון גאַנצען פאָלק, אין דיא קליינע סטייטס אַזוי גוט וויא אין דיא גרויסע. איין הויז, גענאַנט "האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס", זאָל בעשטעהן פון פאָלקס־פערטרעטער אין פּראָפּאָרציע צו דער בעפעלקערונג פון יעדען שטאַאט בעזונדער. אַזעלכע פאָלקספערטרעטער, וועלכע מען רופט אויך קאָנגרעסמען, זאָלען ערוועהלט ווערען דורך א דירעקטע אָבשטימונג פון די בירגער. די אַנדע־

רע הויז, גענאַנט "סענאַט", זאָל בעשטעהען פון סטייט־פּערטרעטער, צו צוויי פון יעדען סטייט, אָבגעזעהען פון זייער בעפעלקערונג אָדער שטח. אַזעלכע, זאָ צו זאָגען, אַמבאַסאַדאָרען אָדער געזאַנדטע פון דיא פּרייוויליג פערבונדענע שטאַאטען זאָלען שוין ניט ערוועהלט ווערען דירעקט פון דיא בירגער, נאָר אינדירעקט דורך אָן אָבשטימונג פון דיא אויסערוועהלטע סטייט־פּערטרעטער, נעמליך: פון דיא געזעצגעבענדע הייזער אָדער לעדזשיסלייטשורס פון דיא סטייטס.

בקיצור, דיא גרעסערע שטאַאטען האָבען זיך פערזיכערט געגען דיא קלענערע דערמיט, וואָס זיי האָבען געקענט שיקען מעהר דעפּוטאַטען אין דער האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס, און דיא קלענערע שטאַאטען האָבען זיך בעשיצט געגען דיא גרעסערע דערמיט, וואָס אין סענאַט זיינען זיי געווען גלייכע יחסנים. אָט, למשל, ניו יאָרק סטייט איז אויף דעם גרונד פון דער לעצטער פאָלקסצעהלונג (1910) בערעכטיגט צו שיקען 43 פערטרעטער אין דער האוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס, ווערהענד נעוואַדאַ וועט נאָך דער נעכסטער פאָלקסצעהלונג (אין 1920) וואַהרשיינליך אויך ניט קענען שיקען מעהר פון איין קאָנגרעסמאַן.

דיא פאָלקסצעהלונגען ווערען געמאַכט אין אונזער רעפּובליק יעדע צעהן יאָהר, און נאָך יעדער פאָלקסצעהלונג ווערט עס אויך בעשטימט אין קאָנגרעס, וויא פיעל פאָלקספערטרעטער יעדער סטייט האָט דאָס רעכט אויסצואוועהלען פּראָפּאָרציאָנעל צו זיין בעפעלקערונג. אָבער מיט דיא פערטרעטער פון דיא סטייטס אין סענאַט האָבען דיא פאָלקסצעהלונגען גאָר ניט צו טאָן. דיא צאָהל פון יונייטעד סטייטס סענאַטאָרס הענגט נאָר אָפּ פון דער צאָהל פון דיא סטייטס און בלייבט דיא זעלבע (וויא שוין געזאָגט, צו 2 פון יעדען סטייטס) זאָלאַנג עס קומען ניט צו נייע סטייטס.

אויב דיעזע סיסטעם פון פערטרעטערשאַפט אין קאָנגרעס איז אַ גוטע און אַ ריכטיגע; אויב עס איז פאַראַן אָדער אויב מען קען אויסטראַכטען אַ בעסערע רעפּרעזענטאַטיווע סיסטעם און בכלל פערפאַסען אַ בעסערע קאָנסטיטוציאָן — דאָס זיינען פראַגען, וועלכע עס איז ניט דאָ דער אָרט צו בעטראַכטען. מיר שרייבען דאָך ניט דיא געשיכטע פון קאָנסטיטוציאָנען. זיכער איז עס יעדענפאַלס, אַז דאָס איז געווען און בלייבט דער פונדאַמענט פון אונזער פעדעראַטיווער רעפּובליק. אָהן דיעזע פּשרות צווישען דיא גרעסערע און קלענערע ערשטע דרייצעהן שטאַאטען וואָלט דיא עקזיסטענץ פון דער נייער רעפּובליק גאָר ניט מעגליך געווען.

וויא מיר וועלען עס זעהען אין אַ נעכסטען קאַפּיטעל, ווען עס וועט גערשילדערט ווערען דער שרעקליכער בירגער־קריעג, דער ריזיגער קאַמפּף פאַר דיא אָבשאַפונג פון דער נעגער־שקלאַווערייי — האָט עס ניט פיעל געפעהלט, נאָך אַלע פּשרות און קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיעס פאַר דיא סטייטס, אַז

אונזער רעפובליק זאָל צושפּאַלטען ווערען וויינינגסטענס אין צוויי טהיילען. אָבער צו דער צייט, סך הכל מיט אַ יאָהר 120 צוריק, ווען די קאָנסטיטוציאָן פון יונייטעד סטייטס איז נאָך פיעלע שטרייטען און פשרות אָנגענומען געוואָרען אין קאָנטינענטאַלען קאָנגרעס, זיינען אַלע ערשטע שטאַאטען געווען אַזוי שוואַך צוזאַמענגעבונדען און אַזוי שטאַרק פּערקאַכט אין זייערע שטאַאט-רעכטע און אַזוי מיסטרויעריש און אייפערזיכטיג צו אַ צענטראַלער אָדער אַן אַלגעמיינער רעגיערונג פון דער גאַנצער פעדעראַציאָן אָדער רעפובליק, אַז עס האָט נאָך געדויערט אַ היבשע צייט ביז די בירגער אין יעדען שטאַאט האָבען, ווידער נאָך לאַנגע טענות און שטרייטען, געשטימט פאַר דיזע קאָנסטיטוציאָן און אַזוי בעשלאָסען צו ווערען בירגער פון אַ גרויסער פעדעראַטיווער רעפובליק.


אַלעקסאַנדער האַמילטאָן.

עס האָט געדויערט אַ צוויי יאָהר צייט ביז דיזע קאָנסטיטוציאָן, פון וועלכער אפילו איין אות איז ניט געענדערט געוואָרען עד היום (ניט רעכענענדיג נאַטירליך די 17 צוזעצונגען אָדער אַמענדמענטס, וועלכע מען האָט שוין געמוזט אָננעהמען, און אַנדערע, וועלכע שטעהען היינט אויף דער טאַגעס אָרדנונג און וועלען אין די נעכסטע יאָהרען אָנגענומען ווערען), ווייל די אַמעריקאַנער נאַציאָן קוקט אויף איהר וויא אויף אַ הייליגטהום, איז אָנגענומען געוואָרען נאָך אַ רעפערענדום-וואוט פון די בירגער. אין אייניגע סטייטס איז עס געווען בעזאָנדערס שווער צו בעוועגען די בירגער צו שטימען פאַר איהר, ווייל זיי האָבען גערעכענט, אַז מען האָט געגעבען דער צענטראַלער אָדער נאַציאָנאַלער רעגיערונג צו פיעל מאַכט.

דער מאַן וואָס האָט זיך בעזאָנדערס אויסגעצייכענט מיט זיינע אָנשטרייינגונגען איינצורעדען דאָס פאָלק צו אַנערקענען די קאָנסטיטוציאָן, וועלכע האָט פעסטגעשטעלט אונזער פעדעראַלע און דעמאָקראַטישע רעפובליק, איז געווען דער פעהיגער שטאַאטסמאַן אַלעקסאַנדער האַמילטאָן, אַ בירגער פון ניו יאָרק.

עס האָבען זיך געבילדעט צוויי פּאַרטייען: די פעדעראַליסטען, וועלכע האָבען געגלויבט, אַז די רעפובליק נויטיגט זיך אין אַ שטאַרקער צענטראַל-רעגיערונג און האָבען דאַרום געשטימט פאַר די קאָנסטיטוציאָן, און די אַנטי-פעדעראַליסטען, וועלכע האָבען מורא געהאַט, אַז אַ שטאַרקע צענטראַל-רעגיערונג קען ווערען געפעהרליך פאַר די פרייהייטען פון פאָלק און פאַר די

אַטאָנאָמיע פון דיא שטאאטען און וועלכע האָבען דארום געשטימט געגען דיא קאָנסטיטוציאָן.

מען מעג זאָגען, אַז דיזע פּאַרטייען עקזיסטירען אין אונזער רעפּובליק אויף היינט צו טאָג, נאָר זייערע נעמען האָבען זיך מיט דער צייט געענדערט, נעמליך: דיא אַנטי־פעדעראַליסטישע פּאַרטיי איז אומגעוואנדעלט געוואָרען אין דער דעמאָקראַטישער און דיא פעדעראַליסטישע האָט אַ געוויסע צייט געטראָגען דעם נאָמען וויגס (Whigs) און הייסט יעצט דיא רעפּובלי־קאַנישע.

אין 1789 האָבען זיך ביידע דיזע פּאַרטייען פעראייניגט, אום אויסצו־קלייבען דזשאָרדזש וואַשינגטאָן פאַר פּרעזידענט פון דער ניי־געשאַפענער רעפּובליק, וועלכע האָט ערשט דאַן מיט רעכט געקענט טראָגען דעם נאָמען: יונייטעד סטייטס (פעראייניגטע שטאאטען) פון אַמעריקאַ. דיא הויפּט שטאָדט פון דער רעפּובליק איז דאַן געוועזען ניו יאָרק, וואו וואַ־שינגטאָן האָט אויך געשוואָ־רען טרייהייט צו דער קאָנ־סטיטוציאָן. דיעזע שבועה האָט ער אַזוי עהרליך געהאַל־טען, דאָס ביידע פּאַרטייען האָבען איהם ערוועהלט צום צווייטען מאָל אין 1793.


פעדעראַל האָלל אין ניו יאָרק.

ער איז אַזוי געוועזען פּרעזידענט פון דער נייער רעפּובליק 8 יאָהר און האָט אויך מיט זיין געזונטען פערשטאַנד און מיט זיין מעסיגקייט אין דיא פּאָליטישע פראַגען, שוין ניט ריידענדיג פון זיין בעוואוסטע עהרליכקייט און בעוויזענע מיליטערישע פעהיגקייטען, זעהר פיעל געהאָלפען צו פערשטאַרקען און צו בעפעסטיגען אונזער רעפּובליק. ער טראָגט דארום דעם כשר פערדיענטען נאָמען "פאָטער פון דער רעפּובליק", און זיין געבורטס־טאָג (22 פעברואַר) ווערט געפייערט אַלס אַ נאַציאָנאַלער יום טוב פון אַמעריקאַנער פאָלק.

ער פערנעהמט אויך אַ בעזונדערן פּלאַץ אין דער וועלט־געשיכטע אַלס אַ מאַן, וואָס האָט זיך ניט געוואָלט בענוצען מיט זיין גרויסער מאַכט אַלס קאָמאַנדיר פון דער רעוואָלוציאָנערער אַרמעע און אַלס פּרעזידענט, אום צו ווערן קייזער, וויא נאַפּאָלעאָן און אַנדערע האָבען עס געטאָן אין אַזאַ לאַגע.

אַ יאָהר נאָכדעם, וויא וואַשינגטאָן איז געוואָרען פּרעזידענט, האָט מען געמאַכט דיא ערשטע פאָלקסצעהלונג אין אַלע שטאַאטען, און מען האָט אויס־געפונען, אַז דיא נייע רעפּובליק האָט געצעהלט קנאַפּע 4 מיליאָן נפשות. זייט דאַן איז דיא בעפעלקערונג פון יונייטעד סטייטס געוואַקסען מיט אַ וואונדערבאַ־רער שנעלקייט ניט נאָר צוליעב דיא ליבעראַלע איינוואַנדערונגס־געזעצע און דיא גרויסע פרייהייטען און דעמאָקראַטישע פיהרונגען בכלל, זאָנדערן אויך צוליעב דיא ריעזיגע פרוכטבאַרע געגענדען, וואָס מען פלעגט פערטהיילען צווישען איינוואַנדערער. דיא בעפעלקערונג האָט זיך אַלץ ווייטער גערוקט צו וועסט, וואו עס זיינען שנעל געגרינדעט געוואָרען נייע טעריטאָריעס, פון וועלכע עס זיינען אויך שנעל געוואָרען שטאַאטען.



### זעקסטער קאַפּיטעל.

# טהאָמאַס דזשעפּערסאָן און דיא פּערגרעסערונג פון דער רעפּובליק דורך דיא "לואיזענע פּוירטשעס"

דער צווייטער פּרעזידענט פון יונייטעד סטייטס איז געווען דזשאָהן אַדאַמס, וועלכער האָט געשפּיעלט איינע פון דיא גרעסטע ראָלען אין דעם רע־וואָלוציאָנערען קאַמפּף געגען ענגלאַנד און וועלכער האָט פּאָרטגעזעצט וואַשינגטאָן׳ס פּאָליטיק.


דזשאָהן אַדאַמס

צוויי יאָהר נאָכדעם, וויא וואַשינגטאָן האָט אָפּגעטראָטען זיין פּלאַץ צו דזשאָהן אַדאַמס, איז ער געשטאָרבען אויף זיין פאַרם אין מאַונט ווערנאָן, ווירדזשיניא, בעוויינט פון דער גאַנצער נאַציאָן אַלס דער מאַן, וועל־כער איז טאַקע געווען, וויא דאָס פּאָלק האָט וועגען איהם געזאָגט: "דער ערשטער אין קריעג, דער ערשטער אין פריעדען און דער ערשטער אין דיא הערצער פון זיינע מיט־בירגער".

דער דריטער פּרעזידענט איז געווען טהאָמאַס דזשעפּערסאָן, וועלכער האָט געהערט צו דער אַנטי־פעדעראַליסטי־שער פּאַרטיי און וועלכער ווערט אויך גערעכענט פאַר דעם פאָטער פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי. ער איז געווען איינער פון דיא עדעלסטע מענער פון זיין צייט, וועלכע איז בכלל רייך געווען אין גרויסע און ערהאַבענע כאַראַקטערען. מיט זיין פעדער האָט ער אַזוי פיעל אויפגעטהאָן פאַר דיא גרינדונג פון דער רעפּובליק, וויא וואַשינגטאָן מיט זיין שווערד. ער איז אויך געווען צוויי טער־מינען פּרעזידענט (פון 1801 ביז 1809), אַזוי וויא וואַשינגטאָן.

דיא וויכטיגסטע פאַסירונג אונטער זיין פּרעזידענטשאַפט איז געווען דיא זאָגענאַנטע "לואיזענע פּוירטשעז". דאָס הייסט: דיא אָפּקויפונג ביי פראַנקרייך

פון דעם ריזיגען טהייל לאנד אין רעכטען מיטען פון נארד־אמעריקא, וואס האט זיך געצויגען פון דיא מערב־ברעגעס פון מיסיסיפי ביז צו דיא הויכע בערג, וואס טראגען דעם נאמען "ראקי (פעלזען) מאונטינס (בערג)". דיעזע ריזיגע געגענד, וואס איהרע גרענעצען זיינען נאך דאן ניט געוועזען גענוי בעשטימט, האט זיך אלץ גערעכענט אונטער דער אויבער־הערשאפט פון פראנקרייך. נאפאלעאן דער ערשטער, וועלכער האט דאן גע־פיהרט א גרויסע מלחמה מיט ענגלאנד, האט זיך שטארק גענויטיגט אין געלד און האט אויך מורא געהאט, אז ענג־לאנד וועט שיקען א פלאטע און פער־כאפען דיא פראנצויזישע קאלאניע, וועל־כע האט דאן געטראגען דעם נאמען לו־איזענע, און איהר הויפט־שטאדט ניו־ארליענס. דארום האט ער בעשלאסען צו פערקויפען דיעזע קאלאניע צו דער נייער רעפובליק, וועלכע ער האט דערמיט אויך געוואלט פערשטארקען געגען ענגלאנד.


טהאמאס דזשעפערסאן.

דזשעפערסאן האט זיך נאטירליך אנגעכאפט אן אזא אויסגעצייכענטע גע־לעגענהייט צו פערדאפלען מיט איין קלאפ דיא רעפובליק אין לאנד. אין 1803 איז דיעזער היסטארישער מסחר געשלאסען געווארען. דיא יונגע רעפובליק האט דאן געקויפט בלויז פאר 15 מיליאן דאלאר א געגענד, וועלכע איז געוועזען גרע־סער פאר אלע 13 שטאאטען צוזאמען מיט דער נארד־וועסט טעריטאריע ביז דיא מזרח־ברעגען פון מיסיסיפי. דאס האט אויסגעמאכט צו צווי און א האלב סענט פאר אן אקער; אבער ווען מען וואלט בעצאהלט טויזענד מאהל אזוי פיעל, וואלט עס אויך ווערטה געווען פאר אונזער רעפובליק.

דעם ווערטה פון דיעזען גרויסען מסחר איז גאר ניט אפצושאצען, ווייל דורך דעם האט דיא יונגע רעפובליק געקראגען דיא מעגליכקייט ניט נאר צו פערדאפלען איהר טעריטאריע, זאנדערן אויך צו פערשפרייטען זיך פרידליך פון איין ברעג ים ביז צום אנדערן, פון דעם אטלאנטישען אקעאן ביז צום פאסי־פישען, פון ניו יארק ביז סאן פראנציסקא. ווען דיא "לואיזענע טעריטארי" וואלט פערבליבען אין פראנצויזישע הענד, וואלט דער וועסטליכער גרענעץ פון דיא פעראייניגטע שטאאטען געווען דער טייך מיסיסיפי וואס פערנעהמט דעם רעכטען מיטען פון אונזער לאנד. אויף דיעזער טעריטאריע, וועלכע האט פער־נומען א 900 טויזענד סקווער מייל, ליעגען היינט אזעלכע גרויסע און רייכע

אקערבוי־שטאאטען וויא קענסעס, מיזורי, ארקענסאָ, לואיזיענע, אייאָוואַ, נעב־ראַסקא, מינעסאָטאַ,ביידע דאַקאָטאַס און טהיילען פון אַ פּאָאר אנדערע שטאַא־טען. צום 100־יעהריגען יובילעאום פון דיעזער העכסט וויכטיגער פּאַסירונג אין דער געשיכטע פון אונזער רעפּובליק האָט שטאַטגעפונען אין סענט לואי (איינע פון דיא גרעסטע שטעדט אין דער אָפּגעקויפטער געגענד) אַ וועלט־אויסשטעלונג.

דעם נעכסטען יאָהר (1804) האָט פּרעזידענט דזשעפערסאָן ארויסגעשיקט אַן עקספּעדיציאָן אויסצופאָרשען דיא ווייטעסטע נאָרד־וועסטליכע גרענעצען פון דער "לואיזענע טעריטאָרי". דיא "מרגלים" זיינען צוגעקומען אין 1805 צו אַן אָרט פון דיא הויכע פעלזען־בערג, וואָס זיי האָבען אָנגערופען דיא "טויערן פון דיא ראָקי־מאונטינס". פון דאָרט זיינען זיי אַריבער דיזע בערג און זיינען צוגע־קומען צום אָנפאַנג פון אַ טייך, אויף וועלכען זיי זיינען געשוואומען אויף שיפ־לאַך אַלץ ווייטער ביז זיי זיינען צוגעקומען צום פּאַסיפיק אָקעאַן. דיזער טייך טראָגט דעם נאָמען קאָלומביאַ און ציהט זיך דורך אַ גרויסע געגענד, וועלכע ווערט יעצט פערנומען פון דיא גרויסע און פרוכטבאַרע שטאַאטען אָרעגאָן און וואַשינגטאָן. אויף דיזער אַרט האָט אונזער רעפּובליק דערגרייכט ביז צו דיא ברעגען פון פּאַסיפיק אָקעאַן נאָך אין דזשעפערסאָן'ס צייט און האָט דע־ריבער געקראָגען דאָרטען אַ חזקה אויף אַ זעהר גרויסע געגענד, גענאַנט "אָרעגאָן טעריטאָרי" פריהער פאַר ענגלאַנד און אויך פריהער פאַר שפּאַניען, ווייל דיזע מלוכות האָבען אויך געהאַט פּרעטענזיעס אויף איהר.



זיעבעטער קאַפּיטעל.

# דיא מלחמה מיט ענגלאַנד

אַזוי זיינען פאַריבער דיא ערשטע 25 יאָהר פון דער עקזיסטענץ פון דער נייער רעפּובליק. אין דיזער קורצער צייט איז זיא אָבער אַזוי שנעל געוואַקסען אין דער צאָהל פון איהר בעפעלקערונג און אין מאַכט, דאָס זיא האָט זיך ניט אָפּגעשראָקען צו ערקלערען קריעג צו ענגלאַנד, אום צו בעשיצען איהר רעכט אַלס אַן אונאַבהענגיגע מדינה.

דאָס איז געשעהן אין 1812, ווען דער פּרעזידענט איז געווען דזשיימס מעדיסאָן, וועלכער האָט זיך בעזאָנדערס אויסגעצייכענט ביי דער פערפאַסונג פון דער קאָנסטיטוציאָן פון יונייטעד סטייטס. דער אַמעריקאַנער האַנדעל מיט אייראָפּאַ האָט דאַן זעהר פיעל געליטען דורך דיא מלחמה צווישען פראַנקרייך און ענגלאַנד. דיא פלאָטען פוןביידע לענדער פלעגען אָהן צערעמאָניעס פער־האַלטען אַמעריקאַנער שיפען און שלעכט בעהאַנדלען דיא מאַטראָזען. דיא ענגלישע רעגירונג איז געגאַנגען אַזוי ווייט, אַז איהרע שיפס־קאַפּיטאַנען פלעגען זאָגאַר פאַנגען דיא מאַטראָזען פון דיא פערהאַלטענע אַמעריקאַנער שיפען און זיי צווינגען אריינצוטרעטען אין ענגלישען מיליטערישען דיענסט.

דאָס האָט ענדליך אַזוי אויפגעבראַכט דאָס אַמעריקאַנער פאָלק, אַז אין זומער פון 1812 האָט דער קאָנגרעס ערקלערט קריעג געגען ענגלאַנד. דיזע מלחמה, וועלכע ווערט אויך גערופען "דיא צווייטע מלחמה פאַר אונאַבהענגיג־קייט", האָט זיך געצויגען ביז דעם אָנפאַנג פון 1815. דיא אַמעריקאַנער האָבען ווידער בעוויזען, אַז זיי קענען אַזוי גוט פיהרען מלחמה וויא דיא ענגלענדער. אין דיא מייסטע שלאַכטען אויף'ן וואַסער און אין אייניגע אויף דער יבשה האָבען דיא אַמעריקאַנער געזיעגט. נאָר זייער פלאָטע איז געווען זעהר אַ קליינע, און דיא ענגלענדער האָבען דאַרום געקענט בלאָקירען דיא אַמעריקאַנער פּאָרטען און באָמבאַרדירען און פערברענען עטליכע שטעדט. דיא ענגלענדער איז אויך געלונגען צו פערכאַפּען דיא הויפּט שטאָדט וואַשינגטאָן גראַדע אין דער צייט, ווען פּרעזידענט מעדיסאָן האָט זיך געקליבען צו עסען מיטאַג־שפּייז. דער ענגלישער אַדמיראַל מיט זיינע אָפיצירען האָבען זעהר לוסטיג אויפגעגעסען

אלעס, וואס זיי האבען געפונען אין דעם פרעזידענט'ס הויז. נאכהער האבען זיי געהייסען פערברענען דיא געביידע פון קאנגרעס. דיא פלאמען האבען זיך צו־שפרייט אליץ ווייטער און ווייטער, און דיא אמעריקאנער הויפטשטאדט איז אזוי אומגעוואנדעלט געווארען אין א בארג אש.

אין דיזער מלחמה האבען זיך בעזאנדערס אויסגעצייכענט קאפיטאן פעררי מיט א גרויסען זיעג אויף לעיק אירי און גענעראל דזשעקסאן, וועלכער איז שפעטער געווארען פרעזידענט (פון 1829 ביז 1837).

דיא לעצטע שלאכט איז פארגעקומען אין ניו ארליענס א צוויי וואכען נאכדעם, וויא דער פריעדענס־אפמאך איז אונטערגעשריבען געווארען פון דיא ענגלישע און אמעריקאנישע פערטרעטער אין דער בעלגישער שטאדט גהענט (דעם 24 דעצעמבער 1814). אין יענער צייט האט עס גענומען א מאנאט און זאגאר 6 וואכען אריבערצופאהרען דעם אטלאנטישען אקעאן, און דארום האט מען נאך אין אמעריקא ניט געוואוסט וועגען דעם פריעדען, וואס איז געשלאסען געווארען אין איירא פא צו דער צייט (8טען יאנואר 1815), ווען אן ענגלישע אר־מעע פון 10 טויזענד מאן האט אטאקירט ניו ארליענס אום ענגלישע קריעגשיפען זאלען קענען אריינקומען אין דעם טייך מיסיסיפי און דארטען באמבארדירען אמעריקאנער שטעדט. נאר גענעראל דזשעקסאן האט אזוי גוט פערטהיידיגט דעם פארט פון ניו־ארליענס, אז אין איין שטונדע האבען דיא ענגלענדער פער־לארען אזוי פיעל סאלדאטען, דאס זיי האבען גלייך בעשלאסען זיך צוריק צו ציהען.

דער וויכטיגסטער רעזולטאט פון דיזער מלחמה איז געווען, דאס ניט נאר ענגלאנד, זאנדערן אויך אנדערע אייראפעאישע מלוכות האבען זיך איבערצייגט, אז דיא יונגע רעפובליק איז אויך א מיליטערישע מאכט, מיט וועלכער מען מוז זיך רעכענען, וויא מיט א נייער וועלטמאכט.

אין דיזער מלחמה מיט ענגלאנד האט זיך ארויסגעוויזען אן אונטערשיעד צווישען דיא נארדליכע און זידליכע שטאאטען — אן אונטערשיעד, וועלכער האט ביסלעכוויז געפיהרט צו דעם גרויסען בירגער־קריעג אין דיא זעכציגער יאהרען פון 19טען יאהרהונדערט, ווען דיא נעגער־שקלאווערייא איז אין גאנצען אפגעשאפט געווארען אין דיא יונייטעד סטייטס. ניו־ענגלאנד און איבערהויפט דיא נארדליכע שטאאטען זיינען אייגענטליך געווען געגען דיא מלחמה מיט ענגלאנד, ווייל זייער האנדעל האט דורך דעם זעהר שטארק געליטען. זיי האבען אויך געוואלט לעבען בשלום מיט זייערע שכנים אין קענעדע, וועלכע זיינען געבליבען טריי צו ענגלאנד. דיא זידליכע שטאאטען זיינען גראדע געווען זעהר היים פאר דער מלחמה מיט ענגלאנד. בכלל זיינען דיא בעציהונגען פון דיא נארד־ליכע און זידליכע שטאאטען אלץ פיינדליכער געווארען צוליעב דיא שווארצע שקלאווערייא, וויא מיר וועלען עס זעהען אין נעכסטען קאפיטעל.

## אַכטער קאַפּיטעל.

# דיא נעגער־שקלאַווערייע און מיזורי־קאָמפּראָמיס

דער אָנפאַנג פון נעגער־שקלאַווערייע אין נאָרד־אַמעריקאַ איז געמאַכט געוואָרען אין ווירדזשיניאַ אין 1619 בשעת דיזע קאָלאָניע האָט זיך גענומען צו פערזייהען טאַבאַק, וואָס עס האָט איהר געשטעלט עקאָנאָמיש אויף דיא פיס און ערלויבט צו ענטוויקלען זיך ווייטער. וויא בעוואוסט, האָט מען צוערשט אָנגעפאַנגען צו פיהרען נעגערן אין דיא שפּאַנישע קאָלאָניעס, ווייל פון איין זייט האָבען דיא איינגעבאָרענע רויטהויטיגע, דיא זאָ־גענאַנטע אינדיאַנער, ניט געטויגט צו שווערע און בכלל ניט צו רעגעלמעסיגע טאָג־טעגליכע אַרבייט און ווייל פון דער אַנדער זייט האָבען דיא ווייסע נאָר געוואָלט זיין הערען און שנעל רייך ווערען. ביסלעכווייז זיינען נעגער־שקלאַווען אימפּאָרטירט געוואָרען אין אַלע קאָלאָניעס אין דער נייער וועלט, ספּעציעל אין דיא זידליכע שטאַאטען, וואו זיי האָבען זעהר גוט געטויגט צו אַקערבוי אונטער דער ברענענדער זון.

צו דער צייט ווען דיא נאָרד־אַמעריקאַנער קאָלאָניעס האָבען ערקלערט אין זייער "דעקלאַריישען אָוו אינדעפּענדענס", אַז אַלע מענשען זיינען גלייך און פריי, האָבען זיי שוין בעזעסען מאַסען שוואַרצע שקלאַווען. דיא נעגערן האָט מען כמעט גאָר ניט גערעכענט פאַר מענשען, בעזאָנדערס אין דיא געגענדען, וואו מען האָט געצויגען דעם גרעסטען נוצען פון זייערע עבודת פרך. דיא גרעסטע און בעסטע מענער פון דער נייער רעפּובליק, אַפילו דזשעפערסאָן און וואַשינגטאָן, זיינען אויך געווען שקלאַווען־האַלטערס.

ווען מען האָט פערפאַסט דיא קאָנסטיטוציאָן פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען, איז איינער פון דיא שווערסטע און אויך געפעהרליכסטע שטרייט־פּונקטען געווען וועגען דעם, אויב מען זאָל אַריינרעכענען דיא נעגערן אין דער צאָהל פון דער בעפעלקערונג פון יעדען שטאַאט. דיא זידליכע שטאַאטען וואו דיא שוואַרצע זיינען אַליין געוואַקסען אין צאָהל, ווייל אָהן זיי וואָלט מען ניט געקענט בעאַרבייטען דיא פּלאַנטאַציעס פון טאַבאַק, בוימוואָל און רייז, האָבען נאַטירליך געוואָלט, מען זאָל אַריינרעכענען דיא נעגערן אין דער צאָהל פון דיא איינוואָה־

נער פון אַ שטאַאט, אום ער זאָל קענען האָבען מעהר פערטרעטער אין דער האַוז אָוו רעפּרעזענטייטיווס, נעמליך: פּראָפּאָרציאָנעל צו דער טאָטאַלער בעפעלקערונג. דיא נאָרדליכע שטאַאטען האָבען אָבער פערלאַנגט, אַז מען זאָל שיקען פערטרעטער אין קאָנגרעס בלויז נאָך דיא צאָהלען פון ווייסע איינוואָהנער. נאָך לאַנגע און הייסע דעבאַטען איז מען שליסליך אויך אין דיזען פאַל געקומען צום קאָמפּראָמיס (פּשרה), אַז נאָר דריי פינפטעל פון דיא נעגער־שקלאַווען זאָל גערעכענט ווערען אין בעצוג אויף שיקען פערטרעטער אין קאָנגרעס און אויך שטייער־צאָהלונגען.

דערפון קען מען זעהן, אַז דיא פראַגע וועגען נעגער־שקלאַווערײַ איז שוין פון אָנפאַנג אָן געווען וויא אַ דאָרן אין דער זייט פון דער נייער רעפּובליק. וואָס ווייטער איז דיזע צרה אַלץ ערגער געוואָרען. דיא שוואַרצע מכה אויף דעם געזונטען קערפּער פון אַמעריקאַנער פאָלק איז אַזוי שנעל און ברייט געוואַקסען, אַז זיא האָט פריהער אָדער שפּעטער געמוזט פּלאַצען. נאָר לײַדער איז דאָס ניט אָבגעלאָפען אָהן שרעקליכע בלוט־פערגיסונגען נאָך ריזיגע שלאַכטען, וויא מיר וועלען עס זעהען.

אין דיא נאָרדליכע שטאַאטען האָבען זיך שטענדיג געפונען בירגער, וועלכע פלעגען אַלץ העפטיגער פּראָטעסטירען געגען דיא נעגער־שקלאַווערײַ און האָבען אַלץ ענערגישער געשטרעבט איהר אָבצושאַפען. אין 1808, אונטער דער פּרעזידענטשאַפט פון טהאָמאַס דזשעפערסאָן, וועמעס עדעלע האַרץ האָט געבלוטעט, וואָס דיא שקלאַווערײַ פון נעגערן איז אַזוי איינגעוואָרצעלט געוואָרען אין ווירדזשיניאַ (זיין געבורטס־שטאַאט) און אין אַנדערע זידליכע שטאַאטען, האָבען דיא נאָרדליכע געגנער פון שקלאַווערײַ דורכגעפיהרט אַ געזעץ אין קאָנגרעס, אַז מען זאָל וועניגסטענס מעהר ניט ברײַנגען נייע שקלאַווען פון אַפריקא. מען דערצעהלט וועגען איהם, אַז ער פלעגט זאָגען, דאָס "דיא שוואַרצע שקלאַווערײַ שרעקט מיך וויא אַ פײַערגלאָק בײַ נאַכט". ער האָט געזוכט אויסצומיידען דיסקוסיאָנען איבער דיזער מכה, ווייל ער האָט געזעהען, אַז דאָס מוז פיהרען צו גרויסע שפּאַלטונגען און אַ ביטערן קאַמפּף צווישען דיא נאָך אַלץ שוואַך־פערבונדענע שטאַאטען, בעזאָנדערס טאַקע צווישען דיא נאָרדליכע און זידליכע.

ווען דזשיימס מאָנראָו איז נאָך דער מלחמה מיט ענגלאַנד געוואָרען פּרעזידענט (פון 1817 ביז 1825), האָט אויסגעבראָכען אַ פײַערדיגער שטרייט אין קאָנגרעס און אין גאַנצען לאַנד וועגען דעם, אויב מען זאָל ערלויבען איינצופיהרען נעגער־שקלאַווערײַ אין דיא נייע שטאַאטען, וואָס זיינען אויפגעקומען אויף דער מערב־זייט פון מיסיסיפּי (דאָס הייסט אין דער "לואיזענע טעריטאָריע" וואָס מען האָט אָבגעקויפט בײַ פראַנקרייך). דיא נאָרדליכע שטאַאטען זיינען געווען געגען דיא ווייטערע פערשפּרייטונגען פון שקלאַווערײַ ניט נור אויס

געפיהלען פון מענשליכקייט, זאָנדערן אויך ווייל זיי האָבען מורא געהאַט, אַז דיא זידליכע שטאַאטען וועלען דורך דעם קריגען אַ מאַיאָריטעט אין קאָנגרעס.

אין דער זעלבער צייט האָט זיך געהאַנדעלט וועגען אַן אַנדער גרויסע אור־זאַכע פון שטענדיגע רייסערייען צווישען פערשיעדענע, ספּעציעל צווישען אינדוסט־ריעלע און אַגריקולטורעלע (אַקערבויערשע) שטאַאטען. אַלץ העפטיגער איז אויך אויפ־געשוואומען דיא שטרייט־פראַגע וועגען "פריי־טרעיד" (פריי־האַנדעל) און "פּראָטעקשען" (שוץ־צאָל אָדער טאַריף אויף אויס־לענדישע סחורות) — אַ פראַגע, וועלכע איז נאָך עד היום דער וויכטיגסטער אונטערשיעד צווישען דיא צוויי גרויסע לאַנד־פּאַרטייען: דיא דעמאָקראַטישע און דיא רעפּובליקאַנישע.


דזשיימס מאַנראָו.

אין מאַסאַטשוזעטס און אין אַנדערע ניו־ענגלאַנד שטאַאטען האָט מען שוין צו יענער צייט געהאַט איינגעפיהרט פיעלע פאַב־ריקען, און דיא דאָרטיגע בירגער האָבען געוואָלט, אַז דער קאָנגרעס זאָל אַרויפ־לייגען וואָס העכערע אַבצאָהלונגען אויף אויסלענדישע אַרטיקלען, אום צו בע־שיצען דיא ניי־געשאַפענע היימישע אינדוסטריען געגען אויסלענדישע קאָנקורענץ. דיא זידליכע שטאַאטען אָבער, וואָס האָבען זיך נור בעשעפטיגט מיט אַקערבוי און געמוזט אימפּאָרטירען אַלע פאַבריק־סחורות, זיינען נאַטירליך געווען געגען אַזעלכע אָבצאָהלונגען. אַזוי איז עס געוויסער־מאַסען פערבליבען ביז היינט צו טאָג: דיא אינדוסטריעלע שטאַאטען, מייסטענס דיא נאָרדליכע, זיינען פאַר זעהר הויכע פּראָטעקטיוו טאַריפען און שטימען דארום מייסטענס פאַר דיא רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי, און דיא לאַנד־ווירטהשאַפטליכע שטאַאטען, מייסטענס דיא זידליכע, זיינען געגען אַזעלכע טאַריפען און שטימען דארום מייסטענס פאַר דיא דעמאָקראַטישע פּאַרטיי.

צו דער צייט, ווען דיא פרוכטבאַרע געגענדען אויף דער מערב־זייט פון מיסיסיפּי זיינען פערנומען געוואָרען פון אַלץ גרעסערע צאָהלען קאָלאָניסטען, איז דיא פראַגע וועגען נעגער־שקלאַווערייַ געוועזען ענג פערבונדען מיט דער פראַגע וועגען פּראָטעקציאָניזם און פרייען האַנדעל. דיא בירגער פון דיא אינדוסט־ריעלע נאָרד־שטאַאטען האָבען בעזאָנדערס מורא געהאַט, דאָס ווען מען וועט ער־לויבען איינצופיהרען דיא נעגער־שקלאַווערייַ אין דיא ניי־געשאַפענע שטאַאטען, וועלען דיא זידליכע שטאַאטען קריגען דורך דעם אַזאַ מאַיאָריטעט אין קאָנגרעס, אַז זיי וועלען אויך קענען דורכפיהרען געזעצע צו גונסטען פון פרייען האַנדעל.




דיא טהיילען מיט פינטעלעך אין מיטען פון דיעזער לאנדקארטע פון יונייטעד סטייטס אין 1820 צייגען דיא געגענדען פון דעם "מיזורי קאמפראמיס".

דיא זידליכע שטאַאטען האָבען, פערקעהרט, מורא געהאַט, דאָס וויא באַלד דיא נעגער־שקלאַווערייי וועט ניט אָנגעהאַלטען ווערען אין דיא נייע שטאַאטען, וועלען זייערע געגנער פון נאָרד קריגען דיא אויבערמאַכט און זיי דאַרום אויך צווינגען צו צאָהלען העכערע פרייזען צוליעב דיא פּראָטעקטיווע טאַריפען אויף אימפּאָרטירטע אַרטיקלען.

עס איז זעהר וויכטיג צו נעהמען אין אַנבעטראַכט דיזען עקאָנאָמישען פונקט, אום צו פערשטעהן, וויא און וואַרום דער קאַמפף וועגען דיא נעגער־שקלאַווערייי איז געוואָרען אַזאַ פייערדיגער, אַז ער האָט געפיהרט און געמוזט פיהרען צו אַ מורא'דיגען בירגער קריעג, וואָס האָט געסטראַשעט צו צושפּאַלטען דיא פעראייניגטע שטאַאטען וויינינגסטענס אין צוויי בעזונדערע רעפובליקען.

אין 1819, ווען פּרעזידענט מאָנראָו האָט געמאַכט א פיינעם מסחר מיט שפּאַניען, אָבקויפענדיג ביי איהר דעם האַלב אינזעל פלאָרידאַ, אַ טעריטאָריע פון אונגעפעהר 60 טויזענד סקווער מייל, פאַר 5 מיליאָן דאָלאַר, איז עס גראַדע אויסגעקומען, אַז דיא צאָהלען פון דיא פרייע און שקלאַווערייי סטייטס זיינען געוועזען גלייכע, נעמליך א העלפט פון דיא עקזיסטירענדע 22 סטייטס. יעדער צד האָט דאַרום בעזאָנדערס אייפערזיכטיג אויפגעפּאַסט, אַז דיזער פּאָליטישער גלייכגעוויכט זאָל ניט צושטערט ווערען דורך א צו־וואקס אויף דער אנדער וואָגשאָל.

אויף אַ צייט האָט מען דיזע געפעהרליכע מכה פערדעקט מיט אַ פּלאַסטער, וואָס טראָגט דעם נאָמען "מיזורי קאָמפּראָמיס". אין 1820, ווען אַ געוויסער טהייל פון דער גרויסער טעריטאָריע, וועלכע מען האָט דאַן גערופען "מיזורי" (דאָס איז געוועזען דער נאָרד וועסטליכער טהייל פון דער "לואיזענע טעריטאָריע", זעה ביילינגענדע קאַרטע), איז געוואָרען אַזוי בעפעלקערט, אַז ער האָט געקראָגען אַ רעכט צו ווערען א שטאַאט, האָט מען ענדליך נאָך א רייסערייי אין קאָנגרעס צווישען דיא פערטרעטער פון נאָרד און סאַוטה (דרום), וועלכע האָט זיך געצויגען צוויי יאָהר, זיך געאייניגט אויף דעם פּשרה־פּאָרשלאַג, דאָס אין דעם נייען שטאַאט, וועלכער האָט טאַקע געקראָגען דעם נאָמען מיזורי, זאָל שקלאַווערייי ערלויבט ווערען, נאָר דערפאַר זאָלען דיא צוקינפטיגע שטאַאטען צום נאָרד־וועסט פון דיזען סטייט ניט טאָרען האַלטען שקלאַווען. דאַן זיינען אויך דיא פרייע שטאַאטען (דאָס הייסט: אָהן נעגער־שקלאַווערייי) און דיא שקלאַווערייי־שטאַאטען געבליבען גלייך אין צאָהל, נעמליך: צו צוועלף. פאָלגליך האָבען זיי געהאַט אַ גלייכע דעה אין סענאַט, אין וועלכען יעדער שטאַאט ווערט פערטראָטען פון צוויי מיטגליעדער, וויא מיר ווייסען עס שוין.ביידע זייטען האָבען זיך דאַרום בערוהיגט נאָך דעם דאָזיגען קאָמפּראָמיס, און קורצזיכטיגע מענשען האָבען אָנגעפאַנגען צו גלויבען און צו רעכענען, אַז דיא שקלאַווערייי־פראַגע איז שוין געלייזט געוואָרען אויף אימער.

## ניינטער קאפיטעל.

# דיא מאנראו־דאקטרין און דיא מלחמה מיט מעקסיקא

ווען מאנראו איז געווען פרעזידענט, איז פארגעקומען נאך א פאסירונג, וועלכע האט געהאט אן אונגעהייער גרויסע ווירקונג אויף דעם שיקזאל פון דיא פעראייניגטע שטאאטען. דיזע פאסירונג איז בעקאנט אין דער גאנצער וועלט אונטער דעם נאמען: "מאנראו דאקטרין".

דיא שפאנישע קאלאניעס האבען אין אנפאנג פון 19־טען יאהרהונדערט אנגעפאנגען צו מאכען אויפשטאנדען, אום צו ווערען אונאבהענגיגע רעפובליקען. מעקסיקא, ווענעצועלא, פערו א. ז. וו. האבען אראפגעווארפען פון זיך דעם שפאנישען יאך. דיא אייראפעאישע מלכים האבען דאן גערעכענט זיך צו בענוצען דערמיט, אום צו קענען בעהערשען דיזע שוואכע רעפובליקען און יעדענפאלס צו פערכאפען שטיקער לאנד אין צענטראל און זיד־אמעריקא. מאנכע וואלטען עס געטהאן מיט דער אויסריידע, אז זיי געהען העלפען דעם שפאנישען קעניג צו אונטערדריקען דיא אויפשטאנדען אין דיא שפאנישע קאלאניעס. עס פערשטעהט זיך, אז דיא בירגער פון דיא פעראייניגטע שטאאטען האבען סימפאטיזירט מיט דיא רעוואלוציאנערען אין דיא שפאנישע קאלאניעס און אז זיי האבען בכלל געוואונשען צו האבען נאר רעפובליקען אין דער נייער וועלט. אויסער דעם האבען זיי טאקע מורא געהאט פאר א צו נאהענטע שכנות מיט דיא אייראפעאישע מאנארכיעס. דארום איז עס פרעזידענט מאנראו ארויס אין 1823 מיט זיין בעריהמטער ערקלערונג, וועלכע לויטעט:

"מיר וועלען בעטראכטען יעדען פערזוך פון דיא אייראפעאישע מעכטע צו פערשפרייטען זייער סיסטעם אויף אירגענד וועלכען טהייל פון דער נייער וועלט אלס געפעהרליך פאר אונזער פריעדען און זיכערהייט און אלס אן אקט פון אונפריינדליכקייט צו דיא פעראייניגטע שטאאטען."

מיט אנדערע ווערטער האט עס געהייסען, אז "אמעריקא דארף געהערען צו איהרע איינוואהנער" און אז דיא פעראייניגטע שטאאטען וועלען ניט דערלאזען דיא אריינמישונג פון אייראפעאישע מעכטע אין דיא אינערליכע אנגעלעגענהייטען פון דיא נאציאנען אין דער נייער וועלט. דערביי האט מאנראו אויך

ערקלערט, דאס דיא פעראייניגטע שטאאטען זיינען ענטשלאסען ניט אריינצומישען זיך אין אייראפעאישע אנגעלעגענהייטען. דיזע ערקלערונג איז עס דיא "מאנראו־דאקטרין". זיא איז פערבליבען דער גרונד־שטיין פון דער אויסלענדישער פאליטיק פון אונזער רעפובליק. א דאנק דיזער זעהר קלוגער אויסלענדישער פאליטיק האט עס אונזער רעפובליק געקענט וואקסען און זיך ענטוויקלען פריעדליך, אהן דיפלאמאטישע פערדרייהעניסען מיט אייראפא און אהן פורכט פאר מלחמות.

דיא אמעריקאנער נאציאן, זייענדיג געזיכערט דורך איהר געאגראפישע לאגע, ווייטקייט פון אייראפא און דיא "מאנראו־דאקטרין" געגען אויסלענדישע אטאקעס און האבענדיג דיא מעגליכקייט צו פערשפרייטען זיך אלץ ווייטער איבער דיא אונגעהייערע גרויסע געגענדען צו מערב־זייט ביז צו דיא ברעגעס פון פאסיפישען אקעאן, איז זעהר שנעל געוואקסען אי דורך דיא נאטירליכע פערמעהרונג אונטער גינסטיגע אומשטענדען, אי דורך דיא אלץ שטייגענדע אימיגראציאן. דיא ערפינדונגען פון דאמפף־מאשינען און אייזענבאהנען האבען מעכטיג מיטגעהאלפען אריינצודרינגען אין דיא נייע געגענדען, און נייע דערפער און שטעדט זיינען געוואקסען מיט א וואונדערבארע שנעלקייט אויף דער ברייט און לייננ פון אונזער ריעזיגער רעפובליק. אין 1825 איז געענדיגט געווארען דער אירי־קאנאל, וועלכער פערבינדעט דעם האדסאן טייך מיט דער לעיק אירי לעבען דער שטאדט באפלא און וועלכער האט עס בעזאנדערס בייגעטראגען, אז דיא שטאדט ניו יארק זאל ווערען דער גרעסטער פארט אין אמעריקא.

אלעס וואלט צוגעגאנגען אויף דעם בעסטען אופן אין אלע סטייטס און דאס לאנד וואלט פראגרעסירט פריעדליך, יעדענפאלס אהן שום שרעק פאר א בירגער־קריעג און שפאלטונגען, ווען ניט דיא שטענדיגע מכה — דיא נעגערשקלאווערייי — וועלכע איז אלץ געוואקסען.

מען האט אייגענטליך קיין אלגעמיינע לאנד־פראגע ניט געקענט פערהאנדלען אהן דעם, אז דערביי זאל ניט אריינגעמישט ווערען, דירעקט אדער אינדירעקט, דיא פערשאלטענע נעגער־פראגע. דאס איז אזוי ווייט געגאנגען, אז אין 1845, ווען דיא ניי־געשאפענע רעפובליק פון טעקסעס האט געבעטען איינגעשלאסען צו ווערען אין דיא פעראייניגטע שטאאטען, איז דיא אנטי־שקלאווערייי אדער אבאליציאניסטישע פארטיי געוועזען ענטשיעדען דאגעגען.

דיא ריזיגע געגענד צום זיד־וועסט פון דער "לואיזיענע טעריטאריע" האט אפיציעל געהערט צו שפאניען. א טהייל דערפון איז געוועזען דער היינטיגער סטייט טעקסעס, דער גרעסטער פון אלע אונזערע 48 סטייטס אין שטח. אין דער צייט, ווען פרעזידענט מאנראו האט געמאכט דעם מסחר מיט שפאניען מכח פלארידא, וויא דאס איז אויבען איבערגעגעבען געווארען, האט מען אויך אבגעמאכט, אז שפאניען זאל זיך אבזאגען פון איהרע פרעטענזיעס אויף דיא

"אָרגאַן טעריטאָריע" און אַז דערפאַר זאָל אונזער רעפּובליק אַנערקענען דיא חזקה אָדער אויבער־הערשאַפט פון שפּאַניען אויף דער ריזיגער טעריטאָריע וועלכע מען האָט דאַן גערופען טעקסעס (זעה דיא לאַנד קארטע אויף זייט 60).

נאַכהער, ווען מעקסיקאָ האָט געוואונען איהר אונאַבהענגיגקייט נאָך אַ לאַנגען רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף געגען שפּאַניען, זיינען טעקסעס און בכלל דיא גאַנצע ריזיגע געגענד צווישען דיא "לואיזענע טעריטאָריע" אין מזרח־זייט און דעם פּאַסיפישען אָקעאַן אין מערב־זייט איבערגעגאַנגען, זאָ צו זאָגען, בירושה פון דער שפּאַנישער מלוכה צו דער מעקסיקאַנער רעפּובליק. ביסלעכווייז האָבען זיך אָבער אמעריקאַנער קאָלאָניסטען גענומען בעזעצען אין טעקסעס; נור דיא מעקסיקאַנער גובערנאַטאָרס זיינען גאָר ניט צופריעדען געווען מיט דיזע קאָלאָניסטען, וועלכע האָבען פון זייער זייט געזוכט גאָר אין גאַנצען פּטור צו ווערען פון דער מעקסיקאַנער אויבער־הערשאַפט.

אין 1830, ווען גענעראַל בוסאַמענטע איז געוואָרען דער דיקטאַטאָר פון מעקסיקאָ, האָבען זיך געפונען ביז 20 טויזענד אַמעריקאַנער אין טעקסעס. דיזער דיקטאַטאָר האָט גאָר אין גאַנצען פערבאָטען אמעריקאַנער בירגער צו בעזעצען זיך אין טעקסעס. זיי האָבען אָבער דערפאַר בעשלאָסען צו גרינדען אַ בעזונ־דערן שטאַאט. דער סוף פון דיא רייסערייען און צוזאַמענשטויסען צווישען דיא מעקסיקאַנער און אַמעריקאַנער אין טעקסעס איז געווען, דאָס דיא אַמעריקאַנער האָבען זיך אין 1836 ערקלערט אונאַבהענגיג פון מעקסיקאָ. זייער הויפּט־קאָ־מאַנדיר, גענעראַל סעמועל האוסטאָן, איז דאַן ערוועהלט געוואָרען פאַר פּרע־זידענט.


סעמיועל האוסטאָן.

אַזוי איז דאַן געשאַפען געוואָרען אַ נייע רע־פּובליק אין דער נייער וועלט — דיא טעקסעסער רעפּובליק. אָבער ניט לאַנג האָט געדויערט איהר אונאַבהענגיגקייט. פון איין זייט האָבען דיא אַמעריקאַנער קאָלאָניסטען דאָרטען זיך גאָר ניט געיאָגט דוקא צו האָבען אַ זעלבסטשטענדיגע רע־פּובליק, און פון דער אַנדער זייט האָבען דיא זיד־ליכע סטייטס זעהר שטאַרק געוואָלט, אַז טעקסעס זאָל ווערען אַ טהייל פון יונייטעד סטייטס, אום אַזוי צו געווינען מעהר סטייטס און שטימען פאַר דיא שווארצע שקלאַווערייַ.

צוערשט האָט דער קאָנגרעס אַנערקענט דיא אונאַבהענגיגקייט פון דער טעקסעס רעפּובליק; אָבער ווען עס איז אריינגעבראַכט געוואָרען אַ פאָרשלאַג אריינצונעהמען דיזע רעפּובליק אַלס אַ סטייט, זיינען דיא פערטרעטער פון דיא נאָרדליכע סטייטס גאַנץ ענטשיעדען ארויסגעטראָטען

דאַנגען. דיא אורזאַכע דערפון איז פּשוט געווען, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט, אַז דורך דעם וועלען שטאַרקער ווערען דיא זידליכע סטייטס מיט זייער שקלאַ־ווערײַ. שליסליך האָבען דיא זידליכע סטייטס געזיעגט אין דיזען פאַל, און אונזער רעפּובליק איז אַזוי ווידער רייכער געוואָרען מיט אַ ריזיגער טעריטאָריע.

דאָס איז געווען דיא דריטע טעריטאָריאַלע פערגרעסערונג פון דיא פער־איינינגטע שטאַאַטען (דורך דיא פעראייניגונג מיט טעקסעס האָט מען שליסליך צוגעקראָגען אַ געגענד פינף מאָל אַזוי גרויס וויא ענגלאַנד). אָבער דיזעס מאָל איז עס ניט אָבגעלאָפען פריעדליך. דיא מעקסיקאַנער רעפּובליק איז נאַטירליך גאָר ניט צופריעדען געווען מיט אַזאַ ענדע פון איהר לאַנגען שטרייט מיט טעקסעס. זיא האָט גאָר ניט געוואָלט אַנערקענען דיא אונאַבהענגיגקייט פון טעקסעס, זיא האָט פּראָטעסטירט, ווען דער קאָנגרעס האָט ענדע 1845 אָפיציעל אַנערקענט טעקסעס פאַר אַ סטייט. דערצו נאָך איז עס געקומען צו אַ שטרייט וועגען דיא גרענעץ־ליניע צווישען טעקסעס און מעקסיקאָ.

דיזע רייסערייען האָבען שליסליך געפיהרט און געמוזט פיהרען צו אַ בלוט־טיגען צוזאַמענשטויס אויף'ן גרענעץ און דאָס האָט ווידער געמוזט פיהרען צו אַ מלחמה.

דעם 13טען מאַי 1846 האָט דער קאָנגרעס אָפיציעל ערקלערט מלחמה צו מעקסיקאָ. אַזוי וויא אונזער רעפּובליק איז געווען פיעל שטאַרקער פאַר מעק־סיקאָ, דאַרום זיינען דיא מעקסיקאַנער שנעל בעזיעגט געוואָרען אויף אַלע פּונק־טען. אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל סקאָט האָט זיך אַן אַמעריקאַנער אַרמעע אריינגעריסען אין רעכטען מיטען פון מעקסיקאָ און האָט נאָך אַ רייהע פון זיעגרייכע שלאַכטען איינגענומען דעם וויכטיגען פּאָרט ווערא־קרוז (אין 1847) און מיט אונגעפעהר אַ האַלב יאָהר שפּעטער אויך דיא הויפּט־שטאָדט מעקסיקאָ. דאַן האָט שוין דיא מעקסיקאַנער רעגיערונג ניט נאָר געמוזט בעטען פריעדען, זאָנדערן אויך צושטימען, אַז אויך קאַליפאָרניאַ און ניו־מעקסיקאָ זאָלען געהערען צו יונייטעד סטייטס. נאָך דעם פריעדענס־אָפּמאַך מיט מעקסיקאָ אין 1848 זיינען עס פעסטגעשטעלט געוואָרען דיא זידליכע גרענעצען פון יונייטעד סטייטס כמעט אַזוי וויא זיי זיינען היינט. אונזער רעפּובליק איז גרעסער געוואָרען נאָך דיזער מלחמה מיט אַ מיליאָן סקווער מיילען.

אונגעפעהר אין דער זעלבער צייט איז אויך געשליכטעט געוואָרען דער שטרייט מיט ענגלאַנד וועגען דיא שוין דערמאָנטע "אָרעגאָן טעריטאָריע". זייט שפּאַניען האָט זיך ענטזאַגט פון איהרע פּרעטענזיעס אויף דיזע טעריטאָריע, זיינען אויף'ן פעלד דאָרטען געבליבען ענגלאַנד און יונייטעד סטייטס. אייניגע אַמעריקאַנער האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן אהין אין 1843 צו גרינדען אַ נייעם שטאַאַט, אָבער דיא ענגלענדער פון קענעדע האָבען אויך ניט געדרעמעלט. אין

1846, אונטער דער פרעזידענטשאַפט פון פּאָלק, איז דיא אויפרעגונג אין אונזער רעפּובליק, בעזאָנדערס אין דיא נאָרדליכע סטייטס, געוועזען אַזוי גרויס וועגען דיזען סכסוך, אַז עס האָט ניט פיעל געפעהלט עס זאָל טאַקע קומען צו אַ נייער מלחמה מיט ענגלאַנד. אָבער שליסליך זיינען ביידע צדדים געקומען צו אַ פשרה.

דיזע זעהר גרויסע טעריטאָריע איז צוטהיילט געוואָרען אַזוי, אַז דיא נאָרדליכע העלפט איז איבערגעגאַנגען צו ענגלאַנד (מען רופט עס זייט דאַן בריטיש קאָלומביאַ) און דיא זידליכע העלפט, אונגעפעהר 300 טויזענד סקווער מיילען, איז געוואָרען אַ טהייל פון יונייטעד סטייטס און ווערט היינט פערנומען פון דיא שטאַאטען אָרעגאָן, וואַשינגטאָן און איידעהאָ און טהיילווייז פון דיא שטאַאטען מאָנטאַנאַ און ווייאָמינג.

אזוי האָט זיך עס אין מיטען פון פאָריגען יאהרהונדערט אונזער רעפּובליק צושפּרייט פון דיא אַטלאַנטישע ברעגען ביז צו דיא פּאַסיפישע אויף אַ שטח פון כמעט דריי מיליאָן סקווער מיילען. אונזער רעפּובליק האָט אין 1800 פערנומען 827,844 סקווער מיילען און מיט 50 יאהר שפּעטער, נאָך דיא אָבקויפונגען ביי פראַנקרייך און שפּאַניען, נאָך דעם אָבמאַך מיט ענגלאַנד וועגען אָרעגאָן און נאָך דער מלחמה מיט מעקסיקאָ, האָט זיא זיך צושפּרייט איבער 2,980,959 סקווער מיילען.

אַז מיר האַלטען שוין ביי דער טעריטאָריאַלער פערגרעסערונג פון אונזער רעפּובליק, וועלען מיר פערלויפען אַביסעל פאָרויס אין דער געשיכטע און וועלען דאָ איבערגעבען, אַז אין 1867 איז זיא גרעסער געוואָרען מיט נאָך אַ ריזיגער שטיק לאַנד. אין יענעם יאָהר האָט אונזער רעגירונג געמאַכט אַ גרויסאַרטיגען מסחר מיט רוסלאַנד. דיא טעריטאָריע אַלאַסקאַ, וואָס פערנעהמט 591 טויזענד סקווער מיילען, איז אָבגעקויפט געוואָרען ביי דער רוסישער רעגירונג סך הכל פאַר 7 מיליאָן דאָלאַר. דער סטייט־סעקרעטערי (מיניסטער פון אויסלענדישע אַנגעלעגענהייטען) סוארד האָט דאַן בעזאָנדערס געווירקט אין קאָנגרעס, אַז מען דאַרף מאַכען דיזען מסחר, אום צו פערגרעסערען דיא מאַכט פון אונזער רעפּובליק אויף דעם פּאַסיפישען אָקעאַן. פיעלע קאָנגרעסמען האָבען דאַן גערעכענט, אַז עס איז אַן עבירה אויסצוגעבען אַזוי פיעל געלד אויף אַ שטיק וויסטע לאַנד, וואָס זיי האָבען גערופען "דער אייז־קאַסטען פון יונייטעד סטייטס".

אויסגעלאָזען האָט עס זיך אָבער, וויא יעדער איינער וויים עס היינט, אַז אין דעם דאָזיגען "אייז־קאַסטען" געפינען זיך טאַקע "קלאָנדייקס" — ניט נאָר פון גאָלד, זאָנדערן אויך פון שטיין קוילען, פון קופּער און פון אַנדערע מעטאַלען, שוין ניט רעכענענדיג דיא אונגעהייערע פישערייען, וועלדער און אפילו פעלדער פאַר אַקערבוי.

דיא ערווערבונג פון אַלאַסקאַ איז געוועזען דיא זעקסטע עקספּענשען (פער־

שפרייטונג) פון יונייטעד סטייטס. דער שטח פון אונזער רעפובליק האָט דאַן דערגרייכט 3,616,484 סקווער מייל'ען, וואָס דאָס איז אונגעפעהר אזוי גרויס וויא גאַנץ אייראָפּאַ.

נאָר לאָמיר זיך אומקעהרען צום אינערליכען קאַמפף וועגען דיא שווארצע שקלאַווערייַ אין דיא זידליכע סטייטס.



## צעהנטער קאַפּיטעל.

# דער בירגער־קריעג וועגען די בעפרייאונג פון די נעגערן

צוזאַמען מיט דיא שטענדיגע פערגרעסערונגען אין שטח און פערמעה־רונגען אין בעפעלקערונג (פון קנאַפּע 5½ מיליאָן נפשות אין 1800 איז דיא בעפעלקערונג געוואַקסען איבער 23 מיליאָן אין 1850) איז אויך, מעג מען זאָגען, געוואַקסען דער אינערליכער קאַמפּף — אַלץ צוליעב דיא פערשאָלטענע שקלאַ־ווערייי פון דיא נעגערן.

וואָס ווייטער האָט מען זיך אַלץ מעהר אַרומגעזעהן, אַז דיא אייניגקייט פון דער רעפּובליק העננט אויף אַ האָאר, זאָלאַנג דיזע פראַגע וועט בלייבען אָפען, זאָלאַנג מען וועט ערלויבען צו האַלטען נעגער־שקלאַוועןַ.

אין 1831 האָט אַן אָרימער יונגערמאַן מיט׳ן נאָמען וויליאַם ללאָיד געריסאָן אָנגעפאַנגען צו דרוקען אין באָסטאָן אַ גאַנץ קליינע צייטונג, וועלכע האָט געטראָ־גען דעם הויך־קלינגענדען נאָמען ״ליבערייטאָר (בעפרייער)״ און וועלכע האָט אויך שליסליך אויסגעפיהרט איהר גרויסען צוועק אָבצושאַפען אין גאַנצען דיא נעגער־שקלאַווערייי אין יונייטעד סטייטס. ווען ער האָט ערקלערט אַז מען מוז אונבעדינגט בעפרייען דיא נעגערן, אויב דיא פעראייניגטע שטאַאטען זאָלען דורך דעם אפילו צושפּאָלטען ווערען אין צוויי בעזונדערע רעפּובליקען — דיא נאָרדליכע און זידליכע — האָט מען אויף איהם געקוקט וויא אויף אַ משוגענעם און מען האָט איהם אויך פערפאָלגט.

גראַדע האָט עס געטראָפען, דאָס אין דעם זעלבען יאָהר, ווען געריסאָן האָט אָנגעפאַנגען זיין ״משוגענע״ אַגיטאַציאָן פאַר דיא בעפרייאונג פון דיא נעגערן, האָט אין ווירדזשיניאַ אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד פון דיא נעגער־שקלאַוועןַ. מען האָט זיך בענוצט דערמיט איהם צו בעשולדיגען, אַז ער רייצט עס אָן דיא שוואַרצע געגען דיא ווייסע. דאַרום האָט מען איהם אַפילו אין באָס־טאָן, וואו עס איז געווען דער צענטער פון דער אַבאָליציאָניסטישער (פאַר דיא אָבשאַפונג פון שקלאַווערייי) בעוועגונג, געוואָלט לינטשען. דיא יעניגע, וואָס וואָלטען מיט׳ן גאַנצען האַרצען געשטימט פאַר דיא בעפרייאונג פון דיא שקלאַ־ווען, זיינען דאָך אין אָנפאַנג געווען געגען איהם. ווייל זיי האָבען מורא געהאַט,

אז זיין אגיטאציאָן וועט פיהרען צו בירגער־קריעג און צו אַ צוטהיילונג פון דער רעפובליק.

אָבער געריסאָן'ס מוטהיגע און עדעלע אַגיטאַציאָן איז ניט געווען אומזיסט. אין אַ גאַנץ קורצער צייט זיינען אין דיא נאָרד־שטאאטען געגרינדעט געוואָרען 2000 "אבאָלישען סאָסייעטיס" אָדער פעראייניגען מיט דעם צוועק אויסצופיהרען, אז דיא שקלאַווען זאָלען בעפרייט ווערען. דיא אַנטי־שקלאַווערײַ בעוועגונג האָט פון דער צייט אָן אַלץ מעהר פערשאַרפט דעם אונטערשיעד צווישען דיא נאָרדליכע און זידליכע שטאאטען.

נאָך דער מלחמה מיט מעקסיקאָ האָט אויפגעפלאַמט אַ נייער שטרייט צווישען דיא נאָרדליכע און זידליכע שטאאטען. עס האָט זיך ווידער געהאַנדעלט, אויב אין דיזע נייע טעריטאָריען זאָל מען ערלויבען איינצופיהרען נעגער־שקלאַ־ווען. עס האָט דאמאָלס אויך ניט ווייט געהאַלטען, אז עס זאָל קומען צו אַ שפּאַלטונג אין דער רעפּובליק, פּשוט צו אַ בירגער־קריעג, אָבער עס איז גליק־ליכערווייזע ווידער געלונגען צו פערדעקען דיא וואונד און אויסצומיידען בלוטפערגיסונגען מיט אַ קאָמפּראָמיס, דאָס קאַליפאָרניא זאָל ווערען אַ פרייער שטאאט, נאָר אין דיא אַנדערע טהיילען פון דער ריזיגער געגענד, וואָס מען האָט צוגענומען ביי מעקסיקאָ, זאָלען דיא איינוואָהנער זעלבסט ענטשיידען, אויב זיי ווילען אָנהאַלטען דיא שקלאַווערײַ אָדער ניט. דאָס איז דיא פּשרה וועלכע טראָגט אין דער געשיכטע פון יונייטעד סטייטס דעם נאָמען "קאָמפּראָמייז פון 1850".

פיער יאָהר נאָך דיזען קאָמפּראָמיס, אין 1854, האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ פערצווייפעלטער קאַמפּף צווישען דיא אַנהענגער און געגנער פון נעגער־שקלאַ־ווערײַ וועגען דעם בעזיץ פון דער געגענד, וואו עס געפינען זיך יעצט דיא שטאאטען קענזעס און נעבראַסקאַ. נאָך לאַנגע און שטורעמדיגע דעבאַטען האָט דער קאָנגרעס אָנגענומען דעם פאָרשלאַג, וואָס איז געווען געגען דעם "מיזורי קאָמפּראָמיס" פון 1820, וועגען וועלכען עס איז גערעדט געווען אין אַ פאָריגען קאַפּיטעל, און וואָס האָט ערקלערט, אז דיא איינוואָהנער פון דיזע טע־ריטאָריעס האָבען דאָס רעכט אַליין צו בעשליסען, אויב זיי זאָלען האַלטען שקלאַווען אָדער ניט. אום צו האָבען אַ מאַיאָריטעט, האָבען זיך אַ סך בעוואַ־פענטע בירגער אַ לאָז געטהאָן אי פון נאָרד אי פון דער סאַוטה (דרום) צו פערכאַפּען וואָס מעהר לאַנד אין קענזעס. ביידע פאַרטייען האָבען אויסגעקליבען זייערע רעגיערונגען. דיא "פרייע" האָבען געהאַט זייער הויפּט־שטאָדט אין טאָפּיקא, דיא שקלאַווען־האַלטערס — אין ליוועגוואָרטה.

דיא אויפרעגונג איז געווען אַזוי גרויס, אַז עס איז דאָרטען געקומען צו אַ בירגער־קריעג. זעקס יאָהר האָט געדויערט אַ בלוטיגער קאַמפּף אין דער קענזעס טעריטאָריע, וועלכע האָט דאַן צוליעב דעם געקראָגען דעם צונאָמען: "בלוטענדע

קענזעס". דיא שקלאווען־האלטערס זיינען בעפאלען דיא "פרייע" שטאָדט לאָורענס און האָבען איהר בערויבט און פערברענט. דערפאר האָט דער בראַוער דזשאָהן בראַון, וועלכער איז אונשטערבליך געוואָרען אלס מערטירער נאָכדעם וויא מען האָט איהם הינגעריכטעט אין 1859 אין וועסט־ווירדזשיניא, ווייל ער האָט זיך מיט אַ קאָמפּאַניע פון 20 מאַן אריינגעריסען אין שטאַאט וויר־דזשיניא און געוואָלט דאָרטען מיט געוואַלט בעפרייען דיא נעגערן — צוזאַמענ־געקליבען אַ באַנדע "פרייע" און איז בעפאַלען אַ בעזעצונג פון שקלאַווען־האַל־טערס, וועלכע מען האָט אַרויסגעשלעפּט פון זייערע בעטען און אויסגעשלאַכטעט.

ענדליך האָבען דיא "פרייע" געזיעגט, און קענזעס איז אין 1861 אַנערקענט געוואָרען פון קאָנגרעס און אריינגערעכענט געוואָרען אַלס סטייט אָהן שקלאַ־ווערײ.

דער בירגער־קריעג אין קענזעס און דיא הינריכטונג פון דזשאָהן בראַון דעם 2טען דעצעמבער 1859 אין טשארלזטאַון, ווירדזשיניא (היינט אַ שטאָדט אין סטייט וועסט־ווירדזשיניא), האָבען נאַטירליך אין העכסטען גראַד אויפגערודערט דאָס גאַנצע לאַנד. דאָס איז געווען, קען מען זאָגען, דער אָנפאַנג פון דעם גרויסען בירגער־קריעג, וועלכער האָט אויסגע־בראָכען, ווי נאָר אייברעהעם לינ־קאָלן, דער קאַנדידאַט פון דער אַנטי־שקלאַווערײ פּאַרטיי, וועלכע האָט אַרום יענער צייט געקראָגען דעם נאָ־מען: רעפּובליקאַנישע, איז אויס־געוועהלט געוואָרען אין 1860 פאַר פּרעזידענט פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען. דיזע עלעקשען האָט גע־צייגט, אז דיא מאַיאָריטעט פון אַמע־ריקאַנער פאָלק, וואָס האָט דאַן גע־צעהלט ביז 30 מיליאָן נפשות, איז געווען פאַר די אָבשאַפונג פון שקלאַ־ווערײ, ווייל לינקאָלן איז געווען בע־וואוסט אַלס איינער פון דיא הויפּט־רעדנער און פיהרער פון דער אַנטי־שקלאַ־ווערײ אָדער אַבאָליציאָניסטישער פּאַרטיי.



אייברעהעם לינקאָלן.

דאַרום האָט דער שטאַאַט סאַוטה־קאַראָליינאַ באַלד בעשלאָסען זיך אָבצו־טהיילען פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען אַלס אַ "פרייע און אונאַבהייננגיגע רעפּובליק". דיזער שטאַאט האָט בכלל שטענדיג געקעמפּפט פאַר דעם רעכט פון יעדען שטאַאט אַרויסצוטרעטען פון פערבאַנד, ווען ער וויל עס נאָר. נאָך דעם זיעג פון דער אַנטי־שקלאַווערײ פּאַרטיי דורך די אויסוואַהל פון לינקאָלן

האָבען דיא בירגער פון סאוטה קאראָליינא פעסט געגלויבט, אז דיא מאַיאָריטעט פון דיא נאָרדליכע שטאאטען וועט זיך טאקע באלד נעהמען צו דער בעפרייאונג פון דיא פערשקלאוומע נעגערן. דארום האָבען זיי שוין גאָר ניט געוואָלט וואַרטען אויף דיא פערהאנדלונגען אין קאָנגרעס און האָבען אויפגעהויבען די פאָהן פון אינערליכע מלחמה, פון ברודער-קריעג דעם 20טען דעצעמבער 1860.

דער בעשלוס פון סאוטה קאראָליינא ארויסצוטרעטען פון דער יוניאָן אָדער פערבאנד פון דיא שטאאטען אין נאָרד־אמעריקא איז געוועזן א סיגנאל פאַר דיא אנדערע זידליכע שטאאטען זיך צו ערקלערען אונאבהייניגיג. אין 1861 האָבען זיך דיזע שטאאטען פערבונדען אונטער דעם נאָמען "קאָנפעדערייטעד סטייטס אָוו אמעריקא" און האָבען אָרגאניזירט זייער צענטראל־רעגיערונג און אויסגעוועהלט אלס זייער פרעזידענט דעם סענאטאָר דזשעפערסאָן דייווויס פון שטאאט מיסיסיפּי.


דזשעפערסאָן דייוויס.

דיא פעראייניגטע שטאאטען זיינען אזוי צושפּאלטען געוואָרען אין צווייען; אָבער דיא בירגער פון נאָרד און איבערהויפּט דיא מאַיאָריטעט פון אמעריקאנער פאָלק זיינען ענטשלאָסען געוועזן דאָס ניט צו דערלאָזען און צוזאמענצובינדען ווידער אלע שטאאטען מיט געוועהר אין דיא הענד. זיי האָבען ניט געוואָלט אנערקענען דאָס רעכט פון א שטאאט ארויסצוטרעטען פון פערבאנד, א רעכט וואָס דיא זידליכע שטאאטען האָבען אין דער ווירקליכקייט נאָר פערטהיידיגט, אום צו קענען האלטען אונגעשטערט זייערע שקלאוון. מיט לייב און לעבען האָבען זיי געוואָלט קעמפּפען פאַר דיא "יוניאָן", פאַר א פעסטען און געצוואונגענען פערבאנד פון אלע שטאאטען און טעריטאָריעס אויף דעם גאנצען ריזיגען שטח פון יונייטעד סטייטס.

דער ערשטער שאָס פון דעם שרעקליכען בירגער־קריעג, וועלכער האָט זיך געצויגען פיער יאָהר, איז געמאכט געוואָרען אין אַפּריל 1861 פון דיא שקלאוועןהאלטערס, וועלכע האָבען זיך דאן גערופען קאָנפעדעראטען, ביי דער אטאקע אויף דעם פאָרט סאָמטער אין דעם האפען פון דער שטאָדט טשארלסטאָן (סאוטה־קאראָליינא).

דאן האָט שוין פּרעזידענט לינקאָלן ארויסגעלאָזען אן אויפרוף צום פאָלק, אז מען זאָל זיך פערשרייבען פאַר וואָלאָנטירען. ער האָט גערעכענט, אז עס וועלען גענוג זיין 75 טויזענד וואָלאָנטירען און אז מעהר פון 3 מאָנאט וועט

זיי ניט אויסקומען צו דיענען. כמעט אַלע האָבען דאַן געגלויבט, אַז דיזער קאַמפּף וועט דויערן ניט לאַנג. דיא בירגער אין נאָרד האָבען ניט געוואוסט, וויא ווייט דער צאָרן פון דיא שקלאַווען־האַלטער איז אויפגערייצט געווען דורך זייער פורכט, טאָמער וועט מען אָבשאַפען דורך אַ געזעץ דיא נעגער־שקלאַוועריי.



פאָרט סאַמטער פאַר דיא באָמבאַרדירונג.

דיא מאַיאָריטעט פון דיא נאָרדליכע שטאַאטען איז אָבער ניט געגאַנגען אַזוי ווייט אין דיזער פראַגע. זיא האָט שטאַרק מורא געהאַט פאַר אַ צוזאַמענ־שטויס מיט דיא אויפגעקאָכטע און היציגע סאָטהערנערס (בירגער פון דיא זיד־ליכע שטאַאטען). אַפילו לינקאָלן אַליין האָט אייגענטליך ניט געציעלט אָבצור־שאַפען דיא נעגער־שקלאַוועריי אין דיא זידליכע שטאַאטען דורך אַ בעשלוס אין קאָנגרעס. אין זיין רעדע בשעת ער איז אינסטאַלירט געוואָרען פּרעזידענט (4טען מאַרטש 1861) האָט ער זיך אויסגעדריקט אַזוי וועגען דיזע געפּעהרליכע מכה אויף דעם געזונטען קערפּער פון דער אַמעריקאַנער נאַציאָן:

„איך האָב ניט דיא אַבזיכט אַריינצומישען זיך, דירעקט אָדער אינדירעקט, אין דער אינסטיטושען פון שקלאַוועריי אין דיא סטייטס, וואו דיא שקלאַוועריי עקזיסטירט. איך גלויב, אַז איך האָב ניט קיין געזעצליכען רעכט דאָס צו טהאָן, און איך בין אויך ניט גענייגט דאָס צו טהאָן".

נאָר אין דער סאַוטה האָט מען ניט אָנגעהויבען צו גלויבען אין אַזעלכע פערזיכערונגען. דאָרטען האָט מען געפיהלט, אַז עס קען קיין שלום ניט הערשען צווישעןביידע טהיילען פון דער רעפּובליק, זאָ לאַנג אַפילו אין איין סטייט וועט דיא שקלאַוועריי ניט אָבגעשאַפט ווערען. דארום האָט מען אויך דאָרטען ניט געוואַרט אויף אַ נייעם ווערטער־קאַמפּף אין קאָנגרעס און אויף נייע פּשרות. וויא נאָר דיא אַנטי־שקלאַוועריי שטאַאטען האָבען געקראָגען דיא מאַיאָריטעט און

אויסגעוועהלט זייער פרעזידענט אין דער פערזאָן פון אייבערעהעם לינקאָלן, האָ־
בען דיא זידליכע שטאאטען אָנגעפאַנגען דעם ברודער־קריעג.

אין דיזען פירכטערליכען בירגער־קריעג, אין וועלכען וויינינגסטענס א האַל־
בער מיליאָן מענשען זיינען געטויטעט און פערוואונדעט געוואָרען און וועלכער
האָט אָבגעקאָסט געוויס 5 מיליאַרד דאָלארס, האָבען ביידע זייטען בעוויזען
גלייכען מוטה און גלייכע מיליטערישע פעהיגקייטען. נאָר דיא זידליכע שטאאטען
זיינען געוועזען פיעל וויינינגער אין בעפעלקערונג און אָרימער אין געלד פאַר דיא
נאָרדליכע, ניט רעכענענדיג דעם וויכטיגען פאַקט, דאָס זיי האָבען געקעמפפט
פאַר אַזאַ אונגערעכטע זאַך, וויא שקלאַווערײ. דיא אַרמעען פון דיא נאָרדליכע
שטאאטען אָדער פון דיא יוניאָניסטען (ווייל זיי האָבען ספּעציעל געקעמפפט
פאַר דיא אויפהאַלטונג פון דער יוניאָן אָדער פערבאַנד פון אַלע טהיילען
פון דיא פעראייניגטע שטאאטען) זיינען געוועזען צאָהלרייכער און בעסער בעוואַ־
פענט פאַר דיא אַרמעען פון דיא זידליכע שטאאטען אָדער דיא קאָנפעדעראַטען.
אַ געוויסע צייט האָט דיא יוניאָן־אַרמעע געצעהלט ביז אַ מיליאָן מאַן.

אָנפאַנגס האָבען אפילו דיא קאָנפעדעראַטען בעזיגט דיא יוניאָניסטען,
ווייל זיי זיינען געוועזען בעסער צוגעגרייט צו דער מלחמה און האָבען אויך געהאַט
געניטערע גענעראַלען. אָבער מיט יעדען נעכסטען יאָהר פון דיזען פערצווייפעלטען קאַמפף האָט זיך אַלץ מעהר ארויסגעוויזען, וויא שטאַרקער דיא נאָרד־ליכע שטאאטען זיינען, ווייל אויסער זייער צאָהל און זייערע פאַבריקען, אין וועלכע מען האָט געקענט צופערטיגען אַלעס וואָס עס איז נויטיג פאַר מלחמה, האָבען זיי אויך געהאַט גענוג שיפען צו בעהערשען דיא ברעגען און צו בלאָקירען דיא זידליכע פּאָרטען, זאָ דאָס דיא קאָנפעדעראַטען האָבען שליסליך ניט געקענט קריגען קיינע געוועהר און אַמוניציאָן פון אויסלאַנד.


דער פלאַג פון דיא קאָנפע־דעראַטען.

אונטער אַזעלכע אומשטענדען איז דער קאַמפף געוועזען אַ פערלאָרענער פאַר
דיא זידליכע שטאאטען אַזוי שנעל וויא דיא נאָרדליכע שטאאטען האָבען אָרגאַ־
ניזירט אַ גרויסע אַרמעע. אָבער דיא קאָנפעדעראַטען האָבען זיך ניט אונטערגע־
געבען ביז דער לעצטער מינוט, לייגענדיג צו גרויסע האָפנונגען אויף זייער
גרעסטען און פעהיגסטען קאָמאַנדיר, גענעראַל לי.

מיט מיליטערישע איינצעלהייטען פון דיזען לאַנגען און ריזיגען בירגער־
קריעג וועלען מיר זיך דאָ ניט פערנעמען. אויך וועלען מיר ניט שילדערן, וועלכע
פון דיא גענעראַלען פון ביידע זייטען האָבען אַרויסגעוויזען גרעסערע מיליטערישע
פעהיגקייטען. דערויף זיינען דאָ בעזונדערע מיליטערישע געשיכטען. מיר וועלען
דאָ נאָר פערצייכנען דיא צוויי גרעסטע און וויכטיגסטע שלאַכטען, וועלכע האָבען

בעזאָנדערס ענטשיעדען דעם שיקזאַל פון דעם בירגער־קריעג. איינע פון זיי איז פאָרגעקומען אין 1863 ביי געטיסבורג, ווען 50 טויזענד מאַן זיינען געטויטעט און פערוואונדעט געוואָרען און גענעראַל לי האָט געמוזט צוריקטרעטען, און די אַנדערע ביי וויקסבורג (אויך אין 1863), ווען דיא גענעראַלען גראַנט און שערמאַן, דיא בעסטע פון דער יוניאָן אַרמיע, האָבען געצוואונגען 32 טויזענד קאָנפעדעראַטען זיך אונטערצוגעבען נאָך אַ לאַנגער בעלאַגערונג.

ענדליך זיינען דיא קרעפטען פון דיא קאָנפעדעראַטען אַזוי צושלאָגען און אָבגעשוואַכט געוואָרען, אַז אין אַפּריל 1865 האָט גענעראַל גראַנט געקענט פערנעהמען זייער הויפּט־שטאָדט ריטשמאָנד אין ווירדזשיניא, און אין אַ וואָך אַרום האָט זיך גענעראַל ראָבערט לי, זייער בעסטער און פעהיגסטער קאָמאַנדיר, גע־



גענעראַל וויליאם שערמאַן.



גענעראַל ראָבערט לי.

מוזט אונטערגעבען מיט זיין קליין געבליבענער און הונגעריגער אַרמעע. דאָס איז געווען דער סוף פון דעם שרעקליכען בירגער קריעג, דעם גרעסטען און אויך בלוטיגסטען וואָס דיא וועלט האָט ווען עס איז געזעהן.

דיא זיעגרייכע יוניאָניסטען האָבען קיינעם פון דיא קאָנפעדעראַטען ניט פערפאָלגט. דאָס איז געווען אַזוי עדעל און גרויסמוטהיג, וויא קלוג און אויסגערעכענט. מען האָט נאָר פון זיי פערלאַנגט, אַז זיי זאָלען אָבגעבען זייערע געוועהר און זיך אומקעהרען צו זייערע וואָהנונגען. דער הויפּט־קאָמאַנדיר גראַנט און אַלע אַנדערע יוניאָן־גענעראַלען האָבען זעהר גרויסמוטהיג בעהאַנדעלט דיא געפאַנגענע קאָנפעדעראַטען.

וואָס אַנבעלאַנגט פּרעזידענט לינקאָלן וואָלט ער זיכער זיין בעסטעס געטהאָן

אום וואָס שנעלער צו פערהיילען דיא שרעקליכע וואונדען פון דעם פערצוויי פעלטען בירגער־קריעג; אָבער דיזען גרויסען מאַן איז ניט בעשערט געווען צו זעהען, וויאביידע פיינדליכע לאַגערן וועלען לעבען פרידליך אַלס בירגער פון איין נאַציאָן אונטער איין פלאַג — דעם פלאַג פון "סטאַרס ענד סטראַיפּס" (שטערען און פּאַסען). דעם 14טען אַפּריל 1865, גראַדע אויף דעם נעכסטען טאָג נאָך דעם, ווי דער פלאַג פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען איז אויפגעהאַנגען געוואָרען אויף דער פעסטונג סאַמטער, פון וואַנען ער איז מיט פיער יאָהר צוריק אַראָפּגעשאָסען געוואָרען פון דיא שקלאַווען־האַלטערס, איז לינקאָלן דערשאָסען געוואָרען אין אַ וואַשינגטאָנער טהעאַטער פון אַ געוויסען ווילקעס בוטה, איינער פון דיא פאַנאַטישע קאָנפעדעראַטען, וועלכע האָבען געמאַכט אַ פערשווערונג איהם אומצוברייננגען, עפּעס אַזוי וויא נאָר ער אַליין איז געווען שולדיג אין דער נידערלאַגע פון דיא זידליכע שטאַאטען און אין דער אָבשאַפונג פון דער נעגער שקלאווערײַ. נאָך דזשאָרדזש וואשינגטאָן איז אייברעהעם לינקאָלן געבליבען דער פערעהרטעסטער פון אַלע פּרעזידענטען פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען.



עלפטער קאַפּיטעל.

# נאָך'ן בירגער־קריעג ביז צו דער מלחמה מיט שפּאַניען

דיא צייט נאָך דעם בירגער קריעג טראָגט אין דער געשיכטע פון דיא פער־איינינגטע שטאַאטען דעם נאָמען "רעקאָנסטראָקשאָן", דאָס הייסט איבערבוי־אונג, ווייל מען האָט געהאַט צו שאַפען פון דיא צוויי פיינדליכע טהיילען פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען איין נאַציאָן ניט נאָר מיט'ן נאָמען, נאָר טאַקע אין דיא געפיהלען און אין גייסט.

דאָס איז געווען א זעהר שווערע אויפגאַבע. דיא בירגער פון דיא נאָרדליכע שטאַאטען האָבען געקוקט אויף דיא קאָנפעדעראַטען וויא אויף פערבלאָנזעטע ברידער און האָבען געשטרעבט וואָס פעסטער צוצובינדען דיא זידליכע שטאַאטען צו דער רעפּובליק; אָבער דיא קאָנפעדעראַטען האָבען נאַטירליך ניט געקענט אזוי לייכט און שנעל פערגעסען אָן זייער נידערלאַגע נאָך דיא גרויסע צרות און נויט, וואָס זיי האָבען געליטען אין דיא 4 יאָהר פון דעם בירגער קריעג, און בעזאָנדערס אָן דעם פערלוסט פון זייערע שקלאַווען. לינקאָלן'ס נאָכפאָלגער, דער וויצע־פּרעזידענט דזשאָהנסאָן, האָט גלייך ארויסגעלאָזט א מאַניפעסט, אז אַלע בירגער פון דיא זידליכע שטאַאטען וועט פערגעבען ווערען זייערע זינד פאר דעם קאַמפף געגען דיא אייניגקייט פון דער רעפּובליק, ווען זיי וועלען שווע־רען טרייהייט צו דער קאָנסטיטוציאָן פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען.

ווייטער האָבען זיך דיא זידליכע שטאַאטען פערפפליכטעט צו פאָלגען דעם דרייצעהנטען אַמענדמענט צו דער קאָנסטיטוציאָן פון יונייטעד סטייטס. דער דאָזיגער אַמענדמענט איז אָנגענומען געוואָרען אין קאָנגרעס שוין נאָך דעם שלום פון דעם בירגער קריעג אין 1865. ער לויטעט, אַז שקלאַווערייַ איז פערבאָטען אונטער דעם פלאַג פון דער רעפּובליק.

בירגער פון דיא זידליכע שטאַאטען האָבען געגעבען דיא פערלאַנגטע שבועה. דעם דרייצעהנטען אַמענדמענט האָבען זיי געמוזט וויא עס איז אַרונטערשלינגען. זיי האָבען שוין קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, ווייל אין דער צייט פון דעם בירגער קריעג זיינען אַלע שקלאַווען בעפרייט געוואָרען דורך א פּראָקלאַמאַציאָן,

וואָס פּרעזידענט לינקאָלן האָט אַרויסגעלאָזען דעם 1טען יאַנואַר 1863. עס האָט שוין נאַטירליך קיין שום רייד ניט געקענט זיין אפילו וועגען האַלטען דיא אַלטע שקלאַווען אין אירגענד וועלכען פּונקט פון דער רעפּובליק ביז זיי וועלען ביסלעכווייז אויסשטאַרבען. דיא זיעגערס האָבען דיקטירט דיא בע־דינגונגען און דיא בעזיעגטע האָבען געמוזט נאָכגעבען.

אָבער ווען עס איז געקומען צו דער פראַגע, אויב דיא שטאַאטען פון דער געבראָכענער קאָנפעדעראַציאָן זאָלען גלייך קריעגען דאָס רעכט צו שיקען פער־טרעטער אין קאָנגרעס, וויא פאַר דעם בירגער קריעג, איז ענטשטאַנדען אַ שטרייט צווישען פּרעזידענט דזשאָהנסאָן און דיא פאָלקס־פערטרעטער.

דזשאָהנסאָן איז געווען אַ סאָטהערנער (ער איז געבאָרען געוואָרען אין ראַלי, סאוטה קאראָליינאַ אין 1808) און אַ דעמאָקראַט. ווען דער בירגער קריעג האָט אויסגעבראָכען איז ער אַרויסגעטראָטען געגען דיא זידליכע סטייטס ניט צוליעב דיא אָבשאַפונג פון שקלאַווערייַ, נאָר ווייל ער איז אין פּרינציפּ געווען געגען דאָס רעכט פון אירגענד וועלכען סטייט אַרויסצוטרעטען פון דער יוניאָן אָדער פערבאַנד. אין האַרצען האָט ער נאַטירליך סימפּאַטיזירט מיט זיינע לאַנדסלייט, דיא שקלאַווען־האַלטער. דאַרום האָט ער געוואָלט, אַז מען זאָל גלייך געבען פולע שטאַאט־רעכטע צו די בעזיגטע. דער קאָנגרעס האָט אָבער פריהער געוואָלט זיך פערזיכערען, אַז דער דרייַצעהנטער אַמענדמענט וועט ריכטיג אויסגעפיהרט ווערען און אַז דיא בעפרייטע נעגער זאָלען בלייבען פריי ניט בלויז אויף׳ן פּאַפּיער, זאָנדערן אויך אין דער פּראַקטיקע. דאַרום האָט מען בעשלאָסען אָבצואווארטען מיט דער צולאַ־זונג פון דיא פערטרעטער פון דיא זידליכע שטאַאטען אין קאָנגרעס.



גענעראַל יוליסעס גראַנט.

דיא רעפּובליקאַנישע מאַיאָריטעט האָט דורכגעפיהרט עטליכע געזעצע צו פערטהיי־דיגען דיא "פרידמען" (דיא בעפרייטע שקלאַווען). פּרעזידענט דזשאָהנסאָן האָט וועטירט דיעזע בילס אויף דעם גרונד, דאָס דיא ווייסע אין דיא זידליכע שטאַאטען וועלען שוין האַלטען וואָרט און גוט בעהאַנדלען דיא "פרידמען". נאָר דער קאָנגרעס האָט ניעדערגעשטימט זיין וועטאָ לויט נאָך דיא פאָרשריפטען פון דער קאָנסטיטוציאָן.

די מחלקה צווישען פּרעזידענט דזשאָהנ־סאָן און דעם קאָנגרעס וועגען פערשיעדענע פאָרשלעגע אין בעצוג אויף די גע־זעצע שקלאַוועריי־שטאַאטען איז געוואָרען אַזוי הייס און גרויס, דאָס דער

קאָנגרעס האָט בעשלאָסען איהם צו משפט'ן נאָך דיא פאָרשריפטען פון דער קאָנסטיטוציאָן. דיעזער מערקווירדיגער פּראָצעס איז פאָרגעקומען אין 1868.

מען האָט איהם "אימפּיטשט", דאָס הייסט פערקלאָגט, ווייל ער האָט זיך ענטזאָגט אויסצופיהרען געוויסע בעשליסע פון קאָנגרעס, בעזאָנדערס דעם "טעניור אָוו אָפיס אַקט", וואָס איז טאַקע אָנגענומען געוואָרען דירעקט געגען איהם, ווייל ער פלעגט ענטלאַסען אַלע בעאַמטע, וועלכע האָבען ניט איינגעשטימט מיט איהם אין דיא פראַגען, וועלכע זיינען פערבליבען אַ נאָכוועהענעס פון דער שווארצער שקלאַווערײ ביז היינט צו טאָג. דיעזע בעריהמטע "אימפּיטשמענט" האָט זיך אָבער געענדיגט אַזוי, אַז דזשאָהנסאָן איז פערבליבען פּרעזידענט ביז צום סוף פון דעם געזעצליכען טערמין. 35 סענאַטאָרס האָבען געשטימט, אַז ער איז שולדיג, און 19 האָבען געשטימט אַז ער איז ניט שולדיג. דאָס איז געוועזען בלויז מיט איין שטימע ווייניגער פאַר דיא צוויי־דריטעל מאַיאָריטעט, וויא דאָס פאָדערט זיך נאָך דיא פונקטען פון דער יונייטעד סטייטס קאָנסטיטו־ציאָן מכח דיא "אימפּיטשמענט" פון אַ פּרעזידענט, און דאַרום איז ער פריי־געשפּראָכען געוואָרען.

דער קאָנגרעס האָט אָבער אויסגעפיהרט אַלעס וואָס ער האָט געוואָלט. דיא זידליכע סטייטס האָבען ניט נאָר געמוזט אָננעהמען דעם דרייצעהנטען אַמענד־מענט צו דער קאָנסטיטוציאָן, זאָנדערן אויך נאָך צוויי אַמענדמענטס, נעמליך: דעם פיערצעהנטען, וועלכער איז דורכגעגאַנגען אין 1866 און וועלכער ער־קלערט דיא נעגער פאַר בירגער, און דעם פופצעהנטען, וועלכער איז דורכ־געגאַנגען אין 1869 און וועלכער בעווילינגט דיא נעגער אויך דאָס שטימרעכט.

אזוי זיינען עס בלויז אין פיער יאָהר נאָך דעם בירגער קריעג דיא פריהערע שקלאַווען געוואָרען אַמעריקאַנער בירגער מיט פולע פּאָליטישע רעכטע. אין דער זעלבער צייט האָבען אויך דיא זידליכע שטאַאטען, וועלכע זיינען געשטעלט געוואָרען אונטער מיליטערישע הערשאַפט לויט אַ בעשלוס פון קאָנגרעס, געקראָ־גען זייערע פולע פּאָליטישע רעכטע.

נור דיא ראַסען־אַנטיפּאַטיען און פאָראורטהיילע פון דיא ווייסע צו דיא שווארצע בלייבען נאָך, ליידער, אַלץ צו שטאַרק איינגעוואָרצעלט אין יונייטעד סטייטס. דיא נעגערן ווערן נעבעך אַלץ געהאַלטען אין שוואַרצען לייב. דאָס וואָס מען רופט "קאָלאָר ליין" (פאַרב־ליניע) איז בכלל פיעל שאַרפער אין אַלע אַנגלאָ־סאַקסישע לענדער, איידער אין דיא לאַטיינישע לענדער, וואו ראַסען מי־שען זיך פרייער.

אין 1870 איז דיא פעראייניגונג אין גאַנצען דורכגעפיהרט געוואָרען, ווייל אויך דיא פיער זידליכע סטייטס, וועלכע האָבען זיך אָנפאַנגס ענטזאָגט אָנצו־נעהמען דעם 15טען אַמענדמענט, נעמליך: דיא סטייטס דזשאָרדזשיא, מיסיסיפּי,

טעקסעס און ווירדזשיניא — האָבען שליסליך נאָכגעגעבען. דאָרום איז שוין דאַן קיין איינציגער סטייט ניט געבליבען אָהן זיינע פערטרעטער אין קאָנגרעס.

מאַנכע פון די געוועזענע שקלאַווערײ־סטייטס האָבען געהאַט בעזאָנדערס גרויסע צרות אין דיזער "רעקאָנסטראָקשאָן" צייט, ווייל די מאַיאָריטעט פון זייער בעפעלקערונג איז געווען א נעגערישע. למשל, אין סאוטה קאראָליינאָ, אין דעם זעלבען סטייט, וואָס איז צוערשט אַרויסגעטראָטען אין בירגער קריעג, זיינען די ווייסע געווען אין דער מינאָריטעט. עס איז זיי געווען גענוג ביטער אויף'ן האַרצען וואָס זיי האָבען פערלאָרען זייערע שקלאַווען און וואָס זיי זיינען בכלל רואינירט געוואָרען אין דעם לאַנגען און שרעקליכען קאַמפּף — האָבען זיי נאָך געמוזט דולדען, אַז די בעפרייטע, די "פריעדמען" זאָלען זיצען בגדולה אין די לעדזשיסלייטשורס און דורכפיהרען געזעצע. די געוועזענע שקלאַווען, וועלכע האָבען אפילו ניט געקענט לעזען, זיינען מיט איין קלאַפּ געוואָרען געזעצגעבערס איבער זייערע געוועזענע העררן! דערצו נאָך האָבען די געוועזענע שקלאַווען־האַלטערס זעהר פיעל געליטען פון די יעניגע ווייסע, וועלכע האָבען זיך דאַן אַריבערגעפּעקעלט פון די נאָרדליכע שטאַאטען, אום וואָס שנעלער רייך צו ווערען אין דער סאַוטה. די דאָזיגע ווייסע האָט מען א נאָמען געגעבען "קאַרפּעט־בעגגערס", ווייל זייער באַגאַזש איז געוועהנליך בעשטאַנען פון א קאַרפּעט־בעג (א סאַקוואַיאַזש, טשעמאָדאַן, רייזעטאַש). צווישען זיי האָבען זיך געפונען א היבשע צאָהל אַוואַנטורניקעס. די מייסטע פון זיי האָבען זיך געיאָגט נאָך רעגיערונגס־פּלעצער און האָבען זיך דאָרום אויך גע'חנפ'עט צו די "פריעדמען", וועלכע זיינען מיט אַמאָל געוואָרען יחסנים, ווייל זיי האָבען געקראָגען שטימרעכט. די "קאַרפּעט־בעגגערס" צוזאַמען מיט די שוואַרצע האָבען דאַן אַזוי פיעל בערויבט די זידליכע סטייטס און אָנגעמאַכט אַזעלכע צרות, אַז די סאַטהערנערס קענען עס נאָך אַלץ ניט פערגעסען.

ביסלעכווייז אָבער האָבען די געוועזענע קאָנפעדעראַטען געקראָגען די אויבערהאַנד אין זייערע סטייטס און די ממשלה פון די פערהאַסטע "קאַרפּעט־בעגגערס" איז געקומען צו אַן ענד. אויך האָט מען מיט געוואַלט און בעזאָנדערס דורך פערשיעדענע דריידלעך און נייע געזעצע אַזוי אַרומגעצאַמט די פּאָליטישע רעכטע פון די שוואַרצע, אַז אפילו אין די סטייטס, וואו זיי בילדען די מאַיאָריטעט פון דער בעפעלקערונג, ווערען זיי בעהערשט פון די ווייסע. אויף'ן פּאַפּיער האָבען טאַקע די שוואַרצע פּונקט די זעלבע רעכטע ווי די ווייסע; אָבער אין דער פּראַקטיקע זיינען זיי מייסטענס "דיספראַנטשייזד" געוואָרען, דאָס הייסט: מען האָט ביי זיי צוגענומען זייער קאָנסטיטוציאָנעלען שטימרעכט אין אַלע זידליכע סטייטס, וויא דאָס ווייס יעדער איינער, וועלכער האָט נאָר א פּאָאר יאָהר געלעבט אין יונייטעד סטייטס.

די נעגער־פראַגע איז נאָך אַלץ זעהר ווייט פון א ריכטיגער פּראַקטישער

לעזונג אין יונייטעד סטייטס. דיא לאַגע פון דיא שווארצע איז א זעהר טרויע־ריגע אין אַלע זידליכע סטייטס. ווער ווייסט, אויב עס וועט גאָר אַמאָל קומען א צייט, אַז דיא סאָטהערנערס זאָלען קוקען אויף דיא שווארצע, וויא אויף בירגער מיט גלייכע רעכטע, זאָגאַר וויא אויף גלייכע מענשען?

ביסלעכווייז ווערען אָבער דיא בעציהונגען פון דיא ווייסע צו דיא שוואַרצע דאָך בעסער און מענשליכער. יעדענפאַלס קען שוין דורך דעם קיינמאָל ניט קומען צו צערשפּליטערונגען און שפּאַלטונגען אין אונזער רעפּובליק. אין דיא 40 יאָהר, וועלכע טהיילען אונז אָפּ (דיעזע צייל'ען ווערען געשריבען צו ענדע פון 1910) פון דיעזער פעראייניגונג נאָך דעם גרעסטען בירגער קריעג, וואָס האָט וועו פּאַ־סירט אין דער וועלט, זיינען דיא פעראייניגטע שטאאַטען וואונדערבאַר שנעל געוואַקסען אין בעפעלקערונג, אין אינדוסטריע און אין מאַכט. דיא וועסטליכע טהיילען פון אונזער לאַנד זיינען מערקווירדיג שנעל בעפעלקערט געוואָרען נאָך דער ענטדעקונג פון גאָלד אין קאַליפאָרניא (אין 1848) און בעזאָנדערס נאָכדעם, וויא דיא פּאַסיפיק רייל־ראָוד, דיא ערשטע פון דיא אייזענבאַהן־ליניען, וואָס ציהען זיך איבער דיא גאַנצע ברייט פון אונזער לאַנד ביז דיא ברעגען פון פּאַ־סיפישען אָקעאַן, איז געענדיגט געוואָרען אין 1869.

דאָס איז שוין געשעהען אונטער דער ערשטער פּרעזידענטשאַפט פון גע־נעראַל יוליסעס גראַנט. דער אונגעהייערער ערפאָלג פון דיעזער אייזענבאַהן־ליניע האָט אַרויסגערופען אַ פיעבערהאַפטע יאַגענעס צו בויען נאָך אייזענבאַהנען, וואָס האָט וויעדער געפיהרט צו אַנדערע זעהר גרויסע אונטערנעהמונגען און אויפגעבלאָזענע ספּעקולאַציאָנען. דער רעזולטאַט דערפון איז געוועזן, דאָס אין 1873 האָט אונזער לאַנד דורכגעמאַכט איינעם פון דיא ערגסטע און שווערסטע פינאַנץ־קריזיסען. אפילו דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג איז דאַן געוועזן אין אַ פינאַנציעלער פערלעגענהייט און האָט אויך געמוזט אָבלייגען דיא צאהלונגען פון דיא נאַציאָנאַלע שולדען, וועלכע זיינען אונגעהייער גרויס געוואָרען דורך דעם בירגער קריעג. אַ סך מענשען זיינען דאַן רואינירט געוואָרען; אָבער אין עטליכע יאָהר אַרום האָבען זיך וויעדער אָנגעפאַנגען גוטע צייטען אין דער אינ־דוסטריע און אין האַנדעל פון אונזער רעפּובליק.

יעדענפאַלס האָט דיא פינאַנציעלע פּאַניקע פון 1873 ניט געשטערט צו פייע־רען דעם 100־יעהריגען יובילעאום פון דער אונאַבהענגיגקייט פון יונייטעד סטייטס אויך מיט אַ וועלט־אויסשטעלונג. דיעזער גרויסער נאַציאָנאַלער יום טוב איז געפייערט געוואָרען אונטער גראַנט'ס צווייטע פּרעזידענטשאַפט. דיא אויסשטעלונג, וועלכע איז אַראַנזשירט געוואָרען אין פערמאָונט פּאַרק, פילאַ־דעלפיא, אין 1876 און אויף וועלכער אַלע ציוויליזירטע נאַציאָנען זיינען געוועזן פערטראָטען, האָט בעזאָנדערס געצייגט, וואָס פאַר אַ ריזיגען פאָרטשריט אונזער

רעפּובליק האָט געמאַכט אין הונדערט יאָהר און וויא גרויס עס זיינען דער אונטערנעהמונגס־גייסט און דיא ערפינדערישע פעהיגקייטען פון איהרע בירגער.

וויא פערשטאַרקט עס זיינען אויך געוואָרען דיא געפיהלען פון אייניגקייט אין גאַנצען לאַנד, ניט אַכטענדיג אויף דעם לאַנגען בירגער קריעג און זיינע נאָך לענגערע צרה׳דיגע נאָכוועהענעסען אין דיא זידליכע שטאַאטען, האָט זיך אויך ארויסגעוויזען ביי אַן אַנדער פּאַסירונג אין דעם זעלבען יובילעאום־יאָהר. דיא דאָזיגע פּאַסירונג איז געווען דיא ערוועהלונג פון רוטהערפאָרד העיז אין 1876 אַלס פּרעזידענט. ער איז אַפילו געווען דער קאַנדידאַט פון דער זיעגרייכער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי, דאָך האָט ער געקראָגען בלויז מיט איין עלעקטאָראל וואָוט מעהר פאַר זיין געגנער, סעמיועל טילדען, דעם קאַנדידאַט פון דער בעזיעגטער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי.

דיא דעמאָקראַטען האָבען גע׳טענה׳ט, אַז מען האָט זיי בעשווינדעלט, אַז אין דער ווירקליכקייט האָט זייער קאַנדידאַט געקראָגען דיא מאַיאָריטעט. אַזא שטרייט־פראַגע איז נאָך ניט פאָרגעקומען זייט אונזער רעפּובליק עקזיסטירט און וועט אויך קיינמאָל ניט פאָרקומען אין דער צוקונפט, ווייל מען האָט שפּעטער אָנגענומען געוויסע פּונקטען געגען אַזעלכע פּלאָנטערס ביי דיא וואַהלען פון אַ פּרעזידענט. דאַן האָט עס אַזוי אויפגערעגט דאָס גאַנצע פאָלק, בעזאָנדערס דיא זידליכע שטאַאטען, אַז מען האָט אָנגעפאַנגען זיך צו שרעקען פאַר אַ נייעם בירגער קריעג. גליקליכערוויייזע איז מען אָבער נאָר אָבגעקומען מיט׳ן שרעק. דער געפעהרליכער שטרייט האָט זיך געענדיגט בשלום דורך אַ בעשלוס פון קאָנ־גרעס, אַז מען זאָל דיא ענטשיידונג איבערלאָזען צו אַ ספּעציעלער עלעקטאָראל קאָמיסיאָן, וועלכע איז בעשטאַנען פון 10 מיטגלידער פון קאָנגרעס און פון 5 ריכטער פון יונייטעד סטייטס סופּרים קאָרט, דעם העכסטען געריכט אין אונזער רעפּובליק. דיעזע קאָמיסיאָן האָט מיט 8 שטימען געגען 7 ענטשיעדען צו גונסטען פון דעם רעפּובליקאַנישען קאַנדידאַט.

דער עולם האָט זיך דאַן בערוהיגט, און אַזוי וויא פּרעזידענט העיז האָט גראָדע געזוכט צו קריגען חן אין דיא אויגען פון דיא סאָטהערנערס, האָט ער טאַקע געקענט פיעל גוטעס אויפטהאָן פאַר׳ן לאַנד. איינער פון דיא ערשטע און וויכטיגסטע אַקטען פון זיין פּרעזידענטשאַפט איז געווען צוריקצורופען פון די זידליכע סטייטס דיא סאָלדאַטען פון דער יונייטעד סטייטס אַרמעע, וועלכע זיינען דאָרטען אָנגעהאַלטען געוואָרען דיא גאַנצע צייט פון דער "רעקאָנסטראַק־שאָן", אום דיא בעזיעגטע זאָלען בעסער פאָלגען דיא בעשליסע פון קאָנגרעס און אויספיהרען דיא קאָנסטיטוציאָנעלע אַמענדמענטס מכח דיא בעפרייטע שקלאַווען. פּרעזידענט העיז האָט ערקלערט, אַז דיא וואונדען פון דעם בירגער קריעג וועלען קיינמאָל ניט פערהיילט ווערען, אויב מען וועט ניט אויפהערען צו קאָמאַנדעווען אין דיא זידליכע סטייטס דורך בעפעהלען פון וואַשינגטאָן.

אזוי האָט זיך עס טאקע אויסגעלאָזען; אָבער דיא רעזולטאטען דערפון זיינען געווען זעהר טרויעריגע פאר דיא "פריעדמען". אזוי שנעל וויא דיא יונייטעד סטייטס סאָלדאטען האָבען זיך צוריקגעצויגען פון דער סאוטה, האָבען דיא ווייסע פערכאָפּט מיט געוואלט דיא פּאָליטישע מאכט אין דיא לעדזשיסלייטשורס און האָבען פערקירצט דיא בירגער־רעכטע און אפילו דיא לעבענס פון דיא געוועזענע שקלאווען. מען מעג בכלל זאָגען, אז דיא פעראייניגונג צווישען דיא נאָרדליכע און זידליכע שטאאטען איז אלץ פעסטער געוואָרען, וואָס וויינ־גער דיא ווייסע האָבען זיך געקימערט וועגען דיא פּאָליטישע רעכטע פון דיא שווארצע.

דער נעכסטער פּרעזידענט, דער צוואנציגסטער זייט דזשאָרדזש וואשינגטאָן, איז געווען דזשעימס א. גארפיעלד, ווידער א רעפּובליקאנער. נאָר א מער־דערישע האנד האָט געמאכט א סוף פון זיין לעבען זעקס מאָנאט נאָך זיין אינאָגיורעישאָן אָדער אינסטאלירונג אין 1881. ער איז דערשאָסען געוואָרען פון א געוויסען גיטאָ, וואָס איז געווען אונ־צופריעדען, ווארום מען האָט איהם ניט געגע־בען א רעגיערונגס־שטעלע. דאָן איז וויים־פּרעזידענט אַרטהור, אויך א רעפּובליקאנער, געבליבען פּרעזידענט ביז צו ענדע פון דעם גע־זעצליכען טערמין אין 1885.


דזשעימס גארפיעלד.

אזוי זיינען פאָריבער 20 יאָהר זייט דעם טראגישען טויט פון אייברעהעם לינקאָלן און דעם סוף פון בירגער קריעג. אין דיזען פינפ־טעל יאהרהונדערט איז דיא רעגיערונגס־מאכט געלעגען אין דיא הענד פון דער רעפּובליקא־נער פּארטיי, ווייל זיא האָט ניט נור גערע־טעט דיא רעפּובליק פון א צערשפּליטערונג דורך דיא נעגער־שקלאווערייי און דיא פּרע־טענזיעס פון דיא זידליכע שטאאטען צו קענען ארויסטרעטען פון פערבאנד, ווען זיי וועלען עס נאָר אזוי בעשטימען; זאָנדערן זיא האָט אויך פערטראָטען דיא פּאָליטישע און עקאָנאָמישע שטרעבונגען פון אמעריקאנער פאָלק. נאָר ביסלעכווייז איז אלץ געשטיגען דיא אונצופריעדענהייט מיט איהר פּאָליטיק און ספּעציעל מיט איהרע צו הויכע טאריפען און אָבצאָהלונגען אויף סחורות פון אויסלאנד. מיר ווייסען שוין, אז דיא נאָרדליכע שטאאטען האָבען איינגעפיהרט א שטארקע פּראָטעקציאָן פאר זייערע ניי־געבאָרענע אינדוסטריען געגען דעם ווילען פון דיא זידליכע שטאאטען; אָבער אין אונזערע צייטען, ווען דיא אמעריקאנער אינדוסטריע איז אזוי ריזיג אויפגעוואקסען, אז מיט פיעלע אמע־

דיקאַנער סחורות קען מען שוין קאָנקורירען אפילו אין איירָאפּאַ גופא, ווערט אַלץ גרעסער דער פערלאַנג ווייניגסטענס פאַר דיא פערקלענערונג פון דיא טאַריפען.

דאָס האָט שליסליך געפיהרט דערצו, אַז אין 1884 איז אַ דעמאָקראַטישער פּרעזידענט ערוועהלט געוואָרען, נעמליך: גראָווער קליוולענד. איינע פון זיי־נע וויכטיגסטע אויפטואונגען איז געווען דיא פערבעסערונג פון דער זאָגענאַנ־טער "סיוויל־סערוויס רעפאָרם", וועלכע מען האָט אָנגעפאַנגען ערנסט נאָכדעם וויא דער רעפּובליקאַנער פּרעזידענט גאַר־פיעלד איז דערשאָסען געוואָרען אין 1881 פון אַן אונצופריעדענעם אָפיס־זוכער.


גראָווער קליוולענד.

דיא סיוויל־סערוויס (בירגער־דיענסט) רעפאָרם בעשטעהט אין דעם, דאָס דיא רע־גיערונגס־בעאַמטע דאַרפען אויסהאַלטען גע־וויסע עקזאַמענס, אום צו קענען קריגען שטע־לען. דער צוועק דערפון איז ניט נאָר צו האָבען פעהיגערע און פּאַסענדערע בעאַמטע, זאָנדערן אָנצוהאַלטען מעהר עהרליכקייט אין דיא רעגיערונגס־קרייזען און אַוועקצונעהמען ביי דיא מיטגליעדער פון קאָנגרעס און ביי איינפלוסרייכע פּאָליטיקער זייער מעגליכ־קייט צו פערשאַפען שטעלען פאַר זייערע פערוואַנדטע, פריינדע און העלפערס. דאָס איז געווען אַ העכסט וויכטיגער שריט אין דעם קאַמפף געגען דיא זאָ־גענאַנטע "ספּאָיל (רויב)־סיסטעם", דאָס הייסט: געגען דעם אַלטען מנהג צו פערטהיילען דיא רעגיערונגס־שטעלען נאָר צווישען דיא אַנהענגער און נאָכשלעפּער פון דער זיעגרייכער פּאַרטיי.

ביי דיא נעכסטע וואַהלען איז אָבער דיא רעפּובליקאַנער געלונגען צו ער־וועהלען זייער פּרעזידענט אין דער פּערזאָן פון בענדזשאַמין העריסאָן, אַן אור־אייניקעל פון דעם גענעראַל הערריסאָן, וועלכער איז געווען פּרעזידענט אין 1841. אונטער זיין אַדמיניסטראַציאָן האָבען דיא רעפּובליקאַנער דורכ־געפיהרט אין 1890 דעם זאָגענאַנטען "מעקינלי טאַריף־ביל", וועלכער האָט בעשטימט אַזעלכע הויכע טאַריפען, אַז דאָס האָט אַרויסגערופען אַן אונצו־פריעדענהייט אפילו אין דיא נאָרדליכע שטאַאטען און האָט שליסליך געפיהרט צו אַ צווייטען זיעג פון דעמאָקראַטישען פּרעזידענט־קאַנדידאַט גראָווער קליוו־לענד אין 1892.

דער "מעקינלי טאַריף־ביל" איז דאַן געענדערט געוואָרען נאָך אַ לאַנגען און ביטערען פּאַרטיי־שטרייט אין קאָנגרעס (אין 1894). מען האָט איינגע־

פיהרט דעם זאָ־גענאַנטען "ווילסאָן טאַריף־ביל", וועלכער האָט פערקלענערט דורכשניטליך דיא אָבצאָהלונגען אויף 25 פראָצענט. האָלץ, וואָל און זאַלץ זיינען געשטעלט געוואָרען אויף דער "פרייער ליסטע", דאָס הייסט: מען האָט געמעגט אימפּאָרטירען דיעזע אַרטיקלען אָהן שום אָבצאָהלונגען. אין דעם זעל־בען ביל האָט מען אויך אַריינגעשטעלט אַ זעהר וויכטיגען פונקט געגען דיא "טראָסטס" אָדער גרויסע קאָמבינאַציאָנען פון קאַפּיטאַל צו קאָנטראָלירען דיא אינדוסטריען און דעם האַנדעל און צו בעשרענקען אַזוי דיא פרייע קאָנקורענץ.


גענעראַל וויליאַם העררימאָן, פּרעזי־דענט אין 1841.


בענדזשאמין העררימאָן, פּרעזידענט פון 1889 ביז 1893.

נאָר דער דאָזיגער טאַריף־ביל האָט נאָך וועניגער צופריעדענגעשטעלט דאָס פאָלק, וויא דער מעקינלי טאַריף־ביל. אין 1893 האָט גראַדע אויסגע־בראָכען אַן אינדוסטריעלער קריזיס. אַ סך פאַבריקען זיינען געשלאָסען גע־וואָרען, און מאַסען אַרבייטער זיינען געבליבען אָהן בעשעפטיגונג.

איידער מען האָט אָנגעפאַנגען צו פיהלען דעם ביטערען קריזיס פון 1893, האָט עס אויסגעזעהען גאָר יום־טוב'דיג. מען האָט גראַדע געפייערט דעם 400־יעהריגען יובילעאום פון דער ענטדעקונג פון אַמעריקאַ דורך קריסטאָפער קאָלומבוס. אין שיקאַגאָ איז לכבוד דיעזען גרויסען יום טוב געווען אַ גרויסע און גלענצענדע וועלט־אויסשטעלונג, וועלכע איז ערעפענט געוואָרען פון פּרע־זידענט קליוולענד.

נאָר אַן עקאָנאָמישען קריזיס איז שווער, אויב ניט אונמעגליך אָבצוהאַלטען מיט קינסטליכע מיטלען, דאַרונטער אויך מיט וועלט־אויסשטעלונגען. דיא "שלעכטע צייטען" זיינען געקומען אין 1893 דורך עקאָנאָמישע אורזאַכען,

וויא דיא פריהערדיגע אינדוסטריעלע און פינאַנציעלע קריזיסען אין אונזער לאַנד אָדער אין איירֿאָפּעאישע לענדער און וויא דער שפּעטערדיגער, דערווייליגע דער לעצטער קריזיס, נעמליך: דיא פינאַנציעלע פּאַניקע אין 1907 בשעת טהעאָדאָר רוזוועלט איז צום צווייטען מאָל געווען פּרעזידענט.

אָבער דיא מאַסען פון פּאָלק האָבען געגלויבט, אַז אין יענעם קריזיס איז נאָר שולדיג געווען דיא דעמאָקראַטישע אַדמיניסטראַציאָן מיט איהר ווילסאָן טאַריף־ביל. דארום האָבען טאַקע אַ סך בירגער געשטימט ביי דיא נעכסטע פּרעזידענט־וואַהלען געגען דיא דעמאָקראַטען, אָבגעזעהען פון אירגענד וועלכע אַנדערע לאַנד־פראַגען אָדער "אישוס", וויא מען רופט עס אויך דעם פּאָליטישען לשון אין יונייטעד סטייטס. נאָך עד היום איז צוליעב דעם זעהר שטאַרק פּער־ברייטעט אַ גלויבען אין אַמעריקאַנער פּאָלק, אַז אונטער אַ דעמאָקראַטישער אַדמיניסטראַציאָן מוזען קומען שלעכטע צייטען אָדער קריזיסען אין דיא גע־שעפטען.

נאָך צו ענדע פון קליוולענד'ס צווייטע פּרעזידענטשאַפט האָט עס זיך בע־זאָנדערס געקאָכט אין גאַנצען לאַנד מיט אַן אַנדער פראַגע — מיט דער בעריהמ־טער זילבער־געלד־פראַגע, "דהי פרי־סילווער אישו". דיא דעמאָקראַטישע פּאַר־טיי האָט שליסליך אריינגענומען אין איהר פּראָגראַם אָדער פּלאַטפאָרם דיא פאָרדערונג פון אַ ראַדיקאַלער דריטער פּאַרטיי, וועלכע האָט געקראָגען דעם נאָמען "פּיפּלס (פּאָלקס) פּאַרטי", און אויך פון מאַנכע וועסטליכע סטייטס, דאָס מען זאָל ערלויבען יעדען איינעם צו בעקומען פאַר זיין זילבער אַזוי פיעל זילבערנע דאָלערס, וויפיעל עס וועט ווענען לויט נאָך דער געזעצליך בעשטימטער פּראָפּאָרציע פון "סיקסטין טו וואָן", דאָס הייסט 16 אונציעס אָדער פונט זילבער פאַר איין אונציע אָדער איין פונט גאָלד.

דער מאַרקעט־פּרייז פון דעם מעטאַל זילבער איז אָבער דאַן בעדייטענד קלענער געווען וויא לויט דיעזער פּראָפּאָרציע. דיא וואָג פון זילבער אין אַ זילבערנעם דאָלאַר איז אין דער ווירקליכקייט ניט ווערטה געווען אפילו אַ העלפט (דאָס הייסט, ניט מעהר פון 50 סענט) אין גאָלד. נאָר דיא אָנהענגער פון דער פרייער זילבער־געלד מאַכעריי האָבען זיך איינגערעדט און אויך גע־וואָלט איינרעדען דיא מאַסען פון אַמעריקאַנער פּאָלק, אַז מען קען קינסטליך, דורך געוויסע געזעץ־פּראָיעקטען, הויבען דעם פּרייז פון זילבער.

אַלס איהר קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט און קעמפּפער פאַר "פרי סילווער" האָט דיא דעמאָקראַטישע פּאַרטיי אַרויסגעשטעלט אין 1896 דעם זעהר טאַלענט־פאָלען רעדנער וויליאַם דזשענינגס ברייען פון סטייט נעבראַסקאַ.

דיא רעפּובליקאַנישע פּאַרטיי האָט זיך ערקלערט געגען "פרי־סילווער" און נאָר פאַר דעם "גאָלד סטענדערד" (דאָס מיינט, אַז נאָר גאָלד זאָל זיין די מאָס פון געלד). דערפאַר האָבען דיא רעפּובליקאַנער דאַן געקראָגען דיא צונעמענעס

"גאָלד באָגס". זייער קאנדידאט פאר פרעזידענט איז געווען וויליאם מעק־קינלי, דער פאטער פון דעם בעריהמטען טאריף־ביל, וועלכער האָט געטראָגען זיין נאָמען.

דער קאמפף פאר, זאָ צו זאָגען, "ביליגע געלד" איז ניט געווען א נייער אין 1896. דיא אייגענטהימער פון דיא זילבער־מינען אין דיא וועסטליכע שטאאטען און טעריטאָריעס האָבען שוין אין דיא 70־ער יאָהרען זיך אָנגעכאפט אָן דיא איינגעבילדעטע גליקען פון "פרייע און אונבעשרענקטע זיל־בער־געלד". עס האָט זיך דאַן געדרעהט אין לאנד מיט זילבער־דאָלערס, וועלכע מען האָט גערופען "דיא דאָלארס פון אונזערע פאָטערס", נאָך אפשר מעהר, וויא אין 1896 בשעת ברייען איז צום ערשטען מאָל "געלאָפען" פאר פרעזידענט פון יונייטעד סטייטס און איז שיער ניט ערוועהלט געוואָרען.

אין 1874 איז אויפגעקומען א נייע פאָליטישע פארטיי, וועלכע איז פער־צייכענט געוואָרען אין דער געשיכטע פון יונייטעד סטייטס מיט'ן נאָמען "גרינבעק פארטיי". דאָס מיינט אייגענטליך "אַסיגנאציע־פארטיי". אין דער צייט פון דעם בירגער קריעג האָט דיא רעגיערונג אַרויסגעלאָזען א מאסע אַסיג־נאציעס, אום דערמיט צו קענען צאָהלען שולדען. דיא דאָזיגע אַסיגנאציעס האָט מען גערופען "גרינבעקס", ווייל זייערע, זאָ צו זאָגען, רוקענס זיינען געווען געדרוקט מיט גרינע פארב. זייער קורס אָדער זייער ווערטה אין גאָלד איז נאטירליך אַלץ מעהר געפאַלען, וואָס מעהר דיא רעגיערונג האָט זיי געדרוקט. אַרום 1864 האָט מען געמוזט געבען דריי "גרינבעקס" פאר איין גאָלד־דאָלאר.

קורץ, עס האָט זיך אין יונייטעד סטייטס ווידערהאָלט דיא זעלבע געשיכטע מיט אַסיגנאציעס, וויא אין אַנדערע לענדער. דיא געשיכטע פון פינאַנצען איז פול מיט ביישפיעלען, וויא רעגיערונגען האָבען אַליין אַרויסגערופען פינאַנציעלע קראכען, ווייל זיי האָבען ניט געוואָלט זיך רעכענען מיט דיא עקאָנאָמישע געזעצע און האָבען געמיינט, אַז זיי קענען קינסטליך אָנהאַלטען זייער געפאַלענעם קרעדיט און פשוט "שאפען" געלד. מען דארף קיין מאָל ניט פערגעסען, אַז דער שטעמפעל פון א רעגיערונג אויף אַן אַסיגנאציע קען ניט האָבען א געלד־ווערטה זאָלאַנג דיא רעגיערונג האָט ניט גענוג גאָלד אויסצוקויפען צו יעדער צייט איהרע קרעדיט־פאפיערען. זאָל, למשל, דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס היינט אויפהערען אויסצובייטען פאפיער־געלד אויף גאָלד, וועלען אַלע אונזערע פאפיערענע דאָלארס באַלד פערלירען אירגענד וועלכען ווערטה.

נאָר נאָך דעם גרויסען קריזיס פון 1873, וועלכער איז שוין אויבען דער־מאָהנט געוואָרען, האָט עס אזוי געקראכט, אַז מען האָט זיך איינגעבילדעט, דאָס מיט אַסיגנאציעס וועט מען קענען שנעלער פטור ווערען פון זיינע נאָכ־וועהענעסען. איינער פון דיא פונקטען פון דער פלאטפאָרם אָדער פראָגראַם פון דער "גרינבעק פארטיי" האָט געלויטעט, אַז דיא נאַציאָנאַלע רעגיערונג זאָל

ארויסלאָזען אסיגנאציעס, "בעגרינדעט אויף דעם עהרען־וואָרט און אויף דיא רעסורסען פון דער נאציאָן". דאָס וואָלט געווען אויסגעצייכענט, ווען אויך אויסלענדער וואָלטען זיך דארויף פערלאָזען און וואָלטען אָנגענומען אזעלכע אסיגנאציעס פונקט וויא גאָלד.

אין זומער פון 1876 האָט דיעזע זעהר קוריעזע פּארטיי אָבגעהאַלטען א קאָנווענציאָן אין איגדיאנאפּאָליס און האָט נאָמינירט איהרע אייגענע קאנדידאטען פאר פּרעזידענט און וויס־פּרעזידענט (זיי האָבען דאן געצויגען קנאפּע 82 טויזענד שטימען). נאָכהער האָבען זיך דיא "גרינבעקערס" פעראייניגט מיט א געוויסער "ליבאר רעפאָרם פּארטי", וועלכע האָבען צוזאמען געצויגען אין 1878 ביז צו א מיליאָן שטימען און האָבען אויסגעוועהלט 14 פערטרעטער אין קאָנגרעס.

אין דיא 80־ער יאָהרען איז דיא "גרינבעק פּארטי" צופאַלען געוואָרען. נאָר א גרויסער טהייל פון איהרע מיטגליעדער איז צוגעשטאנען צו דער אויבען דערמאָנטער "פּיפּלס פּארטי", וועלכע איז געגרינדעט געוואָרען אין 1891 און וועלכע איז עס צוזאמענגעשמאָלצען געוואָרען מיט דער דעמאָקראַטישער פּארטיי אין 1896, ווען ברייען איז נאָמינירט געוואָרען פאר פּרעזידענט מיט דעם זילבערנעם קריעגס־געשריי: "סיקסטין טו וואָן".

מיר זעהען אלזאָ, אז דער קאמפּף פאר "פרי סילווער מאָני" אָדער בכלל פאר "ביליגע געלד", צי אין דער געשטאַלט פון אסיגנאציעס צי אין דער געשטאַלט פון זילבערנע דאָלארס, האָט זיך געצויגען א פערטעל יאהרהונדערט. עס קען זיין, אז ער וואָלט שטילערהייט אויסגעגאנגען, ווען אין 1893 וואָלט ניט פּאסירט אן אנדער עקאָנאָמישער קריזיס. דאָס האָט אָבגעלעבט דיא אמאָליגע "גרינבעקערס" און בכלל דיא יעניגע, וואָס האָבען זיך נים געוואָלט בוקען צום "גאָלדענעם קרייץ" אָדער צו דער "גאָלדענער קאלב", וויא מען האָט דאן גערופען דעם "גאָלד סטענדערד". זיי האָבען דאן אָנגעפאנגען צו פאָדערען, אז מען זאָל פּרעגען אָדער שטעמפּלען זילבער־דאָלארס אין דער פּראָפּאָרציע פון "16 צו 1" גאָר אָהן שום גרענעץ — אָט וויפיעל זילבער איינער זאָל נים ברייגגען אין דער יונייטעד סטייטס טרעזשורי (שאץ־אמט, קאזנא), זאָל מען איהם גלייך אָבצעהלען זילבערנע דאָלארס נאָך דער וואָג פון זיין זילבער (אראָפּרעכענענדיג נאטירליך א גאנץ קליינעם פּראָצענט פאר דיא קאָסטען פון שמעלצען און שטעמפּלען דיא זילבערנע דאָלארס).

דער רעזולטאט פון דיא וואהלען אין 1896 איז געווען, אז דיא "גאָלד באָגס" אָדער דיא רעפּובליקאנער צוזאמען מיט דיא "גאָלד־דעמאָקראטען" אָדער קליוולענדיסטען האָבען בעזיעגט דיא "זילבער־דעמאָקראטען" אָדער ברייענים־טען. דיא "פרי־סילווער" בעוועגונג איז זייט דאן אלץ שוואכער געוואָרען, און

היינט איז זיא שוין, מעג מען זאָגען, אין גאַנצען אָבגעשטאָרבען און אויך בע־גראָבען געוואָרען. גאָלד זיצט אַליין אויף דעם געלד־טראָן אַזוי פעסט אין אונ־זער רעפּובליק, וויא אין ענגלאַנד, פראַנקרייך, דייטשלאַנד און בכלל אין אַלע ציוויליזירטע לענדער. זילבער איז היינט ניט מעהר יחסן פאַר אירגענד וועלכע אַנדערע סחורות אויף דעם וועלט־מאַרקעט. דיא אַלוועלטליכע מאָס פון געלד איז נור גאָלד.



צוועלפטער קאַפּיטעל.

# פון דער מלחמה מיט שפּאַניען ביז אונזערע טעג

צו דער צייט, ווען וויליאם מעק־קינלי איז געוואָרען פּרעזידענט, האָט עס זיך אויך גערודערט אין גאַנצען לאַנד מיט אַן אויפשטאַנד אין קובאַ געגען דיא שפּאַנישע הערשאַפט. דאָס גאַנצע אַמעריקאַנער פאָלק האָט אין העכסטען גראַד סימפּאַטיזירט מיט דיא קובאַנער, וועלכע האָבען יאָהרען לאַנג געפיהרט אַן אונגלייכען קאַמפּף מיט דיא שפּאַניער. דערצו נאָך האָבען דיא האַנדעלס־אינטערעסען פון אונזער רעפּובליק זעהר פיעל געליטען דורך דיא שטענדיגע אונרוהען און בלוט־פערגיסונגען אויף דיעזען גרעסטען און רייכסטען פון אַלע וועסט־אינדישע אָדער אַנטילען אינזלען. פיעלע צוקער־פּלאַנטאַציעס, וועלכע האָבען געהערט צו אַמעריקאַנער בירגער און קאָמפּאַניעס, זיינען אויך פערניכטעט געוואָרען דורך דעם אויפשטאַנד.


וויליאם מעק־קינלי.

דיא לאַגע פון קובאַ איז צו ענדע פון 19טען יאהרהונדערט געוואָרען אַזאַ שרעקליכע, אַז דיא רעגיערונג פון דיא פעראייניגטע שטאַאטען האָט זיך געמוזט אַריינמישען אין נאָמען פון מענשליכקייט, פון אָרדנונג און פון דיא אינטערעסען פון האַנדעל און אינדוסטריע. וואָס לענגער דער אויפשטאַנד האָט זיך געצויגען אין קובאַ, איז אַלץ קלאָרער געוואָרען, אַז ער וועט זיך ענדיגען אָדער מיט דער בעפרייאונג אָדער פּשוט מיט דער אויסראָטונג פון קובאַנער פאָלק.

ארום 1898 האָט עס גראָדע געהאַלטען דערביי, אַז דיא שפּאַנישע אַרמעע אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר ווייַלער וועט טאַקע אויסראָטען דיא גאַנצע בעפעלקערונג, מייסטענס נעגערן און מולאַטען.

דער קאַמפּף איז געפיהרט געוואָרען מיט ווילדע רציחות פוןביידע זייטען. דיא קובאַנער רעוואָלוציאָנערען האָבען געשוואָרען, אַז זיי וועלען ניט אוועק־לייגען דיא געוועהר ביז זיי וועלען ניט פעריאָגען דיא שפּאַנישע טיראַנען און גרינדען אַן אונאַבהענגיגע רעפּובליק, און דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט זיך מיט אַ בלינדען צאָרן איינגעשפּאַרט ניט נאָכצוגעבען אפילו גאַנץ מעסיגע פאָדערונגען וועגען זעלבסט־פערוואַלטונג. דיא שפּאַניער האָבען ניט געזעהן אָדער ניט געוואָלט זעהען אין זייער עקשנות, אַז זיי וועלען שליסליך פערלירען קובאַ אַזוי וויא זיי האָבען פערלאָרען אַלע אַנדערע זייערע קאָלאָניעס אין דער נייער וועלט, אויב זיי וועלען ניט בעצייטענס נאָכגעבען.

אין אָנפאַנג פון 19טען יאהרהונדערט האָט שפּאַניען נאָך אָנגעהאַלטען איהר ריזיגע קאָלאָניאַלע אימפּעריע אין דער נייער וועלט. דיא שפּאַנישע מלכים פלעגען זיך בעריהמען, אַז אין "זייער קאָלאָניאַלער אימפּעריע געהט דיא זון קיינמאָל ניט אונטער", אַזוי וויא אין אונזערע צייטען בעריהמען זיך דיא ענגלענדער מיט זייער קאָלאָניאַלער אימפּעריע. דאָס איז טאַקע געווען ריכטיג. נאָר אין אַ קורצער צייט האָט שפּאַניען פערלאָרען איין קאָלאָניע נאָך דער אַנדע־רער אין דער נייער וועלט, אַלץ ווייל איהרע הערשער האָבען ניט פערשטאַ־נען, וויא צו בעפרידיגען דיא גערעכטע פאָדערונגען פון דיא קאָלאָניסטען. זיא איז געבליבען בלויז מיט דיא אינזלען קובאַ און פּאָרטאָ ריקאָ אין דער נייער וועלט און מיט דיא פיליפּינען אין אַזיען, ווייל דיא בעפעלקערונגען דאָרטען האָבען אַליין ניט געקענט אָרונטערשליידערען פון זיך דעם שפּאַני־שען יאָך.

וואָס אַנבעלאַנגט צו קובאַ, זאָ האָט מען אין יונייטעד סטייטס שוין פון לאַנג געקוקט אויף דיעזען "פּערל פון דיא אַנטילען", וויא אויף אַ טהייל פון אונזער רעפּובליק. אין 1845 האָט דיא אַמעריקאַנער רעגיערונג פאָרגעשלאָגען 100 מיליאָן דאָלאַר דער שפּאַנישער רעגיערונג פאַר קובאַ. דיא זידליכע שטאַאַ־טען האָבען דאַן געוואָלט אַריינקריגען דיעזען אינזעל, וואָס איז אַזוי גרויס וויא פּענסלווייניא, אום דורך דעם צו פערשטאַרקען זייער פּאָזיציאָן געגען דיא נאָרד־ליכע שטאַאטען און בכלל געגען דיא אַבאָליציאָניסטען. דיא שפּאַנישע רע־גיערונג האָט זיך אָבער ענטשיעדען ענטזאַגט פון דיעזען מסחר. פון דיא זידלי־כע שטאַאטען האָט מען נאָכהער אַרויסגעשיקט עטליכע געהיימע עקספּעדיציעס אין קובאַ, אום אַרויסצורופען אַן אויפשטאַנד געגען דיא שפּאַנישע הערשער און אַזוי צו פערכאַפּען דעם אינזעל. אָבער דאָס איז דאַן ניט געלונגען. דיא נאָרדליכע שטאַאטען זיינען יעדענפאַלס געווען ענטשיעדען געגען אַן אָבקויפונג אָדער פערכאַפּונג פון קובאַ, ווייל זיי האָבען ניט געוואָלט פערשטאַרקען דיא שוואַרצע שקלאַווערייַ אין יונייטעד סטייטס.

אין 1868 האָט אויסגעבראָכען אַ בעזאָנדערס גרויסער אויפשטאַנד אין

קובא. אַבוואָהל דער דאָזיגער אויפשטאַנד האָט זיך געצויגען אַ יאָהר צעהן, האָט זיך אונזער רעפּובליק פּערהעלטניסמעסיג וויינינ אריינגעמישט דאַן, ווייל זיא האָט געהאַט גענוג אייגענע צרות נאָך דעם בירגער קריעג. נאָר צום סוף פון לעצטען יאהרהונדערט האָט דיא אַמעריקאַנער נאַציאָן אָנגעפאַנגען אַלץ שאַר־פער צו פאָרדערען, אַז מען זאָל זיך אריינמישען און ענדליך אין גאַנצען בע־פרייען קובאַ, ווען עס וועט אפילו אויסקומען צו פיהרען דעריבער אַ מלחמה מיט שפּאַניען.

פּרעזידענט מעק־קינלי האָט אויך זעהר שטאַרק סימפּאַטיזירט מיט דיא קובאַנער, אָבער ער האָט דאָך ניט געוואָלט נעהמען אויף זיך דיא שווערע פער־אַנטוואָרטליכקייט פאַר אַ מלחמה אפילו מיט אַזאַ שוואַכער אייראָפּעאישער מאַכט וויא שפּאַניען. ער האָט אַלץ געהאָפט, אַז מען וועט וויא עס איז קענען קומען צו אַ פערשטענדיגונג מיט דער שפּאַנישער רעגיערונג פון איין זייט און מיט דיא קובאַנער רעוואָלוציאָנערען פון דער אַנדער זייט. ער האָט גערעכענט, אַז דיא שפּאַנישע רעגיערונג וועט שליסליך צושטימען, דאָס קובאַ זאָל קריגען אָטאָנאָמיע. עס איז זעהר מעגליך אַז קובאַ וואָלט נאָך ביז היינט צו טאָג געבליבען אַ שפּאַנישע קאָלאָניע, אויב דיא שפּאַנישע רעגיערונג וואָלט בעצייטענס געפאָלגט דעם גוטען ראַטה פון דער אַמעריקאַנער רעגיערונג; אָבער גראַדע האָט געטראָפען עטוואָס גאַנץ אונגעוועהנליכעס, וואָס האָט צוקלאַפּט אַלע פריעדליכע רעכנונגען און געטריבען צו אַ מלחמה מיט דער קראַפט פון אַ וויל־דען שטורמווינד.

דאָס איז געווען דיא עקספּלאָזיאָן פון דער אַמעריקאַנער שלאַכט־שיף „מעין" אין דעם האַפען פון האַוואַנאַ אין דער נאַכט פון 15טען פעברואר 1898.

צוויי אָפיצירען און 264 מאַטראָזען זיינען אומגעקומען בשעת דיעזע שיף איז אויפגעריסען געוואָרען און איז געזונקען. וועגען דיא אורזאַכען פון דיזער עקספּלאָזיאָן האָבען געהערשט פערשיעדענע מיינונגען. פון דער אַמעריקאַנער זייט האָט מען בעהויפּטעט, אַז דיא „מעין" איז אויפגעריסען געוואָרען דורך אַ טאָרפּעדאָ אָדער באָמבע פון דרויסען, און פון דער שפּאַנישער זייט האָט מען בעהויפּטעט, אַז דיא עקספּלאָזיאָן איז געקומען פון אינעווייניג, דורך עפּעס אַן אינערליכע סבה. דיא וואַשינגטאָנער רעגיערונג האָט דאַן געשיקט אַ ספּעציעלע קאָמיסיאָן פון עקספּערטען נאָכצופאָרשען אויף'ן אָרט דיא ריכ־טיגע אורזאַכען פון דעם שוידערליכען אונגליק, און דער רעזולטאַט איז גע־ווען, אַז דיעזע קאָמיסיאָן האָט שליסליך ערקלערט, דאָס דיא „מעין" איז צו־שטערט געוואָרען דורך אַן עקספּלאָזיאָן פון אַ מינע אונטער'ן וואַסער. דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט עס ענערגיש געלייקענט און האָט פאָרגעשלאָגען, אַז מען זאָל אויסקלייבען אַן אינטערנאַציאָנאַלע קאָמיסיאָן פון מיליטערישע אינ־זשעניערען און עקספּערטען פאַר דיעזע אונטערזוכונג; אָבער אונזער רעגיערונג

האָט זיך ענטזאַגט פון דיעזען פאָרשלאַג, ערקלערענדיג אַז זיא פערלאָזט זיך אויף איהרע אייגענע עקספערטען.

יעדענפאַלס, וועלכע אורזאַכען עס האָבען ניט אַרויסגערופען דיא עקספלאָ־זיאָן פון דער שלאַכט־שיף "מעין", האָט עס זיך אָבגערופען מיט אַ געוואַלדיגען שטורם פון צאָרן אין גאַנץ יונייטעד סטייטס געגען שפּאַניען. פון אַלע זייטען האָט מען געפאָדערט ראַכע פאַר דיא אָפּפער פון דער "מעין" און געשריען: "רעמעמבער דהי מעין! ניעדער מיט דער שפּאַנישער הערשאַפט אין דער נייער וועלט! עס לעבע דיא פרייע קובאַ!" מען האָט זיך געריסען צו געהן אין קריעג געגען שפּאַניען. אַזאַ קריעגערישער שטראָם האָט שליסליך אויך מיט־געריסען פּרעזידענט מעק־קינלי און אַלע זיינע ראַטהגעבער, וועלכע האָבען נאָך אַלץ געהאָפט צו קומען וויא עס איז צו אַ פריעדליכען אָבמאַך מיט שפּאַניען מכח קובאַ.


אדמיראַל דיואי.

דעם 25טען אַפּריל 1898 האָט דער קאָנגרעס אָפיציעל ערקלערט קריעג צו שפּאַניען, אום צו בעפרייען קובאַ. דיעזע מלחמה האָט זיך שנעל געענדיגט מיט אַ פאָלשטענדיגער נידערלאַגע פון שפּאַניען. עס איז געוועזען פּשוט אַ משוגעת פון דער שפּאַ־נישער רעגיערונג ניט נאָכצוגעבען דיא גערעכטע פאָרדערונגען פון יונייטעד סטייטס, ווען זיא האָט צו גוט געוואוסט, וויא שוואַך שפּאַניען איז אין יעדען פּרט אין פערגלייך מיט דער מעכטיגער אַמעריקאַנער רעפּובליק. מיט איהר איז טאַקע אויסגעקומען, וויא מען זאָגט: אַז גאָט וויל איינעם בעשטראָפען, מאַכט ער איהם פריהער בלינד.

דיא ערשטע שלאַכט פון דיעזער מלחמה איז גראַדע געשעהען ניט אין אַמעריקאַ, נאָר אין אַזיען. אַ פלאָטע פון 6 אַמעריקאַנער קריעגס־שיפען אונטער דער קאָמאַנדע פון אַדמיראַל דיואי האָט פערניכטעט אַלע שפּאַנישע קריעגס־שיפען אין דעם פּאָרט פון מאַנילאַ, דיא הויפּט־שטאָדט פון דיא פיליפּינער אינזלען. דאָס איז געשעהען דעם 1טען מאַי 1898, פינף טעג נאָך דער קריעגס־ערקלערונג, און דער רעזולטאַט דערפון איז, וואָס אונזער רעפּובליק איז אויך געוואָרען אַ קאָלאָניאַלע אימפּעריע און בעהערשט דיעזע 400 אַזיאַטישע אינזלען, וועלכע פערנעהמען צוזאַמען 40 טויזענד סקוועער מיילען און זיינען בעפעלקערט פון 8 מיליאָן נפשות, מייסטענס פון דער מאַלאַיער ראַסע.

דיא צווייטע און אויך דיא לעצטע שלאַכט אויף'ן ים איז פאָרגעקומען מיט

צוויי מאָנאַט שפּעטער לעבען די ברעגען פון קובאַ. די בעסטע און נייעסטע פון די שפּאַנישע קריעגס־שיפען אונטער דער קאָמאַנדע פון אַדמיראַל סערוועראַ האָבען זיך אריינגעכאַפּט וויא עס איז אין דעם פּאָרט פון סאַנטיאַגאָ, קובאַ, וואו זיי זיינען פערבליבען אונטער דעם שוץ פון די דאָרטיגע פעסטונגען ביז די אַמעריקאַנער אַרמעע אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל שעפטער האָט געשטורמט דעם באַרג סאַן זשואַן און פעריאָגט פון דאָרטען די שפּאַנישע סאָלדאַטען. די שלאַכט פון סאַן זשואַן (דעם 1טען יולי 1898) איז אייגענטליך געווען די איינציגע וויכטיגע יבשה־שלאַכט פון דיעזען קריעג. אַזוי שנעל וויא אַדמיראַל סערווערא איז אַרויס מיט זיינע שיפען פון דעם פּאָרט פון סאַנטיאַגאָ, איז ער אַטאַקירט געוואָרען פון אַמעריקאַנער קריעגס־שיפען אונטער דער קאָמאַנדע פון אַדמיראַל שלעי, וועלכער האָט געהאַלטען די שפּאַניער, זאָ צו זאָגען, פערקאָרקעוועט אין דיעזען קובאַנער פּאָרט מיט אַ זעהר שמאָלען אַריינפאָהר. אין אַ פּאָר שטונדען זיינען די שפּאַנישע שיפען צושטערט געוואָרען, און אַדמיראַל סערוועראַ האָט זיך געמוזט אונטערגעבען מיט זיינע לעבעדיג געבליעבענע אָפיציערען און מאַטראָזען (דעם דריטען יולי 1898).

דאָס איז געווען דער סוף פון דיעזער אונגלייכער מלחמה. שפּאַניען איז געבליבען אָהן אַ פלאָטע און האָט זיך דאַרום געמוזט געזעגענען ניט נאָר מיט קובאַ, וועלכע איז טאַקע געוואָרען אַ זעלבסטשטענדיגע רעפּובליק אונטער דעם שוץ פון יונייטעד סטייטס, זאָנדערן אויך מיט פּאָרטאָ ריקאָ (די לעצטע שפּאַנישע פּאָסעסיע אין דער נייער וועלט), מיט גואַם (אַ קליינער אינזעל אויף דעם פּאַסיפיק אָקעאַן) און מיט די פיליפּינען. קיין קאָנטריבוציע האָט אונזער רעפּובליק ניט פערלאַנגט פון דעם פעראָרימטען שפּאַנישען פאָלק. פאַר די פיליפּינען האָט זיא נאָך בעצאָהלט 20 מיליאָן דאָלאַר דער שפּאַנישער רעגיערונג. אָפיציעל האָט עס געהייסען, אַז מען בעצאָהלט פאַר די עפענטליכע געביידעס, וואָס שפּאַניען האָט דאָרטען אויפגעבויט אין דער צייט פון איהר לאַנגער הערשאַפט, וועלכע האָט אויך דאָרטען אַרויסגערופען שרעקליכע אויפשטאַנדען.

אונזער רעפּובליק האָט אַזוי גע׳ירש׳עט די לעצטע שפּאַנישע קאָלאָניעס. פון דער ריעזיגער שפּאַנישער קאָלאָניאַלער אימפּעריע אין דער נייער וועלט איז נאָר געבליבען אַן אַנדענקען אין דער וועלט-געשיכטע — און דאָס אויך מייסטענס אַ זעהר טרויעריגער. איינער פון די וויכטיגסטע רעזולטאַטען פון דיזער מלחמה, וועלכע האָט אַרויסגעוויזען אויף די ריזיגע מיליטערישע מאַכט פון אַמעריקאַנער פאָלק, איז געווען אַ גרויסע ענדערונג אין דער אויסווערטיגער פּאָליטיק פון יונייטעד סטייטס. מען מעג זאָגען, אַז אונזער לאַנד

איז דאַן ארויס פון איהרע "נײַ־װעלטיגע" גרענעצען, װיא זיי זיינען בעשרענקט געװאָרען פון דער מאָנראָו דאָקטרין.

װיא דאָס איז שוין ערקלערט געװאָרען אין אַ פאָריגען קאַפּיטעל, האָט פּרעזידענט מאָנראָו אָנגענומען דיא פּאָליטיק, װעלכע װערט אויסגעדריקט אַם קורצעסטען און שאַרפסטען מיט דיא װערטער: "אַמעריקאַ פאַר דיא אַמעריקאַנער". נאָך דער דאָזיגער פּאָליטיק האָט אונזער רעפּובליק שטענדיג געזוכט ניט נאָר צו בעשיצען דיא גאַנצע נייע װעלט געגען מעגליכע פערכאַפּונגען פון דיא אייראָפּעאישע מלוכות, זאָנדערן אויך אויסצומיידען פערדרעהעניסען און אַריינמישונגען אין אייראָפּעאישע שטרייטען און אַנגעלעגענהייטען.

װיא באַלד אָבער אונזער רעפּובליק איז אויך געװאָרען אַ קאָלאָניאַלע מאַכט אין אַזיען, האָט דאָס שוין געמוזט פיהרען צו אַן אַנדער װענדונג אין דער װעלט־פּאָליטיק, צו אַ נייער דאָקטרין אין אונזער אויסװערטיגער פּאָליטיק. דיא פּאַסעסיע פון קאָלאָניעס פּאָרדערט נאַטירליך גרעסערע מיליטערישע בעװאַפּ־נונגען, שטאַרקערע אַרמעען און פלאָטען. דיא גרויסמעכטע פון דער אַלטער װעלט האָבען זיך זייט דאַן צו רעכענען מיט יונייטעד סטייטס ניט בלויז אין דער נייער װעלט, זאָנדערן אויך אין דער װעלט־פּאָליטיק בכלל.

דיא אנהענגער פון דער "מאָנראָו דאָקטרין" און בכלל פון דער אַלטער אויסװערטיגער פּאָליטיק פון יונייטעד סטייטס זיינען גאָר ניט צופריעדען גע־װען מיט אַזאַ רעזולטאַט פון דער זיעגרייכער מלחמה מיט שפּאַניען. ביי דיא פּרעזידענט־װאַהלען פון 1900 האָט מען דאַרום אויך געפיהרט דעם װאַהל־קאַמפּף אַרום דעם זאָ־גענאַנטען "אימפּעריאַליזמוס". צו אַלע פריהערע אינער־ליכע שטרייטען צװישען דיא צװיי גרויסע פּאַרטייען פון אונזער לאַנד, דיא רעפּובליקאַנישע און דעמאָקראַטישע, איז צוגעקומען אַן אויסװערטיגער שטרייט. דיא דעמאָקראַטישע פּאַרטיי איז אַרויסגעטראָטען געגען דיא קאָלאָניאַלע פּאָ־ליטיק פון דיא רעפּובליקאַנער און ספּעציעל געגען דיא אַרט און װייזע, װיא אונזער רעגיערונג האָט בעהאַנדעלט דיא פיליפּינער רעװאָלוציאָנערען, װעלכע האָבען אויך אָנגעפאַנגען אַן אויפשטאַנד געגען זייערע נייע הערשער, װען זיי האָבען זיך איבערצייגט, אַז זיי װעלען ניט קריגען דיא געװינשטע אונאַבהענ־גיגקייט. דיא דעמאָקראַטען און בכלל דיא אַנטי־אימפּעריאַליסטען האָבען גע־פּאָרדערט, אַז מען זאָל באַלד בעװיליגען דעם פערלאַנג פון דיא געבילדעטע פיליפּינער צו גרינדען אַ זעלבסטשטענדיגע רעפּובליק. דיא געגנער פון דער נייער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק האָבען גע׳טענה׳ט, אַז עראָבערונגען און קאָלאָניאַלע פערכאַפּונגען זיינען אַ געפאַהר פאַר דיא עקזיסטענץ פון אונזער פּעדעראַטיװער דעמאָקראַטישער רעפּובליק און שטימען אויף קיין פאַל ניט מיט דעם גייסט פון אונזער קאָנסטיטוציאָן. זיי האָבען אויך גע׳טענה׳ט, אַז דיא אימפּעריאַליסטישע פּאָליטיק, װעלכע פיהרט צו אינטערנאַציאָנאַלע פּערדרע־

העניסען און פארדערט גרעסערע בעוואפנונגען אויף דער יבשה און אויף'ן ים, אלזא א שטארקערען מיליטאריזם, קען נאך פיהרען צו א מאנארכיע אין אונזער לאנד.

נאר דיא מאיאריטעט פון אמעריקאנער פאלק, וואס איז געווען העכסט צופריעדען מיט דיא רעזולטאטען פון דיזער מלחמה, האט זיך ניט איבערגעשראקען פאר דעם אימפעריאליזם און האט ווידער געשטימט פאר דיא רעפובליקאנער. וויליאם מעק־קינלי איז דארום צום צווייטען מאל ערוועהלט געווארען פרעזידענט (אין 1900), אבער איהם איז ניט בעשערט געווען צו ענדיגען דעם צווייטען טערמין. א מערדערישע האנד האט געמאכט א סוף פון זיין לעבען אין 1901 בשעת ער האט בעזוכט דיא פאן־אמעריקאנער אויסשטעלונג אין באפאלא. דער מערדער איז געווען א יונגער אנארכיסט מיט'ן נאמען לעאן טשאלגאש, וועלכער האט געשטאמט פון פוילישע עלטערן, נאר איז געבארען געווארען אין יונייטעד סטייטס.

דאס איז אלזא געווען דאס דריטע מאל אין דער קורצער צייט פון דער עקזיסטענץ פון יונייטעד סטייטס, וואס א פרעזידענט איז ערמארדעט געווארען. לאמיר האפען אז דאס וועט שוין זיין דאס לעצטע מאל.


טהעאדאר רוזוועלט.

דער וויס־פרעזידענט איז דאן געווען טהעאדאר רוזוועלט, וועלכער איז געווארען פאפולער פאר זיין אנטהייל אין דער מלחמה מיט שפאניען אלס דער פאלקאווניק פון א ספעציעלען וואלאנטירען־רעגימענט אונטער דעם נאמען "ראף ריידערס". צוזאמען מיט זיין רעגימענט האט ער זיך אויסגעצייכענט אין דער אויבען דערמאנטער שלאכט פון סאן זשואן לעבען סאנטיאגא. נאך דעם אלגעמיין בעדויערטען טויט פון מעק־קינלי איז ער גלייך, לויט דיא פארשריפטען פון דער קאנסטיטוציאן, געווארען פרעזידענט. ער האט ערקלערט, אז ער וועט פארזעצען דיא אינערליכע און אויסווערטיגע פאליטיק פון זיין פארגענגער, און אזוי איז עס טאקע אנפאנגס געווען.

דאס לאנד איז דערווייל אלץ געוואקסען אין בעפעלקערונג און אין רייכטהום. דיא געלד־פראגע, וועלכע איז געווען דיא ברענעדיגסטע אין גאנצען לאנד ביי דיא פרעזידענט־וואהלען אין 1896, איז אראפ פון דער פאליטישער פלאטפארמע מיט א יאהר 4 שפעטער, ווען דיא הערשענדע רעפובליקאנישע

פארטיי האט שליסליך דורכגעפיהרט אין קאנגרעס, אז נאר גאלד זאל אנערקענט ווערען אין יונייטעד סטייטס אלס דיא מאס פון געלד (גאלד־סטענדערד).

וואס אנבעלאנגט צו דער שטענדיגער שטרייט־פראגע מכח א שוץ־צאל אדער פראטעקטיוו טאריף, איז זיא דאן גראדע בעזאנדערס איינגעשטילט גע־ווארען דורך דעם זא־גענאנטען "דינגלי טאריף־ביל". דער דאזיגער טאריף־ביל איז איינגעפיהרט געווארען אויף דעם פלאץ פון דעם אויבען־דערמאנטען ווילסאן טאריף־ביל אונטער דער צווייטער פרעזידענטשאפט פון גראווער קליוולענד. ער האט געהאט מעהר מזל פאר אנדערע אזעלכע בילס, וועלכע זיינען און מוזען נאטירליך זיין קאמפראמיסען (פשרות) צווישען א סך פעראינ־טערעסירטע און קעמפפענדע צדדים. אויף דעם דינגלי טאריף־ביל האבען דיא רעפובליקאנער בעזאנדערס זיך געשטיצט אין זייער קאמפף געגען דיא דעמאקרא־טען און אלע אנדערע זייערע פאליטישע געגנער אין לאנד ביז צו דיא פרעזי־דענט־וואהלען פון 1908, ווען זיי האבען געמוזט פערשפרעכען א פערקלענערונג פון דיא הויכע אבצאלונגען אויף געוויסע אימפארטירטע סחורות.

אזוי וויא מיר האלטען ביי דער טאריף־פראגע, וועלכע איז אלץ געבליבען דיא וויכטיגסטע און דיא ברענענדיגסטע "אישו", ווילען מיר דא אביסעל פער־לויפען פאראוים און ווילען פערצייכנען, דאס דער דינגלי טאריף־ביל, וועלכער האט אויסגעהאלטען זייט 1897 אלע אטאקעס און באמבארדירונגען פון דיא דע־מאקראטען און געגנער פון טאריפען בכלל, איז רעווידירט געווארען אויף א ספעציעלע סעסיע פון דעם 61טען קאנגרעס, וואס דער פרעזידענט וויליאם טאפט האט צוזאמענגערופען אין 1909. דער רעזולטאט פון דיעזער רעוויזיאן איז געווען דער זא־גענאנטער "פעין־אלדרידזש טאריף־ביל", וועלכער האט גלייך פון אנפאנג ארויסגערופען אזוי פיעל אונצופריעדענהייט אין לאנד, אז פון אלע זייטען האט מען אנגעפאנגען צו פערלאנגען פערשיעדענע ענדערונגען און אז דורך דעם איז אויך דיא רעפובליקאנער פארטיי דורכגעפאלען ביי דיא קאנ־גרעס־וואהלען אין 1910 און פרעזידענט־וואהלען אין 1912.

לאמיר זיך אומקעהרען צום אנפאנג פון 20טען יאהרהונדערט. דער זיעג־רייכער סוף פון דער מלחמה מיט שפאניען האט אלץ ווייטער געפיהרט און געמוזט פיהרען אויף דעם וועג פון א פעסטער אימפעריאליסטישער פאליטיק. אום צו קענען בעסער בעשיצען דיא פיליפינען, האט מען געמוזט פערנעהמען צוויי אנדערע סטראטעגישע פאזיציעס אויף דעם פאסיפיק אקעאן, נעמליך: דיא האוואאי, אדער סענדוויטש אינזלען און א טהייל פון דיא סאמאא אינזלען, וועלכע ווערען בענוצט בעזאנדערס אלס קאהל־סקלאדען אדער קאולינג־סטיי־שענס פאר דיא קריעגס־שיפען. אין פאל פון א מלחמה האבען אזעלכע פלעצער אן אונגעהייער גרויסע בעדייטונג.

א וויכטיגער רעזולטאט פון דער מלחמה מיט שפאניען איז אויך דער, וואס דער פאנאמא־קאנאל ווערט יעצט געגראבען אויף דער רעכנונג פון אמעריקאנער פאלק. דער דאזיגער קאנאל האט א זעהר לאנגע געשיכטע הינטער זיך. דיא נויטווענדיגקייט צו פערבינדען דעם אטלאנטישען אקעאן מיט דעם פאסיפיק אקעאן דורך דעם איסטמוס (א גריכיש ווארט וואס בעדייטעט א שמאלער דורכגאנג) פון פאנאמא איז שוין אנערקענט געווארען באלד נאכדעם וויא דער שפאניער באלבאא האט אויסגעפארשט דיעזע געגענד און האט אזוי ענטדעקט דעם פאסיפיק אקעאן (אין 1513). דער שפאניער לאפעץ דע גאמארפא האט אין 1551 אויסגעארבייט א פלאן צו גראבען דארטען א קאנאל און האט זיין פלאן פארגעלייגט דער שפאנישער רעגיערונג.

אין יונייטעד סטייטס האט מען אנגעפאנגען ערנסט צו ריידען מכח אזא קאנאל ערשט נאך דעם וויא קאליפארניא איז געווארען א סטייט (אין 1850). וואס מעהר אונזער לאנד איז בעזעצט געווארען און וואס מעהר דיא אינדוסטריען האבען זיך ענטוויקעלט, אלץ מעהר האט מען איינגעזעהען דיא גרויסע נוצען און דיא נויטוועגדיגקייט פון אזא קאנאל.

ביי דיא פלענער און טרוימען איז מען אבער געבליבען ביז צו דיא 80־ער יאהרען פון פאריגען יאהרהונדערט. דיא ערשטע וואס האבען טאקע אנגעפאנגען צו גראבען דעם פאנאמא קאנאל זיינען געווען ניט דיא אמעריקאנער אין אויך ניט דיא ענגלענדער, נאר גראדע דיא פראנצויזען. אונטער דער לייטונג פון דעם בעריהמטען פערדינאנד דע לעססעפס, דעם גראבער פון דעם זועץ־קאנאל, איז אין פאריז געגרינדעט געווארען א קאמפאניע מיט א קאפיטאל פון 100 מיליאן דאלאר דורכצושניידען ענדליך דעם איסטמוס פון פאנאמא, וועלכער איז סך הכל פערציג און א האלב מייל ברייט.

ביי דער רעפובליק קאלאמביא, צו וועלכער דיעזע געגענד האט געהערט, האט מען געקראגען דיא נויטיגע קאנצעסיע פאר דיעזע ריזיגע אונטערנעהמונג, און מיט גוטע האפנונגען האט מען זיך גענומען צום גראבען. אבער אויף יעדען שריט האט מען זיך אנגעשטויסען אויף אזעלכע שוויריגקייטען, אז דיעזע אונטערנעהמונג האט זיך געענדיגט אין 1888 ניט נאר מיט א פינאנציעלען קראך, זאנדערן אויך מיט אזא פאליטישען סקאנדאל, וואס האט איבערטראפען אלע אנדערע און וואס בלייבט פערצייכענט אין דער וועלט־געשיכטע אונטער דעם נאמען "פאנאמא סקאנדאל".

אין דיא נייניציגער יאהרען האבען פראנצויזישע און אויך אייניגע אמעריקאנער קאפיטאליסטען ארגאניזירט נייע קאמפאניעס פארטצוזעצען דיא אנגעפאנגענע ארבייט אין פאנאמא; אבער מען האט זיך אלץ מעהר ארומגעזעהען, אז דאס איז א צו גרויסע און שווערע אונטערנעהמונג פאר פריוואט־קאפיטאליסטען און אז נאר אונזער רעפובליק קען ווירקליך אויספיהרען אזא ריזיגען פלאן.

דיא שטערונגען זיינען געווען ניט בלויז טעכנישע, ווייל מען האָט געמוזט גראָבען אין איין אָרט דורך גרויסע זומפען, שטראָמיגע טייכען און טיעפע טהאָ־לען און אין אַן אַנדער אָרט שניידען זעהר הויכע שטיינערנע בערג, זאָנדערן אויך קלימאַטישע, ווייל דאָרטען זיינען געווען דיא געפעהרליכסטע נעסטען פון געלען פיעבער, געגען וועלכע אייראָפּעער האָבען קיין אַנדער רפואה ניט געהאַט וויא נאָר אָבצוטראָגען זיך פון דאָרטען ביי דער ערשטער אַטאַקע. צוליעב דעם האָט מען געמוזט אויסגעבען פיעל מעהר געלד אויף דיא אויסגראָבונגען, וויא מען האָט עס גערעכענט.

אין 1897 האָט פּרעזידענט מעק־קינלי אויסגעקליבען אַ קאָמיסיאָן אויסצו־פאָרשען, וועלכע פון דיא צוויי דאַמאַלס פאָרגעשלאָגענע קאַנאַלען צווישען דעם אַטלאַנטיק און פּאַסיפיק אָקעאַנען איז דער בעסערער פאַר יונייטעד סטייטס — צו דער פאַנאַמער אָדער גאָר דער ניקאַראַגוער, וועלכער האָט אויך געפונען אַ סך אַנהענגער אין לאַנד. דיעזע קאָמיסיאָן האָט שליסליך אויסגעפונען, אַז עס איז ניט נאָר צוועקמעסיגער, זאָנדערן אויך ביליגער צו גראָבען אַ קאַנאַל אין פאַנאַ־מאַ און ניט אין ניקאַראַגואַ. דערצו נאָך האָט דיא נייע פראַנצויזישע פאַנאַמאַ קאַ־נאַל קאָמפּאַניע שליסליך פאָרגעשלאָגען צו פערקויפען צו דיא יונייטעד סטייטס איהרע רעכטע, קאָנצעסיעס, מאַשינען און אַלעס וואָס זיא האָט בעזעסען אין פאַנאַמאַ, פאַר 40 מיליאָן דאָלער.

אין 1902 האָט פּרעזידענט רוזוועלט רעקאָמענדירט אָנצונעהמען דיעזען פאָרשלאַג פון דער פראַנצויזישער קאָמפּאַניע און דער קאָנגרעס האָט עס בע־וויליגט. מיר זיינען אַזוי געוואָרען דיא יורשים פון דיא פראַנצויזען אין פאַנאַמאַ. אָבער דערמיט האָבען זיך נאָך וועיט ניט געענדיגט דיא שוועריגקייטען און פּלאָנטערס דאָרטען. דיא הויפּט־שוועריגקייטען זיינען געווען מכח אַ פער־שטענדיגונג מיט דער רעפּובליק קאָלאָמביאַ. דיא יונייטעד סטייטס רעגיערונג האָט פערלאַנגט אַן אייביגע קאָנצעסיע אויף דעם קאַנאַל צוזאַמען מיט פּאַסען לאַנד, זעקס מייל ברייט, ביי ביידע ברעגען פון דעם קאַנאַל, און דיא קאָלאָמביאַ־נער רעגיערונג האָט גאָר קיין חשק ניט געהאַט נאָכצוגעבען אַזאַ טעריטאָריאַלע פאָדערונג. דיא רעפּובליקען פון ניקאַראַגואַ און קאָסטאַ ריקאַ האָבען גראַדע גערן נאָכגעגעבען אַזעלכע פאָדערונגען פון יונייטעד סטייטס איף פאַל מען וועט בעשליסען צו גראָבען דעם קאַנאַל דורך זייערע טעריטאָריעס.

דיא פערהאַנדלונגען און פערדרעהעניסען מכח אַ קאַנאַל צווישען דעם אַטלאַנטיק און פּאַסיפיק האָבען זיך אַזוי געצויגען ביז נאָוועמבער 1903, ווען אַ געוויסער טהייל פון דיא איינוואָהנער פון דער פּראָווינץ פאַנאַמאַ, וועלכע זיינען ניט געווען צופריעדען מיט דיא האַנדלונגען פון דעם קאָלאָמביאַנער קאָנגרעס און וועלכע זיינען געווען פעראינטערעסירט, אַז דיא אַמעריקאַנער

זאָלען וואס שנעלער אָנפאַנגען צו גראָבען דעם קאַנאַל, האָבען זיך פּלוצלינג אָבגעטהיילט פון קאָלאָמביא און געגרינדעט אַן אייגענע רעפּובליק.

פּרעזידענט רוזוועלט האָט זיך שנעל בענוצט מיט אַזאַ געלעגענהייט און האָט אָהן שום שאלות ומענות אנערקענט דיעזע ניי־געשאַפענע רעפּובליק וועלכע וואָלט ניט געקענט עקזיסטירען אָהן אַמעריקאַנער מיליטערישע שטיצע.

ביי די פיהרערס פון דיעזער רעפּובליק האָט מען שוין שנעל געקראָגען אַלעס וואס פּרעזידענט רוזוועלט האָט פערלאַנגט, אום צו ענדיגען דיא אויסגראָבונג פון דעם קאַנאַל. דעם זאָגענאַנטען „קאַנאַל־זאָון“ אָדער פּאַסען לאַנד ביי ביידע ברעגען פון דעם קאַנאַל און אויך שטיקער לאַנד פאַר דאָקס און פעסטונגען ביי ביידע אריינפאָהרען אין דעם קאַנאַל האָט מען לייכט בעקומען אויף אייביג אַלס אַ טהייל פון יונייטעד סטייטס.

זייט דאַן גראָבט מען דעם קאַנאַל אויף דער רעכנונג פון דער אַמעריקאַנער נאַציאָן מיט עכט אַמעריקאַנער ענערגיע. ער וועט קאָסטען פיעל מעהר, וויא מען האָט עס גערעכענט צו דער צייט, ווען מען האָט געמאַכט פאַר 40 מיליאָן דעם מסחר מיט דער פראַנצויזישער קאָמפּאַניע — געוויס ניט וויינינגער פון $400,000,000 — אָבער דערפאַר איז ער שליעסליך פערטיג געוואָרען אין 1914. נור דיא אָפיציעלע ערעפנונג וועט געפייערט ווערען אין 1915 מיט צערעמאָניעס און אויך מיט אַ וועלט־אויסשטעלונג אין סאַן פראַנציסקאָ.

רוזוועלט האָט זיך אויך ענערגיש אַ נעהם געטהאָן דורכצופיהרען אינערליכע רעפאָרמען. זיין פּאָפּולאַריטעט איז אַזוי געוואַקסען, דאס אין 1904 איז ער ערוועהלט געוואָרען אַלס פּרעזידענט מיט אַ בעזאָנדערס גרויסער מאַיאָריטעט. ער וואָלט וואהרשיינליך ערוועהלט געוואָרען אויך אין 1908, ווען אין אונזער רעפּובליק וואָלט ניט איינגעוואָרצעלט געוואָרען דער מנהג, אַז קיינער זאָל ניט זיין פּרעזידענט מעהר פון צוויי טערמינען, ווייל דזשאָרדזש וואַשינגטאָן איז אויך ניט געווען פּרעזידענט מעהר פון צוויי טערמינען.

רוזוועלט'ס איינפלוס איז אָבער געווען אַזוי שטאַרק, דאס ביי דיא וואהלען פון 1908 האָט ער געשפּיעלט דיא ערשטע ראָלע און דאס וויליאַם טאַפט, זיין פערזענליכער פריינד און רעכטע האַנד אין זיין אַדמיניסטראַציאָן אָדער, אויראָפּעאיש גערעדט, מיניסטעריום, איז ערוועהלט געוואָרען פּרעזידענט מיט אַ ריזיגער מאַיאָריטעט איבער זיין דעמאָקראַטישען געגנער, דעם בעריהמטען ברייען, וועלכער האָט דאַן פּרובירט מזל צום דריטען מאָל.

פּרעזידענט טאַפט האָט פאָרטגעזעצט דיא פּאָליטיק פון זיינע פאָרגענגער, מעק־קינלי און רוזוועלט, און בכלל פון דער רעפּובליקאַנישער פּאַרטיי. זיין ערשטער אַקט אַלס פּרעזידענט איז געווען צוזאַמענצורופען אַן עקסטרא זיצונג פון קאָנגרעס צו רעווידירען דעם דינגלי טאַריף ביל, וויא דאס איז איבערגעגעבען געוואָרען אויבען (זעה זייטע 96).

אונטער זיין אַדמיניסטראַציאָן זיינען בעזאָנדערס פערשאַרפט געוואָרען דיא רייסערייען, וועלכע האָבען זיך אָנגעפאַנגען אין דער רעפּובליקאַנישער פארטיי גופא צוליעב דעם טאַריף, טראָסטס און בכלל עקאָנאָמישע פראַגען און סאָציאַלע רעפאָרמען. דער ראַדיקאַלער אָדער פראָגרעסיווער טהייל פון דיעזער פארטיי איז אַלץ גרעסער און פעסטער געוואָרען, און דער סוף איז געווען דיא גרינדונג פון אַ בעזונדערער פּאָליטישער פארטיי אונטער דעם נאָמען פראָגרעסיווע, וואס עס האָט געפיהרט און געמוזט פיהרען צו אַ זיעג פון דער דעמאָקראַטישער פארטיי ביי דיא נעכסטע וואהלען. טאַפט האָט געוואָלט טאַנצען צווישען צוויי שטולען און איז אין גאַנצען דורכגעפאַלען, וויא דאס פאסריט געוועהנליך.


וויליאַם ה. טאַפט

עס קען זיין, אַז טאַפט וואָלט דאָך אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר פרעזידענט אין 1912, אויב געגען איהם וואָלט ניט ארויסגעטראָטען רוזוועלט אליין, דער מאַן, וועמען ער האָט בעזאָנדערס געהאַט צו פערדאַנקען זיין גדולה. ניט אַכטענדיג אויף זיינע פריהערע פּאָזיטיווע פערזיכערונגען, אַז אונטער קיינע אומשטענדען וועט ער שוין מעהר ניט „לויפען" פאַר דעם אַמט פון פרעזידענט פון יונייטעד סטייטס, האָט רוזוועלט דאָך ארויסגעשטעלט אין זומער פון 1912 זיין קאַנדידאַטור פאר דיעזען אַמט. צוערשט האָט ער געזוכט נאָמינירט צו ווערען פון דער רעפּובליקאַנישער פארטיי און נאַכהער, ווען דיעזע פארטיי האָט איהם ענטזאגט און האָט נאָמינירט טאַפט'ן, איז ער צוגעשטאַנען צו דער פּראָגרעסיווער פארטיי, וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרען ענדע 1911 פון דעם ראַדיקאַלען פליגעל פון דער רעפּובליקאַנישער פארטיי, פון די זאָ־גענאַנטע „אינסורדזשענטס" (דאס מיינט: מיאַטעזשניקעס, רעבעלען) אונטער דער לייטונג פון ראָבערט לאַ פאָלעט, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט אַלס ראַדיקאַל צוערשט אין זיין סטייט וויסקאָנסין און נאַכהער אין יונייטעד סטייטס סענאַט. אַ דאַנק זיין גרויסער פּאָפּולאַריטעט איז רוזוועלט באַלד נאָמינירט געוואָרען פון דיעזער נייער פּראָגרעסיווער פארטיי, וועלכע איז אייגענטליך אַ היסטאָרישע פאָרטזעצונג פון די פריהערע רעפאָרם־פארטייען, ספּעציעל פון דער „פּיפּעל'ס פארטיי" (זעה זייטען 86 און 87).

אום צו קריעגען וואס מעהר שטימען האָבען דיעזע פּראָגרעסיסטען אונטער

רוזוועלט'ס פיהרונג אריינגעשטעלט אין זייער ראַדיקאַלער פּלאַטפאָרם (פּראָג־ראַם) אויך איינינע פונקטען פון דער פּראָגראַם פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי, וועלכע האָט לאַנגזאַם געמאַכט פאָרטשריטע אויף איהר פעסט־בע־שטימטען וועג אין פערלויף פון די לעצטע 25 יאָהר, אויסמיידענדיג אירגענד וועלכע פּאָליטישע פערבינדונגען און אָפּמאַכען ביי דיא וואַהלען מיט וואָסערע ניט איז בורזשואַזע אָדער קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען, און וועלכע געווינט אַלץ אַ גרעסערען פּלאַץ אין דעם סאָציאַל־פּאָליטישען לעבען פון אַמעריקאַנער פאָלק. רוזוועלט האָט אָבער נור אויסגעפיהרט, אַז וואוּדראָו ווילסאָן, דער קאַנדידאַט פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי, האָט פערנומען טאַפט'ס פּלאַץ, אָבוואָהל ער האָט ניט נעקראָגען דיא מאַיאָריטעט פון דיא אָבגעגעבענע שטימען, וויא דאָס איז צו זעהען פון פאָלגענדע ציפער, וועלכע מיר נעהמען ארויס פון וואָירלד'ס אַלמאַנאַק:

אין דיא וואַהלען פון 1912 האָבען זיך בעטהייליגט ארום 15 מיליאָן פון דיא שטימבערעכטיגטע בירגער און בירגערינען *) אין לאַנד. זייערע שטימען זיינען געוועזען צוטהיילט צווישען זעכס קאַנדידאַטען אזוי: וואוּדראָו ווילסאָן— 6,293,019; טהעאָדאָר רוזוועלט—4,119,507; ווילִיאַם טאַפט—3,484,957; יודזשין דעבס (פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי)—901,873; יודזשין טשאַ־פין (פון דער פּראָהיבישאָניסטישער אָדער אַנטי־אַלקאָהאָלישער פּאַרטיי)—207,928; און אַרטהור רעימער (פון דער סאָציאַליסטישער אַרבייטער פּאַר־טיי)—29,259.

וויא אזוי עס פּאַסירט, אַז איינער פון דיזע קאַנדידאַטען זאָל גאָר קענען ווערען פּרעזידענט פון יונייטעד סטייטס, ניט אַכטענדיג דערויף וואָס ער האָט ניט נעצויגען דיא מאַיאָריטעט פון דיא וואָוטערס, דאָס ערקלערט זיך, ערשטענס, מיט דער סיסטעם פון פּלוראַליטיס, וועלכע איז איינגעפיהרט געוואָרען אין יונייטעד סטייטס נאָך דעם ענגלישען מוסטער (דאָס מיינט, אַז עס איז גענוג פאַר דעם זיגענדען קאַנדידאַט צו האָבען אפילו מיט איין שטימע מעהר פאַר איגענד וועלכען פון זיינע געגנער בעזונדער), און צווייטענס, מיט דער סיסטעם פון עלעקטאָראַל וואָוטס, וועלכע איז אָנגענומען געוואָרען צוזאַמען מיט דער קאָנסטיטוציאָן פון יונייטעד סטייטס. יעדער סטייט האָט נעמליך

*) דיא בעוועגונג פאַר פאָלשטענדיגע גלייכבערעכטיגונג פון פרויען ווערט אַלץ שטאַרקער אין יונייטעד סטייטס. נאָך דיא לעצטע וואַהלען (דעם 3טען נאָוועמבער 1914) זיינען געוואונען געוואָרען נאָך צוויי סטייטס פאַר פרויען־שטימרעכט. פאָר־לויפיג האָבען פרויען גלייכע שטימרעכט מיט מענער אין פאָלגענדע עלף סטייטס פון אונזער רעפּובליק: קאַליפאָרניא, אָרעגאָן, וואַשינגטאָן, איידעהאָ, נעוואַדאַ, יוטאַה, אַריזאָנאַ, מאָנטאַנאַ, ווייאָמינג, קאָלאָראַדאָ און קענזעס.

אויסצוקלייבען אַ געוויסע צאָהל בוררים, געגאַנט עלעקטאָרס, אין אַ בעשטימ־טער פראָפּאָרציע צו זיין בעפעלקערונג, און דיעזע עלעקטאָרס האָבען עס אויס־צוקלייבען דעם פרעזידענט פון יונייטעד סטייטס. דיא צאָהל פון אַזעלכע עלעקטאָרס איז היינט, לויט דיא לעצטע בעשטימונגען פון קאָנגרעס אויף דעם גרונד פון דער לעצטער פאָלקסצעהלונג (אין 1910) 521. אָט פון דיעזער צאָהל בוררים האָט עס וואודראָו ווילסאָן בעקומען 435, וועהרענד רוזוועלט האָט בע־קומען 88 און טאַפט נור 8 (ער האָט געקראָגען פּלוראַליטעט בלויז אין 2 סטייטס, וועלכע האָבען צו 4 עלעקטאָרס, נעמליך די סטייטס ווערמאָנט און יוטאַה).

וויא פיעל פּראָגרעסיסטישע שטימען רוזוועלט האָט דאַן געקראָגען, איז זעהר שווער צו בעשטימען, ווייל אויך אַ סך רעפּובליקאַנער האָבען פאַר איהם געשטימט. ביי דיא וואַהלען אין 1908 האָט טאַפט אַליין געקראָגען 7,678,908 שטימען, דאָס איז מיט 74 טויזענד שטימען מעהר פאַר דיא צאָהלען, וואָס רוזוועלט און טאַפט צוזאַמען האָבען בעקומען אין 1912. ביי יענע וואַהלען (אין 1908) האָט אויך ברייען געקראָגען מעהר שטימען פאַר ווילסאָן׳ען אין 1912 (נעמליך מיט 216 טויזענד שטימען מעהר), וואָס עס צייגט קלאָר און דייטליך, דאָס דיא דעמאָקראַטען האָבען צו דאַנקען ספּעציעל רוזוועלט׳ן פאַר זייער זיעג ביי דיא לעצטע פרעזידענט־וואַהלען.

דיא וואַהלען, וואָס זיינען פאָרגעקומען דיא לעצטע צוויי יאָהר, צייגען אַלץ, אַז פון איין זייט פאַלט דיא פּראָגרעסיווע פּארטיי און אַז פון דער אַנדער זייט געווינט דיא רעפּובליקאַנישע פּארטיי צוריק איהרע פעהלאָרענע פּאָזיציעס. דער פּאָליטישער שיקזאַל פון דער פּראָגרעסיווער פּארטיי שיינט צו זיין אַזאַ קורצווייליגער, וויא פון אַלע פריהערע ראַדיקאַלע פּארטייען, וועלכע רייסען זיך צייטענווייז אָפּ פון איינער אָדער פוןביידע גרויסע פּארטייען אין יונייטעד סטייטס. אַזעלכע זאָגענאַנטע „דריטע" פּארטייען קענען זיך בכלל ניט האַלטען אַ לענגערע צייט אין לענדער, וואו עס איז איינגעפיהרט געוואָרען דיא פּלוראַ־ליטי סיסטעם ביי דיא וואַהלען. אין אַזעלכע לענדער ווערט דער פּאָליטישער קאַמפף מייסטענס געפיהרט צווישען צוויי גרויסע פּארטייען, וויא למשל דיא ליבעראַלע און קאָנסערוואַטיווע אין ענגלאַנד, אָדער דיא דעמאָקראַטישע און רע־פּובליקאַנישע אין יונייטעד סטייטס. ווען געוויסע טהיילען פון דיעזע גרויסע פּארטייען, געוועהנליך דיא מעהר ראַדיקאַלע, רייסען זיך אָפּ און בילדען בע־זונדערע פּארטייען, ענדיגט זיך עס דערמיט, וואָס דיא וויכטיגסטע פּונקטען פון זייערע פּראָגראַמען ווערען אָנגענומען פון דיא אַלטע פּארטייען. אַזוי האָט עס פּאַסירט, למשל, מיט דער פּאָפּוליסטישער פּארטיי אין 1896, ווען דיא דעקאָקראַטישע פּארטיי האָט אונטער ברייען׳ס איינפלוס איינגעשלונגען איהר פּלאַטפאָרם און אַזוי וועט עס, העכסט וואַהרשיינליך, געשעהען מיט דער פּלאַט־פאָרם פון דער פּראָגרעסיווער פּארטיי.

עס איז יעדענפאלס פאראן נור איין „דריטע" פארטיי אין יונייטעד סטייטס, אזוי וויא אויך אין ענגלאנד און אין די אנדערע ענגליש־שפרעכענדע לענדער מיט דער סיסטעם פון פלור־ראליטים און מיט צוויי גרויסע פאר־טייען, וועלכע וועט שוין קיינמאל ניט איינגעשלונגען ווערען פון דיא דעמא־קראטישע אדער רעפובליקאנישע פאר־טיי און וועלכע מוז פערבלייבען גאנץ בעזונדער און זעלבסטשטענדיג. דאס איז דיא סאציאליסטישע פארטיי. דיא אורזאכע דערפון איז, וואס זיא שטרעבט צו דער דורכפיהרונג פון א גאנץ אנדער סאציאלע סיסטעם, וויא דיא היינטיגע, און וואס זיא שטעלט פאר א נייע געזעלשאפטליכע וועלט, דיא צוקונפטיגע וועלט פון סאציאליזם געגען דיא היינטיגע וועלט פון קאפי־טאליזם. איהר עקזיסטענץ און ענט־וויקלונג זיינען צוזאמענגעשמאלצען מיט דער גאנצער ארבייטער בעוועגונג, וועלכע פערשפרייט זיך אלץ ווייטער און שטארקער אין אלע אינדוסטריעלע לענדער.


וויליאם דזשעננינגס ברייען

פערייניגען פון ארבייטער צו פערבעסערען זייער לאגע עקזיסטירען שוין איי־גענטליך אין יונייטעד סטייטס ארום 200 יאהר. מען ווייס, למשל, אז אין דער שטאדט ניו יארק האט זיך געפונען א בעקער יוניאן אין 1741 און אז אין פילאדעלפיא איז ארגאניזירט געווארען אין 1792 א יוניאן פון שוסטער. אין 1825 איז ערשיענען אין ניו יארק א צייטונג אונטער דעם נאמען „ווארקינג מען'ס אדוואקייט" — וואהרשיינליך דער ערשטער ארבייטער ארגאן אין דער נייער וועלט. אין 1830 איז אין סיראקיוז, ניו יארק, אבגעהאלטען געווארען אן ארבייטער קאנווענציאן, אויף וועלכער א געוויסער עזעקיעל וויליאמס איז נאמינירט געווארען פאר גאווערנאר. אין 1832 האבען דעלעגאטען פון ארביי־טער ארגאניזאציאנען זיך צוזאמענגעטראפען אויף א קאנווענציאן אין דער סטייט־האוז אין באסטאן און האבען אנגעפאנגען א בעוועגונג פאר א צעהן־שטונדיגען ארבייטסטאג. ארבייטער קאנגרעסען האבען שטאטגעפונען אין שיקאגא אין 1847 און 1850. ארום 1860 זיינען שוין געווען 26 אזעלכע גרויסע יוניאנס, וועלכע טראגען אין יונייטעד סטייטס דעם נאמען „נעשאנאל" (נאציא־

נאַלע), ווייל זיי זיינען ניט לאָקאַלע, נור פון דער גאַנצער נאַציאָן און שליעסען איין קלענערע יוניאָנס אָדער „לאָקאַלס“ פון פערשיעדענע טהיילען לאַנד. אַ פּאָאָר יאָהר שפּעטער זיינען אויפגעקומען זעהר שטאַרקע אָרגאַניזאַציאָנען פון אייזענבאַהן־ארבייטער אונטער דעם אַלגעמיינען נאָמען „בראָדערהודס“.

נור ערשט צו ענדע פון דיא 60־גער יאָהרען פון פאָריגען יאָהרהונדערט איז געמאַכט געוואָרען אַ פערזוך צו פערבינדען אויך דיא ארבייטער פאר פּאָליטישע צוועקען. דאס איז פּאָרגעקומען אונטער דעם איינפלוס פון דער וועלט־בעריהמטער אינטערנאַציאָנאַלער ארבייטער אַסאָסיאַציאָן, וועלכע איז אָרגאַניזירט געוואָרען פון פראַנצויזישע און ענגלישע ארבייטער־פיהרער אין לאָנדאָן אין 1864 און וועלכע האָט געלייגט דעם פונדאַמענט פון דער סאָציאַליסטישער בעוועגונג אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אין 1869 איז געגרינדעט געוואָרען אין פילאַדעלפיא אַן ארבייטער אָרגאַניזאַציאָן, וואס איז אין אַ קורצע צייט בעריהמט געוואָרען אונטער׳ן נאָמען Knights of Labor (ריטער פון ארבייט) און וואס פערנעהמט אַ זעהר וויכטיגען פּלאַץ אין דער געשיכטע פון דער אמעריקאנער ארבייטער בעוועגונג.

דיא גרינדער פון דיעזער מערקווירדיגער און זאָנדערבאַרער ארבייטער־אָרגאַניזאַציאָן זיינען געווען עטליכע גאַרמענט קאַטערס (קליידער צושניידער) אונטער דער לייטונג פון איינעם פון זיי מיט׳ן נאָמען יוראַיע סטיווענס (Uriah Stephens) וועלכער איז אויך געווען אַ פרי־מעיסאָן (פריי־מויערער) און וועלכער האָט זיך ארומגעטראָגען מיט אַ פּלאַן צו שאַפען אַ פערבאַנד פון אַרבייטער פון פערשיעדענע מלאכות. ער האָט עס איינגעפיהרט דיא געהיימע צייכענס, דיא שבועות און צערעמאָניעס, מיט וועלכע דיא „נייטס אוו לייבאָר“ האָבען זיך אונטערשיידעט פון אַלע אנדערע ארבייטער אָרגאַניזאַציאָנען אין אונזערע צייטען. דאס איז געווען אַ מין ארבייטער אָרדען, וואס האָט ערקלערט, אז „ארבייט איז נאָבעל און הייליג“. סטיווענס האָט אויך געפּרעדיגט, אַז דיא ארבייטער וועלען קענען אָבשאַפען דיא היינטיגע לוין־סיסטעם דורך בילדונג, קאָאָפּעראַציאָן און אַ ציעלבעוואוסטען געברויך פון זייער שטימרעכט. נור דיא פריי־מויער׳שע סודות און צערעמאָניעס זיינען געווען אַ גרויסע שטערונג פאר דיא פערמעהרונג פון מיטגליעדער. דארום איז עס אויף דער 5טער דזשענעראַל אַסעמבלי (אסיפה) אָדער קאָנווענציאָן פון דיעזע „ריטער פון ארבייט“, וועלכע איז אָבגעהאַלטען געוואָרען אין דיטראָיט (מישיגען), בעשלאָסען געוואָרען צו פערעפענטליכען דעם נאָמען און דיא צוועקען פון דעם גאַנצען פערבאַנד. דאָן האָט זיך דיא צאָהל פון דיא „נייטס אוו לייבאָר“ אזוי שנעל פערמעהרט, אַז אין 1886 האָט מען זיי גערעכענט ביז אַ מיליאָן.

דאס זיינען געווען דיא בעסטע און גלענצענדסטע יאָהרען פון דיעזען ארבייטער אָרדען. אין דעם לעצטען צעהנדליג פון דעם פאָריגען יאָהרהונדערט איז

ער אבער אזוי שנעל געפאלען, וויא שנעל ער איז געוואקסען אין דיא 80-גער יאהרען. צום אנפאנג פון דיעזען יאהרהונדערט האט מען שוין די צאהל פון „נייטס אוו לייבאר" געשאצט ארום 130 טויזענד. זיי האבען אליץ מעהר פער־לארען אין זייער קאמפף מיט דיא „אפענע" אדער געוועהנליכע טרעיד־יוניאנס נאך דעם אלטען ענגלישען מוסטער, וועלכע האבען זיך אין דיא 80-גער יאהרען גענומען פערבינדען אין „פעדעריישאנס". פון דיעזע פעדעריישאנס איז שליעס־ליך אויסגעוואקסען דיא בעריהמטע „אמעריקאן פעדערעישאן אוו לייבאר", וועלכע צעהלט יעצט ארום צוויי מיליאן מיטגליעדער מיט סעמיועל גאמפערס אלס איהר פרעזידענט זייט איהר ארגאניזאציאן אין 1887. כמעט אלע גרויסע טרעיד־יוניאנס פון יונייטעד סטייטס זיינען פערבונדען מיט דיעזער, מעג מען זאגען, גרעסטער געווערקשאפטליכער ארגאניזאציאן אין דער וועלט.

פון דיא „נייטס אוו לייבאר" איז אבער פערבליבען אזא גרויסער אנדענ־קען וויא „לייבאר דעי". דיעזער ספעציפישער פייערטאג אין כמעט אלע סטייטס פון אונזער רעפובליק איז בישלעכווייז איינגעפיהרט געווארען נאך דעם פאראד פון דיא „נייטס" אין ניו יארק סיטי דעם ערשטען מאנטאג פון סעפ־טעמבער אין 1882. דיא נעכסטע יאהרען האבען זיי ארגאניזירט אליץ גרעסערע פראצעסיאנען פון ארבייטער אין דעם זעלבען מאנטאג פון דעם זעלבען מאנאט, און אזוי איז עס געווארען א מנהג אין אנדערע שטעדט פון לאנד. אין 1887 איז דער ערשטער מאנטאג אין סעפטעמבער ערקלערט געווארען אלס א געזעצלי־כער יום טוב אין סטייט קאלאראדא, און אנדערע סטייטס האבען געפאלגט דיעזען ביישפיעל.

צוזאמען מיט דיא טרעיד־יוניאנס איז אויך געוואקסען דיא בעוועגונג פאר אן 8-שטונדען ארבייטס-טאג, וואס עס האט נאטירליכערווייזע געפיהרט צו אליץ גרעסערע און וויכטיגערע סטרייקס. איינער פון אזעלכע סטרייקס האט געפיהרט צו דער בעריהמטער טראגעדיע מיט דיא „שיקאגא אנארכיסטען" אין 1886. אלס א צעגטער פון אייזענבאהנען און פאבריקען איז שיקאגא אויך געווארען א צענטער פון דער טרעיד־יוניאניסטישער בעוועגונג. א סך סטרייקס זיינען דארטען פארגעקומען, בעזאנדערס אין 1886, 1894 (דער בעריהמטער פולמאן קאר סטרייק אונטער דער לייטונג פון יודזשין דעבס) און 1904. צו דער צייט פון דעם סטרייק אין מאק קארמיקס פאבריקען אין 1886 האבען זיך אין שיקאגא געפונען זעהר טהעטיגע און ענערגישע אנארכיסטען, וועלכע האבען אנגעפאנגען צו פרעדיגען אויך אן אלגעמיינען סטרייק, אום אויסצוקעמפפען אן 8-שטונדיגען ארבייטס-טאג. א בעדייטענדע צאהל ארבייטער האבען זיך געפונען אונטער דעם איינפלוס פון דיעזע אנארכיסטען, צווישען וועלכע עס זיינען אויך געוועזען גוטע רעדנער און שרייבער. דעם 4טען מאי 1886, אויף

מאָרגען נאָך אונרוהען אין מאַק קאָרמיק'ס פאַבריקען, ווען דיא פּאָליציי האָט דער'הרג'ט עטליכע סטרייקערס, האָבען דיזע אַנאַרכיסטען גערופען אַ פּראָטעסט־מיטינג אויף אַ פּלאַץ, גענאַנט העימאַרקעט. דיא פּאָליציי איז דאָרטען געווען זעהר שטאַרק פערטראָטען אויך דורך שפּיאָנען. אויף דעם גרונד, דאס דיא רעדעס זיינען רעוואָלוציאָנערע און רייצען צו אַן אויפשטאַנד, האָט דיא פּאָליציי זיך אַ לאָז געטהאָן צו פעריאָגען דיא פערזאַמעלטע מאַסע. נור אין דעם מאָמענט האָט אימיצער אַ שליידער געטהאָן אַ באָמבע, וועלכע האָט געפּלאַצט און האָט פערוואונדעט און אויך געטויטעט עטליכע פּאָליציסטען. ווער עס האָט געוואָרפען דיזע באָמבע, בלייבט אַ געהיימניס ביז היינט צו טאָג (אויף זיכער וועט מען עס שוין הפנים קיינמאָל ניט וויסען), נור דיא פּאָליציי האָט זיך בענוצט מיט דיזער געלעגענהייט צו אַרעסטירען דיא מעהר בעוואוסטע אַנאַרכיסטישע אָנפיהרער אויף קלאַגען אין פערשווערונג און אין מאָרד. נאָך אַ לאַנגען פּראָצעס, וועלכער האָט ארויסגערופען גרויס אויפרעגונג אין גאַנצען לאַנד און אָנגעמאַכט א רושם אין דער וועלט, זיינען זיעבען פון דיא פערקלאָגטע פעראורטהיילט געוואָרען צום טויט און איינער (אָסקאַר נעבע) צו 15 יאָהר געפענגניס. פון זיי זיינען פיער געהאַנגען געוואָרען דעם 11טען נאָוועמבער 1887, נעמליך: אוגוסט שפּיעז, אַלבערט פּאַרסאָנס, אַדאָלף פישער און געאָרג ענגעלס; איינער (לואי לינגג) האָט זיך אַליין גענומען דאס לעבען אין געפענגניס, און צוויי (סאמיועל פיעלדען און מיכעל שוואַב) זיינען „בעגנאַדיגט" געוואָרען מיט לעבענסלענגליכע געפענגניס. נור מיט 7 יאָהר שפּעטער זיינען דיא לעבעדיג־געבליבענע אָפּפער פריי געלאָזען געוואָרען פון דעם בעריהמטען גאָווערנאָר אַלטגעלד אויף דעם גרונד, דאס די דזשורי און דער פּאָרזיצענדער ריכטער זיינען געוועזען צו פּאַרטייאיש און דאס עס איז גאָר ניט בעוויזען געוואָרען דיא פערבינדונג פון דיא פעראורטהיילטע מיט דער באָמבענוואַרפערײ אויף'ן העימאַרקעט.

אין דער שטאָדט ניו יאָרק האָט זיך דיא אַלץ שטייגענדע ארבייטער בעוועגונג אויסגעדריקט אין 1886 דורך אַ בעמערקענסווערטהען פּאָליטישען קאַמפּף. דיא אויפגעקלערטע און אָרגאַניזירטע ארבייטער האָבען ענטהוזיאַזטיש אונטערשטיצט אַלס קאַנדידאַט פאַר מעיר (בירגערמייסטער) אַ מאַן, וואס האָט זיך ערוואָרבען אַ גרויסען נאָמען מיט זיינע שריפטען איבער דיא וויכטיגסטע סאָציאַלע פראַגען פון אונזער צייט, ספּעציעל מיט זיין בוך „פּראָגרעס און אַרמוטה". דאס איז געווען העֶנרי דזשאָרדזש, וועלכער האָט געפּרעדיגט, אַז דאס לאַנד דאַרף געהערען צו אַלעמען גלייך. זיין פּלאַן פון לאַנד־ווירטשאַפט טראָגט דעם נאָמען „סינגעל טעקס", ווייל ער האָט פערלאַנגט, אַז אַלע שטייער צו דעקען דיא אויסגאַבען פון שטאַאט זאָלען קומען פון אַ טאַקסע אויף גרונד־אייגענטהום



יודזשין וו. דעבס
ארבייטער פיהרער און פרעזידענט־קאנדידאט פון דער סאציאליסטישער פארטיי.

אין דער פאָרם פון רענט. זיין פּאָפּולאַריטעט איז דאַן געווען אזוי גרויס אין פאָלק, אַז ביידע גרויסע קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען (די רעפּובליקאַנישע און דעמאָקראַטישע) האָבען זיך געמוזט פערבינדען, אום צו קענען איהם בעזיעגען ביי די וואהלען. ער האָט געקראָגען 68 טויזענד שטימען, בלויז מיט 22 טויזענד וועניגער פאַר דעם קאַנדידאַט פון דיזע פערבונדענע קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען.

מיט אַ קורצע צייט שפּעטער איז שוין געלעגט געוואָרען דער פונדאַמענט פון אַ רעגעלמעסיגער סאָציאַל־דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אזוי וויא אין איי־ראָפּאַ. די גרינדער זיינען מייסטענס געווען דייטשע סאָציאַליסטען מיט זייער טעגליכען אָרגאַן די „פאָלקסצייטונג“. נאָכהער זיינען צוגעקומען די אידישע סאָציאַליסטען מיט זייער אָרגאַן „די ארבייטער צייטונג“ (אין 1890). אונטער דעם נאָמען „סאָשיאַליסט לייבאָר פּאַרטי“ (סאָציאַליסטישע ארבייטער פּאַרטיי) האָבען שוין די סאָציאַל־דעמאָקראַטען גענומען אַן אנטהייל אין די פּרעזי־דענט־וואהלען פון 1888. זיא האָט דאַן געצויגען בלויז 2068 שטימען. די צאָהל פון איהרע אנהענגער איז געוואַקסען זעהר לאַנגזאַם, אָבער שטענדיג, ביז 1898, ווען די שטרייטען וועגען איהר פּראָגראַם און טאַקטיק זיינען אזוי פערשאַרפט געוואָרען, אַז עס איז געקומען צו אַ גרויסער שפּאַלטונג אין איהרע רייהען. דאַן איז עס פאָרמירט געוואָרען די סאָציאַליסטישע פּאַרטיי, וועלכע האָט גענומען וואַקסען פערהעלטניסמעסיג שנעל און וועלכע קען שוין היינט רעכענען אויף אַ מיליאָן שטימען ביי פּרעזידענט־וואהלען. אין מאַנכע ערטער געלינגט איהר אַלץ עפטער צו ערוועהלען איהרע קאַנדידאַטען אין די מוניציפּאַליטעטען (שטאָדט־פערוואַלטונגען) און לעגיסלאַטורען (געזעצגעבענדע קערפּערשאַפטען פון די סטייטס).

אין 1910 איז ענדליך אויך ערוועהלט געוואָרען אַלס קאָנגרעסמאַן איינער פון די פיהרער פון דער סאָציאַליסטישער פּאַרטיי אין דער פּערזאָן פון וויק־טאָר בערגער פון מילוואָקי, וויסקאָנסין. ביי די נעכסטע קאָנגרעס־וואהלען איז ער אפילו דורכגעפאַלען, אָבער ניט צוליעב דעם, וואס די צאָהל פון סאָציאַ־ליסטישע שטימען איז דאָרטען קלענער געוואָרען. יעדענפאַלס וועט שוין דער קאָנגרעס ניט בלייבען אָהן סאָציאַליסטישע פערטרעטער. אויף בערגער׳ס פּלאַץ איז געשיקט געוואָרען דער אידישער סאָציאַליסט מאיר לאָנדאָן, וועלכער איז שליעסליך, נאָך אַ לאַנגען און ביטערען קאַמפּף מיט אַן אַלטען פערטרע־טער פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי (אויך אַ איד) ערוועהלט געוואָרען אין 1914 אין רעכטען צענטער פון דער אידישער בעפעלקערונג אין ניו יאָרק, וואס איז געוואָרען די גרעסטע אידישע שטאָדט אין דער וועלט.

דאס צייגט אגב, אַז אידען שפּיעלען שוין אַלץ אַ גרעסערע ראָלע אין דעם פּאָליטישען לעבען פון זייער נייער היימאַטה, וואו זיי פערמעהרען זיך וואונדער־

באר שנעל דורך איינוואנדערונג פון דער אלטער וועלט, ספּעציעל פון רוסלאנד זייט דיא פּאָגראָמען פון 1881. דיא נאָרד־אמעריקאנישע רעפּובליק, וועלכע איז געוואקסען אין בעפעלקערונג פון קנאפּע 4 מיליאָן צו ענדע פון 18טען יאהר־הונדערט (לויט דיא פאָלקס־צעהלונג אין 1790) ביז 92 מיליאָן אין אנפאנג פון דיעזען יאהרהונדערט (לויט דיא לעצטע פאָלקס־צעהלונג אין 1910, נים רע־כענענדיג דיא פיליפּינען און אנדערע קאָלאָניעס וואס צעהלען צוזאמען ארום 10 מיליאָן נפשות) ענטהאלט שוין א גרעסערע אידישע בעפעלקערונג פאר אירגענד וועלכער אנדערער מדינה אויסער רוסלאנד. נאָך דיא מעסיגסטע אויסרעכענונגען פון סטאטיסטישע עקספּערטען געפינען זיך היינט אין יוניי־טעד סטייטס איבער צוויי מיליאָן אידען, דערפון ארום א העלפט אין דער שטאָדט ניו יאָרק. עס איז שווער צו געפינען אפילו א דאָרף אין יונייטעד סטייטס, וואו מען זאָל גאָר ניט טרעפען א אידען, און עס איז ניטאָ אזא צווייג פון האנדעל, אינדוסטריע, קונסט און וויסענשאפט, וואו אידען זאָלען ניט זיין גוט פערטראָטען. „דער אייביגער איד" האָט געפונען זיין בעסטע און זיכערסטע מקום מנוחה אין דער גרעסטער פון אלע רעפּובליקען.

וויא גרויס עס איז געוואָרען דער פּאָליטישער איינפלוס פון אידען אין זייער נייעם פאטערלאנד האָט זיך בעזאָנדערס בולט ארויסגעוויזען פאר דיא גאנצע וועלט צו ענדע פון 1911, ווען זייערע שטייגענדע פּראָטעסטען וועגען דיא זאָגענאנטע „פּאספּאָרטען פראגע" האָבען געפונען אזא שטארקען סימפּא־טישען אָפּקלאנג אין קאָנגרעס און אין גאנצען אמעריקאנער פאָלק, אז דער האנדעלס־אָפּמאַך, וואס איז געשלאָסען געוואָרען צווישען יונייטעד סטייטס און רוסלאנד אין 1832, איז אָבגעשאפט געוואָרען אויף דעם גרונד, וואס אמע־ריקאנער אידען ווערען נים בעהאנדעלט אזוי וויא אמעריקאנער קריסטען אין דער רוסישער אימפּעריע. לויט דעם האנדעלס־אָפּמאַך פון 1832 האָט דיא רו־סיש רעגיערונג בעדאַרפט בעהאנדלען גאנץ גלייך אלע אמעריקאנער בירגער, צו וואס פאר רעליגיאָן און ראסע זיי זאָלען ניט געהערען; אָבער זיא האָט שטענדיג געמאַכט איהרע געוועהנליכע אנטיסעמיטישע אונטערשיידע אויך גע־גען אמעריקאנער אידען. אויף דיא פּראָטעסטען פון דער אמעריקאנער רעגיע־רונג—און דיעזע פּראָטעסטען זיינען געוואָרען אלץ עפטער און אויסדריקליכער וואס מעהר אידען עס האָבען זיך בעזעצט אין יונייטעד סטייטס—האט דיא רו־סישע רעגיערונג איגנאָרירט דעם אָפּמאַך פון 1832, ווען נור עס האנדעלט זיך וועגען אידען מיט אמעריקאנער פּאספּאָרטען, פלעגט אלץ קומען פון רוסישע דיפּלאָמאטען דער זעלבער תירוץ, אז אלע אויסלענדישע אידען ווערען בעהאנ־דעלט גלייך לויט דיא געזעצע פון לאנד און אז מען קען זיי ניט געבען מעהר רעכט פאר דיא היימישע אידען אין דער רוסישער אימפּעריע.

דיא אמעריקאנער רעגיערונג פלעגט עס אליין דולדען, אזוי וויא דיא רעגיערונגען פון ענגלאנד, פראנקרייך און אנדערע ליבעראלע לענדער, וועלכע פלעגען אויך פראטעסטירען פון צייט צו צייט, וואס מען האנארירט ניט אין רוסלאנד דיא פאספארטען פון זייערע אידישע בירגער. און אזוי וואלט עס עד היום פערבליבען מיט דיא פאפירענע פראטעסטען פון אמעריקאנער דיפלאמאטען וועגען דיא דאזיגע פאספארטען־פראגע, ווען דיא אידען וואלטען ניט אנגעפאנגען אליין העכער און ענערגישער צו פאדערען, אז יונייטעד סטייטס זאל זיך אין גאנצען ענטזאגען פון דעם האנדעלס־אפמאך פון 1832, אויב דיא רוסישע רעגיערונג וועט ניט נאכגעבען דיא פאדערונג וועגען בעהאנדלען אמעריקאנער אידען פונקט אזוי וויא אמעריקאנער קריסטען אין רוסלאנד.

אט דיעזע זעהר וויכטיגע פאדערונג איז עס אויסגעפיהרט געווארען דעם 11טען דעצעמבער 1911 אונטער דער פרעזידענטשאפט פון וויליאם טאפט צו דער גרעסטער צופוקענעס פון אנטיסעמיטען בכלל און פון דער רעגיערונג אין רוסלאנד בפרט. אין דער גאנצער וועלט האט מען דיעזען ענערגישען, מען מעג זאגען, אויסערגעוועהנליכען דיפלאמאטישען שריט פון יונייטעד סטייטס אנגענומען ניט בלויז אלס א דעמאנסטראציאן צו גונסטען פון אידישע גלייכבערעכטיגונג, זאנדערן אויך אלס א פאטש אין פנים דער אידענפרעסענדער רוסישער רעגיערונג.

דערוויילע בלייבען רוסלאנד און יונייטעד סטייטס אהן א האנדעלס־אפמאך. דיעזער סכסוך וועט זיך, העכסט וואהרשיינליך, ציהען אזוי לאנג, ביז אין דער רוסישער אימפעריע וועלען פארקומען אזעלכע פאליטישע ענדערונגען, אז דער „יעווריעיסקי וואפראס“ (אידען־פראגע) וועט זיך מוזען ענדיגען מיט דער עמאנסיפאציאן פון רוסישע אידען. קיין רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס וועט שוין יעדענפאלס ניט אונטערשרייבען א האנדעלס־אפמאך מיט רוסלאנד אהן א גאנץ קלארען און בעשטימטען פונקט וועגען גלייכע בעהאנדלונג און אנערקענונג פון אמעריקאנער אידען.

אונזער רעפובליק מאכט בכלל מערקווירדיג שנעלע שריט אויף אלע וועגען פון פראגרעס. זיא וואקסט אליין אין רייכטהום און אין בעפעלקערונג. זיא ווערט אויך אליין שטארקער און איינפלוסרייכער אויסערליך. זיא לעבט מיט אלע פעלקער ניט נור פריעדליך, זאנדערן אויך פריינדליך. ווערהענד אין איירא פא ציהט זיך דיא גרעסטע און שרעקליכסטע מלחמה, וואס דיא וועלט האט אמאל געזעהען, דיא לאנג־פאראוסיגעזעהענע מלחמה צווישען דיא גרעסטע און מעכטיגסטע לענדער אין דער אלטער וועלט, וואס האט אויסגעבראכען אין אוגוסט 1914,—הערשט גליקליכערווייזע פריעדען אין דער נייער וועלט, אויב מען זאל ניט רעכנען דעם פערוויסטענדען בירגער־קריעג אין מעקסיקא, וואס שלעפט

זיך אהן אויפהער דיא לעצטע פיער יאהר, זייט דיא רעוואלוציאן געגען דעם אלטען דיקטאטאר פארפיריא דיאז.

צום געזאגטען אין לעצטען קאפיטעל פון דער געשיכטע פון מעקסיקא וועלען מיר דא צוזעצען, דאס פרעזידענט ווילסאן, וועלכער האט זיך ענטזאגט „אין נאמען פון מאראליטעט, הומאניטעט און קאנסטיטוציאנאליטעט" צו אנערקענען דיא דיקטאטור פון גענעראל הוערטא (זעה זייט 298), האט דערווייל נור אויסגעפיהרט, דאס דיעזער דיקטאטאר האט טאקע געמוזט רעזיגנירען און זיך אפטראגען נאך אייראפא; אבער רוהע און ארדנונג הערשען ליידער נאך אלץ ניט אין דיעזער פיעל־געפרופטער מדינה. דיא געפאהר פון א מיליטערישער אריינמישונג פון יונייטעד סטייטס אין דיא אינערליכע אנגעלעגנהייטען פון מעקסיקא, וועלכע איז בעזאנדערס גרויס געוועזן בשעת אמעריקאנער סאלדאטען האבען געלאנדעט אין ווערא קרוז, דעם


וואודראו ווילסאן

וויכטיגסטען מעקסיקאנער פארט (אין אפריל 1914), איז פאראיבער נאכדעם, וויא דיעזע סאלדאטען זיינען צוריקגעצויגען געווארען (אין נאוועמבער 1914), וואס עס דארף דיענען אלס א בעוויז, אז דיא אמעריקאנער רעגיערונג האט גאנץ פריעדליכע אבזיכטען און וויל איבערהויפט ניט פערכאפען טעריטאריע ביי איהרע שכנים, וויא פרעזידענט ווילסאן האט עס ערקלערט אויסדריקליך אויך אפיציעל.

דערביי איז געמאכט געווארען א גאנץ נייער און זעהר וויכטיגער שריט אין דער אויסלענדישער פאליטיק פון יונייטעד סטייטס. דאס איז נעמליך דיא אנערקענונג פון א מין אלגעמיינען פאליטישען בונד פון דיא רעפובליקען אין דער נייער וועלט, אום צו קענען לייכטער און בעסער שליכטען שטרייטען צווישען זיי און ארויסצוטרעטען צוזאמען אין פאל פון אטאקע פון אירגענד וועלכער אייראפעאישער מאכט אויף אירגענד וועלכער פון זיי. עס האנדעלט זיך וועגען אן ענדערונג אין דעם פונדאמענט פון דער אמעריקאנער אויסלענדישער פאליטיק, נעמליך: אין דער מאנראו דאקטרין.

אין זיד־אמעריקא זיינען שוין אויפגעקומען וועניגסטענס דריי רעפּובליקען, וועלכע נויטיגען זיך גאָר ניט אין דער אָפּעקע פון יונייטעד סטייטס און וועלכע פערלאַנגען זאָגאַר אַ דעה אין פראַגען און אַנגעלעגענהייטען, וואס ריהרען אָן די פּאָליטישע אינטערעסען פון די רעפּובליקען אין דער נייער וועלט.

דיעזע דריי זיד־אַמעריקאַנישע רעפּובליקען זיינען עס אַרגענטינע, בראַזיליען און טשילי וואס זייערע געשיכטען וועט דער לעזער געפינען אין צווייטען באַנד פון דיעזען היסטאָרישען ווערק. זיי האלטען זיך פאר גרויסמעכטע אין דער נייער וועלט און זיי פערלאַנגען אַן אַלגעמיינען אָדער, וויא מען זאָגט עס געוועהנליך, פּאַן־אַמעריקאַנישען קאָנצערט נאָך דעם מוסטער פון אייראָפּעאישען פּאָליטישען קאָנצערט. מען רופט זיי A. B. C. נאָך דיא ערשטע בוכשטאַבען פון זייערע נעמען (Argentine, Brazil, Chile) אָט דער דאָזיגער „דרייבונד“ פון דער נייער וועלט האָט זיך עס אריינגעמישט, מיט דער פריינדליכער צושטימונג פון פּרעזידענט ווילסאָן, אין דעם צוזאַמענשטויס צווישען דיא וואַשינגטאָנער רעגיערונג און הוערטאַ אין דעם מאָמענט, ווען פון אַלע זייטען האָט מען זיך גערינכט אויף אַ מלחמה צווישען יונייטעד סטייטס און מעקסיקאָ. דיא געזאַנדטע פון דער „איי בי סי“ האָבען געהאַנדעלט אַלס פערמיטלער אין דיעזען סכסוך צו דער צופריעדענהייט פון אַמעריקאַנער פּאָלק און אויך פון דער גאַנצער לאַטיינישער אַמעריקא. דורך דעם האָט דיא מאָנראָ דאָקטרין אָנגענומען אַ נייע ווענדונג, אַ פּאַן־אַמעריקאַנישע ריכטונג, און עס איז אזוי אויסגעלעגט געוואָרען אַ וועג צו אַ פּאָליטישען בונד פון אַלע רעפובליקען אין דער נייער וועלט.

דיא אמת־פריעדליכע שטרעבונגען פון דער וואַשינגטאָנער רעגיערונג, אונטער דער לייטונג פון פּרעזידענט ווילסאָן און פון זיין סעקרעטערי אוו סטייט (מיניסטער פון אויסלענדישע אנגעלעגענהייטען) ברייען, האָבען זיך אויך ארויסגעוויזען אין אַנדערע אויסלענדישע פראַגען, אין דער שליעסונג פון ארביטריישאן־טריטיס מיט דיא מייסטע לענדער פון דער וועלט, נור ספּעציעל אין דער פראַגע וועגען צאָהלונגען פאר דורכפאָהרען דעם פּאַנאַמאַ קאַנאַל. דורך דיא דאָזיגע פראַגע, גענאַנט דיא „טאָלל־פראַגע“, איז עס געקומען צו אַן ערנסטען סכסוך פון יונייטעד סטייטס מיט ענגלאַנד און מיט אַלע אַנדערע האַנדעלס־נאַציאָנען. אונטער טאַפט׳ס פּרעזידענטשאַפט האָט מען אין קאָנגרעס דורכגעפיהרט אין 1912 אַ געזעץ, אַז אַמעריקאַנער שיפען, וואס פיהרען סחורות צווישען אַמעריקאַנער פּאָרטען, אָדער ברעג־שיפען וויא מען זאָגט עס קורץ, זאָלען קענען דורכפאָהרען דעם פּאַנאַמאַ קאַנאַל פריי, אָהן שום טאָלס. דיא ענגלישע רעגירונג האָט דאַן ערקלערט, אַז דאס איז געגען דעם בוכשטאַב פון איהר לעצטען אָפּמאַך מיט יונייטעד סטייטס וועגען דעם פּאַנאַמאַ קאַנאַל (דיא זאָ־גענאַנטע

„העי־פּאָונסיפאָט טריטי“), און זיא האָט דארום געפאָרדערט גלייכע אבצאָהלונ־גען אָדער טאָלס פאר אמעריקאַנער שיפען אזוי וויא פאר דיא שיפען פון אַלע נאציאָנען. איינזעהענדיג, אז דיא ענגלישע רעגיערונג האָט רעכט אין דיעזען סכסוך און ניט וועלענדיג איינרייסען מיט אַלע אנדערע נאציאָנען, וועלכע זיינען געשטאַנען נאַטירליך אויף דער זייט פון ענגלאַנד אין דיעזער טאָלל־פראַגע, האָט פּרעזידענט ווילסאָן רעקאָמענדירט דעם קאָנגרעס צוריקצורופען זייער פריהערען בעשלוס און צו בעשטימען דיא זעלבע צאהלונגען פאר אמעריקאנער אזוי וויא פאר אויסלענדישע שיפען, ווען עס קומט זיי אויס צו בענוצען זיך מיט'ן פאנאמא קאנאל.

דער קאָנגרעס האָט אָנגענומען דיעזע וויכטיגע רעקאָמענדאַציאָן, וויא כמעט אַלע אנדערע, וועלכע פּרעזידענט ווילסאָן האָט פאָרגעשלאָגען. אונטער זיין לייטונג זיינען דורכגעפיהרט געוואָרען פערהעלטניסמעסיג גיך אזעלכע עקאָנאָ־מישע רעפאָרמען, וועלכע זיינען יאָהרענלאַנג געשטאנען אויף דער רייהע. איינער פון זיינע ערשטע אַקטען איז געווען צוזאמענצורופען דעם קאָנגרעס (דעם 63טען אין צאָהל), אום ווידער צו ענדערען דעם טאַריף. דיעזעס מאָל האָט מען איהם טאַקע רעווידירט אַרונטער, דאס הייסט: בעדייטענד פערקלע־נערט דיא אָבצאָהלונגען אויף כמעט אַלע אויסלענדישע סחורות, וויא דיא דעמאָקראַטישע מאַיאָריטעט דאָרטען האָט עס געוואונשען. אַלע שפּייזוואַרג און דיא וויכטיגסטע רויהע פּראָדוקטען פאר אינדוסטריען זיינען געשטעלט געוואָרען אויף דער פרייער ליסטע.

נור אזוי וויא דורך אזעלכע פערקלענערונגען פון טאַריף־אָבצאָהלונגען האָט געמוזט ווערען א גרויסער דעפיציט אין דער שטאַאַטס־קאַסע, האָט מען גלייכצייטיג בעשלאָסען אין קאָנגרעס איינצופיהרען אַן אינקאָם־טעקס, דאס הייסט: א שטייער אויף איינקינפטע. דיעזע זעהר וויכטיגע רעפאָרם איז אָבער מעגליך געוואָרען דורך דעם, וואס מען האָט נאָך א זעהר לאַנגען און ביטערען קאמפף, דורכגעפיהרט אונטער טאפט'ס פּרעזידענטשאַפט אַן אַמענדמענט צו דער יונייטעד סטייטס קאָנסטיטוציאָן, נעמליך דעם 16טען, וואו עס שטעהט אויסדריקליך, אז דער קאָנגרעס האָט א רעכט צו בעשטייערען אירגענד וועלכע איינקינפטע אין גאַנצען לאַנד.

כמעט גלייכצייטיג מיט דעם אַמענדמענט וועגען אינקאָם־טעקס איז אויך אריינגעטראָטען אין קראַפט (אין 1913) נאָך אַן אַמענדמענט (דער 17טער און פאָרלויפיג דער לעצטער) צו דער יונייטעד סטייטס קאָנסטיטוציאָן, וועגען וועלכען עס איז געפיהרט געוואָרען א קאַמפף, מעג מען זאָגען, זייט דעם אָנפאַנג פון אונזער רעפּובליק. דאס איז נעמליך וועגען דעם, וויא אזוי דיא יונייטעד סטייטס סענאַטאָרס זאָלען אויסגעוועהלט ווערען. אויף זייטע 48

זיינען שוין ערקלערט געוואָרען דיא קאָנסטיטוציאָנעלע פּונקטען וועגען דער ערוועהלונג פון דיעזע פערטרעטער פון סטייטס. דיא פאָרדערונג, אַז מען זאָל זיי אויסקלייבען אַזוי וויא אַלע אַנדערע פערטרעטער און בעאַמטע, דאס הייסט דירעקט פון דיא בירגער, איז אָבער אַלץ שטארקער געוואָרען, און דיא סענאַטאָרם אליין האָבען שליעסליך געמוזט פאָלגען דעם ווילען פון פאָלק. עס בלייבט וויא פריהער, אַז יעדער סטייט, וויא גרויס אָדער קליין ער זאָל ניט זיין, שיקט צוויי פערטרעטער אין יונייטעד סטייטס סענאַט, נור זייער ערוועהלונג ווערט שוין פאָרקומען לויט נאָך דיא געוועהנליכע וואַהל־געזעצע, אָט אזוי וויא מען ערוועהלט, למשל, דיא מיטגליעדער פון דער האוז אוו רעפּרעזענטאַטיווס, נעמליך: דירעקט פון פאָלק.

Vox populi, vox Dei (דיא שטימע פון פאָלק איז דיא שטימע פון גאָט)— דיעזער אַלטער שפּריך־וואָרט ווערט בכלל אַלץ מעהר און ווייטער פערווירקליכט אין אונזער גרויסער און פּראָגרעסיווער רעפּובליק.

ניו יאָרק, ענדע 1914.



# פאָרוואָרט

קענעדע*) און יונייטעד סטייטס בילדען דעם אַנגלאָ־סאַקסישען אָדער, ריכטיגער גערעדט, דעם ענגליש־שפּרעכענדען טהייל פון דער נייער וועלט. זייערע געשיכטען זיינען זעהר ענג פערבונדען. פון דער געשיכטע פון יונייטעד סטייטס ווייסען מיר שוין, אַז אַ געוויסע צייט האָבען זיי זיך ביידע געפונען אונטער איין פלאַג — דעם בריטישען. די געשיכטע פון קענעדע וועט אונז צייגען, וויא ווענ׳ג עס האָט געפעהלט, אַז זיי זאָלען בלייבען אונטער איין פלאַג — דעם אַמעריקאַנישען.

דער גרעסטער אונטערשיעד צווישען זיי בעשטעהט אין דעם, וואָס קענעדע איז צוערשט בעזעצט געוואָרען פון פראַנצויזען און וואָס איינע פון איהרע ריזיגע פראָווינצען איז געבליבען און וועט שוין אפנים שטענדיג בלייבען אַ פראַנצויזיש־שפּרעכענדע. צוויי שפּראַכען ווערען דאָרטען אָפיציעל אַנערקענט אַלס גלייכבערעכטיגטע. אין דיזען פּרט איז קענעדע אַן אויסנאַהמע פון אַלע אַנדערע לענדער אין דער נייער וועלט. ניט אין אונזער רעפּובליק און ניט אין אירגענד וועלכער פון די רעפּובליקען פון דער זאָ־גענאַנטער "לאַטיינישער אַמעריקאַ" איז ווען עס איז פאָרגעקומען אַ שפּראַכען־קאַמפּף. געוועהנליך זיינען דאָרטען איינגעוואָרצעלט געוואָרען די שפּראַכען פון די ערשטע אייראָפּעאישע הערשער און קאָלאָניסטען. אַזוי וויא שפּאַניען האָט בעהערשט צענטראַל־אַמעריקאַ און דעם גרעסטען טהייל פון זיד־אַמעריקאַ, האָט זיא דאָרטען איבערגעלאָזען איהר שפּראַך און דורך דעם אויך איהר קולטור אַלס אַן אייביגע ירושה. ווען דער טהייל פון זיד־אַמעריקאַ, וואָס טראָגט דעם נאָמען בראַזיליען, וואָלט ניט אָבגעגעבען געוואָרען צו פּאָרטוגאַל אויף דעם גרונד פון דער בעריהמטער ענטשיידונג פון פּאַפּסט אַלעקסאַנדער דעם זעקסטען, וויא מיר וועלען עס זעהען אין די קאַפּיטלעך פון דיזען בוך, אין וועלכע די געשיכטע

*) דאָס איז די ענגלישע אויסשפּראַכע פון דעם נאָמען Canada, וואָס זאָל שטאַמען פון אַן אינדיאַנער וואָרט, וויא היסטאָרישע פאָרשער מיינען עס. די פראַנצויזישע אויסשפּראַכע איז קאַנאַדאַ (מיט דעם קלאַנג אויף דער לעצטער זילבע, וויא בכלל אין דער פראַנצויזישער שפּראַך). אַזוי איז אויך די אויסשפּראַכע איבעראַל, וואו דער לאַטיינישער בוכשטאַב *a* ווערט אויסגעשפּראָכען ווי אַ (פּתח). פ. ק.

פון דיזער פּאָרטוגעזיש־שפּרעכענדער רעפּובליק וועט בעשריבען ווערן, — וואָלט אויך דאָרטען וואַהרשיינליך איינגעפיהרט געוואָרען דיא שפּאַנישע שפּראַך.

עס איז געווען גאַנץ נאַטירליך, אַז אין דער נייער וועלט זאָלען ניט נור דיא איינגעבאָרענע רויט־הויטיגע שטאַמען בּיסלעכווייז איבערנעהמען דיא שפּראַך פון זייערע אייראָפּעאישע הערשער, זאָנדערן אַז אויך דיא שפּעטערע איינוואַנדערער פון אייראָפּאַ זאָלען אָנפאַנגען צו געברויכען דיא שפּראַך פון דיא ערשטע קאָלאָניסטען. דער ניי־אָנגעקומענער אייראָפּעער אין אירגענד וועלכער פון דיא לענדער פון דער נייער וועלט האָט דאָך קיינע פּרעטענזיעס ניט איינצופלאַנצען דוקא זיין נאַציאָנאַלע קולטור. ער איז געוועהנליך צופריעדען, ווען ער קען קריעגען בעשעפטיגונג און זיך עטאַבלירען אין דעם נייעם אָרט, וואו ער בעזעצט זיך.

דיא גרויסע נאָרד־אַמעריקאַנער רעפּובליק האָט שוין לאַנג געקראָגען דעם נאָמען "שמעלץ־טאָפּ פון פעלקער און ראַסען", ווייל דיא מאַסען איינוואַנדערער, פון וועלכען לאַנד זיי זאָלען ניט קומען און צו וועלכער נאַציאָן זיי זאָלען ניט געהערען, ווערען מערקווירדיג שנעל צוזאַמענגעמישט און צוזאַמענגעשמאָלצען מיט דער אַמעריקאַנער נאַציאָן. דאָס זעלבע איז אָבער אויך ריכטיג וועגען דיא רעפּובליקען פון זיד־אַמעריקאַ, ספּעציעל וועגען אַרגענטינע, בלויז אין אַ קלענערער מאָס. דאָרטען ווערען דיא אימיגראַנטען אויך אַזוי אַסימילירט וויא אין יונייטעד סטייטס. אַזוי פּאַסירט עס און עס מוז שליסליך פּאַסירען אין יעדען אימיגראַציאָנס־לאַנד, אין אויסטראַליען אַזוי גוט וויא אין אַמעריקאַ און אין זיד־אַפריקאַ אַזוי גוט וויא אין אויסטראַליען.

אין קענעדע האָט אָבער פּאַסירט עטוואָס אונגעוועהנליכעס, עטוואָס אַזעלכעס, וואָס האָט מעהר עהנליכקייט צו דיא בעדינגונגען און צושטענדע אין דער אַלטער וועלט, וויא אין דער נייער. דאָס אונגעוועהנליכע איז בעשטאַנען ניט אַזוי אין דעם, וואָס צוויי פון דיא גרעסטע און שטאַרקסטע אייראָפּעאישע נאַציאָנען, דיא ענגלישע און דיא פראַנצויזישע, האָבען זיך פון אָנפאַנג אָן צוזאַמענגעשטויסען דאָרטען אַלס פייערדיגע געגנער, וויא אין דעם, וואָס נאָך זייער ענדליכען זיעג האָבען דיא ענגלענדער אַנערקענט דיא שפּראַך און אויך, מעג מען זאָגען, דיא נאַציאָנאַלע אָטאָנאָמיע פון דיא בעזיעגטע פראַנצויזען אין דער פּראָווינץ קוויבעק. צוזאַמענשטויסען, לאַנגע מלחמות און אויך גרויזאַמע געגענזייטיגע אויסשלאַכטען זיינען ניט איין מאָל פאָרגעקומען צווישען דיא אייראָפּעאישע פעלקער, וועלכע האָבען זיך דיא ערשטע אַ לאָז געטהאָן אַ קורצע צייט נאָך קאָלומבוס'עס ענטדעקונג צו פערכאַפּען קאָלאָניעס אין דער נייער וועלט. אייניגע קאָלאָניעס זיינען עטליכע מאָל איבערגעגאַנגען פון איין האַנד אין דער אַנדערער, למשל פון דיא שפּאַניער צו דיא פראַנצויזען, נאַכהער פון דיא פראַנצויזען צו דיא ענגלענדער, און פון דיא ענגלענדער צוריק צו דיא

שפאניער, און דאן ווידער צו דיא פראנצויזען, אדער גאר צו דיא האלענדער אדער פארטוגעזער. מיר וועלען עס ניט איין מאל האבען א געלעגענהייט צו בעטראכטען, ווען מיר וועלען זיך בעקענען מיט דיא געשיכטען פון דיא ניי־אויפגעקומענע נאציאנען אין דער גאנצער נייער וועלט. אבער אין ערגעץ, אויסער אין קענעדע, האט עס ניט געטראפען, אז נאך זייער נידערלאגע זאלען דיא פריהערע הערשער קענען אנהאלטען זייער שפראך, זייערע פיהרונגען און בכלל זייער נאציאנאלע קולטור אין דער קאלאניע.

דארום עקזיסטירט עס אין קענעדע אזא מין נאציאנאלער קאמפף, וויא אין דיא אייראפעאישע לענדער, אין וועלכע צוויי אדער מעהרערע פעלקער לעבען אונטער איין צענטראלער רעגיערונג און צוויי אדער מעהרערע שפראכען ווערען אפיציעל אנערקענט. דיא פראנצויזיש־שפרעכענדע קענעדער זיינען אייגענטליך אזוי צוגעבונדען צו דער בריטישער אימפעריע, וויא דיא ענגליש־שפרעכענדע קענעדער. ביידע טהיילען האלטען זיך היינט פאר מיטגליעדער פון איין נייער נאציאן — דיא קענעדישע. פון דעסטוועגען רייסען זיי זיך אלץ ארום אין פיעלע אינערליכע אנגעלעגענהייטען, וויא צוויי בעזונדערע נאציאנאליטעטען. דיא פראנצויזיש־שפרעכענדע קענעדער קוקען אלץ מיט פערדאכט און זאגאר מיט שנאה אויף זייערע ענגליש־שפרעכענדע מיטבירגער, ווייל זיי האבען מורא צו פערלירען זייער נאציאנאלע אטאנאמיע דורך דעם, וואס זיי ווערען אלץ א קלענערע מינאריטעט אין לאנד. זיי האבען שוין לאנג פערלארען זייערע פאטריאטישע געפיהלען צו פראנקרייך און ווינשען אויפריכטיג צו בלייבען אונטער דעם בריטישען פלאג; אבער זייער אלט־פראנצויזישע שפראך און זייערע אלט־פראנצויזישע מנהגים ווילען זיי אויף קיין פאל ניט אויפגעבען. צוליעב זייער שפראך זיינען זיי בערייט צו געהן אין פייער און אין וואסער.

וויא א רויטער שנור — רויט ווייל ער איז אפט געפארבט געווארען אין בלוט — ציהט זיך דער קאמפף צווישען פראנצויזען און ענגלענדער דורך דיא גאנצע געשיכטע פון קענעדע. דיא פארמען און אויך דער כאראקטער פון דיזען קאמפף האבען זיך אין פערלויף פון דער צייט געביטען, אבער אין גאנצען הערט ער ניט אויף, וויא מיר וועלען זעהען אין דיא פאלגענדע קאפיטלעך.

---

ערשטער קאפיטעל.

# דיא ערשטע רייזע נאָך נאָרד־אַמעריקא און דיא ענטדעקונג פון קענעדע

אַלעס וואָס עס איז געזאָגט געוואָרען אין דער איינלייטונג צו דער געשיכטע פון יונייטעד סטייטס בעציהט זיך, נאַטירליך, אויך אויף קענעדע אַלס א טהייל פון דער נייער וועלט. צווישען אַנדערע רייזען אין דער ערשטער העלפט פון 16טען יאָהרהונדערט איז דאָרטען פערצייכענט (זעה זייטע 22), אַז דער פראַנצויז זשאַק קאַרטיע האָט אין 1535 ענטדעקט דעם סענט לאָרענס טייך, ווען ער האָט געזוכט דעם נאָרד־וועסטליכען וואַסערוועג נאָך אינדיען.

דיזע רייזע איז עס דער אָנפאַנג פון דער געשיכטע פון קענעדע. זיא איז אויך, מעג מען זאָגען, דער אָנפאַנג פון א גענויער היסטאָריע פון נאָרד־אַמעריקא. עס איז זיכער, אַז דזשאָהן קאַבאָט האָט דער ערשטער ענטדעקט דיא ברעגען פון נאָרד־אַמעריקא אין 1497, סך הכל פינף יאָהר נאָך קאָלומבוס'עס ערשטער רייזע, אָבער איינצעלהייטען פון זיין מאַרשרוט פעהלען. מען וויים אפילו ניט, אין וועלכען פונקט ער האָט געלאַנדעט. אויך איז מען אין דונקעלהייט וועגען דיא ענטדעקונגען פון זיין זוהן, סעבאַסטיאַן קאַבאָט, וועלכער האָט פאָרטגע־זעצט דיא רייזען פון זיין פאָטער אין דיענסט פון דעם ענגלישען קעניג הענרי דעם זיעבעטען. מען רעכענט, אַז ביידע, דער פאָטער און דער זוהן, זיינען פאַרבייגעפאָהרען דיא ברעגען פון נאָרד־אַמעריקא, אָנפאַנגענדיג פון דעם האַלב־אינזעל לאַבראַדאָר אָדער פון דעם אינזעל ניו־פאַונדלענד אין נאָרד ביז צום האַלבאינזעל פלאָרידא אין זיד. עבענזאָ וועניג וויים מען פון דיא מאַרשרוטען פון קאַבאָט'ס נעכסטע נאָכפאָלגער.

יעדענפאַלס האָט קאַבאָט'ס ענטדעקונג געהאַט אונגעהייער וויכטיגע רע־זולטאַטען. אַזוי שנעל וויא בעריכטען וועגען זיין רייזע אונטער דעם ענגלישען פלאַג זיינען אָנגעקומען אויך אין אַנדערע אייראָפעאישע לענדער, האָבען זיך נייע ים־פאָהרערס א לאָז געטאָן צו דיא נאָרדליכע ברעגען פון דער נייער וועלט. שוין אין 1500 איז דער פאָרטוגעזישער קאַפיטאַן גאַספּאַר קאָרטערעאַל צוגעקומען צו דיא שטיינערנע ברעגען פון דעם וויסטען און קאַלטען האַלב־

אינזעל, וואָס טראָגט דעם נאָמען לאַבראַדאָר, וועלכען ער האָט איהם געגעבען. דיא בעדייטונג פון דיעזען פּאָרטוגעזישען וואָרט איז "אַקערבויער", וואָס עס פּאַסט ניט פאַר אַזאַ לאַנד, וועלכע בלייבט אַלץ כמעט גאָר ניט בעפעלקערט. ער האָט גראַדע געטראָפּען אין איין אָרט אַ שטאַם אינדיאַנער, פון וועלכע איהם איז געלונגען צו פערנאַרען אַ 50 יעגער אויף זיין שיף, אום זיי צו ברענגען אין פּאָרטוגאַל אַלס שקלאַווען פאַר דיא גאַלער־שיפען. דעם נעכסטען יאָהר האָט קאָרטערעאַל אָנגעפאַנגען אַ נייע רייזע נאָך נאָרד אַמעריקאַ, אָבער צוריק איז איהם שוין ניט בעשערט געווען צו קומען אין פּאָרטוגאַל. מען רעכענט, אַז ער איז אונטערגעגאַנגען צוזאַמען מיט זיין שיפעל לעבען דיא געפעהרליכע ברעגען פון לאַבראַדאָר.

אַן אַנדער פּאָרטוגעזער ים־פאָהרער, איינער מיט'ן נאָמען עסטעוואַן גאָמעץ, האָט זיך אַ לאָז געטאָן אויף קאַבאָט'ס וועג צו דיא נאָרד־וועסטליכע ברעגען פון אַמעריקאַ. ער איז אָבער געשטאַנען אין שפּאַנישען דיענסט. מען רעכענט, אַז ער האָט אויך גערייזט ביי דיא ברעגען פון נאָרד־אַמעריקאַ ביז צו דיא שפּאַנישע פּאָסעסיעס אין פלאָרידאַ. דיא שפּאַניער האָבען זיך אָבער געקימערט וועגען דיעזע נאָרדליכע רייזען אַזוי וועניג וויא דיא פּאָרטוגעזער. זיי האָבען זיך אַלץ אַרומגעריסען וועגען זייערע חזקות אין זיד־אַמעריקאַ. אויף'ן קאַמפּף־פּלאַץ אין נאָרד־אַמעריקאַ זיינען פערבליבען בלויז ענגלאַנד און פראַנקרייך.

דיא ערשטע פראַנצויזען, וואָס האָבען אָנגעפאַנגען צו רייזען אויף קאַבאָט'ס וועג, זיינען געווען מוטהיגע פישער פון דיא פּראָווינצען ברעטאַן און נאָרמאַנדיע. זיי זיינען צוגעצויגען געוואָרען צו דיא בעריהמטע זאַמדבענק פון ניו־פאַונדלענד, וועלכע זיינען וואונדערבאַר רייך אין פיש אויך אין אונזערע טעג. איידער דער פראַנצויזישער קעניג פראַנסואַ דער ערשטער האָט זיך אַרומגעזעהען, אַז ער קען ניט איבערלאָזען אַזוי פיעל נייע לענדער צו שפּאַניען און פּאָרטוגאַל, און האָט אין 1524 געשיקט דעם איטאַליענישען ים־פאָהרער וועראַצאַנאָ צו ענטדעקען עפּעס פאַר פראַנקרייך אויף דעם נאָרד־וועסטליכען וועג נאָך אינדיען, האָבען שוין דיא בראַווע פישערלייט פון סענט־מאַלאָ און פון אַנדערע וועסטליכע פראַנצויזישע פּאָרטען געהאַט זייערע פלעצער צום טריקענען פיש ביי דיא ברעגען פון ניו־פאַונדלענד און פון אַנדערע אינזלען אין דעם גאָלף פון סענט לאָרענס טייך. זיי האָבען עס געגרינדעט דיא ערשטע בעזעצונגען פון אייראָפּעער אין ניו־פאַונדלענד, אין קענעדע און, מען מעג זאָגען, אין נאָרד־אַמעריקאַ בכלל.

פראַנסואַ דער ערשטער איז געווען אַ מערקווירדיגע פערזענליכקייט. זיין לעבען איז פול געווען מיט דראַמאַטישע און ראָמאַנטישע פּאַסירונגען. בעזאָנדערס האָט ער געקעמפּפט געגען דעם קייזער קאַרל דעם פינפטען, וועלכער האָט געשטרעבט צו בעהערשען דיא גאַנצע וועלט. אום אָנצוהאַלטען דאָס "אייראָ־

פּעאישע גלייכגעוויכט" געגען דיא צו גרויסע מאַכט פון שפּאַניען אונטער דער הערשאַפט פון קאַרל דעם פינפטען, האָט זיך דיזער קעניג פון אַזאַ קאַטאָלישע מדינה וויא פראַנקרייך ניט אָבגעשראָקען אפילו פאַר אַ בונד מיט דיא טערקען און אויך מיט דיא פּראָטעסטאַנטען אין דייטשלאַנד. ווען ער האָט דערהערט פון דער ענטשיידונג פון פּאַפּסט ווענגען דיא צוטהיילונג פון דער נייער וועלט צווישען שפּאַניען און פּאָרטוגאַל, איז ער אין כעס געוואָרען און האָט געלאָזט וויסען זיין געגנער קאַרל דעם פינפטען, דאָס "ער ווייס ניט וואו עס שטעהט געשריעבען, אַז אדם הראשון האָט איבערגעלאָזען בירושה דיא גאַנצע ערד צו דיא מלכים פון שפּאַניען און פּאָרטוגאַל". דאַן האָט ער עס געשיקט דעם איטאַליענישען קאַפּיטאַן ווערראַצאַנאָ צו ענטדעקען נייע לענדער פאַר פראַנק־רייך.

פון דיזער רייזע האָט זיך אָבער אויסגעלאָזען ניט מעהר, וויא פון דיא רייזען פון קאָרטערעאַל און גאָמעץ. ווייטער פון ניו־פאַונדלענד אין נאָרד האָט ווערראַצאַנאָ ניט דערגרייכט. זיין צווייטע רייזע האָט זיך געענדיגט מיט זיין טויט. מען רעכענט, אַז שפּאַניער האָבען איהם געפאַנגען און אויפגעהאַנגען אַלס פּיראַט. וואהרשיינליכער איז עס אָבער אַז זיין שיף איז געזונקען אויף'ן וועג.

נור דער פראַנצויזישער קעניג האָט זיך יעדענפאַלס געשטיצט אויף ווע־ראַצאַנאָ'ס רייזע אין זיינע פּרעטענזיעס אויף נאָרד־אַמעריקאַ, אַזוי וויא דער ענגלישער קעניג האָט זיך געשטיצט אויף קאַבאָט'ס רייזען. דערווייל איז דיא נייע וועלט אַלץ מעהר בעקאַנט געוואָרען. מען האָט זיך אַלץ ווייטער אַרומגעזעהן, אַז זיא איז טאַקע אַ בעזונדערער טהייל פון ערד־קוגעל, אַזעלכער וואָס ציהט זיך פון דיא קעלטעסטע געגענדען אין נאָרד ביז צו דיא קאַלטע געגענדען אין זיד, צווישען דיא צוויי גרעסטע אָקעאַנען, דעם אַטלאַנטישען אין מזרח־זייט און דעם פּאַסיפישען (שטילען) אין מערב־זייט.

אין דער זעלבער צייט זיינען דיא ענטדעקטע לענדער אַלץ מעהר פּער־כאַפּט געוואָרען פון שפּאַניען, פּאָרטוגאַל און ענגלאַנד, זאָ דאָס דער פראַנצוי־זישער קעניג האָט זיך געמוזט צואיילען מיט נייע עקספּעדיציעס און ענטדע־קונגען, אום ניט צו בלייבען אָהן שום חלק אין אַמעריקאַ. דאַרום האָט ער עס געשיקט אַ נייע עקספּעדיציע נאָך נאָרד־אַמעריקאַ אַזוי שנעל, וויא ער האָט וויא עס איז געשלאָסען פריעדען מיט שפּאַניען נאָך זיין ביטערע נידערלאַגע אין דער שלאַכט לעבען פּאַוויאַ, ווען ער איז אַליין געפאַנגען געוואָרען.

דאָס איז עס געווען דיא עקספּעדיציע אונטער דער קאָמאַנדע פון זשאַק קאַרטיע, וועמעס לעבענסגעשיכטע בלייבט אונבעקאַנט. מען ווייס נור אויף זיכער, אַז ער איז געבאָרען געוואָרען אין סענט מאַלאָ, פון וואַנען דיא ברעטאַנער פישער פלעגען עס מייסטענס אָפּפאָהרען נאָך ניו־פאַונדלענד, און אַז צו דער

צייט, ווען דער קעניג האָט איהם געשיקט אין 1534 מיט צוויי שיפען און 120 מאַטראָזען און מיטהעלפער, איז ער אַלט געווען אַ יאָהר פיערציג. מען דאַרף אָננעהמען, אַז ער האָט זיך פערשאַפט אַ נאָמען אין פראַנקרייך אַלס אַ מוט־היגער און פעהיגער ים־פאָהרער און אַלס איינער, וואָס האָט אויך געמאַכט רייזען נאָך נאָרד־אַמעריקאַ אויף פישער־שיפען, זאָנסט וואָלט איהם דער קעניג ניט אַנ־פערטרויט אַזאַ עק־ספּעדיציע, ווי צו זו־כען אַ נייעם וואַסער־וועג נאָך כינאַ און אינדיען און אויף'ן וועג צו פערנעהמען אַלע ניי־ענט־דעקטע לענדער אין נאָמען פון פראַנק־רייך.



Jac Cartier

זשאַק קאַרטיע, דער ענטדעקער פון קענעדע.

דיזע רייזע איז געווען אַ זעהר גע־לונגענע און אויך אַ זעהר שנעלע פאַר די קליינע זעגעל־שיפען פון יענע צייטען. ווען קאַרטיע איז צו־געקומען צו די וויס־טע ברעגען פון לאַב־ראַדאָר ארום 20 טעג נאָך זיין אָפּרייזע פון פראַנקרייך (דעם 20טען אַפּריל, 1534), האָט ער געמוזט וואַרטען אַ געוויסע צייט, איידער ער האָט געקענט דורכשווימען דעם וואַסער־וועג צווישען דיזען האַלבאינזעל און דעם אינזעל ניו־פאַונדלענד, ווייל ער איז געווען בלאָקירט מיט שטיקער אייז. דיזער וואַסער־וועג טראָגט עד היום דעם אונפערדיענטען נאָמען

בעל־איל (אויף ענגליש : בעל־אייל סטרייטס), וואָס עס בעדייטעט : שעהנער אינזעל. דיא געגענד איז אַזאַ וויסטע און טרויעריגע, אַז קאַרטיע האָט אָבגע־געבען אַזאַ מיינונג וועגען איהר : "איך דענק אַז גאָט האָט אָבגעגעבען דיזע שטיק ערד צו קין'ען". דיא מאַטראָזען האָבען געזאָגט, אַז אַנשטאָט "בעל־איל" האָט מען דעם אָרט בעדאַרפט רופען "טייפעל'ס אינזעל".

דעם 3טען יולי איז קאַרטיע אריינגעפאָהרען אין אַ טיעפער בוכטע, וועלכע ער האָט אַ נאָמען געגעבען "שאַלויר", וואָס עס מיינט היץ, ווייל אין יענעם טאָג איז עס דאָרטען זעהר הייס געוועזן. דיזער וואַסער־בוזים (אויף ענגליש און פראַנצויזיש : בעי, אויף רוסיש : זאַליוו) געפינט זיך אויף דער זידליכער זייט פון דעם ים, וואָס טראָגט דעם נאָמען גאָלף פון סענט לאָרענס. דאָס איז יעצט אַ טהייל פון דער פראַנצויזיש־שפּרעכענדער פּראָווינץ קוויבעק.

אויף אַ מערקווירדיגען פעלז, וואָס טראָגט דעם נאָמען גאַספּע (מען רע־כענט, אַז דאָס איז אַן אינדיאַנער וואָרט, וואָס בעדייטעט אַ צושפּאָלטענער פעלז) האָט קאַרטיע אין דער אַנוועזענהייט פון פערוואונדערטע אינדיאַנער אויפ־געשטעלט אַ הויכען קרייץ מיט דעם שילד פון פראַנקרייך און מיט אַן אויפ־שריפט : "עס לעבע דער קעניג פון פראַנקרייך !"

נאָכדעם האָט ער זיך צוריקגעקעהרט אַהיים דורך דעם זעלבען בעל־איל וואַ־סערוועג, גאָר ניט וויסענדיג, אַז ער איז צוגעקומען נאָהענט צום גרויסען טייך סענט לאָרענס. ער האָט מיטגענומען צוויי זיהן פון דעם הויפּט פון דעם אינדיאַ־נער שטאַם אין גאַספּע, אום זיי צו צייגען דעם קעניג און דיא העפלינגע. דיא שילדערונגען וועגען דיא געגענד אַרום שאַלויר־בעי האָבען אַזוי צופריעדענגע־שטעלט דעם קעניג, אַז ער האָט בעשלאָסען שיקען אַ צווייטע עקספּעדיציע אַהין דעם נעכסטען יאָהר ווידער אונטער דער קאָמאַנדע פון זשאַק קאַרטיע.

דאָס איז געווען קאַרטיע'ס צווייטע רייזע, ווען ער האָט שוין ענטדעקט דעם טייך סענט לאָרענס, וואָס איז געוואָרען דער צענטער פון דער פראַנצויזי־שער הערשאַפט אין נאָרד־אַמעריקאַ אין פערלויף פון צוויי מיט אַ פיערטעל יאָהרהונדערט. ווידער איז ער צוגעקומען צו דיא ברעגען פון לאַבראַדאָר און דורכגעשוואומען — דיעזעס מאָל מיט דריי זעגעל־שיפען — דיא בעל־איל סטרעיטס, נור אין דעם סענט לאָרענס גאָלף האָט ער פערקירעוועט מעהר צו וועסט און דעם 10טען אויגוסט 1535 האָט ער געלאַנדעט אין אַ קליינער בוכטע, וועלכע ער האָט אַ נאָמען געגעבען סענט לאָרענס לכבוד דעם קאַטאָלישען הייליגען פון דעם דאָזיגען טאָג. נאָכהער איז דיזער נאָמען איבערגעגאַנגען אויף דעם גרויסען טייך און אויף דעם גאָלף, פון וועלכע דיזע בוכטע איז אַ טהייל.

ווען דיא שיפען זיינען פערבייגעפאָהרען דיא נאָרדליכע ברעגען פון דעם גרויסען אינזעל אַנטיקאָסטי, וואָס ליעגט אין מיטען פון דער מינדונג (דאָס מיינט דעם אָרט וואו אַ טייך פאַלט אריין אין ים) פון סענט לאָרענס טייך,

האָבען דיא צוויי אינדיאַנער, וועלכע קאַרטיע האָט מיטגעבראַכט, וויא ער האָט עס פערשפּראָכען זייער פּאָטער, אָנגעוויזען, אַז מען איז צוגעקומען צו דער געגענד סאַגענעי, וואו עס געפינט זיך רויטע קופּער, און אַז נאָך ווייטער צום זיד־וועסט פליסט דער גרויסער טייך פון האָשעלאַגאַ און קאַנאַדאַ (אַזוי איז דיא פראַנצויזישע אויסשפּראַכע פון דיזע אינדיאַנער ווערטער, וואָס זייער בע־דייטונג איז נאָך ניט פעסטגעשטעלט געוואָרען).

קאַרטיע האָט זיך אַ לאָז געטהאָן אויף דיזען וועג. האַלטענדיג זיך ביי דיא נאָרדליכע ברעגען פון סענט לאָרענס איז ער צוגעקומען צו דיא ערטער, וואו דיזער טייך ווערט שמעלער און וואו עס איז שפּעטער אויף דיא בערג־ברעגען אויפגעבויט געוואָרען דיא גרעסטע און שטאַרקסטע פעסטונג פון ניי־פראַנקרייך אָדער קענעדע — קוויבעק. ווען ער האָט געלאַנדעט דאָרטען, זיי־נען זיך צוזאַמענגעקומען אינדיאַנער אויף שיפלעך פון אַרום און אַרום. דער הויפּט פון דעם דאָרטיגען אינדיאַנער שטאַם האָט בעדאַנקט דעם פראַנצויזי־שען קאַפּיטאַן פאַר דיא גוטע בעהאַנדלונג פון דיא צוויי ווילדע, וועלכע ער האָט געבראַכט צוריק בשלום. דאָס האָט גלייך פון אָנפאַנג געפיהרט צו דיא פריינדליכע בעציהונגען צווישען דיא פראַנצויזען און דיא אַלגאָנקינער (אַזוי איז דער אַלגעמיינער נאָמען פון דיא אינדיאַנער שטאַמען ביי דיא וואַסערען פון סענט לאָרענס און בכלל אין דער פּראָווינץ קוויבעק און אין קענעדע) — אַ פריינדשאַפט, וועלכע האָט זעהר פיעל געהאָלפען דיא פראַנצויזען צו פער־שפּרייטען זייער הערשאַפט אַלץ ווייטער און טיעפער אין נאָרד־אַמעריקאַ, וויא מיר וועלען עס זעהן אין דיא נעכסטע קאַפּיטלעך.

לאָמיר דערווייל נאָכפאָלגען דיא העכסט וויכטיגע רייזע פון זשאַן קאַר־טיע איבער דעם טייך, וואָס ער האָט דער ערשטער ענטדעקט פאַר דיא אייראָ־פּעאישע וועלט און וואָס ער האָט אויך פערצייכענט אויף זיינע קאַרטען. נאָכ־דעם וויא ער האָט אויסגעפאָרשט דיא ברעגען און דיא אינזלען אין דער נאָכ־באַרשאַפט פון דעם אינדיאַנער דערפעל סטאַדאַקאָנאַ, וואו עס איז שפּעטער גע־גרינדעט געוואָרען דיא פראַנצויזישע קאָלאָניע קוויבעק, און נאָכדעם וויא דיא מאַטראָזען האָבען זיך אויסגערוהט, איז ער אַוועק מיט איין שיף נאָך האָשעלאַגאַ, וועגען וועלכע ער האָט זעהר פיעל געהערט אין זיינע אונטערהאַנדלונגען מיט דיא אינדיאַנער. זיי האָבען אָבער גאָר ניט געוואָלט, אַז דיא ווייסע זאָלען זיך צוזאַמענטרעפען און בעקענען מיט דיא שטאַמען פון האָשעלאַגאַ. זיי האָבען דאַרום פּרובירט איינשרעקען דיא פראַנצויזען מיט אויסגעטראַכטע געשיכטען וועגען דיא גרויסע געפאַהרען אויף'ן וועג. אייניגע אינדיאַנער האָבען אויס־געשמירט זייערע געזיכטער מיט סאַזשע, האָבען אָנגעטאָן לאַנגע הערנער אויף זייערע קעפּ און זיך בעדעקט מיט פעל פון חיות, אום צו צייגען וואָס פאַר אַ שווידערליכע שדים עס געפינען זיך אין האָשעלאַגאַ. קאַרטיע האָט זיך, נאָ־

טירליך, אויסגעלאַכט פון אַזעלכע אָבשרעקענעסען. אַרום ענדע סעפטעמבער איז ער צוגעקומען מיט איינע פון זיינע שיפען צו אַן אינזעל, וואו עס האָט זיך געפונען אַן אינדיאַנער דאָרף מיט'ן נאָמען האָשעלאַגאַ און וואו עס געפינט זיך היינט דיא גרעסטע און וויכטיגסטע האַנדעלס־שטאָדט פון קענעדע — מאָנטריאָל.




דיא אינדיאַנער שטאָדט האָשעלאַגאַ.
(נאָך אַן אַלטער צייכנונג).

דיא אינדיאַנער פון האָשעלאַגאַ האָבען אויך אויפגענומען זעהר פריינדליך דיא ווייסע געסט. אויף'ן וועג פון קוויבעק ביז מאָנטריאָל האָט קאַרטיע בע־וואונדערט דיא פּראַכטפאָלע ברעגען פון סענט לאָרענס. דעם אינזעל פון האָ־שעלאַגאַ האָט ער אַ נאָמען געגעבען "מאָן ראָיאַל" צוליעב דעם הערליכען באַרג דאָרטען. דאָס מיינט אויף פראַנצויזיש: "קעניגליכער באַרג" און דערפון שטאַמט עם דער היינטיגער נאָמען **Montreál** (ענגליש אויסגעשפּראָכען: מאָנט־ריאָל).

אין דיא בעריכטען פון זיין רייזע איבער דעם גרעסטען און וויכטיגסטען פון אַלע נאָרד־אַמעריקאַנישע טייכען, וועלכע פאַלען אריין אין אַטלאַנטישען אָקעאַן, שילדערט קאַרטיע דיא פיהרונגען פון דיא אינדיאַנער אין האָשעלאַ־גאַ. ער דערצעהלט, אַז זיי האָבען געקוקט אויף דיא פראַנצויזען, וויא אויף געטליכע מענשען. ער בעשרייבט, וויא זייער, זאָ צו זאָגען, הויפט שטאָדט איז געבויט געוועזן, וויא זייערע געמיינשאַפטליכע הייזער, יעדע אונגעפעהר 100 פוס לאַנג און 25 פוס ברייט, זיינען געבויט געוועזען און וויא אַזוי עטליכע

פאמיליעס האבען דארטען געלעבט. אזעלכע לאנגע הייזער, וויא אויף דער צייכ־נונג וואס מיר גיבען דא, זיינען געווען אין געברויך ספעציעל ביי דיא אינדיא־נער שטאמען, וועלכע דיא פראנצויזען האבען בעצייכענט מיט'ן נאמען אירא־קוא (Iroquois, ענגליש אויסגעשפראכען: איראקוואי) און וועלכע האבען גע־שפיעלט א בעזאנדערס וויכטיגע ראלע אין דער געשיכטע פון קענעדע און אויך פון ניו יארק סטייט, וויא מיר וועלען עס זעהן.



א לאנגע הויז פון דיא איראקוואי שבטים.

אין אקטאבער האט קארטיע זיך צוריקגעקעהרט צום פלאץ לעבען קוויבעק, וואו ער האט איבערגעלאזען א טהייל פון זיין עקספעדיציע. דיא פראנצוייזען, וועלכע האבען אנגעהויבען צו קוקען מיט פערדעכטיגע אויגען אויף דיא אינ־דיאנער, האבען אויפגעבויט א מין פעסטונג, וואו קארטיע האט בעשלאסען איבערצואווינטערען. א שרעקליכער ווינטער איז דאס געווען פאר זיי. אזעל־כע ביטערע פרעסט האבען זיי ניט ערוואַרטעט נאך דעם הערליכען נארד־אמע־ריקאנער הערבסט, וועלכער טראגט דעם פערדיענטען נאמען "אינדיאנער זו־מער". זיי האבען שטארק געליטען פון קעלט און פון קראנקהייטען, ספעציעל פון סקארבוט. מעהר וויא דרייסיג בעגלייטער פון קארטיע זיינען געשטארבען פון סקארבוט, און ניט פיעלע פון דער גאנצער מאנשאפט וואלטען איבערגע־לעבט דעם ווינטער, אויב אן אינדיאנער וואלט זיי ניט געגעבען אן אלטע אויספרובירטע רפואה געגען דיזע שרעקליכע קראנקהייט אין קאלטע לענדער.

ווען דער היים־ערוואַרטעטער פריהלינג איז ענדליך געקומען נאך דעם לאנגען און שארפען קענעדער ווינטער, האט קארטיע בעשלאסען צו פאהרען צוריק נאך פראנקרייך. מיט געוואלט האט ער געכאפט עטליכע אינדיאנער (דארונטער אויך זייער הויפט מיט'ן נאמען דאנאקאנא), אום זיי צו צייגען דעם קעניג. הינטער זיך האט ער דארטען געלאזען איינע פון זיינע שיפען, ווייל ער האט ניט געהאט גענוג מאטראזען, און אויך א קרייץ, 35 פוס הויך, מיט א שילד פון פראנקרייך.

אויף דיזער צוריקרייזע האָט ער זיך שוין געהאַלטען ביי דיא זידליכע ברעגען פון ניו־פאַונדלענד. ער איז אַזוי דורכגעשוואומען דעם וואַסער־וועג, וואָס טראָגט דעם נאָמען קאַבאָט סטרעיטס און וואָס פיהרט פון אַטלאַנטישען אָקעאַן אין דעם גאָלף פון סענט לאָרענס. עטליכע טעג האָט ער פערבראַכט אין אייניגע האַפענס פון ניו־פאַונדלענד און דעם 16טען יולי 1536 איז ער אריינגעפאָהרען אין זיין געבורטס־שטאָדט סענט מאַלאָ מיט דער פרעהליכער בשורה, אַז ער האָט ענטדעקט אַ גרויסע לאַנד מיט אַ וואונדערבאַר ברייטען טייך פאַר פראַנקרייך.



## צווייטער קאַפּיטעל.

# די ערשטע פּראָבעס צו גרינדען קאָלאָניעס

אין פראַנקרייך האָט מען אָבער גאַנץ ווייניג בעגריפען די אונגעהייערע וויכטיגקייט פון קאַרטיע'ס ענטדעקונגען. דער קעניג מיט זיינע מיניסטאָרען און אַדעליגע האָבען זיך נאָר פּעראינטערעסירט אין אַ מעשה, אַז דאָרטען גע־פינען זיך גאָלד, עדעלשטיינער און בכלל טהייערע מינעראַלען. די מעשה איז געוועזן בעגרינדעט אויף דעם, וואָס אַן אינדיאַנער פון האָשעלאַגאַ האָט אָנגע־כאַפּט קאַרטיע'ס שפּיעז מיט אַ בעגילטע הענטעל און האָט אָנגעצייגט מיט זיין האַנד אין דער ריכטונג פון דעם טייך אָטאַווע, אַז דאָרטען געפינט זיך אַזאַ מעטאַל. קאַרטיע האָט געמיינט, אַז ער וועט דאָרטען געפינען אַזעלכע אוצרות, ווי די שפּאַניער האָבען געפונען אין מעקסיקאָ און פּערו.

ערשט אַרום פינף יאָהר נאָך דער ענדע פון זיין צווייטער רייזע האָט קאַרטיע געקראָגען די ערלויבניס פון קעניג אויסצושטאַטען פינף שיפען און צו פיהרען אַ נייע עקספּעדיציע נאָך נאָרד־אַמעריקאַ. פאַר דעם גובערנאַ־טאָר פון די ענטדעקטע לענדער, פאַר דעם וויצע־קעניג איבער גאַנץ ניי־פראַנקרייך האָט אָבער פראַנסואַ דער ערשטער געמאַכט אַן אַדעליגען מיט'ן נאָמען ראָבערוואַל. אין דער זעלבער צייט האָט ער בעפוילען צו זוכען און אויסצוקלייבען אין די געפענגניסע קאָלאָניסטען פאַר די נייע פּאָסעסיעס. די אַרעסטאַנטען, וואָס קאַרטיע און ראָבערוואַל האָבען מיטגענומען צו בעזע־צען זיי ערגעץ ביי די ברעגען פון סענט לאָרענס זיינען אָבער ניט אַלע געוועזן קרימינאַל־פערברעכער. אַ טהייל פון זיי זיינען איינגעשפּאַרט געוועזן פאַר זייערע רעליגיעזע און פּאָליטישע איבערצייגונגען.

אַזוי וויא קאַרטיע'ס דריטע רייזע האָט פערהעלטניסמעסיג אַ קנאַפּע בעדייטונג, וועלען מיר זיך דאָ ניט פערנעהמען מיט איהר. ווען ער איז ווידער צוגעקומען צו האָשעלאַגאַ, האָט ער געוואָלט פאָהרען ווייטער אויף דעם סענט לאָרענס טייך, אָבער ער האָט ניט געקענט דורכשווימען די שטאַרקע שטראָ־מען וואָס טראָגען דעם נאָמען לאַשין.

אין פריהלינג 1542 האָט ער זיך צוריקגעקעהרט נאָך פראַנקרייך. ער

האָט זיך זעהר געאיילט צו ברענגען דיא גלאַנציגע מינעראַלען און קריסטאַלען, מיט וועלכע ער האָט אָנגעלאָדען זיינע שיפען, ווייל ער האָט געמיינט, אַז זיי ענטהאַלטען אין זיך גאַנצע אוצרות מיט גאָלד און אפילו מיט דיאַמאַנ־טען.

וואָס אָנבעלאַנגט צום וויצע־קעניג ראָבערוואַל, איז ער אַרויסגעפאָהרען מיט 3 שיפען און אַ 200 קאָלאָניסטען, מענער און אויך פרויען, אין פריהלינג פון 1542, ווען קאַרטיע האָט זיך שוין אַ לאַז געטהאָן צוריק. אין מיטען זומער איז ער צוגעקומען צו דעם אָרט ביי סענט לאָרענס, וואו קאַרטיע האָט אויפגעבויט אַ פאָרט מיט'ן נאָמען טשאַרלזבורג. פון דאָרטען האָט ער זיך אַ לאָז געטאָן אויסצופאָרשען דיא געגענד אַרום דעם טייך סאַגענעי, וואָס פאַלט אריין אין סענט לאָרענס. מען רעכענט, אַז דער צוועק פון ראָבערוואַל'ס וואַנדערונגען דאָרטען איז געווען צו געפינען דיא גאָלד־מינען, וועגען וועלכע דיא אינדיאַנער האָבען דערצעהלט בבא־מעשות.

ווען דער ביטערער ווינטער איז געקומען, האָבען דיא קאָלאָניסטען אַזוי שרעקליך געליטען פון סקאָרבוט, וויא קאַרטיע'ס מאַטראָזען. פופציג פון זיי זיינען אויסגעשטאָרבען, און דיא איבעריגע האָבען זיך אָבגעטראָגען דעם קומענדען פריהלינג, ווען נייע שיפען זיינען אָנגעקומען פון פראַנקרייך (מען רעכענט, אַז דיעזע שיפען זיינען געווען אונטער דער קאָמאַנדע פון קאַרטיע, וועלכער האָט געקראָגען פון קעניג ערלויבניס צו פיהרען אַ פיערטע עקספּעדיציע).

דיא ערשטע פּראָבע פון דיא פראַנצויזען צו גרינדען אַ קאָלאָניע אין קענעדע איז אַלזאָ דורכגעפאַלען פונקט אַזוי שנעל וויא טרויעריג.

וואָס עס איז געוואָרען פון מסיע ראָבערוואַל נאָך דיזען דורכפאַל, ווייס מען ניט אויף זיכער. וועגען קאַרטיע ווייס מען, אַז ער האָט געענדיגט בשלום זיינע יאָהרען אַרום 1577 אין זיין געבורטס־שטאָדט. דיא רעזולטאַטען פון זייערע רייזען אין נאָרד־אַמעריקאַ, וויא אויך פון דיא יעהרליכע רייזען פון דיא פראַנצויזישע פישער נאָך ניו־פאַונדלענד, קען מען זעהען אויף דיא אַלטע לאַנד־קאַרטען, וועלכע זיינען פערבליבען עד היום. דיא בעסטע פון דיעזע קאַרטען רעפּראָדוצירען מיר דאָ. זיא איז בעשטימט געווען פאַר דעם דאָפין (קרוינפּרינץ) פון פראַנקרייך און צייגט, אַז שוין אַ יאָהר פופציג נאָך קאָ־לומבוס'עס ערשטע רייזען זיינען דיא געגענדען ביים סענט לאָרענס טייך און ביי דיא אַטלאַנטישע ברעגען פון נאָרד־אַמעריקאַ צימליך גוט אויסגעפאָרשט געווען.

נאָך דעם טויט פון פראַנסואַ דעם ערשטען אין 1547 זיינען דיא צייטען אין פראַנקרייך געווען אַזעלכע אונרוהיגע (דער קאַמפּף צווישען קאַטאָליקען און הוגענאָטען, וואָס האָט געפיהרט צו דער שוידערליכער אויסשלאַכטונג פון

פראָטעסטאַנטען אין דער נאַכט פון 23טען אויגוסט 1572, גענאַנט אין דער געשיכטע דיא הריגה פון הייליגען בארטהאָלאָמעע), אַז קיינעם איז גאָר ניט געלעגען אין זינען צו קאָלאָניזירען קענעדע. ערשט אין 1597 (אַלזאָ, 100 יאָהר נאָך קאַבאָט'ס ערשטע רייזע און 62 יאָהר נאָך קאַרטיע'ס ערשטע רייזע) איז אַרויסגעשיקט געוואָרען פון פראַנקרייך אַ נייע עקספעדיציע צו בעזעצען דיא געגענדען ביים גאָלף און טייך סענט לאָרענס. אויף דעם פראַנצויזישען טהראָן איז שוין דאַן געזעסען דער בעריהמטער הענריך דער פיערטער, וועלכער איז אָנפאַנגס געווען אַ הוגענאָט און וועלכער איז דערשטאָכען געוואָרען אין 1610 פון אַ פאַנאַטישען קאַטאָליק מיט'ן נאָמען ראַוואַיאַק.

דיא "דאָפין קאַרטע" פון נאָרד־אַמעריקא ארום 1543.

דיעזע עקספעדיציע האָט זיך אָבער געענדיגט נאָך אונגליקליכער וויא ראָבערוואַל'ס מיט 55 יאָהר פריהער. זיא האָט אפילו ניט דערגרייכט דעם סענט לאָרענס טייך. דער מארקיז דע לאַ ראָק, דער אָנפיהרער און וויצע־קעניג, האָט געליטען ניט ווייניגער פאַר דיא אונגליקליכע קאָלאָניסטען, וועלכע זיינען געבליבען אויף דעם וויסטען אינזעל, וואָס טראָגט יעצט דעם נאָמען סאַבל (זאַמד) איילענד.

צו דיזער צייט האָבען זיך דיא ענגלענדער בעזאָנדערס אַ נעהם געטאָן צו גרינדען קאָלאָניעס און צו פערכאַפען אינזלען און פאָרטען אין נאָרד־אַמע־

ריקא. שטיצענדיג זיך אויף קאבאָט'ס ענטדעקונגען האָט סער האָמפרי גילבערט גענומען פּאָסעסיע פון ניו־פאונדלענד (אין 1583) אין נאָמען פון דער ענגלישער קעניגין עליזאבעט. ער האָט מיטגעבראכט עטליכע ענגלישע האנדווערקער און אוואנטוריסטען צו גרינדען דאָרטען א קאָלאָניע אונטער דעם ענגלישען פלאג. מיט אייניגע יאָהר פריהער האָט דער ענגלישער ים־פאָהרער מאַרטין פראָבישער דערגרייכט ביז צו דיא ברעגען פון גרענלאנד, זוכענדיג אלץ א וועג נאָך כינא. וועגען דיא אָנשטרענגונגען פון סער וואָלטער ראָלעי (א האלבער ברודער פון סער האָמפרי גילבערט) צו גרינדען א קאָלאָניע איןווירדזשיניא איז שוין איבערגעגעבען געוואָרען אין דער געשיכטע פון יונייטעד סטייטס (זעה זייט 24).

ניט רעכענענדיג דיא פישער פון פערשיעדענע נאציאָנען, ספּעציעל דיא פראנצויזישע, פון וועלכע אייניגע פלעגען איבערווינטערען אין ניו־פאונדלענד און אנדערע אינזלען און האלב־אינזלען ארום דעם סענט לארענס גאָלף, איז פון אלע עקספּעדיציעס, וועלכע דיא הערשער פון פראנקרייך און ענגלאנד האָבען געשיקט אין 16טען יאָהרהונדערט צו גרינדען קאָלאָניעס אין נאָרד־אמעריקא, כמעט גאָר ניט געבליבען אויסער שילדערונגען פון העלדענטהאטען און אונגליקען. צו דיא פישער זיינען ביסלעכווייז צוגעקומען יעגער און פעלץ־הענדלער, וועלכע האָבען זיך געלאָזען אלץ ווייטער און טיעפער אין קענעדע, אום צו פאנגען באָברען, פוקסען און פערשיעדענע אנדערע חיות, וואָס זייערע פעלצען זיינען הויך געפּרייזט געווען און וואָס האָבען זיך געפונען אין גרויסע צאָהלען אין דיא וועלדער און טייכען דאָרטען.

דיא מייסטע פון דיזע יעגער און פעלץ־הענדלער זיינען ווידער געווען פראנצויזען. ארום דעם סוף פון 16טען און אין אָנפאנג פון 17טען יאָהרהונדערטע פלעגען שוין צוקומען צו דיא ברעגען פון ניו־פאונדלענד און קענעדע יעדען פריהלינג ביז 400 פראנצויזישע שיפען מיט פישער און אויך מיט יעגער און הענדלער, וועלכע פלעגען אויסבייטען מעסערס, שערען, נאָדלען, פּאטשערקעס א. ז. וו. אויף דיא איינציגע טהייערע ארטיקלען וואָס דיא אינדיאנער האָבען געקענט דערפאר געבען, נעמליך: פוטערווארג.

דיזע הענדלער זיינען עס פאקטיש געווען דיא גרינדער פון ניי־פראנקרייך אָדער קענעדע. יאָגענדיג זיך אלץ ווייטער נאָך דיא אינדיאנער, אום ארויסצוקריגען ביי זיי וואָס מעהר פעלץ־ווארג, האָבען זיי אויך אין געוויסע סטראטעגישע פּונקטען געגרינדעט סטאנציעס, ארום וועלכע אייניגע קאָלאָניסטען האָבען זיך שפּעטער בעזעצט. אזוי זיינען געשאפען געוואָרען דיא ערשטע פראנצויזישע בעזעצונגען אין נאָרד־אמעריקא.

אין אָנפאנג פון זיעבענצעהנטען יאָהרהונדערט האָט א זעהר רייכער קויפמאן מיט'ן נאָמען פּאָנגראַוועע געקראָגען ביים קעניג דיא פּריווילעגיע צו

פיהרען דעם פעלץ־האנדעל אין גאנץ קענעדע. זיין רעכטע האנד אין דיזער אונטערנעהמונג איז געווען סאַמועל דע שאַמפלעין, אַן אַדעלמאַן, וואָס האָט זיך אונשטערבליך געמאַכט אַלס דער גרינדער פון ניי־פראַנקרייך און אויך אַלס דער ענטדעקער פון אַ גרויסע און הערליכע לעיק (אָזיעראָ), וועלכע טראָגט זיין נאָמען און געהערט צו יונייטעד סטייטס. ווען זיי זיינען צוגעקומען צו האָשעלאַגאַ, האָבען זיי שוין אָבער קיין שפור ניט געפונען פון דער אינדיאַנער שטאָדט, וועלכע קארטיע האָט בעשריבען. שאַמפלעין האָט געוואָלט דורכפאָהרען דיא לאַשין שטראָמען, אָבער דאָס איז איהם אַזוי וועניג געלונגען וויא קארטיע׳ן. ער האָט אויסגעפאָרשט דיא געגענדען אַרום דעם טייך סאַגנענעי און האָט אויך אויסגעקליבען דעם אָרט, וואו עס איז נאַכהער אויפגעבויט געוואָרען קוויבעק, דיא שטאַרקסטע פעסטונג פון ניי־פראַנקרייך.



## דריטער קאַפּיטעל.

# דיא גרינדונג פון פּאָר־ראָיאַל און קוויבעק

דיא ערשטע פראַנצויזישע קאָלאָניע, פון וועלכער עס זיינען געבליבען היס־טאָרישע בעריכטען, איז געגרינדעט געוואָרען אין אָנפאַנג פון 17טען יאָהר־הונדערט אין דער געגענד פון נאָרד־אַמעריקאַ, וועלכע דיא פראַנצויזען האָבען גערופען אַקאַדיע און וועלכע טראָגט דעם נאָמען נאָווע סקאָשע (ניי־שאָטלאַנד) זייט דיא ענגלענדער הערשען דאָרטען. ווען פּאָנגראַווע און שאַמפּלעין האָבען זיך צוריקגעקעהרט פון זייער ערשטע רייזע נאָך קענעדע, האָבען זיי געזוכט צו אָרגאַניזירען אַ קאָמפּאַניע פאַר דעם פּעלץ־האַנדעל און האָבען אָבגעגעבען אַזעלכע בעריכטען, אַז דער קעניג הענריך דער פיערטער האָט גערן בעוויליגט אַ טשאַרטער אויף אַקאַדיע צו אַן אַדעליגען מיט'ן נאָמען דע־מאָן, וועלכער איז געוועזען אַ פּראָטעסטאַנט (קאַלוויניסט) און האָט פערשפּראָכען צו קאָלאָניזירען דיא נייע לענדער פאַר דיא וויכטיגע מאָנאָפּאָליע אין דעם פּעלץ־האַנדעל דאָרטען. ווען אַנדערע הענדלער האָבען אָנגעפאַנגען צו פּראָטעסטירען געגען אַזאַ מאָנאָפּאָליע, האָט דע־מאָן זיי בערוהיגט מיט דער ערלויבניס צו קויפען אַק־ציעס אין זיין קאָמפּאַניע און צו נעהמען אַנטהייל אין דער עקספּעדיציע. שאַמפּ־לעין און פּאָנגראַווע זיינע דאַרום אויך מיטגעפאָהרען.

דיזע עקספּעדיציע איז פינאַנציעל געשטיצט געווען בעזאָנדערס פון דיא רייכע קויפלייטע אין דער בעריהמטער פּראָטעסטאַנטישער שטאָדט לאַראָשעל. דער קעניג, וועלכער האָט אין הארצען אַלץ סימפּאַטיזירט מיט דיא הוגענאָטען, זיינע געוועזענע גלויבענס־ברידער, האָט אויך פערשפּראָכען רעליגיעזע פריי־הייט אין דער נייער וועלט אונטער דעם פראַנצויזישען פלאַג. איינער פון דיא צוועקען פון דיזער עקספּעדיציע איז אַלזאָ אויך געווען צו שאַפען זיכערע פּלעצער אין דער נייער וועלט פאַר דיא פערפאָלגטע הוגענאָטען און בכלל פאַר פּראָטעסטאַנטען. דיא אונצופריעדענע קאַטאָליקען האָט מען בערוהיגט מיט אַ צוזאָג, אַז נור זייערע גלחים וועלען דערפאַר האָבען דיא פּריווילעגיע און דיא מצוה צו בעקעהרען דיא אינדיאַנער צום קריסטענטהום.

אין 1604, ווען דע־מאָן, דער וויצע־קעניג פון אַקאַדיע, איז צוגעקומען

צו די ברעגען פון דעם האלב־אינזעל נאווע סקאשע מיט זיינע הוגענאטען און מיט עטליכע קאטאליקען און קאטאלישע גלחים, וועלכע זיינען צוגעשטאנען צו דיזער עקספעדיציע, האט מען נאך וואנדערונגען ביי די ברעגען און אויך אויף דער יבשה אויסגעקליבען פאר דעם צענטראל־פונקט פון דער קאלאניע א פראכטפאלען פארט, וואס האט דערפאר געקראגען דעם נאמען פאר־ראיאל (קעניגליכער פארט).

אבער אין 1613, ווען אייניגע פראנצויזישע קאלאניסטען האבען זיך וויא עס איז עטאבלירט אין פאר־ראיאל און אין אן אנדער פונקט פון אקאדיע, נאך פיעלע רייסערייען, רעליגיעזע און ספעציעל קאמערציעלע (צוליעב דעם פעלץ־האנדעל), און בכלל נאך פערשיעדענע צרות, וועלכע זיינען געוועהנליך פערבונדען מיט דער גרינדונג פון א קאלאניע אין א ווילדער געגענד — זיינען גאנץ אונערוואַרטעט צוגעקומען עטליכע ענגלישע שיפען, וועלכע זיינען ארויס־געפאהרען פון דער ענגלישער קאלאניע דזשעימסטאון אין ווירדזשיניא מיט דעם צוועק צו פעריאגען די פראנצויזען. אונטער דער קאמאנדע פון קאפיטאן ארגאל האבען די ענגלענדער געמאכט א תל פון אלע פראנצויזישע איינ־ריכטונגען אין אקאדיע. א טהייל פון די פראנצויזען, וועלכע זיינען גאר ניט געווען פארבערייטעט צו אזא אטאקע, איז געלונגען צו אנטלויפען אין די וועלדער; די איבריגע האבען די ענגלענדער געפאנגען און אוועקגעפיהרט נאך ווירדזשיניא.

דאס איז געווען דער ערשטער צוזאמענשטויס צווישען די ענגלענדער און פראנצויזען ניט נור אין אקאדיע (אזוי האט מען גערופען די געגענד, וואו עס געפינען זיך יעצט די קענעדער פראווינצען נאווע סקאשע און ניו־בראנסוויק און אויך דער סטייט מעין), זאנדערן אין גאנץ נארד־אמעריקא. ביידע האבען פון אנפאנג אן געהאט פרעטענזיעס אויף די זעלבע טהיילען פון נארד־אמעריקא, ספעציעל טאקע אויף אקאדיע. די ענגלישע פיאנערען אין ווירדזשיניא האבען געקראגען א קעניגליכען טשארטער אויף דער גאנצער טעריטאריע פון נארד־אמעריקא צווישען די פאראלעלען 34 און 45 (דאס איז אונגעפעהר פון ווירדזשיניא ביז ניו־פאונדלענד). אזוי וויא די פראנצויזישע בעזעצונגען אין פאר־ראיאל און אין אנדערע פונקטען אין אקאדיע זיינען גע־ווען איינגעשלאסען אין דיזער טעריטאריע, דארום האבען די ווירדזשיניער קאלאניסטען געשיקט אן עקספעדיציע צו צושטערען דיזע בעזעצונגען און צו פערטרייבען די פראנצויזען, ניט אכטענדיג דערויף וואס ענגלאנד און פראנק־רייך האבען דאן געלעבט אין פריעדען.

אבער אזוי וויא קיינער פון די ענגלענדער איז דארטען ניט פערבליבען און די צולאפענע פראנצויזען האבען זיך צוריקגעקעהרט אין דעם צושטערטען

פאָר־ראַיאַל און נאַכהער זיינען צוגעקומען פעלץ־הענדלער, פישער און סתם אוואַנטוריסטען פון פראַנקרייך, דאַרום איז דיא גאַנצע געגענד אַרום געבליבען אַ פראַנצויזישע קאָלאָניע אַ לענגערע צייט, וויא מיר וועלען עס ווייטער זעהען.

דערווייל לאָמיר זיך צוריקקעהרען צום סענט לאָרענס טייך, וועלכער איז ווירקליך צוערשט ענטדעקט געוואָרען פון דיא פראַנצויזען און אויף וועלכען דיא ענגלענדער האָבען דאַרום קיינע פּרעטענזיעס ניט געקענט האָבען אויף דעם גרונד פון קאַבאָט׳ס רייזען. אויף דיא ברעגען פון דיזען אונגעהייער וויכטיגען און ווייטען אינערליכען וואַסערוועג איז געלעגט געוואָרען דער פונדאַמענט פון דער פראַנצויזישער הערשאַפט אין קענעדע, ווען סאַמועל שאַמפּלעין האָט אויסגעקליבען דעם פּונקט וואו עס געפינט זיך דיא שטאָדט קוויבעק (דער נאָמען שטאַמט פון אַן אינדיאַנער וואָרט ״קעבעק״, וואָס בעדייטעט אַ פערשמעלערונג פון דעם טייך, וויא דאָס איז טאַקע דאָרטען אויף׳ן סענט לאָרענס) פאַר דעם צענטער פון דיא פראַנצויזישע בעזעצונגען אין דער נייער וועלט. דאָס איז געשעהן אין זומער פון 1608, נאָכדעם וויא ער האָט אַ יאָהר דריי אומגעוואַנדערט אין דיא געגענדען פון אַקאַדיע.




סאַמועל דע שאַמפּלעין.

צו יענער צייט האָבען זיך ביי דיא אַטלאַנטישע ברעגען פון נאָרד־אַמעריקאַ געפונען בלויז איין ענגלישע בעזעצונג (דיא דזשעימסטאַון אין ווירדזשיניאַ) און איין שפּאַנישע (נעמליך: סענט־אָגוסטין אין פלאָרידאַ). אָבער נור דיא פראַנצויזען האָבען דאַן געהאַט אַ וואַסער־וועג אריינצודרינגען גאַנץ טיעף אין לאַנד, טויזענדע מיילען ווייט פון דיא ברעגען.

אויס דער געשיכטע פון יונייטעד סטייטס ווייסען מיר שוין, אז דיא ערשטע ענטדעקער פון דיא ריעזיגע לעיקס (אָזיערעס) און טייכען אין מיטען פון נאָרד־אַמעריקאַ זיינען געווען פראַנצויזען. דאָס איז אָבער הויפּטזעכליך געשעהען דעריבער, ווייל זיי האָבען געהאַט אַזאַ אויסגעצייכענטען וואַסערוועג, וויא דער

סענט לארענס מיט דער אונפערגלייכליכער סיסטעם פון אזיערעס און טייכען, פאר וועלכע דיעזער טייך דיענט אלס אויספלוס צום ים.

ווען אן ענגלישע אדער א שפאנישע עקספעדיציע וואלט ענטדעקט דיזען אויסערארדענטליכען טייך, וואלטען דיא ערשטע גרינדער פון קאלאניעס דארטען וואהרשיינליך געווען ענגלענדער אדער שפאניער. נאכהער וואלטען זיך שוין זיכער געפונען זייערע לאנדסלייט צו שווימען אויף קליינע שיפלעך צוזאמען מיט אינדיאנער אליץ ווייטער און טיעפער אין לאנד, וויא דיא מוטהיגע פראנצויזישע רייזענדע און פארשער האבען עס געטאן.

א בליק אויף דער לאנדקארטע פון נארד־אמעריקא צייגט אונז, אז דיא טייכען, וואס פאלען אריין אין אטלאנטישען אקעאן, זיינען קורצע. דיא ענגלענדער וואס האבען זיך, נאטירליך, צוערשט בעזעצט ביי דיא ברעגען פון אקעאן, האבען דארום ניט געקענט אריינדרינגען טיעף אין לאנד דורך זייערע טייכען. אויף דער יבשה צו לאזען זיך אין ווייטע רייזען איז געווען שווער און געפעהרליך ניט נור צוליעב דיא ווילדע אינדיאנער, זאנדערן אויך צוליעב דיא געדיכטע וועלדער און הויכע בערג, ספעציעל דיא אפעלאטשיאן בערג, וועלכע ציהען זיך גראדע אין דער לענג (פון נארד צו זיד) פערהעלטניסמעסיג ניט ווייט פון דיא ברעגען פון אטלאנטישען אקעאן.

דאס דארף מען נעהמען אין אנבעטראכט, ווען מען לעזט דיא געשיכטען פון דיא ענגלישע און פראנצויזישע קאלאניעס אין נארד־אמעריקא, ספעציעל ווען מען לעזט, וויא אזוי פראנצויזישע גלחים, פעליץ־הענדלער און אוואנטוריסטען זיינען אין א קורצער צייט אויך צוגעקומען צום מיסיסיפי טייך און דורך דיזען "פאטער פון וואסערן" (אזוי איז דיא בעדייטונג פון דעם אינדיאנער נאמען מיסיסיפי) דערגרייכט ביז צום מעקסיקאנער ים (מעקסיקען גאלף אויף ענגליש), וואו עס איז געגרינדעט געווארען דיא פראנצויזישע קאלאניע לואיזענע מיט דער הויפט־שטאדט ניו־ארליענס. אט בשעת קארטיע איז צוגעשוואומען צו האשעלאגא, וויא דאס איז אויבען בעשריבען געווען, האט ער זיך שוין געפונען אונגעפעהר טויזענד מייל ווייט פון דיא ברעגען פון ניו־פאונדלענד. אין דיזער הינזיכט איז זיין רייזע געווען אן אויסנאהמע פון אלע אנדערע אין אנפאנג פון 16טען יאהרהונדערט, ווען מען פלעגט געוועהנליך פארבייפאהרען ביי דיא ברעגען.

אונגעפעהר א יאהר נאכדעם וויא שאמפלעין האט געגרינדעט קוויבעק און דארט אויך געלייגט דעם פונדאמענט פון קענעדע, אדער וויא מען האט איהר אויך גערופען, "לא פראנס נואוועל (ניי־פראנקרייך)", האט ער אליין טיעף און געפעהרליך אונטערגעגראבען זיין אייגענע געביידע. דאס איז געשעהן דורך זיין אנטהייל אין א שלאכט צווישען אינדיאנער, וועלכע האבען געהערט צו דיא שטענדיג קעמפפענדע און טויט־פיינדליכע שטאמען, דיא שוין דערמאנטע אל־

גאַנקינער און איראָקוואָיס. ווינשענדיג צו בעקענען זיך מעהר מיט דיא געגענדען אַרום קוויבעק און מאָנטריאָל, איז שאַמפּלעין צוגעשטאַנען צו אַ פּאַרטיע פון אַלגאָנקינער און הוראָנער אינדיאַנער, וועלכע האָבען זיך אַ לאָז געטאָן צו פיהרען קריעג מיט זייערע אַלטע ביטערע שונאים, דיא איראָקוואָיס.



דער אינדיאַנער פאָרט אָנאָנדאַגאַ (נאָך שאַמפּלעין'ס צייכנונג).

זייער צוזאַמענשטויס איז פאָרגעקומען לעבען דיא ברעגען פון דער פּראַכט־פאָלער אָזיערע, וועלכע טראָגט זיין נאָמען און געהערט צו יונייטעד סטייטס. שאַמפּלעין, צוזאַמען מיט צוויי פראַנצויזען, וועלכע ער האָט מיטגענומען, זיינען דאָן ארויסגעטראָטען אין פראָנט פון זייערע אינדיאַנער פריינד, דיא אַלגאָנקי־נער, און האָבען אויסגעשאָסען פון זייערע ביקסען. שאַמפּלעין'ס ערשטע קויל האָט געטראָפען און געטויטעט דעם אָנפיהרער פון דיא איראָקוואָיס. ווען דיזע אינדיאַנער האָבען דערזעהען, אז זייערע שילדען בעשיצען זיי גאָר ניט געגען "דיא שטעקענס וואָס דונערען און שפּייען מיט פייער", זיינען זיי זיך צולאָפען וואו דיא אויגען האָבען זיי געטראָגען.

דיזער בליץ־שנעלער זיעג האָט אָבער געקאָסט זעהר טהייער דיא פראַנ־צויזען אין קענעדע. דיא איראָקוואָים זיינען געוועזען גראַדע געוועזען דיא שטאַרקערע און אויך ענטוויקעלטערע פון דיא אינדיאַנער שטאַמען, וועלכע האָבען געוואָהנט אין דיא געגענדען אַרום דיא גרויסע לעיקס און דעם סענט לאָרענס טייך. זיי זיינען געוועזען פערבונדען אין דיא זאָ־גענאַנטע "פינף נאַציאָנען", וועלכע האָבען זיך געפונען מייסטענס אין דיא געגענדען צום זידען פון דיא לעיקס אָנטאַריאָ און אירי (דער גרעסטער טהייל פון זיי אין סטייט ניו יאָרק). ווען שאַמפּלעין וואָלט געהאַט דיא קלענסטע אַהנונג, צו וואָס פאַר שוידערליכע רעזולטאַטען זיין שי־סעריי אויף דיא איראָקוואָים האָט געפיהרט אין פערלויף פון מעהר וויא אַ יאָהר־הונדערט, וואָלט ער זיך געהיט אריינצומישען זיך אין דעם קאַמפּף צווישען דיא פיינדליכע אינדיאַנער שטאַמען.

דיא איראָקוואָי־שטאַמען האָבען דאַן געשוואָרען ראַכע צו דיא פראַנצויזען און זיי פלעגען ביי יעדער געלעגענהייט בעפאַלען און אויסשלאַכטען דיא איינ־וואָהנער אין קענעדע, וויא מיר וועלען עס זעהען אין דיא נעכסטע קאַפּיטלעך. היסטאָריקער פון קענעדע דענקען, אז דיא בלוטיגע שנאה פון דיא איראָקוואָים איז געוועזען איינע פון דיא הויפּט־אורזאַכען, וואָרום פראַנקרייך האָט שליסליך פערלאָרען אַלע איהרע קאָלאָניעס אין נאָרד־אַמעריקאַ.



פיערטער קאַפּיטעל.

# קוויבעק נאָך דעם אָנפאַל פון די ענגלענדער

ביז זיין פּלעצליכען טויט אין 1635 האָט שאַמפּלעין אונערמידליך געאַר־בייט צו פערשטאַרקען די פראַנצויזישע פּאָזיציעס און צו פערמעהרען קאָלאָ־ניסטען אין קענעדע. ער פלעגט אָפט מאַכען רייזען פון קוויבעק נאָך פראַנק־רייך און יעדעס מאָל פלעגט ער מיטברענגען גלחים און פערשיעדענע קאָלאָניס־טען. פון צייט צו צייט פלעגט ער מאַכען רייזען אַליין ווייטער אין קענעדע גופא אין דער בעגלייטונג פון די פריינדליכע אינדיאַנער. אויך פלעגט ער העלפען די אַלגאָנקינער אין זייער קאַמפף מיט די איראָקוואָיס.

אַזוי ווי די קאָלאָניע האָט ניט געקענט עקזיסטירען זעלבסטשטענדיג און האָט געמוזט בעציהען אפילו שפּייזוואַרג פון פראַנקרייך, דאַרום איז דער הויפּטצוועק פון זיינע רייזען אַהיים געווען צו קריגען פינאַנציעלע שטיצע און צו אָרגאַניזירען האַנדעלס־קאָמפּאַניעס, ווי אויך צו קריעגען פריינד און מיט־העלפער אין קעניגליכען הויף. אין 1620 איז ער אויך אָפיציעל געוואָרען דער גובערנאַטאָר פון ניי־פראַנקרייך.

ביסלעכווייז זיינען די פראַנצויזישע בעזעצונגען ביי די ברעגען פון סענט לאָרענס גרעסער געוואָרען דורך נייע הענדלער, יעגער, קאָלאָניסטען, גלחים און פערשיעדענע אַוואַנטוריסטען. די יעזואיטען, וועלכע האָבען שנעל געקראָגען די אויבערהאַנד אין דער קאָלאָניע, האָבען זיך געלאָזען אַליין ווייטער און טיעפער אין די געגענדען אַרום די ריזיגע לעיקס, אום צו בעקעהרען די אינדיאַנער שטאַמען צום קאַטאָליציזם. דורך דעם האָבען זיי אויך ענטדעקט נייע וועגען פאַר די פעלץ־הענדלער. נאָרד־אַמעריקאַ איז אַזוי אַליין מעהר אויסגעפאָרשט און בעקאַנט געוואָרען.

אָבער אין 1628, נאָכדעם ווי עס איז געגרינדעט געוואָרען אַ נייע קאָמ־פּאַניע צו עקספּלואַטירען קענעדע, די רייכע "קאָמפּאַניע פון הונדערט מיט־גליעדער", איינער פון וועלכע איז אויך געווען דער בעריהמטער קאַרדינאַל רי־שעליע, דער אַלמעכטיגער קאַנצלער פון פראַנקרייך, און נאָכדעם ווי די קאָ־לאָניע איז געשטעלט געוואָרען אויף אַ פעסטען פוס, האָט אויסגעבראָכען אַ

קריעג צווישען ענגלאַנד און פראַנקרייך, וואָס האָט געפיהרט צו זעהר טרויע־ריגע רעזולטאַטען פאַר שאַמפּלעין און פאַר זיין הויפּטשטאָדט קוויבעק. דיא ערשטע שיפען מיט געוועהר און פּראָוויאַנט וואָס דיא ״קאָמפּאַניע פון הונדערט מיטגליעדער״ האָט ארויסגעשיקט נאָך קוויבעק איז געפאַנגען געוואָרען פון דיא ענגלענדער אונטער דער קאָמאַנדע פון אַדמיראַל קירק.

צו דער צייט זיינען שוין געווען עטאַבלירט דיא פּוריטאַנער קאָלאָניעס אין מאַסאַטשוזעטס, און דיא ענגלישע רעגיערונג האָט זיך אויך געשטיצט אויף זיי צו פערשפּרייטען איהר הערשאַפט איבער גאַנץ נאָרד־אַמעריקאַ. אַדמיראַל קירק, אַ געשוואָרענער פיינד פון דיא קאַטאָליקען און פראַנצויזען, האָט צוערשט איינגענומען פּאָרט־ראָיאַל אין אַקאַדיע און דיא קאָלאָניע טאַדוסאַק ביי דעם סענט לאָרענס ניט ווייט פון קוויבעק. שאַמפּלעין האָט שוין קיין אַנדער ברירה ניט געהאַט, וויא זיך אונטערגעבען, ווען דיא ענגלישע שיפען זיינען צוגעקומען צו קוויבעק. ער האָט קיין הילפע ניט געקראָגען פון פראַנקרייך, און זיין קליינער גאַרניזאָן האָט פשוט געליטען פון הונגער. מען האָט איהם דאַן צוזאַמען מיט זיינע קאָמפּאַניאָנען ארויפגעזעצט אויף אַן ענגלישע שיף און אוועקגעפיהרט נאָך ענגלאַנד.

ווען שאַמפּלעין האָט געלאַנדעט אין ענגלאַנד, האָט ער זיך דערוואוסט, אַז פריעדען איז געשלאָסען געוואָרען מיט צוויי מאָנאַט פאַר דיא אונטערגעבונג פון קוויבעק. אַזעלכע סורפּריזען האָבען ניט זעלטען געטראָפען אין דיא צייטען, ווען רייזען איבער׳ן אַטלאַנטיק אויף זעגעל־שיפען האָבען געדויערט אַזוי לאַנג.

אין 1632 איז אונטערשריבען געוואָרען דער פריעדענס־אָבמאַך צווישען ענגלאַנד און פראַנקרייך, נאָך וועלכען דיא פראַנצויזען האָבען געקראָגען צו־ריק אַלע פונקטען, וואָס דיא ענגלענדער האָבען איינגענומען אין אַקאַדיע און אין קענעדע. אין מערץ פון נעכסטען יאָהר איז שאַמפּלעין ארויסגעפאָהרען פון דעם פראַנצויזישען פּאָרט דיעפּ מיט אַ גאַנצער פלאָטע, אויף וועלכער עס האָבען זיך געפונען איבער 200 פּערזאָן און אַ סך געוועהר און סחורות. אַ גע־וויסע צאָהל יעזואיטען, וועלכע קאַרדינאַל רישעליע האָט געשטיצט, האָבען בע־גלייטעט דיזע עקספּעדיציע, וועלכע איז נאַטירליך אויפגענומען געוואָרען מיט דער גרעסטער פריידע פון דיא אונגעפעהר הונדערט פראַנצויזען וואָס זיינען פערבליבען אין קוויבעק אין דער צייט, ווען אַדמיראַל קירק האָט דאָרטען געהערשט.

אין דיא צוויי יאָהר, וועלכע שאַמפּלעין האָט געלעבט נאָך דיזע פּאַסירונ־גען, האָט ער געזוכט צו פערשטאַרקען זיינע פּאָזיציעס געגען דיא פיינדליכע איראָקוואָיס, וויא אויך צו געווינען דיא פריינדשאַפט פון דיא אַנדערע אינדיאַ־נער שבטים צו דיא פראַנצויזען. אום דיזע אינדיאַנער זאָלען ניט קענען פיהרען דעם פעלץ־האַנדעל מיט דיא ענגלענדער און אויך מיט דיא האָלענדער, וועלכע

האָבען שוין דאַן געהאַט עטאַבלירט זייערע פּאָסטען ביי דיא ברעגען פון האָד־סאָן טייך און האָבען געזוכט צו לעבען פריינדליך מיט דיא איראָקוואָיס, דיא ביטערע שונאים פון דיא פראַנצויזען, האָט שאַמפּלעין געגרינדעט פּאָרטען און האַנדעלס־פּלעצער אין געוויסע סטראַטעגישע פּונקטען צווישען מאָנטריאָל און קוויבעק.

דיא יעזואיטען פון זייער זייט האָבען געגרינדעט דעם ערשטען קאָלעדזש אין קוויבעק און אויך געזוכט צו פעראינטערעסירען פרומע און רייכע קאַטאָ־ליקען פון אַלט־פראַנקרייך אין דעם שיקזאַל פון ניי־פראַנקרייך, וואָס עס איז זיי טהיילווייז געלונגען. א דאַנק דער שטיצע פון קאַרדינאַל רישעליע און דיא נייע קרעפטע, וועלכע זיי פלעגען צוציהען פון פראַנקרייך, וויא בכלל דער בלינדער טרייהייט פון דיא פראַנצויזישע קאָלאָניסטען צו דער קאַטאָלישער קירכע, זיינען דיא יעזואיטען געוואָרען דיא אמת'ע פיהרער און הערשער פון קענעדע. זיי האָבען אַרויפגעלייגט זייער שטעמפּעל ניט נור אויף דער געשיכטע פון ניי־פראַנקרייך, זאָנדערן אויך אויף דעם גאַנצען לעבען פון דיא פראַנצויזיש־שפּרעכענדע קענעדער עד היום.

צו דיא יעזואיטען און בכלל קאַטאָלישע גלחים, וועלכע האָבען ניט זעלטען געאָפּפערט מיט זייערע לעבענס, ווען זיי פלעגען זיך לאָזען אַלץ טיעפער אין לאַנד צו בעקעהרען דיא אינדיאַנער, און וועלכע האָבען אויך געגרינדעט שולען און האָספּיטעלער, זיינען געקומען צו הילפע אייניגע מאָנאַשקעס און זעהר פרומע דאַמען. אין 1639 זיינען אָנגעקומען אין קוויבעק אייניגע מאָנאַשקעס, וועלכע זיינען אַרויסגעשיקט געוואָרען פון א קלויסטער אין דיעפּ אויף דער רעכ־נונג פון א פּלימעניצע פון קאַרדינאַל רישעליע. דיא רעליגיעזע בעגייסטערונג איז דאַן געווען אַזוי גרויס אין פראַנקרייך, אז אויך אריסטאָקראַטישע יונגע דאַמען האָבען בעשלאָסען צו אָפּפערען זיך פאַר דיא בעקעהרונג פון אינדיאַנער צום קריסטענטהום. מאַנכע פון זיי האָבען זיך בעריהמט געמאַכט און זיינען פערהייליגט געוואָרען, ספּעציעל מאַריע גויאַר, וועלכע ווערט גערופען צווישען דיא קענעדער פראַנצויזען "מער דע ל'ענקאַרנאַסיאָן (מוטער פון געטליכער פערקערפּערונג)".

פינפטער קאַפּיטעל.

# פראַנצויזען און ענגלענדער אין אַקאַדיע און אין ניו־פאַונדלענד


סער וויליאם אלעקסאנדער.

מיר וועלען דערווייליגע אי־בערלאָזען קוויבעק אין דיא הענד פון יעזואיטען און ווארפען א בליק אויף דעם אַנדערען צענ־טער פון פראַנצויזישער קאָלאָ־ניזאַציאָן אין נאָרד־אַמעריקאַ, נעמליך אויף דעם שוין אונז בע־קאַנטען פּאָר־ראָיאַל אין אַקאַדיע.

אונגעפעהר א יאָהר פופ־צעהן נאָך דער אַטאַקע פון קאַ־פּיטאַן ארגאָל, וועלכע איז בע־שריבען געוואָרען אין אַ פאָריגען קאַפּיטעל, איז עס געקומען צו נייע צוזאַמענשטויסען צווישען פראַנצויזען און ענגלענדער אין אַקאַדיע. אין 1627, ווען לאַטור, איינער פון די פראַנצויזישע אַנ־פיהרער, האָט פערשטאַרקט זיינע פּאָזיציעס אין אַקאַדיע און איז אַוועקגעפאָהרען נאָך פראַנקרייך בעטען שטיצע ביי קאַרדינאַל רישעליע, האָט אַ שאָטלענדישער אַדעלמאַן, **סער וויליאַם אַלעקסאַנדער**, גע־קראָגען פון ענגלישען קעניג, דזשעימס דעם ערשטען, אַ טשאַרטער אויף אַקאַדיע, וועלכע ער האָט אַ נאָמען געגעבען נאָווע סקאָשע (ניי־שאָטלאַנד). דער פּלאַן פון דיזען שאָטלענדישען באַראָן צו גרינדען אין אַקאַדיע אַ שאָטלענדישע קאָלאָ־

ניע איז אויסגעפיהרט געוואָרען פון זיין זוהן דעם נעכסטען יאָהר, ווען לאַטור איז געפאַנגען געוואָרען פון אַדמיראַל קירק צוזאַמען מיט דיא פראַנצויזישע שיפען, וועלכע קאַרדינאַל רישעליע האָט געהייסען אַרויסשיקען מיט פּראָוויאַנט און געוועהר פאַר דיא קאָלאָניסטען אין פּאָר־ראָיאַל און אין אַנדערע אַקאַדישע פּונקטען.



קאַרדינאַל רישעליע.

פון די ענגלישע פּראָבעס צו גרינדען אַ קאָלאָניע לעבען פּאָר־ראָיאַל איז אָבער גאָר נישט גע־וואָרען, ווייל נאָך דעם שוין דערמאָנטען פריעדענס־אָבמאַך צווישען פראַנקרייך און ענגלאַנד אין 1632 איז אויך אַקאַדיע אַנערקענט געוואָרען אַלס אַ פראַנצויזישע פּאָסעסיע. קאַר־דינאַל רישעליע האָט נאָך דיי־זען אָבמאַך אַרויסגעשיקט אַן עקספּעדיציע אונטער דער קאָ־מאַנדע פון זיינעם אַ פריינד מיט'ן נאָמען איסאַק דע ראַזילי, וועמען ער האָט אויסגעקליבען פאַר דעם גובערנאַטאָר פון אַקאַ־דיע. אין דיזער עקספּעדיציע האָבען זיך געפונען אַקערבויער, האַנדווערקער, גלחים און אייניגע אַדעליגע, וועלכע האָבען נאָכהער געשפּיעלט אַ בעדייטענדע ראָלע אין דער געשיכטע פון אַקאַדיע און בכלל פון ניי־פראַנקרייך.

נאָך דעם טויט פון דיזען גובערנאַטאָר אין 1635 האָט אויסגעבראָכען אַ לאַנגער און בלוטיגער קאַמפּף צווישען דיא פראַנצויזען גופא צוליעב דעם פּלאַץ פון אַ נייעם גובערנאַטאָר. דיא קאָנקורענטען זיינען געווען דער שוין דערמאָנ־טער לאַטור און אַן אַדעלמאַן מיט'ן נאָמען ד'אָנעי, וועלכער האָט געהאַט אַ פריינד אין קעניגליכען הויף און איז געשטיצט געוואָרען פון דיא גלחים דערפאַר, וואָס לאַטור'ס פאָטער איז געווען אַ הוגענאָט און לאַטור'ן אליין האָט מען חושד געווען אין פיינדשאַפט צו דער קאַטאָלישער קירכע. אין דיזען קאַמפּף, וועלכער האָט זיך געצויגען ביז 1650, ווען ד'אָנעי איז צופעליג דער־טרונקען געוואָרען, זיינען אויך אריינגעשלעפּט געוואָרען דיא קאָלאָניסטען פון

ניו־אינגלענד, ספּעציעל פון באָסטאָן, וואָס האָט שנעל אָנגעהויבען צו וואַקסען אַלס אַ האַנדעלס־פּאָרט. די פּוריטאַנער האָבען סימפּאַטיזירט מיט לאַטור'ן, ווייל זיי האָבען איהם גערעכענט פאַר אַ פּראָטעסטאַנט, און דערצו זיינען זיי אין כעס געווען אויף ד'אָנעי'ען פאַר זיינע אַטאַקעס אויף זייערע הענדלער מיט די אינדיאַנער אין די אַקאַדישע געגענדען, וועלכע זיינען אויך לאַנגע צייטען שפּעטער ניט געווען אָבגעגרענעצט צווישען די ענגלישע און פראַנצויזישע קאָלאָניעס.

לאַטור איז שליסליך אַנערקענט געוואָרען פון דער קעניגליכער רעגיערונג פאַר דעם געזעצליכען גובערנאַטאָר פון אַקאַדיע, אָבער פריעדען האָט ניט לאַנג געהערשט אין דיזער קאָלאָניע, וואו די ענגלענדער און פראַנצויזען האָבען זיך פון אָנפאַנג אָן צוזאַמענגעשטויסען אַלס פייערדיגע געגנער. צו דער צייט איז אין ענגלאַנד פאָרגעקומען די גרויסע רעוואָלוציאָן, ווען דער קעניג טשאַרלז דער ערשטער איז געקעפּט געוואָרען און אָליווער קראָמוועל איז געוואָרען דער הערשער אונטער דעם טיטול לאָרד פּראָטעקטאָר. אין 1653 האָבען זיך די קאָלאָניסטען פון ניו־אינגלענד געווענדעט צו איהם מיט ביטעס, אַז מען זאָל צונעהמען גאַנץ אַקאַדיע ביי די פראַנצויזען. אָבער ניט וואַרטענדיג אויף זיין אַנטוואָרט און ניט קימערנדיג זיך אפילו ווענען דעם, וואָס ענגלאַנד און פראַנקרייך האָבען דאַן אָפיציעל געלעבט אין פריעדען, האָבען די קאָלאָניסטען אָרגאַניזירט דעם נעכסטען יאָהר אַן עקספּעדיציע געגען די פראַנצויזען אונטער דער קאָמאַנדע פון מאַיאָר סעדזשוויק פון מאַסאַטשוזעטס.

די פראַנצויזען, וועלכע האָבען זיך אַליין ארומגעריסען צווישען זיך און זיינען גאָר ניט געווען פאָרבערייטעט צו פערטהיידיגען זיך געגען אַן ענגלישע אַטאַקע, האָבען זיך באַלד אונטערגעגעבען. לאַטור אליין, וועלכער האָט פיעל געליטען פון זיינע לאַנדסלייט און איז ניט געשטיצט געוואָרען פון דער פראַנצויזישער רעגיערונג, האָט זיך געשטעלט אונטער דעם שוץ פון ענגלאַנד. קראָמוועל האָט איהם דאַרום געגעבען דעם טיטול פון אַן ענגלישען באַראָן און געשיקט צוזאַמען מיט צוויי ענגלישע אַדעליגע צו פערוואַלטען און צו פיהרען דעם האַנדעל אין גאַנץ אַקאַדיע.

אָבער אויך דיזעס מאָל האָבען די ענגלענדער געהערשט דאָרטען אַ קורצע צייט. נאָך דעם אָבמאַך וואָס טראָגט דעם נאָמען טראַקטאַט פון ברעדאַ און וואָס איז געשלאָסען געוואָרען אין 1667, ווען אויף'ן ענגלישען טראָן איז געזעסען טשאַרלז דער צווייטער און אויף'ן פראַנצויזישען לואי דער פיערצעהנטער, איז אַקאַדיע ווידער פערבליבען אין פראַנצויזישע הענד.

דער שיקזאַל פון דיזער קאָלאָניע איז נאָכדעם ענגער פערבונדען געוואָרען מיט'ן שיקזאַל פון דער פיעל גרעסערער און וויכטיגערער קאָלאָניע אין דעם

טהאל פון סענט לארענס טייך מיט דער הויפט־שטאדט און הויפט־פעסטונג קוויבעק, וויא מיר וועלען עס זעהען אין דיא נעכסטע קאפיטלעך.

וואס אנבעלאנגט צו ניו־פאונדלענד, וואס ליעגט צום נארד פון דעם האלב־אינזעל נאווע סקאשע און קאמאנדירט דעם אריינפאהר אין דעם גאלף (ים־בוזים) פון סענט לארענס, איז דאס צו יענער צייט גאר געווען א לאנד אהן א בעל הבית, ווען מען זאל ניט רעכענען דיא בעטיקען און אנדערע אינדיאנער שטאמען, וועלכע האבען זיך ארומגעשלעפט אין דיא וועלדער פון דיזען גרויסען אינזעל. דיא ענגלענדער האבען עטליכע מאל פרובירט גרינדען דארטען א שטענדיגע קאלאניע, אבער דאס איז זיי אלץ ניט געלונגען. אין אייניגע פונקטען האבען זיי זיך צוזאמענגעשטויסען מיט דיא פראנצויזען, וועלכע האבען זיך בעזעצט אין דעם פארט פלעזאנס. איינע פון דיא ניט געלונגענע ענגלישע קאלאניזאציאנס־פערזוכען אין ניו־פאונדלענד האט זיך גאר געענדיגט דערמיט, דאס דער אנפיהרער, לארד באלטימאר, האט גאר געגרינדעט דיא קאלאניע מערילענד, וואס איהר גרעסטע שטאדט טראגט זיין נאמען און וואס איז געווארען א סטייט פון דער גרויסער נארד־אמעריקאנער רעפובליק.

ארום דעם מיטען פון 17טען יאהרהונדערט, 150 יאהר נאך קאבאט'ס ענטדעקונג פון דיזען אינזעל, איז די גאנצע ענגלישע בעפעלקערונג דארטען אין די בעזעצונגען ביי דיא מזרח־ברעגען בעשטאנען פון א 2000 פערזאן. אין זומער פלעגען אבער אנקומען א סך פישער און הענדלער פון פערשיעדענע לענדער. דיא פראנצויזישע פישער און הענדלער האבען זיך בעזעצט אין אייניגע פונקטען ביי דיא וועסטליכע ברעגען. זייער צענטראל פונקט איז געווען אין דעם פארט פלעזאנס.

דיא פישער, הענדלער און אוואנטוריסטען פון דיזע צוויי נאציאנען, וועלכע האבען זיך איבעראל צוזאמענגעשטויסען, ספעציעל אין דיא נארד־אסטליכע טהיילען פון דער נייער וועלט, האבען זיך אויך ניט געקענט אויסגלייכען אין ניו־פאונדלענד. פון צייט צו צייט פלעגען זיי בעפאלען איינע דיא אנדערע, נור בעזאנדערס ווען עס פלעגט קומען צו א מלחמה צווישען זייערע מוטערלענדער. אין דעם לעצטען פערטעל פון 17טען יאהרהונדערט, ווען עס האט אויסגעבראכען א גרויסע מלחמה פון ענגלאנד, שפאניען, עסטרייך און האלאנד געגען פראנקרייך צוליעב דיא גרויסע אמביציעס פון לואי דעם פערצעהנטען, וועלכער ווערט אויך גערופען דער גרויסער, איז עס געקומען צו בעזאנדערס גרויסע געגענזייטיגע אטאקאס אין ניו־פאונדלענד. דיא ענגלענדער זיינען צוערשט בעפאלען פלעזאנס, אבער זיי זיינען צוריקגעשטויסען געווארען פון דיא פראנצויזען. דערפאר זיינען דיא פראנצויזען אונטער דער קאמאנדע פון דעם פלאטען־אפיציער פיער ד'איבערוויל, וועלכער איז געבארען געווארען אין מאנטריאל און האט געשפיעלט א בעדייטענדע ראלע אין דער געשיכטע פון זיין געבורט־לאנד ניי־

פראַנקרייך, בעפאַלען דיא ענגלענדער אין דעם פּאָרט סענט דזשאָהן (יעצט איז דאָרטען דיא הויפּטשטאָדט פון דיזער ענגלישער קאָלאָניע, וועלכע האָט זיך נאָך ניט פעראייניגט מיט קענעדע). זיי איז דאַן געלונגען צו צושטערען כמעט אַלע ענגלישע בעזעצונגען דאָרטען. דיא ענגלישע רעגיערונג האָט נאכהער געשיקט אַהין שיפען מיט גאַנצע צוויי רעגימענטען סאָלדאַטען צו פעריאָגען דיא פראַנצויזען. אָבער ווען דיזע עקספּעדיציע איז אָנגעקומען, האָבען זיך שוין דיא פראַנצויזען אליין געהאַט צוריקגעצויגען, ווייל זיי האָבען געקראָגען צו וויסען, אַז ווען פריעדען וועט געשלאָסען ווערען, וועט ענגלאַנד סאַי וויא סאַי בעקומען ניו־פאַונדלענד.

אַזוי איז עס טאַקע געווען נאָך דעם אָבמאַך, וועלכער איז געשלאָסען געוואָרען אין דער האָלענדישער שטאָדט ריסוויק אין 1697. דיזער גרויסער אינזעל איז זייט דאַן געבליבען אַן ענגלישע פּאָסעסיע, אָבוואָהל דיא רייסערייען צווישען דיא ענגלישע און פראַנצויזישע פישער האָבען דאָרטען ניט אויפגעהערט ביז אונזערע צייטען. נאָך דעם בעריהמטען טראַקטאַט פון אוטרעכט, וועלכער איז געשלאָסען געוואָרען אין 1713, האָבען דיא פראַנצויזען געקראָגען טעריטאָריעלע רעכטע אויף דיא וועסטליכע ברעגען פון ניו־פאַונדלענד (דיא זאָ־גענאַנטע "פרענטש שאָר") און געוויסע פּריווילעגיעס פאַר זייערע פישער. דיזע רעכטע און פּריווילעגיעס זיינען געווען אַ קוואַל פון שטענדיגע שטרייטען און פיינד־ליכקייטען צווישען דיא ענגלישע און פראַנצויזישע פישער. ערשט אין 1904, נאָכדעם וויא פראַנקרייך און ענגלאַנד האָבען געשליכטעט אַלע זייערע קאָלאָניאַלע שטרייטען אין דער אַלטער וועלט, האָבען זיך דיא פראַנצויזען אָבגעזאָגט פון אַלע זייערע פּרעטענזיעס אויף דער "פרענטש שאָר" אין ניו־פאונדלענד, ווען זיי האָבען דערפאַר געקראָגען זעהר בעדייטענדע טעריטאָריעס אין סענעגאמביא און אין אַנדערע טהיילען פון וועסט־אַפריקא.



## זעקסטער קאַפּיטעל.

# דער קאַמפּף מיט דיא איראָקוואָיס און דיא ענדערונג אין 1663

אין פערלויף פון אַ יאָהר דרייסיג נאָך שאַמפּלעין'ס טויט האָבען דיא פראַנצויזען אין קענעדע בעזאָנדערס געליטען פון דיא אַטאַקעס פון דיא איראָקוואָיס, וועלכע האָבען געקראָגען ביקסען ביי דיא האָלענדישע פוטער-הענדלער. דיא אינדיאַנער האָבען שנעל זיך אויסגעלערנט צו שיסען פון ביקסען אַזוי גוט וויא זייערע אייראָפּעאישע לעהרער. דיא האָלענדער, וועלכע זיינען צוגעקומען צו דיא איראָקוואָיס דורך דעם האָדסאָן טייך, האָבען זיך צוזאַמענגעשטויסען מיט דיא פראַנצויזען אין דיא געגענדען אַרום דיא גרויסע לעיקס אַלס קאָנקורענטען אין דעם זעהר פּאָרטהיילהאַפטען פעלץ-האַנדעל מיט דיא אינדיאַנער.

צווישען דיא איראָקוואָיס פון איין זייט און דיא אַלגאָנקינער און הוראָנער שטאַמען פון דער אַנדער זייט איז לאַנגע יאָהרען געפיהרט געוואָרען אַ קאַמפּף אויף טויט און לעבען. דיא פראַנצויזען האָבען, וויא עס איז שוין אָנגעוויזען געוואָרען אין אַ פאָריגען קאַפּיטעל, געשטיצט דיא אַלגאָנקינער און בכלל דיא שטאַמען, וועלכע האָבען געוואָהנט לעבען סענט לאָרענס און אַרום דיא גרויסע לעיקס. דיא מיטגליעדער פון דיא פינף גרויסע שטאַמען פון דיא איראָקוואָיס, "פייוו נעישאָנס" וויא דיא ענגלענדער האָבען זיי גערופען,*) פלעגען זיך מייסטענס אריינרייסען אין קענעדע, בעזאָנדערס דורך לעיק שאַמפּלעין און טייך רישעליע און נאַכהער פלעגען זיי זיך אַ לאָז טהאָן אויף זייערע שיפלעך איבער דעם סענט לאָרענס און דיא גרויסע לעיקס מיט דיא אַנדערע טייכען, וועלכע פאַלען אריין אין דיא לעיקס. וואו נור זיי פלעגען טרעפען אַ בעזעצונג פון דיא אַלגאָנקינער און הוראָנער שטאַמען, פלעגען זיי דאָרטען אַלעס צושטערען

*) דיא פערענגלישטע נעמען פון דיזע שטאַמען: מאָהאָק, סענעקאָ, אָנאָנדאָגאָ, אָנעידאָ און קאַיוגאָ זיינען פערבליבען אין די נעמען פון געוויסע טייכען, לעיקס און טהיילען פון ניו יאָרק סטייט, וואו זיי האָבען מייסטענס געלעבט.

און קיין לעבעדיג גליעד ניט איבערלאָזען. אָבוואָהל זיי זיינען אין אַלגעמיינען געשטאַנען אויף אַ העכערער קולטור־שטופע וויא דיא אַנדערע אינדיאַנער שטאַמען, אָבער אין גרויזאַמקייטען האָבען זיי אַלעמען איבערטראָפפען.

אין אַ קורצער צייט האָבען דיזע זעהר קריעגערישע, מוטהיגע און גרויזאַמע אינדיאַנער אויסגעשלאַכטעט אַלע הוראָנער און אַ גרויסען טהייל פון דיא אַלגאָנקינער, ניט אַכטענדיג אויף דיא שטיצע פון דיא פראַנצויזען און אויף דיא געוועהר, וואָס יענע פלעגען קריגען פון דיא פראַנצויזישע פעלץ־הענדלער. דערביי זיינען אויך אויסגעשלאַכטעט געוואָרען אַ סך יעזואיטען, וועלכע האָבען זיך בעזעצט צווישען דיא הוראָנער און אַנדערע פריינדליכע אינדיאַנער, אום זיי צו בעקעהרען צום קריסטענטהום. דיא איראָקוואָיס פלעגען מיט אַ בעזאָנדערען פערגניגען מאַטערען דיא גלחים, דיא "שווארצע קאַפּאָטעס", וועלכע האָבען געהאַט דעם אונגליק אריינצופאַלען אין דיא הענד פון דיזע בלוטדורשטיגע ווילדע. אין דער געשיכטע פון ניי־פראַנקרייך זיינען פערציייכענט דיא נעמען פון יעזואיטישע מיסיאָנערען, וועלכע זיינען געפייניגט און געטויטעט געוואָרען פון דיא איראָקוואָיס.

אין 1656 האָבען דיא איראָקוואָיס זיך געפיהלט אַזוי שטאַרק, אַז זיי האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען אויף זייערע קאַרענע שיפלעך אין פראָנט פון קוויבעק גופא און האָבען זיך גערייצט מיט דיא פראַנצויזען אויף זייער ווילדען שטייגער. זיי האָבען געפייניגט געפאַנגענע הוראָנער אונטער דיא אויגען פון דעם פערצווייפעלטען גובערנאַטאָר פון קוויבעק. עס האָט דאַן ניט פיעל געפעהלט, אַז פון אַלע פראַנצויזישע בעזעצונגען אין קענעדע זאָל קיין שפור ניט בלייבען.

מען רעכענט, אַז ניט מעהר פון אַ 2000 פראַנצויזען האָבען זיך דאַן געפונען אין גאַנץ ניי־פראַנקרייך. זיי זיינען פון אָנפאַנג אָן געווען צוטהיילט אין פיער קלאַסען: 1) פעלץ־הענדלער מיט זייערע אַגענטען, 2) יעזואיטען, 3) יעגער (מען האָט זיי גערופען אין פראַנצויזיש: **coureurs des bois**, וואָס עס מיינט וואַלד־לויפערס; צווישען זיי האָבען זיך געפונען אַ סך אוואַנטוריסטען) און 4) אמת'ע קאָלאָניסטען, וועלכע מען האָט גערופען **habitants** (האַביטאַן) וואָס עס מיינט איינוואָהנער, תושבים.

דיא פעלץ־הענדלער, פון וועלכע אַ טהייל פלעגט וואָהנען אין פראַנקרייך, צוזאַמען מיט זייערע אָנגעשטעלטע און יעגער זיינען געווען דיא מאַיאָריטעט. דיא וואַלד־לויפער האָבען זיך שנעל צוגעוואָהנט צו אַ יעגער־לעבען אין דיא וועלדער אַזוי וויא דיא אינדיאַנער, מיט וועלכע זיי האָבען געזוכט צו לעבען וואָס פריינדליכער. זיי פלעגען הייראַטהען מיט דיא אינדיאַנער פרויען, און פון זיי זיינען עס מיט דער צייט ענטשטאַנען דיא מעטיסען, וויא מען רופט געוועהנליך אַ מישונג פון אייראָפּעער מיט אינדיאַנער.

מיט אויסנאַהמע פון אייניגע יעזואיטישע מיסיאָנערען, וועלכע האָבען ריי־

זיקירט מיט זייערע לעבענס לשם שמים, און דיא וואלד־לויפער, וועלכע האָבען געוואוסט וויא אויסצומיידען דיא פיינדליכע אינדיאַנער און זיינען געווען מערקווירדיג מוטהיגע מענער און אויסגעצייכענטע שיסער, האָט דאַן קיינער ניט געוואַגט צו פערלאָזען דיא וואָהנונגען אין דיא דריי צענטראַל־פונקטען, נעמליך: קוויבעק, מאָנטריאָל און טרוא־ריווער (דריי טייכען). צוליעב דעם האָבען דיא קאָלאָניסטען ניט געקענט אפילו פערזייהען אויף דיא פעלדער אַרום דיזע בעזעצונגען. אָהן דיא שפייז, וועלכע מען פלעגט ברענגען יעדען זומער אויף שיפען פון אַלט־פראַנקרייך, וואָלט ניי־פראַנקרייך פשוט אויסגעגאַנגען פון הונגער.



א וואלד־לויפער אויף שנעע־שיך.
(נאָך אַן אַלטער צייכנונג).

דיא לאַגע פון דיא הייפעלעך פראַנצויזען אין קענעדע איז געווען אַזא פערצווייפעלטע, אַז עס איז גאָר א וואונדער, וויא אַזוי זיי האָבען געקענט אויסהאַלטען אַלע צרות. עס האָט אויסגעזעהען אַזוי וויא דיא נאַטור אליין האָט זיך אויפגעהויבען געגען זיי, וויל אין 1663 האָט פּאַסירט אַן אויסעראָרדענטליכע ערד־ציטערנים אין דעם טהאָל פון סענט לאָרענס.

נאָך פיעלע הילפס־געשרייען פון דיא אונגליקליכע קאָלאָניסטען האָט דער קעניג לואי דער 14טער ענדליך געהייסען אַרויסשיקען שיפען מיט סאָלדאַטען נאָך ניי־פראַנקרייך. אויך האָט ער גוטגעהייסען אַ פלאַן צו רעאָרגאַניזירען דיא פערוואַלטונג פון קענעדע. אין 1663 איז ניי־פראַנקרייך ערקלערט געוואָרען פאַר אַ קעניגליכע קאָלאָניע, און א געניטער גענעראַל, מאַרקיז דע טראַסי, איז אָנגעקומען מיט אַ רעגימענט, וואָס האָט זיך אויסגעצייכענט אין שלאַכטען מיט טערקען. אויסער

סאָלדאַטען זיינען אָנגעקומען הענדלער און, וואָס עס איז געווען בעזאָנדערס וויכטיג פאַר דיא צוקונפט פון קענעדע, אויך יונגע פרויען. דיא בעפעלקערונג פון ניי־פראַנקרייך איז אין אַ פּאָר יאָהר נאָך דעם אָנקומען פון מארקיז דע טראַסי מעהר וויא פערדאָפּעלט געוואָרען.

דער נייער גובערנאַטאָר האָט זיך זעהר ענערגיש אַ נעהם געטאָן צו בעפעסטיגען דיא סטראַטעגישע פּאָזיציעס אין דעם טהאָל פון סענט לאָרענס און צו בעשטראָפען דיא איראָקוואָיס. אַן עקספעדיציע איז געשיקט געוואָרען אין זייער טעריטאָריע. איין דאָרף נאָך דעם אַנדערען פון דיזע אינדיאַנער איז פערברענט געוואָרען פון דיא פראַנצויזען. דיא איראָקוואָיס זיינען זיך בעצייטענס צולאָפען אין דיא וועלדער און האָבען געבעטען פריעדען און גנאַדע. זייער מאַכט איז אַזוי געבראָכען געוואָרען, און אַ צוואַנציג יאָהר נאָכדעם האָבען דיא פראַנצויזען ניט געליטען פון דיא אינדיאַנער אַטאַקעס און האָבען געקענט זיך פערמעהרען און פערשפּרייטען אַלץ ווייטער און ווייטער אין קענעדע.

דער בעריהמטער מיניסטער קאָלבער, וועלכער האָט אונטער דער הערשאַפט פון לואי דעם 14טען זעהר פיעל אויפגעטאָן פאַר גאַנץ פראַנקרייך, האָט אויך גענומען אַ האַנד אין דער ענטוויקלונג פון ניי־פראַנקרייך. אַ נייע פערוואַלטונגס־סיסטעם איז דאָרטען איינגעפיהרט געוואָרען. דיא האַנדעלס־קאָמפּאַניע וואָס קארדינאַל רישעליע האָט געהאָלפען צו גרינדען אין שאַמפּלעין'ס צייט, איז צופאַלען געוואָרען דורך פערשיעדענע אורזאַכען, ספּעציעל דורך דיא שרעקליכע און פערוויסטענדע אַטאַקעס פון דיא איראָקוואָיס. מארקיז דע טראַסי האָט געגרינדעט אַ נייע האַנדעלס קאָמפּאַניע, אָבער זיא האָט זיך געהאַלטען קוים אַ יאָהר צעהן. דיא בעזעצונגען אין קענעדע זיינען אין דעם דריטען פערטעל פון 17טען יאָהרהונדערט געוואָרען צו גרויס, אַז זיי זאָלען קענען פערבלייבען אונטער אַ מאָנאָפּאָל פון אַ פּריוואַט־קאָמפּאַניע.

דיא סיסטעם וואָס איז איינגעפיהרט געוואָרען אין קענעדע נאָך 1663, ווען זיא איז ערקלערט געוואָרען פאַר אַ קעניגליכע קאָלאָניע, איז געווען טהיילווייז נאָך דעם מוסטער פון דער פעאָדאַלער אָרדנונג אין דעם מוטערלאַנד. אום פון איין זייט צו בעשיצען ניי־פראַנקרייך געגען צוקינפטיגע אַטאַקעס פון איראָקוואָיס און אירגענד וועלכע פיינדליכע אינדיאַנער און פון דער אַנדער זייט צו געבען חשק דיא סאָלדאַטען, וועלכע האָבען אַנטהייל גענומען אין דער עקספּעדיציע געגען דיא איראָקוואָיס, אַז זיי זאָלען זיך בעזעצען אין געוויסע סטראַטעגישע פּונקטען, האָט מען זיי און ספּעציעל זייערע אָפיצירען געשאָנקען גרויסע שטיקער לאַנד ביי דיא ברעגען פון סענט לאָרענס און פון איינ־יגע טייכען, וועלכע פאַלען אין איהם אריין, ספּעציעל פון דעם טייך וואָס ציהט זיך פון לעיק שאַמפּלעין און טראָגט אויך היינט דעם נאָמען רישעליע. מען האָט אַזוי

פּראָבירט איינפיהרען א קלאַס פון אַדעליגע גוטסבעזיצער אין דער נייער וועלט. דיא מייסטע פון דיזע ניי־געבאַקענע פעאָדאַלען האָבען זיך אָבער צוריקגע־קעהרט נאָך פראַנקרייך. א גערעכענים אָן זיי איז פערבליבען אין דיא נעמען פון אייניגע דערפער אין דער פּראָווינץ קוויבעק.

קאָלבער האָט געזאָרגט, אַז ניי־פראַנקרייך זאָל קריגען וואָס מעהר קאָלאָ־ניסטען און אויך האַנדווערקער. יעדען פריהלינג פלעגען אָנקומען שיפען מיט פאַמיליעס פון אַקערבויער. דיא יעזואיטען פון זייער זייט, וועלכע האָבען אָפּט געוועלטיגט אפילו איבער דיא גובערנאַטאָרען, האָבען אויך געזוכט אַריבערצו־ברענגען פון דער היים וואָס מעהר קאָלאָניסטען. דערביי האָבען זיי שאַרף אויפגעפּאַסט, אַז דיא ניי־אָנגעקומענע זאָלען זיין טרייע קאַטאָליקען. דיא אַקערבויער פאַמיליען פלעגען כמעט אויסשליסליך קומען פון נאָרמאַנדיע, וואַנ־דעי און אַנדערע וועסטליכע און נאָרד־וועסטליכע פראַנצויזישע פּראָווינצען, וואו דער קאַטאָליציזם בלייבט נאָך היינט אויך בעזאָנדערס שטאַרק איינגע־וואָרצעלט. דאַרום איז עס ניי־פראַנקרייך געוואָרען א בעזאָנדערס שטאַרקע פעסטונג פון דער קאַטאָלישער קירכע. עס איז שווער צו געפינען נאָך א לאַנד, וואו דיא קאַטאָלישע גלחים האָבען אַזא גרויסען איינפלוס אויף דער בעפעלקע־רונג, וויא אין דער פראַנצויזישער קענעדע.

ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס ניי־פראַנקרייך האָט זיך אַזוי געגויטיגט אין קאָלאָניסטען, האָט מען דאָך קיינע פּראָטעסטאַנטען ניט אריינגעלאָזען. דיא יעזואיטישע אויגען האָבען געלויערט, אַז קיין אפּקורסות זאָל זיך חס ושלום ניט אריינגנב'ענען אין זייער ממשלה. דיא הוגענאָטען, וויא מען האָט גערופען דיא פראַנצויזישע פּראָטעסטאַנטען, זיינען נאָך דער צוריקרופונג פון דעם בע־ריהמטען בעפעהל (אין דער געשיכטע רופט מען איהם "עדיקט פון נאַנט"), וואָס דער קעניג הענריך דער פיערטער האָט אַרויסגעלאָזען אין 1598 צו גונסטען פון דיא פּראָטעסטאַנטען, געצוואונגען געווען אויסצו־וואַנדערען פון זייער פאָטערלאַנד. אונטער דער הערשאַפט פון לואי דעם 14טען האָט מען דיזען בעסטען טהייל פון פראַנצויזישען פאָלק אָנגעהויבען צו דריקען און צו פערפאָלגען אַלץ מעהר צוליעב זייער גלויבען. זיי האָבען אויסגעוואַנדערט אין דיא נעבסטע פּראָטעסטאַנטישע לענדער, ספּעציעל אין ענגלאַנד און האָלאַנד, וועלכע האָבען זעהר פיעל געוואונען אין זייערע אינדוסטריען. א טהייל פון דיא הוגענאָטען האָבען זיך אויך א לאָז געטאָן נאָך דער נייער וועלט. אַזוי וויא דיא יעזואיטען האָבען פערשפּאַרט פאַר זיי דיא טויערען פון קענעדע, האָבען זיך דיזע בראַווע קעמפּפער פאַר רעליגיעזע פרייהייט בעזעצט אין דיא ענגלישע קאָלאָניעס, ספּעציעל אין ווירדזשיניא און אין דיא צוויי קאַראָליינאַס.

אַרום דער צייט פון דער צוריקרופונג פון דעם עדיקט פון נאַנט (דאָס האָט פּאַסירט אין 1685) האָט קענעדע געצעהלט א 10,000 פראַנצויזען פון

אַלע קלאַסען. דיא קעניגליכע קאָלאָניע איז פעסט עטאַבלירט געוואָרען און האָט געקענט וואַקסען. זיא האָט אָבער קיין זעלבסטפערוואַלטונג ניט געהאַט. אַלעס איז געווען אָבהענגיג פון דעם גוטען ווילען פון דיא גובערנאַטאָרען, וועלכע האָבען דעספאָטיש געהערשט אין נאָמען פון קעניג. דערמיט האָבען זיך דיא פראַנצויזישע קאָלאָניעס בעזאָנדערס אונטערשיידעט פון דיא ענגלישע, וואו זעלבסטפערוואַלטונג איז פון אָנפאַנג אָן פעסט איינגעוואָרצעלט געוואָרען, וויא מיר האָבען עס געזעהן אין דער געשיכטע פון יונייטעד סטייטס.



זיעבעטער קאַפּיטעל.

# דיא גרויסע ענטדעקונגען פון פראַנצויזישע רייזענדע

דיא צווייטע העלפטע פון 17טען יאָהרהונדערט, ווען קענעדע איז עטאַב־לירט געוואָרען אַלס אַ קעניגליכע קאָלאָניע, איז אויך געווען דיא צייט פון דיא געוואַגטע רייזען און גרויסע ענטדעקונגען פון דיא פראַנצויזען אין נאָרד־אַמעריקאַ. אונטער דער ליטונג פון דיא גובערנאַטאָרען טאַלאָן און גראַף פראָנטע־נאַק זיינען דיא גרענעצען פון ניי־פראַנקרייך אַלץ ווייטער פערשפּרייט געוואָרען.

אין אַ פאָריגען קאַפּיטעל איז שוין ערקלערט געוואָרען, אַז דער סענט לאָרענס טייך האָט געגעבען דיא פראַנצויזען דעם בעסטען און לייכטעסטען וועג ארייננצודרינגען טיעף אין נאָרד־אַמעריקאַ און צו דערגרייכען פון דעם גאָלף פון סענט לאָרענס ביז צום גאָלף פון מעקסיקאַ. מיט אַ פּאָר יאָהר פּאַר שאַמפּלעין׳ס טויט איז אַ געוויסער זשאַן ניקאָלע, אַ פּעלץ־הענדלער און דאָל־מעטשער, צוגעקומען צו דיא גרויסע לעיקס, איז דורכגעשוואומען דיא שטראָ־מען צווישען לעיק הוראָן און לעיק מישיגאַן — דיא סטרעיטס (שטראָס אָדער וואַסער־וועג) מאַקינאַק — און האָט אויך געהערט פון אַ "גרויסען וואַסער" צווי־שען אינדיאַנער, וועלכע האָבען דערמיט געמיינט דעם טייך מיסיסיפּי.

אין 1641 האָבען צוויי יעזואיטישע מיסיאָנערען דערגרייכט אַזוי ווייט אין דער געגענד פון לעיק סופּיריאָר, אַז זיי האָבען געקראָגען ידיעות וועגען סייאָקס און דאַקאָטאַ שבטים אין נאָרד־וועסט. זיי האָבען געהאָפט, אַז זיי וועט עס געלינגען צו דערגרייכען ענדליך צו כינאַ, ווען זיי וועלען אַלץ ווייטער מאַרשירען צו מערב. אויך ניקאָלע און פיעלע אַנדערע פּעלץ־הענדלער און גלחים, וועלכע האָבען זיך אַלץ ווייטער געלאָזען דורך דיא טייכען און וועלדער פון נאָרד־אַמעריקאַ, האָבען געהאַט אַזעלכע האָפנונגען.

דיא שרעקליכע אָנפאַלען פון דיא איראָקוואָיס האָבען אַ געוויסע צייט אָב־געהאַלטען דיזע רייזען און אויספאָרשונגען. אָבער ווען דיא פראַנצויזען האָבען זיך אָבגערעכענט מיט דיזע ווילדע, האָט דער אוואַנטוריסטישער גייסט אָרומ־געכאַפּט ניט נור דיא וואַלד־לויפער און דיא הענדלער, וועלכע האָבען נאַ־טירליך געזוכט נייע יאַגד־פּלעצער און נייע אינדיאַנער שטאַמען, אום צו קרי־

גען וואָס מעהר און ביליגער פוטערוואַרג, זאָנדערן אויך אייניגע פון דיא נייי־אָנגעקומענע אַרעליגע שווערד־העלדען.

צווישען דיזע אַלע זוכערס פון נייע געגענדען און האַנדעלס־וועגען פערנעהמען דעם ערשטען פּלאַץ דער פּעלץ־הענדלער זשאָליעט, דער מיסיאָנער מאַרקעט און דער קאוואַל־ער לאַסאַל, מיט וועלכע מיר האָבען זיך שוין אביסעל בעקענט אין דער געשיכטע פון יונייטעד סטייטס. דיזע מוטהיגע רייזענדע געהערען צו דער געשיכטע פון גאַנץ נאָרד־אַמעריקאַ. דיא געשיכטען פון יונייטעד סטייטס און קענעדע זיינען בכלל זעהר ענג פערבונדען. עס קומט דאַרום אויס צו ווידערהאָלען דיא זעלבע נעמען און דיא זעלבע פּאַסירונגען, בעזאָנדערס פון 17טען און 18טען יאָהרהונדערטע.

דער קלוגער און וויטזיכטיגער גובערנאַטאָר טאַלאָן האָט אויסגעקליבען זשאָליעט'ן אויסצופאָרשען דיא וועסטליכע געגענדען און צו געפינען דאָס "גרויסע וואַסער", וואָס איז אַלץ מעהר און עפטער דערמאָנט געוואָרען אין דיא שילדערונגען פון דיא מיסיאָנערען, הענדלער און וואַלד־לויפער, וועלכע האָבען געגרינדעט פּאָסטען לעבען דעם וויטעסטען און גרעסטען פון דיא לעיקס, וואָס טראָגט דעם נאָמען סופּיריאָר (בעדייטעט: אויבערשטע). זשאָליעט איז געווען אַ געבאָרענער קענעדער און איז פון קינדהייט אָן געוואָהנט געוואָרען צו וואַנדערונגען אין דיא וועלדער, צום האַנדעל מיט אינדיאַנער און בכלל צו אַן אַוואַנטוריסטישען לעבען. דער יעזואיט מאַרקעט האָט עטאַבלירט אַ מיסיאָן אין אַ סטראַטעגישען פּונקט לעבען דעם אויבענדערמאָנטען וואַסערוועג מאַקינאַק. אויף דיזען אָרט געפינט זיך יעצט דיא שטאָדט סענט איגנעס, וואָס געהערט צום סטייט מישיגען. פון דיא אַרומיגע אינדיאַנער האָט דיזער יעזואיטישער מיסיאָנער זיך דערוואוסט וועגען דיא וועגען צום "גרויסען וואַסער", וואָס איז גערופען געוואָרען מיט'ן אינדיאַנער וואָרט „מיסיסיפּי".

דער מוטהיגער הענדלער און דער בעגייסטערטער מיסיאָנער האָבען זיך צוזאַמענגערעדט און אין 1673 האָבען זיי זיך אַ לאָז געטהאָן מיט פינף בעגלייטער אויף צוויי שיפלעך אונגעפעהר אויף דעם זעלבען וועג, וואָס זשאַן ניקאָלע האָט דורכגעמאַכט מיט אַ יאָהר 40 פריהער. שווימענדיג צום זיד לעבען דיא וועסטליכע ברעגען פון לעיק מישיגען זיינען זיי צוגעקומען צו דיא ערטער, וועלכע זיינען יעצט אַ טהייל פון סטייט וויסקאָנסין. דיא אינדיאַנער לעבען דעם פאָקס ריווער, וואָס פאַלט אריין אין לעיק מישיגען (גענויער גרין־בעי) און איז דאַרום פערבונדען מיט דער ריזיגער וואַסער־סיסטעם פון סענט לאָרענס, האָבען געצייגט דיזע רייזענדע וויא אַזוי צו צוקומען צום טייך וויסקאָנסין, וואָס פאַלט אריין אין מעכטיגען מיסיסיפּי טייך.

אויף דיא שיפלעך, וועלכע זיי האָבען אריבערגעשלעפּט איבער דעם אָרט, וואָס טהיילט אָפּ דיא קוואַלען אָדער דעם אָנפאַנג פון דעם פאָקס ריווער ביז

דיא קוואַלען אָדער דעם אָנפאַנג פון וויסקאָנסין ריווער (אויף פראַנצויזיש און ענגליש רופט מען אַזאַ אָרט מיט דעם וואָרט "פּאָרטאַזש", וואָס עס מיינט אָבטהיילונג, אָבזונדערונג), האָבען זיי זיך אַ לאָז געטאָן אויף גאָט'ס בעראָט אַרונטער מיט'ן שטראָם. אַ מאָנאַט נאָך זייער אָפּרייזע פון דער מיסיאָן סענט איגנעס האָבען זיי געהאַט דיא "אונבעשרייבליכע פריידע", וויא מאַרקעט דריקט זיך אויס אין זיינע שריפטען, צו געפינען זיך אויף דעם "גרויסען וואַסער". זיי זיינען געשוואומען אַלץ ווייטער איבער דעם מיסיסיפּי, האָפענדיג צו דערגרייכען צו דיא ברעגען פון פּאַסיפישען אָדער אַטלאַנטישען אָקעאַן.

ווען זיי זיינען צוגעשוואומען צום אָרט, וואו דער טייך אַרקאַנזאַס (אַר־קענסאָ) פאַלט אריין אין מיסיסיפּי, זיינען זיי געקומען צום שלוס, נאָך דיא בעריכטען און ערקלערונגען פון דיא דאָרטיגע אינדיאַנער, אַז זיי וועלען גאָר דערגרייכען דעם מעקסיקאַנער גאָלף. דאַרום האָבען זיי בעשלאָסען אָבצוקלערען זייערע ווייטערע אויספאָרשונגען און צוריק צו קעהרען זיך אהיים, אום אָבצו־געבען אַ בעריכט פון זייערע ענטדעקונגען. צוריקוועגס האָבען זיי געמאַכט אַ נייע וויכטיגע געאָגראַפישע ענטדעקונג. ווען זיי זיינען צוגעקומען צו דער מינדונג (מויל) פון אילינאָי טייך, האָבען זיי אהין פערקירעוועט און זיינען צוגעשוואומען צו אַן אָרט, פון וואַנען זיי זיינען צוגעקומען צום שיקאַגאָ טייך, וואָס פאַלט אריין אין דעם זידליכען סוף פון לעיק מישיגאַן. דאָס איז דער שיקאַגאָ "פּאָרטאַזש" וואָס איז זעהר פיעל בענוצט געוואָרען פון דיא פעלץ־הענדלער און יעגער אין שפּעטערע צייטען.

כמעט גלייכצייטיג מיט זשאָליעט'ן האָט אויך דער קאַוואַליער לאַסאַל אָנגעפאַנגען צו עקספּלאָרירען דיא געגענדען אַרום דיא גרויסע לעיקס און צו זוכען אַ וועג צום געהיימניספאָלען "גרויסען וואַסער". ער איז אָנגעקומען אין ניי־פראַנקרייך, ווען ער איז נאָך געווען אַ יונגער מאַן. ער האָט געטרוימט, אַז ער וועט עס ענטדעקען ענדליך דעם לאַנג געזוכטען וועג נאָך כינאַ. ער האָט ניט געקענט איינזיצען אויף דעם שטיק לאַנד, וואָס ער האָט געקראָגען פון דיא גלחים ניט ווייט פון מאָנטריאָל לעבען דיא שנעלע שטראָמען אויף סענט לאָרענס, וועלכע טראָגען זייט דאַן דעם נאָמען לאַ־שין (דער פראַנצויזישער נאָמען פון כינאַ) טאַקי דעריבער, ווייל ער האָט זיך אַלץ אַרומגעטראָגען מיט'ן געדאַנק צו געפינען אַ וועג פון דעם סענט לאָרענס טייך אַזש ביז כינאַ.

צוזאַמען מיט צוויי גלחים האָט ער אין 1669 גענומען אויספאָרשען דיא וועסטליכע ברעגען פון לעיק אָנטאַריאָ, וואו ער האָט זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט זשאָליעט'ן. העכסט וואַהרשיינליך האָבען זיי געפיהרט לאַנגע געשפּרע־כען וועגען אַלעס, וואָס מען האָט דאַן געוואוסט און געזוכט צו דערגעהן ווייטער מכח דיא טייכען און בכלל מכח דיא וועגען אין דיא זידליכע און וועסט־ליכע געגענדען. פּאָזיטיוו ווייס מען, אַז ער האָט זיך אָבגעטהיילט פון

דיא צוויי גלחים, וועלכע האבען פארטגעזעצט זייער רייזע אויף דעם שוין בעקאנטען נארדליכען וועג ביז צו לעיק סופיריאר, און האט בעשלאסען אויסצופארשען א נייען וועג צו דיא זידליכע געגענדען. וואס ער האט דיא נעכסטע צוויי יאהר אויפגעטאן, איז ניט בעקאנט גענוג. מען רעכענט, אז ער האט דאן ענטדעקט דעם אהייא טייך אדער אן אנדער טייך וואס פאלט אריין אין



delasalle

ראבערט דע לאסאל.

מיסיסיפי. אזוי וויא ער האט ניט דערגרייכט דעם הויפט צוועק פון זיין רייזע, נעמליך צו ענטדעקען א וועג נאך כינא, האט ער גאר קיין בעריכט ניט אנגעגעשריבען וועגען זיינע ערשטע וואנדערונגען. דיא קענעדער האבען עס דאן צום שפאס געקרוינט זיין גוטסבעזיץ מיט'ן נאמען לא־שין.

ערשט אין 1682 האט דיזער אונערמידליכער רייזענדער געקענט אויספיהרען זיין טרוים צו דערגרייכען ביז דעם ארט, וואו מיסיסיפי פאלט אריין אין ים. אין נאמען פון קעניג לואי דעם 14טען האט ער גענומען פאסעסיע פון דיזע מיסיסיפי־געגענדען, וועלכע זיינען טהיילווייז לאנג פריהער ענטדעקט

געוואָרען פון דע־סאָטאָ און אַנדערע שפּאַנישע רייזענדע און אוואַנטוריסטען. ווען ער איז אין 1683 געקומען אין פראַנקרייך, האָט איהם דער קעניג זעהר פריינדליך אויפגענומען און איהם געגעבען דיא ערלויבנים צו גרינדען קאָלאָניעס אין דיא געגענדען פון מיסיסיפּי, וועלכע האָבען געקראָגען דעם אַלגעמיינען נאָמען לואיזיאַנאַ. אָבער, צו זיין אונגליק, האָט ער דעם נעכסטען יאָהר, ווען ער איז געקומען צו גרינדען דיא ערשטע קאָלאָניע לעבען דער מינדונג פון מיסיסיפּי, גאַר געלאַנדעט אין אַ זעהר אונגינסטיגען אָרט ביי דיא ברעגען פון היינטיגען סטייט טעקסעס. דיא קאָלאָניסטען האָבען דאָרטען גלייך פון אַנפאַנג שטאַרק געליטען. לאַסאַל האָט דאַרום בעשלאָסען צו מאַכען אַ פּראָבע צו דעור־גרייכען ביז צו דיא לעיקס, אום זיי צו ברענגען הילפע; אָבער אויף'ן וועג איז ער ערמאָרדעט געוואָרען פון צוויי פון זיינע בעגלייטער. דיא עטליכע פראַנצויזען, וועלכע זיינען פערבליבען אויף'ן אָרט, זיינען געטויטעט אָדער געפאַנגען געוואָרען פון דיא פיינדליכע אינדיאַנער, איידער דיא שפּאַניער זייי־נען אָנגעקומען צו פערטרייבען זיי פון דאָרטען אויף דעם גרונד, דאָס דיא גע־גענד געהערט צו שפּאַניען.

אַזוי זיינען דיא פראַנצויזען צוגעקומען פון קענעדע ביז צום גאָלף פון מעקסיקאָ און צו דיא שפּאַנישע פּאָסעסיעס און אַזוי האָט געענדיגט זיין לעבען איינער פון דיא גרעסטע און מוטהיגסטע רייזענדע אין נאָרד־אַמעריקאַ.



אכטער קאפיטעל.

# ניי־פראנקרייך און ניי־ענגלאנד אין 18טען יאהרהונדערט

אין דער צייט פון דיא אויבען־בעשריבענע רייזען איז גראף פראנטענאק געווען דער גובערנאטאר פון ניי־פראנקרייך. דאס איז געווען א זעהר ענערגישער מאן. ער האט זעהר פיעל געהאלפען לאסאל'ן און האט אנגעשטרענגט אלע זיינע קרעפטע און פעהיגקייטען צו פערשטארקען דיא פאזיציע פון זיין פאטערלאנד אין נארד־אמעריקא געגען דיא ענגלענדער. דיא איראקוואיס, וועלכע האבען וויעדער אנגעפאנגען צו בעפאלען דיא אינדיאנער שטאמען, וואס האבען געלעבט פריינדליך מיט דיא פראנצויזען, און אויך דיא פראנצויזישע קאלאניסטען, האבען געציטערט אפילו פאר זיין נאמען. אונטער זיין קאמאנדע האט זיך ניי־פראנקרייך געפיהלט זיכער.

נור דיא יעזואיטען האבען איהם געהאסט. זיי האבען ניט געקענט פערטראגען, וואס ער האט זיך ניט געלאזט פיהרען פון זיי און וואס ער האט געשטיצט אן אנדער קאטאלישען ארדען, דיא זא־גענאנטע רעקאלעקטס, וועלכע האבען אויך געבויט קירכען, האספיטעלער, שולען און געשיקט מיסיאנערען צו דיא אינדיאנער. דיא יעזואיטען האבען אזוי לאנג אינטריגירט געגען איהם אין קעניגליכען הויף ביז זיי האבען אויסגעפיהרט, אז מען זאל איהם צוריקרופען. אבער זיין נאכפאלגער, א געוויסער לאבאר, וועלכער איז געווען א שפיעלכעל אין דיא יעזואיטישע הענד, האט זיך ארויסגעצייגט אזוי אונפעהיג צו בעשיצען דיא קאלאניע געגען דיא אטאקעס פון דיא איראקוואיס, וועלכע זיינען אונטערגעהעצט געווען פון דיא ענגלישע און האלענדישע הענדלער געגען זייערע אלטע בלוטפיינד, אז מען האט געמוזט וויעדער שיקען דעם גראף פראנטענאק אלס גובערנאטאר פון ניי־פראנקרייך.

ווען ער איז אנגעקומען צום צווייטען מאל אין קענעדע, האט ער שוין בעדארפט ארגאניזירען עקספעדיציעס ניט נור געגען דיא איראקוואיס, זאנדערן אויך געגען דיא ענגלענדער. דאס איז געווען אין 1689, וואס טראגט אין דער געשיכטע פון ניי־פראנקרייך דעם נאמען: "דאס שרעקליכע יאהר", וויילבלויז אין דעם דארף לא־שין לעבען מאנטריאל האבען דיא איראקוואיס אויס־

געשלאַכטעט פיער הונדערט מענער, פרויען און קינדער און האָבען אַלעם אַרום און אַרום פערברענט. דיא בלוטדורשטיגע אינדיאַנער האָבען געוואָלט אַרויפיאָגען אַ טויט־שרעק אויף דיא פראַנצויזען. זיי האָ־בען אפילו געצוואונגען דיא געפאַנגענע מוטערס צו בראָ־טען זייערע אייגענע קינדער!

דיא מלחמה, וועלכע האָט ווידער אויסגעבראָכען אין די־זען יאָהר צווישען ענגלאַנד און פראַנקרייך, ווען ווילהעלם פון אָראַנזש האָט פעריאָגט פון ענגלישען טהראָן דזשעימס דעם צווייטען, וועלכער איז געשטיצט געווען פון לואי דעם 14טען, האָט זיך, ווי געוועהנ־ליך, אָבגערופען אין זייערע קאָלאָניעס. אַלס גרינדע פון דער מלחמה האָט דער נייער ענגלישער קעניג אויך אָנגעגע־בען, וואָס דיא קענעדער זיי־נען בעפאַלען דיא ענגלענדער אין דער קאָלאָניע ניו יאָרק, אין האָדסאָן בעי (ים־בוזים) און אין ניו־פאַונדלענד. דיא קאָלאָניסטען פון ניו־ענגלאַנד האָבען דאַן געוואָלט פערכאַ־פען גאַנץ קענעדע און זיי האָ־בען זיך פערבונדען מיט דיא איראָקוואָיס, דיא געשוואָרענע שונאים פון דיא פראַנצויזען.



גראַף פראָנטענאַק.
(אַ פאָטאָגראַפיע פון זיין סטאַטוע אין קוויבעק).

גראַף פראָנטענאַק האָט שנעל אָרגאַניזירט דריי עקספּעדיציעס געגען דיא ענגלישע קאָלאָניסטען און פאַר איין גאַנג אויך צו בעשטראָפען דיא איראָקוואָיס. דיא ערשטע עקספּעדי־ציע איז אין מיטען ווינטער פון 1690 צוגעקומען ביז דעם אָרט, וואו עס געפינט זיך יעצט דיא שטאָדט סקענעקטעדי אין סטייט ניו יאָרק. זיי האָבען

דאָרטען אַלעס פערברענט, אַ טהייל פון דיא איבערראַשטע איינוואָהנער גע־טויטעט און אַ טהייל מיטגעשלעפּט אַלס געפאַנגענע. דיא אַנדערע עקספּעדיציעס זיינען בעפאַלען אַנדערע ענגלישע בעזעצונגען. דיא פראַנצויזען האָבען ניט נור גענאָזען דיא אבענאַקים און דיא אנדערע אינדיאַנער שבטים, מיט וועלכע זיי האָבען געלעבט פריינדליך און וועלכע האָבען זיי בעגלייטעט, צו שלאַכטען און צו פייניגען דיא געפאַנגענע ענגלענדער מיט דיא גרעסטע רציחות, זאָנדערן האָ־בען זיך אַליין אויך געפיהרט וויא באַרבאַרען. מען מוז אָבער צוזעצען, אַז דיא ענגלענדער זיינען ניט מענשליכער געווען.

פערטרעטער פון דיא ענגלישע קאָלאָניעס, וועלכע האָבען בעזאָנדערס שטאַרק געליטען פון דיזע פראַנצויזיש־אינדיאַנישע אָנפאַלען, זיינען זיך דאַן צוזאַמענגעקומען אויף אַ קאָנגרעס אין ניו יאָרק, אום צו בעטראַכטען פּלענער, וויא אַם בעסטען זיך אָבצווערען מיט דיא פראַנצויזען. צוערשט האָבען זיי בעשלאָסען צו שיקען אַן עקספּעדיציע נאָך אַקאַדיע, וואו איינער פון זייערע מיכטיגסטע קריעגס־פיהרער, סער וויליאַם פיפּס, האָט איינגענומען פּאָר־ראָיאַל און צושטערט עטליכע אַנדערע פראַנצויזישע בעזעצונגען. אַן אַנדער עקספּע־דיציע איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין ניו יאָרק און קאָנעקטיקוט צו בעפאַלען מאָנטריאָל, אָבער דאָס איז ניט געלונגען. נאָכהער איז עס וויליאַם פיפּס צו־געקומען מיט אַ פלאָטע פון 32 שיפען און 2300 פאַרמערס, יעגער, פישער און מאַטראָזען פון דיא קאָלאָניעס ביז צו קוויבעק, וואו פראָנטענאַק האָט פער־שטאַרקט דיא פעסטונגען. דיא קאָלאָניסטען האָבען פּרובירט שטורמען דיזען צענטער פון ניי־פראַנקרייך, אָבער זיי זיינען זעהר טרויעריג דורכגעפאַלען און האָבען זיך געמוזט צוריק קעהרען נאָך באָסטאָן.

פראָנטענאַק האָט טריאומפירט כמעט אויף אַלע פונקטען. מיט דיא אי־ראָקוואָיס האָט ער זיך אַזוי אָפּגערעכענט, אַז זיי האָבען נאָכהער אויפגעהערט צו זיין אַ געפאַהר פאַר דיא פראַנצויזען. דיא מלחמה האָט זיך אָבער געענדיגט צו גונסטען פון ענגלאַנד. דער שטאַלצער לואי דער 14טער איז געצוואונגען געווען צו אונטערשרייבען אין 1713 דעם טראַקטאַט פון אוטרעכט, נאָך וועלכען ענגלאַנד האָט בעקומען אַקאַדיע, ניי־פאונדלענד און אויך האָדסאָן בעי. דערצו נאָך האָט פראַנקרייך זיך פערפּליכטעט צו לאָזען צו רוה דיא איראָקוואָיס, וועלכע זיינען געשטעלט געוואָרען אונטער דער פּראָטעקציאָן פון ענגלאַנד. דאָס האָט בעדייטעט, אַז דיא געגענדען, וועלכע דיזע אינדיאַנער שבטים האָבען גע־רעכענט פאַר זייערע, זיינען צוזאַמען מיט זיי איבערגעגעבען געוואָרען צו דיא ענגלישע קאָלאָניעס. ווען עס איז אָבער געקומען צו בעשטימען דיא גרע־נעצען פון דיזע געגענדען, וויא אויך פון אַקאַדיע, זיינען ענטשטאַנען צווישען דיא ענגלענדער און פראַנצויזען שוויריגקייטען און שטרייטיגקייטען, וועלכע האָבען זיך געצויגען אַ האַלבען יאָהרהונדערט.

נאָך דעם טראַקטאַט פון אוטרעכט זיינען דיא פראַנצויזען געבליבען הער־
שער איבער דיא אונגעהייערע געגענדען פון דעם גאָלף פון סענט לאָרענס ביז
דעם גאָלף פון מעקסיקאָ. א בליק אויף דיא לאַנדקאַרטען פון קענעדע און פון
דעם טהאָל פון מיסיסיפּי מיט אַלע טייכען, וועלכע פאַלען אין איהם אריין,
צייגט, וואָס פאַר א ריזיגע קאָלאָניאַלע אימפּעריע דאָס איז געווען. אָבער נור
אין עטליכע פונקטען האָבען זיך געפונען פראַנצויזישע בעזעצונגען. דאָס איז גע־
ווען אַן אימפּעריע אויף'ן פּאַפּיער, א לאַנד אָהן א בעפעלקערונג, ווען מען זאָל
ניט רעכנען דיא וואַנדערענדע אינדיאַנער און דיא הייפעלעך פראַנצויזישע
הענדלער, וואַלד־לויפער, גלחים און אַוואַנטוריסטען אין עטליכע סטראַטעגישע
פונקטען.

ביי דער מינדונג פון מיסיסיפּי איז געגרינדעט געוואָרען דיא קאָלאָניע
לואיזיענע מיט דער הויפּטשטאָדט ניו־אָרליענס, אום צו בעשיצען דעם אריינ־
פאָהר אין דעם מעכטיגען טייך. ביי דער מינדונג פון סענט לאָרענס האָבען זיך
אָבער געפונען דיא ענגלענדער אין ניו־פאַונדלענד און אין אַקאַדיע. אין פאַל
פון א מלחמה, און דאָס האָט דאַן געטראָפען זעהר אָפט, כמעט אונאויפהער־
ליך, האָט ענגלאַנד געקענט גאַנץ לייכט בלאָקירען דעם וועג צו קוויבעק, מאָנטרי־
אָל און צו אַלע אַנדערע פראַנצויזישע בעזעצונגען אין דעם טהאָל פון סענט
לאָרענס טייך און דערמיט זיי אָבשניידען פון זייער מוטערלאַנד.

אום זיך צו פערזיכערען געגען אַזאַ פאַל האָט זיך דיא פראַנצויזישע רע־
גיערונג זעהר ענערגיש אָ נעהם געטאָן צו בעפעסטיגען דעם אינזעל קעיפּ ברע־
טאָן, וואָס ליעגט צום נאָרד פון נאָווע סקאָשע ביי דעם וויכטיגסטען אריינ־
פאָהר אין דעם סענט לאָרענס גאָלף. דעם דאָזיגען אינזעל האָבען דיא פראַנ־
צויזען דאַן גערופען איל ראָיאַל, וואָס עס מיינט קעניגליכער אינזעל. דאָרטען
האָבען דיא פראַנצויזען בעשלאָסען צו בעפעסטיגען א פּאָרט, וואָס זיי האָבען
א נאָמען געגעבען לואיבורג לכבוד דעם קעניג לואי דעם 14טען. דיא רעגיערונג
האָט ניט געשפּאָרט קיין געלד צו בעפעסטיגען וואָס מעהר דיזען זעהר וויכטיגען
סטראַטעגישען פונקט נאָך דיא פּלענער פון דעם בעריהמטען וואָבאַן און אַנדע־
רע גרעסטע אינזשענערען פון יענער צייט. דיא פאָרטיפיקאַציאָנען האָבען
איינגעשלונגען מעהר פון צעהן מיליאָן דאָלאַר. דאָס איז דאַמאָלס געווען דיא
גרעסטע און שטאַרקסטע ים־פעסטונג אין דער נייער וועלט.

אָבער זיא האָט דאָך ניט אויסגעהאַלטען אַן אַטאַקע פון די קאָלאָניסטען
פון ניו ענגלאַנד. דאָס איז געשעהען אַ יאָהר דרייסיג נאָך דעם טראַקטאַט
פון אוטרעכט, ווען עס האָט וויעדער אויסגעבראָכען א מלחמה צווישען ענג־
לאַנד און פראַנקרייך (דאָס איז געווען דיא מלחמה וועגען דיא עסטרייכער
ירושה). אויסער דעם וואָס דיא פראַנצויזען האָבען געסטראַשעט דיא זיכער־
הייט פון דיא ענגלישע קאָלאָניסטען אין נאָווע סקאָשע, מעין און מאַסאַטשו־

זעטס דורך זייער גרויסע פעסטונג אין לואיבורג, האבען זיי אויך געהעצט דיא אבענאקים, מיקמאקס און אלע אינדיאנער שטאמען דארטען ארום צו בעפאלען און אויסשלאכטען דיא ענגלענדער. דיא גובערנאטארען פון קענעדע פלעגען שיקען אגענטען, מייסטענס גלחים, צווישען וועלכע איינער מיט'ן נאמען לע־לומר האט זיך בעזאנדערס אויסגעצייכענט מיט זיינע נידערטרעכטיגקייטען, אין אקאדיע, אום אויפצומונטערען דיא ווילדע צו צושטערען דיא ענגלישע בעזעצונגען דארטען. דער צוועק פון דיא פראנצויזען איז געווען אפצושרעקען דיא ענגלענדער פון בעזעצען זיך אין נאווע סקאשע. דיא אקאדישע אינדיא־נער, מיט וועלכע דיא פראנצויזען האבען שטענדיג פריינדליך געלעבט און וועלכע האבען אויך פיינט געהאט דיא ענגלענדער — עס איז אין אלגעמיין בעוואוסט, אז דיא ענגלענדער האבען קיין מאל ניט געקענט צוציהען צו זיך אירגענד וועלכע אינדיאנער אזוי וויא דיא פראנצויזען — האבען דיא פראנצויזישע אגענ־טען פערזיכערט, אז באלד וועט פראנקרייך צוריק בעקומען גאנץ אקאדיע.

דיזע האנדלונגען פון דיא פראנצויזען האבען שליסליך געפיהרט צו דער געוואגטער און בעריהמטער אטאקע פון דיא ענגלישע קאלאניסטען אויף לואי־בורג גופא. אן עקספעדיציע פון 4000 מאן איז ארגאניזירט געווארען אין ניו־ענגלאנד, ספּעציעל אין מאסאטשוזעטס, וואס איז דאן געווען דיא וויכטיגסטע און בעפעלקערטסטע ענגלישע קאלאניע. אין פריהלינג פון 1745 זיינען דיזע מוטהיגע פארמערס צוגעקומען מיט זייער קאמאנדיר, גענעראל פּעפּערעל, צו דער גרעסטער פראנצויזישער פעסטונג, וועלכע האט בעשיצט דעם אריינ־פאהר אין סענט לארענס גאלף. דער גארניזאן פון לואיבורג, וועלכער איז ניט גע־ווען גענוג פארבערייטעט צו אזא אטאקע, האט אויסגעהאלטען דיא בעלאגערונג 40 טעג, אבער האט זיך געמוזט אונטערגעבען, ווען דיא ענגלישע פלאטע האט געפאנגען דיא פראנצויזישע שיף, וועלכע האט געפיהרט שפּייז און אמוניציע פאר דיא בעלאגערטע. דיא גאנצע בעפעלקערונג פון לואיבורג, סאלדאטען, האנד־ווערקער א. ז. וו., איז בעשטאנען פון קנאפּע 2000 נפשות. איידער זיי האבען זיך אונטערגעגעבען, האבען זיי אויסגענומען, אז מען זאל זיי צוריק טראנספּאר־טירען נאך פראנקרייך, וואס דיא ענגלענדער האבען גערן געטאן.

דיא נאכריכט וועגען דעם פאל פון לואיבורג האט ארויסגערופען פריידע אין ענגלאנד, ספּעציעל נאטירליך אין ניו־ענגלאנד, און טרויער אין פראנקרייך. דיא פראנצויזישע רעגיערונג האט געמאכט גרויסע אנשטרענגונגען צו געווינען צוריק קעיפּ ברעטאן, וואס איז, נאך זיין געאגראפישער פּאזיציע, א שליסעל צום גאלף און טייך פון סענט לארענס. זיא האט ארויסגעשיקט א גרויסע עקספּע־דיציע אין 1746, אבער דיא שיפען האבען זעהר פיעל געליטען פון שטורמען און דיא מאנשאפט פון קראנקהייטען. איין אונגליק נאך דעם אנדערען האט פערפאלגט דיזע פראנצויזישע פלאטע, וועלכע האט אפילו ניט געקענט צוקו־

מען צו לואיבורג. דיא צווייטע פּלאָטע, וואָס דיא פראַנצויזישע רעגיערונג האָט געשיקט דעם נעכסטען יאָהר נאָך אַקאַדיע, איז בעזיעגט געוואָרען פון א שטאַר־קערער ענגלישער פלאָטע.

דער גובערנאַטאָר פון קענעדע האָט פון זיין זייט אָרגאַניזירט אַן עקספּע־דיציע פון פראַנצויזען און אינדיאַנער צו פעריאָגען דיא ענגלענדער פון גאַנץ אַקאַדיע. דאָס וואָלט איהם וואַהרשיינליך געלונגען, אויב דיא פלאָטען, אויף וועלכע ער האָט נאַטירליך געלייגט זעהר גרויסע האָפנונגען, וואָלטען געקענט קומען צו הילפע. אָבער אין 1748, ווען פריעדען איז געשלאָסען געוואָרען אין דער שטאָדט עי־לאַ־שאַפּעל, האָט דיא ענגלישע רעגיערונג אָבגעטראָטען קעיפּ ברעטאָן צו דיא פראַנצויזען פאַר דעם פּאָרט מאַדראַס אין אינדיען, וועלכען דיא פראַנצויזען האָבען איינגענומען. דיא פּאָליטישע קאַרטע פון נאָרד־אַמעריקאַ האָט זיך אַלזאָ ניט געענדערט נאָך דעם טראַקטאַט פון עי־לאַ־שאַפּעל, צו דער גרויסער אונצופריעדענהייט פון דיא ניו־ענגלענדער, וועלכע האָבען שליסליך גאָר ניט אויסגעפיהרט מיט זייערע העלדענטהאַטען אין לואיבורג.



## ניינטער קאַפּיטעל.

# דער סוף פון דער פראַנצויזישער הערשאַפט אין קענעדע

ניט לאַנג אָבער האָט אָנגעהאַלטען דיזער פריעדען און ניט לאַנג נאָכדעם זיינען דיא פראַנצויזען פערבליבען דיא הערשער ניט נור אין קעיפּ ברעטאָן, זאָנדערן אין גאַנץ קענעדע. מיט יעדען יאָהר האָט זיך דער קאַמפּף צווישען ענגלאַנד און פראַנקרייך וועגען זייערע קאָלאָניעס בכלל און וועגען זייער הער־שאַפט איבער נאָרד־אַמעריקא בפרט אַלץ מעהר פאַנאַנדערגעפלאַקערט. אפילו אין דיא יאָהרען פון אָפיציעלען פריעדען צווישען זיי, ניט אַכטענדיג אויף דיא טראַקטאַטען, האָט דיזער קאַמפּף ניט אויפגעהערט אין פערלויף פון 18טען יאָהרהונדערט.

מיר קומען דאָ צום לעצטען קאַפּיטעל פון דער געשיכטע פון קענעדע אונטער דעם פראַנצויזישען פלאַג. אויסער אין אַקאַדיע, אין ניו־פאַונדלענד, אין דיא געגענדען פון דיא איראָקוואָיס (דער גרעסטער טהייל פון ניו יאָרק סטייט) האָבען זיך דיא פראַנצויזען און ענגלענדער צוזאַמענגעשטויסען אַרום דעם מי־טען פון 18טען יאָהרהונדערט אויך אין דעם טהאָל פון מיסיסיפּי. אין 1754 האָבען דיא ענגלענדער אָנגעפאַנגען צו בויען אַ פאָרט ביי אַ געוויסען פונקט (דער אָרט פון דער שטאָדט פּיטסבורג אין פּענסילווייניאַ) פון אָהייאָ ריווער, וועלכער פאַלט אריין אין מיסיסיפּי. דיא פראַנצויזען, וועלכע האָבען געהאַלטען, אַז דיא ריזיגע געגענדען פון מיסיסיפּי מיט אַלע טייכען, וועלכע פאַלען אין איהם אריין, געהערען צו זיי אויף דעם גרונד פון זייערע ערשטע רייזען און ענטדעקונגען, האָבען פערכאַפּט דיזען פאָרט און פעריאָגט דיא ענגלענדער. אין איינעם פון דיזע צוזאַמענשטויסען אין דעם טהאָל פון אָהייאָ האָט אויך אַנטהייל גענומען דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, וועמען עס האָט זיך בשעת מעשה און אפילו אין צוואַנציג יאָהר נאַכהער ניט גע׳חלום׳ט, אַז ער וועט גאָר אַליין קעמפּפען געגען זיין מוטערלאַנד און וועט ווערען דער ערשטער פּרעזידענט פון דער ער־שטער און גרעסטער רעפּובליק אין דער נייער וועלט.

אין 1756, אַכט יאָהר נאָך דעם פריעדענס־אָבמאַך אין עי־לאַ־שאַפּעל, האָט זיך אָנגעפאַנגען דיא אינטערנאַציאָנאַלע מלחמה, וועלכע טראָגט אין דער וועלט־געשיכטע דעם נאָמען ״זיעבעניעהריגע״, ווייל זיא האָט זיך געצויגען זיעבען

יאָהר (פון 1756 ביז 1763). פראַנקרייך, עסטרייך און רוסלאַנד האָבען זיך פּער־אייניגט געגען ענגלאַנד און פּרייסען. אין דיזער מלחמה האָט זיך בעזאָנדערס אויסגעצייכענט פריעדריך דער גרויסער פון פּרייסען, און ענגלאַנד האָט דורך דעם זעהר פיעל געוואונען אויף דער רעכנונג פון דיא פראַנצויזישע קאָלאָניעס ניט נור אין נאָרד־אַמעריקאַ, זאָנדערן אויך אין אַזיען (אינדיען).

נייע־ענגלאַנד און ניי־פראַנקרייך אָבער, וועלכע האָבען געהאַט אייגענע רעכנונגען און שטרייטען, וויא מיר האָבען עס געזעהען, האָבען אייגענטליך גאָר ניט געוואַרט אויף אַן אָפּיציעלער קריעגס־ערקלערונג צווישען זייערע מו־טערלענדער. זיי האָבען דאַן געפיהרט זייערע קליינע מלחמות, וויא געזאָגט, אין אַקאַדיע, אין דעם טהאָל פון אָהייאָ, אין דער קאָלאָניע ניו יאָרק (ספּעציעל לעבען דיא לעיקס שאַמפּלעין און דזשאָרדזש). בעזאָנדערס ביטער און גרוי־זאַם איז דיזער קאַמפּף פאָרגעקומען אין אַקאַדיע. גלייך נאָך דעם טראַקטאַט פון עי־לאַ־שאַפּעל האָבען דיא פראַנצויזען און דיא ענגלענדער אָנגעפאַנגען צו בעפעסטיגען זייערע פּאָזיציעס און צוזאַמענקלייבען זייערע קרעפטע אין דיא טהיילען פון אַקאַדיע, וועגען וועלכע זיי האָבען זיך אַלץ אַרומגעריסען. דיא פראַנצויזען, וועלכע זיינען געווען אין דער מינאָריטעט אויף אַלע פּונקטען, האָ־בען אויך דיזעס מאָל געהאַט דיא הילפע פון כמעט אַלע אינדיאַנער שטאַמען (אויסער דיא איראָקוואָיס, זעלבסטפערשטענדליך), וויא געוועהנליך. דיא ענגלי־שע רעגיערונג האָט זיך אַרומגעזעהען, אַז זיא האָט בעגאַנגען אַ גרויסען פעהלער, ווען זיא האָט צוריקגעקעהרט קעיפּ ברעטאָן צו פראַנקרייך, און זיא האָט דאַרום אָנגעפאַנגען צו שיקען אַ סך קאָלאָניסטען נאָך נאָווע סקאָשע און צו בויען דאָרטען פעסטונגען, ספּעציעל אין דעם גרויסאַרטיגען האַפען פון האַליפאַקס, וואו עס געפינט זיך אויך היינט דיא שטאַרקסטע ענגלישע ים־פעסטונג אין נאָרד־אַמעריקאַ.

דיא ענגלענדער זיינען אַזוי פערצווייפעלט געוואָרען דורך דיא שטענדיגע צוזאַמענשטויסען מיט דיא אַקאַדיער פראַנצויזען און אינדיאַנער, אַז זיי האָ־בען בעשלאָסען אין גאַנצען צו פערטריבען דיא פראַנצויזען פון נאָווע סקאָשע. דאָס איז געווען אַ גרויזאַמער אַקט פון זייער זייט, אפילו פאַר יענע באַרבאַרי־שע צייטען. נאָך דעם טראַקטאַט פון אוטרעכט אין 1713 זיינען פערבליבען אַ געוויסע צאָהל פראַנצויזישע קאָלאָניסטען אין נאָווע סקאָשע. מען האָט זיי אפילו געגעבען אַ יאָהר צייט צו בעשטימען, אויב זיי ווילען שווערען טרייהייט צו ענגלאַנד. אייניגע האָבען דאַן אויסגעוואַנדערט, אָבער דיא מייסטע, ספּע־ציעל אַזעלכע וואָס האָבען זיך דאָרטען לאַנג בעזעצט און האָבען געהאַט גוטע פאַרמס אין דעם טהאָל פון אַנאַפּאָליס, זיינען פערבליבען. פראַנצויזישע היס־טאָריקער ערקלערען, אַז דיא גובערנאַטאָרען פון נאָווע סקאָשע האָבען געשטערט דיא פראַנצויזישע קאָלאָניסטען אויסצואוואַנדערען, ווייל אָהן זיי וואָלט דיא

גאנצע געגענד פערוויסטעט געוואָרען. ענגלישע היסטאָריקער ערקלערען אָבער, אַז אַ טהייל פון דיא אַקאַדיער פראַנצויזען זיינען נור געבליבען אויף זייערע אַלטע ערטער, ווייל זיי האָבען ניט אויפגעגעבען דיא האָפנונג צו זעהען אויך נאָווע סקאָשע אונטער זייער נאַציאָנאַלען פלאַג.

יעדענפאַלס האָבען זיך דיא פראַנצויזען דאָרטען ביסלעכווייז פערמעהרט אַזוי, אַז דיא ענגלענדער האָבען גענומען קוקען דערויף וויא אויף אַ גרויסע געפאַהר פאַר זיך. דיא פערטרעטער פון דער ענגלישער רעגיערונג האָבען דאַרום אַלץ ענערגישער אָנגעהויבען צו פאָדערען, אַז דיא אַקאַדיער זאָלען שווערען טרייהייט צו ענגלאַנד אָדער אין גאַנצען אויסוואַנדערען. זיי האָבען זיך אָבער ניט נור ענטזאָגט צו פאָלגען, זאָנדערן האָבען צוגעשטעלט שפייז צו זייערע לאַנדסלייט אין דער פעסטונג לואיבורג און אויך געהאָלפען צו בויען געוויסע בעפעסטיגטע פונקטען געגען דיא ענגלענדער. דיא ענגלישע קאָלאָניסטען האָבען יעדענפאַלס ניט אויפגעהערט צו בעקלאָגען זיך, דאָס זיי וועלען זיך קיין מאָל ניט פיהלען זיכער זאָ לאַנג דיא אַקאַדיער, וויא מען האָט אויך גערופען דיא פראַנצויזישע קאָלאָניסטען פון נאָווע סקאָשע, וועלען זיך ניט אונטערגעבען אין גאַנצען.

דער סוף איז געווען, דאָס דיא ענגלענדער האָבען אין 1755 גענומען יאָגען דיא אַקאַדיער אַזוי וויא ווילדע חיות. עטליכע טויזענד מענער, פרויען און קינדער זיינען אַרויסגעשלייַדערט געוואָרען פון זייערע הייזער און געטריבען געוואָרען פון זייערע פיינע פאַרמס מיט אַ ווילדער רציחה. אַ טהייל פון דיזע אונגליקליכע זיינען אומגעקומען אין דיא וועלדער, אויף'ן וועג, אַ טהייל האָבען זיך דערשלעפּט ביז קוויבעק און אַ טהייל זיינען צושפּרייט געוואָרען אין ניי־ענגלאַנד, וואו מען האָט זיי גאָר ניט פריינדליך בעהאַנדעלט.

אין קענעדע גופא האָבען דיא פראַנצויזען גראַדע געהאַט בעזונדערס גרויסע ערפאָלגען דיא ערשטע צוויי יאָהר פון דיזער מלחמה. דאָס האָבען זיי געהאַט צו פערדאַנקען ניט נור זייער פעהיגען און מוטהיגען גובערנאַטאָר, דעם בעריהמטען מאַרקיז מאָנקאַלם, זאָנדערן אויך דער אונפעהיגקייט פון מאַנכע פון דיא ענגלישע קאָמאַנדירען. ניט נור אויף דער יבשה, זאָנדערן אויך אויף'ן ים האָבען דיא ענגלענדער געליטען ביטערע נידערלאַגען אין 1756 און בעזאָנדערס אין 1757. מאָנקאַלם האָט דאַן טריאומפירט אַזוי וויא זיין גרויסער פאָרגענגער, גראַף פראָנטענאַק, מיט 75 יאָהר פריהער.

אָבער דאָס איז געווען וויא אַן אויפבאַפונג פאַר'ן טויט. דיא רעדעל האָט זיך שנעל איבערגעדרעהט, ווען פיטט (לאָרד טשעטהעם), איינער פון דיא גרעסטע שטאַאַטס־מענער פון זיין צייט, איז געוואָרען פרעמיער פון ענגלאַנד. ער האָט אויך זעהר ענערגיש געשטיצט דיא קאָלאָניסטען מיט שיפען און סאָלדאַטען, וועהרענד דיא פראַנצויזישע רעגיערונג האָט דאַן נאָך מעהר וויא געוועהנליך

פערנאכלעסיגט איהרע קאלאניעס. שליסליך וואלטען דיא פראנצויזען אין קע־נעדע סאי וויא סאי געמוזט פערלירען, ווייל זיי זיינען געווען צו שוואך אין פערגלייך מיט זייערע שכנים אין ניו־ענגלאנד.

צו דער צייט פון דער זיעבען־יעהריגער מלחמה האבען דיא 13 ענגלישע קאלאניעס אין נארד־אמעריקא געהאט א בעפעלקערונג פון אונגעפעהר א מיליאן און א פיערטעל נפשות, ניט רעכענענדיג דיא נעגערס אין דיא זידליכע קאלאניעס, וועהרענד גאנץ קענעדע צוזאמען מיט לואיזיענע האבען ניט געצעהלט מעהר פון 80 טויזענד נפשות. אין אלע אנדערע הינזיכטען, פאליטיש אזוי גוט וויא עקאנאמיש, האבען דיא ענגלישע קאלאניעס איבערגעוואויגען דיא פראנצויזישע קאלאניעס אין דער זעלבער פראפארציע. אפילו אין קוויבעק און אין מאנטריאל איז אין 1757 געווען אזוי ווענינ שפייז, דאס דיא סאלדאטען און איינוואהנער האבען געמוזט עסען פערד־פלייש. דיא ענגלישע קאלאניעס האבען געבליהט און זיינען מערקווירדיג שנעל געוואקסען אין רייכטהום און אין מענשען. דיא קענעדער מיליציאנטען צוזאמען מיט דיא רעגעלע סאלדאטען פון פראנקרייך פלעגען שטענדיג זיין קלענער אין צאהל פאר דיא בריטישע סאלדאטען צוזאמען מיט די מיליציאנטען פון די ענגלישע קאלאניעס, ווען די לעצטע פלעגען אנפאלען אויף קענעדע. דערצו נאך פלעגען דיא ענגלענדער מייסטענס האבען דיא שטיצע פון א מעכטיגער פלאטע. דערפאר האבען דיא פראנצויזען געהאט אזעלכע פעסטונגען, וועלכע עס איז געווען לייכט צו פערטהיידיגען געגען שטארקע בעלאגערונגס ארמעען. קוויבעק איז דיא גאנצע צייט געווען דער שליסעל פון ניי־פראנקרייך. אויך מאנטריאל און דיא פארטען לעבען לעיק שאמפלעין זיינען געווען אזוי גוט בעפעסטיגט, אז קליינע גארניזאנען האבען געקענט אויסהאלטען אטאקעס פון צאהלרייכע שונאים. ווייטער האבען דיא פראנצויזען שטענדיג געהאט דיא הילפע פון דיא אינדיאנער שטאמען אין זייער קאמפף מיט דיא ענגלענדער, וויא מיר האבען עס געזעהן אין דיא פאריגע קאפיטלעך.

זא לאנג קוויבעק איז געבליבען אין דיא הענד פון דיא פראנצויזען, האבען זיי ניט נור בעהערשט דעם טהאל פון סענט לארענס, זאנדערן האבען זיך געקענט האלטען אין נארד־אמעריקא, ניט אכטענדיג אויף נידערלאגעס אין אנדערע פונקטען. דארום האט עס פיטט בעשלאסען צו מאכען דיא גרעסטע אנשטרענ־גונגען, אום ארויסצורייסען ביי דיא פראנצויזען דיזען שליסעל צו קענעדע. ער האט גלייכצייטיג ארגאניזירט דריי עקספעדיציעס געגען דיא קענעדער פראנ־צויזען און האט אויסגעקליבען זעהר פעהיגע און ענערגישע קאמאנדירען. דער פלאן איז געווען צו אטאקירען מיט אמאל דיא פראנצויזישע פאזיציעס ביים ארייגפאהר אין סענט לארענס, ביי לעיק שאמפלעין און אין דעם טהאל פון אהייא.

אין זומער פון 1758 איז אן ענגלישע פלאטע פון איבער 50 שיפען צו־

געקומען צו דיא ברעגען פון קעיפ ברעטאַן לעבען דיא בעריהמטע פעסטונג לואיבורג, וועלכע איז פערשטאַרקט געוואָרען זייט דיא קאָלאָניסטען פון ניו־ענגלאַנד האָבען איהר איינגענומען, וויא דאָס איז בעשריבען געוואָרען אין א פאָריגען קאַפּיטעל. דיזע ענגלישע פלאָטע האָט מיטגעבראַכט א 14 טויזענד מאַטראָסען און סאָלדאַטען און איז געווען בעוואָפענט מיט 1800 קאַנאָנען.



גענעראַל דזשיימס וואָלף.

אין לואיבורג האָבען זיך געפונען אונגעפעהר 3000 סאָלדאַטען, ניט רעכענענדיג א קליינע צאָהל אינדיאַנער און איינוואָהנער. אין פּאָרט, אונטער דעם שוץ פון דער פעסטונג, האָבען זיך געפונען 14 פראַנצויזישע קריעגשיפען מיט אונגעפעהר 3000 מאַן און א 500 קאַנאָנען.

דיא ענגלענדער זיינען אַלזאָ געווען וועניגסטענס צוויי מאָל שטאַרקער פאַר דיא פראַנצויזען, נור דיא פעסטונג וואָלט געקענט אויסהאַלטען א לאַנגע צייט אַן אַטאַקע פון אפילו פון א פיעל גרעסערער אַרמעע, ווען זיא וואָלט געווען גענוג פאָרבערייטעט דערצו און ווען דער פראַנצויזישער אַדמיראַל וואָלט גע־

ווען אַזוי פעהיג און ענערגיש, וויא דער גובערנאַטאָר פון אינזעל קעיפּ ברע־טאָן. דיא פראַנצויזישע סאָלדאַטען האָבען מיט פערצווייפלונג געקעמפפט ביז דיא לעצטע כחות אין פערלויף פון אַ צוויי מאָנאַט. זיי האָבען זיך אונטער־געגעבען ערשט נאָכדעם, וויא דיא וויכטיגסטע פאָרטען פון לואיבורג זיינען געוועזן צושטערט, זייערע קאַנאָנען זיינען געבליבען צושמעטערט אָדער אָהן קוילען, 800 סאָלדאַטען זיינען געטויטעט און פערוואונדעט געוואָרען און 1200 זיינען קראַנק געוואָרען.

עטליכע יאָהר נאָך דיזען וויכטיגען זיעג האָבען דיא ענגלענדער אין גאַנ־צען צושטערט דיא פאָרטען פון לואיבורג. זיי האָבען געוואָלט, אַז עס זאָל אפילו קיין סימן ניט בלייבען פון דער פראַנצויזישער הערשאַפט דאָרטען. דיא זיעגער האָבען אַזוי גרויזאַם געיאָגט דיא פראַנצויזישע קאָלאָניסטען, האנדווערקער, פישער א. ז. וו. פון קעיפּ ברעטאָן און פון דיא אַנדערע אינזלען אין גאָלף פון סענט לאָרענס, אַזוי וויא פון נאָווע סקאָשע. פראַנצויזישע פאַרמס און דערפלעך זיינען אונבאַרמהערציג צושטערט געוואָרען פון ענגלישע סאָלדאַטען און מאַט־ראָזען, וועלכע זיינען ספּעציעל אַרויסגעשיקט געוואָרען צו דיזען צוועק.

נאָך דער צושטערונג פון לואיבורג האָבען דיא ענגלענדער פאָלשטענדיג קאָנטראָלירט דעם אריינפאָהר אין סענט לאָרענס גאָלף. דיא פראַנצויזען אין קענעדע האָבען שוין ניט געקענט קריעגען שטיצע פון פראַנקרייך, סיידען אַ פראַנצויזישע פלאָטע זאָל צושמעטערען דיא ענגלישע, וועלכע איז געשטאַנען אויף דער וואַך ביי דיא ברעגען פון אַקאַדיע. דער שיקזאַל פון קוויבעק גופא איז דורך דעם פערזיעגעלט געוואָרען.

דיא לעצטע שטונדע פון דער פראַנצויזישער הערשאַפט אין קענעדע האָט טאַקע געשלאָגען דעם נעכסטען יאָהר, ווען דער ענגלישער גענעראַל דזשעיםס וואָלף האָט ענדליך אויך בעוויזען אַרויפצוקלעטערען מיט זיינע סאָלדאַטען אויף דיא פעלזען פון קוויבעק און איינצונעהמען דיזע בעריהמטע פעסטונג. דער זעלבער יונגער און פעהיגער גענעראַל האָט זיך פריהער אויסגע־צייכענט ביי דער אַטאַקע אויף לואיבורג, און אין 1759, ווען אַ שטאַרקע ענגלישע פלאָטע איז צוגעקומען צו קוויבעק, איז ער געוואָרען דער קאָמאַנדיר איבער דער ארמעע, וועלכע האָט געזאָלט שטורמען דיא פעסטונג.

דיא בעלאַגערונג פון קוויבעק האָט זיך געצויגען עלף וואָכען אין דעם זומער פון 1759 און האָט זיך געענדיגט מיט אַ נידערלאַגע פון דיא פראַנצויזען נאָכדעם וויא גענעראַל וואָלף האָט בעוויזען עטוואָס, וואָס עס איז דאַן גערעכענט געוואָרען פון מיליטעריסטען פאַר אַן אונמעגליכקייט. איהם איז נעמליך גע־לונגען צו דערגרייכען צו דיא פעסטונגען אויף דיא בערג הינטער דער שטאָדט, אויף דעם פעלד, וואָס טראָגט דעם נאָמען אַבראַהאַם, איידער דיא פראַנצוי־

זען אונטער דער קאָמאַנדע פון זייער פעהיגען און מוטהיגען גובערנאַטאָר מאָנ־
קאַלם האָבען עם דערזעהען.




SIEGE OF QUEBEC.
1759.
FROM A CONTEMPORARY PLAN.

קוויבעק און דיא ארומיגע פעסטונגען אין 1759.

אין דער בעריהמטער שלאַכט אויף דעם פעלד פון אַבראַהאַם זיינען דיא
העלדישע קאָמאַנדירען פוןביידע אַרמעען געפאַלען. גענעראַל וואָלף, וועלכער
איז דאַן אַלט געווען בלויז 33 יאָהר, האָט אויסגעהויכט זיין לעצטען אָטהעם

אויף'ן שלאכטפעלד, ווען ער האט געהערט, אז די פראנצויזען צולויפען זיך. מאנקאלם איז שטערבליך פערוואונדעט געווארען, ווען ער האט געוואלט אב־האלטען און ברענגען אין א מיליטערישער ארדנונג זיינע צוריקלויפענדע סאל־דאטען.

נאך דיזען זיעג האט שוין דער גארניזאן פון די פעסטונגען אין קוויבעק קיין אנדער ברירה ניט געהאט וויא זיך אונטערצוגעבען. לויט די פונקטען פון דער קאפיטולאציאן האבען די פראנצויזישע סאלדאטען געקראגען דאס רעכט ארויסצומארשירען מיט זייער געוועהר און מיליטערישע עהרע און אויך צוריקגעשיקט ווערען אויף ענגלישע שיפען נאך פראנקרייך. אין איינינע אנ־דערע פונקטען, ספעציעל ארום מאנטריאל, האבען די פראנצויזען אנגע־שטרענגט זייערע לעצטע קרעפטע צו האלטען זיך געגען די ענגלענדער.

גענעראל לעוויס, זייער פעהיגסטער קאמאנדיר, האט זאגאר געפלאנעוועט צו אטאקירען אין פריהלינג פון 1760 די ענגלענדער אין קוויבעק. אבער אן ענגלישע פלאטע, וועלכע איז אנגעקומען גראדע אין דער צייט, ווען דער ענגלישער גארניזאן האט זיך געפונען אין א געפעהרליכער לאגע, האט צו־קלאפט די לעצטע האפנונגען פון די פראנצויזען צוריק צו געווינען דעם שלי־סעל פון סענט לארענס. גענעראל לעוויס איז דאן געצוואונגען געווען זיך צו־ריקצוציהען נאך מאנטריאל, וואו ער האט אין עטליכע מאנאט ארום געמוזט קאפיטולירען אויף די זעלבע בעדינגונגען, וויא דער גארניזאן פון קוויבעק. צווישען דיזע בעדינגונגען זיינען די וויכטיגסטע געווען און געבליבען: די בעשטעטיגונג פון די פריווילעגיעס פון דער קאטאלישער קירכע, די אנער־קענונג פון דער פראנצויזישער שפראך און פון די פראנצויזישע פיהרונגען בכלל. דער ענגלישער פלאג האט דאן געפלאטערט אויף דעם פלאץ פון דעם פראנ־צויזישען אין גאנצען טהאל פון סענט לארענס.



צעהנטער קאַפּיטעל.

# די קענעדער פראַנצויזען און די אַמעריקאַנער רעוואָלוציאָן

אין 1760 זיינען דיא ענגלענדער אַזוי געוואָרען דיא פּאַקטישע הערשער איבער גאַנץ קענעדע. אין 1763, ווען דער טראַקטאַט פון פּאַריז איז געשלאָסען געוואָרען, איז עס אויך אָפּיציעל אַנערקענט געוואָרען. פראַנקרייך האָט דאַן געמוזט אָבטרעטען צו ענגלאַנד ניט נור אַקאַדיע, קעיפּ ברעטאָן און גאַנץ קענעדע, זאָנדערן אויך אַלע לענדער צום מזרח פון מיסיסיפּי (דער טהאָל פון אָהייאָ נאַטירליך אריינגערעכענט) מיט אויסנאַהמע בלויז פון דער שטאָדט ניו־אָרליענס און פון דעם דיסטריקט אַרום (יעצט אַ טהייל פון סטייט לואיזיענע).

נאָך דיזען טראַקטאַט איז עס ענגלאַנד געוואָרען ניט נור דיא גרעסטע ים־מאַכט, זאָנדערן אויך דיא גרעסטע קאָלאָניאַלע מאַכט אין דער וועלט. דיא פראַנצויזען האָבען פערלאָרען אַ ריזיגע קאָלאָניאַלע אימפּעריע. אַלעס וואָס עס איז זיי איבערגעבליבען פון ניי־פראַנקרייך — דאָס זיינען דיא צוויי קליינע און וויסטע אינזלען סען־פּיער און מיקעלאָן לעבען דיא זידליכע ברעגען פון ניו־פאַונדלענד.

אָבער ניט לאַנג איז ענגלאַנד געבליבען דיא איינציגע הערשענדע מאַכט אין דיא אונגעהייערע געגענדען פון נאָרד־אַמעריקאַ. דרייצעהן יאָהר נאָך דעם פּאַריזער טראַקטאַט איז אויפגעקומען אַ נייע מאַכט אין דער נייער וועלט. דער לעזער פערשטעהט שוין, אַז דאָס מיינט מען דיא גרויסע נאָרד־אַמעריקאַנישע רעפּובליק, וואָס טראָגט דעם נאָמען יונייטעד סטייטס אָוו אַמעריקאַ. אַן אויסעראָרדענטליכע איבערקעהרענעס איז אין דיזער קורצער צייט פאָרגעקומען אין דיזען טהייל פון דער נייער וועלט. גראַדע דיא ענגלישע קאָלאָניעס, וועלכע האָבען אַזוי טריי געשטיצט זייער מוטערלאַנד אין דעם לאַנגען און ביטערען קאַמפּף מיט דיא פראַנצויזען, וויא מיר האָבען עס געזעהען אין דיא פאָריגע קאַפּיטלעך, האָבען זיך אָבגעטהיילט און געבילדעט אַן אונאַבהענגיגען שטאַאַט, וועהרענד דיא פראַנצויזישע קאָלאָניעס זיינען פערבליבען טריי צו זייערע פרעמדע הערשער. ניי־פראַנקרייך, דיא בעזיעגטע, רואינירטע, פראַנצויזיש־שפּרעכענדע און קאַטאָליש־פאַנאַטיזירטע קענעדע, האָט געדולדעט און זאָגאַר געשטיצט דעם פלאַג פון אַ פרעמדער און פּראָטעסטאַנטישער נאַציאָן,

און נײ־ענגלאַנד צוזאַמען מיט ניו יאָרק, פּענסילווייניאַ, ווירדזשיניאַ און דיא אַנדערע ענגלישע קאָלאָניעס — 13 אין צאָהל וויא מיר ווייסען עס — האָבען צוריסען דיזען פלאַג, דעם פלאַג פון זייער מוטערלאַנד, דעם פלאַג אונטער וועלכען זיי האָבען ניט אויפגעהערט צו קעמפּפען געגען דיא פראַנצויזען אין אַקאַדיע און קענעדע! וואָס פאַר אַ וואונדערבאַרע ענדערונג!

דיא אורזאַכען פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציאָן זיינען ערקלערט געוואָרען אין דער געשיכטע פון יונייטעד סטייטס. דאָ בלייבט צו ערקלערען דיא אורזאַכען, וועלכע האָבען געפיהרט דערצו, אַז דיא קענעדער זיינען ניט צוגעשטאַנען צו דיא קעמפּפער געגען דיא ענגלישע הערשאַפט.

צוערשט דאַרף מען נעהמען אין בעטראַכט, אַז אונטער דעם ענגלישען פלאַג האָבען זיך דיא איינוואָהנער פון קענעדע באַלד אָנגעפאַנגען צו פיהלען זיכערער און פרייער, וויא אונטער דעם פראַנצויזישען פלאַג. דיא אמת'ע קאָלאָניסטען, דיא אַקערבויער, דיא "האַביטאַן", זיינען פערבליבען אויף זייערע ערטער. עס איז אַ פאַקט, אַז קיינער פון דיזע "האַביטאַן" האָט ניט פערלאָזען קענעדע נאָך דעם פאַל פון קוויבעק און נאָך דעם פּאַריזער טראַקטאַט. בלויז אייניגע אַדעליגע פאַמיליעס, אייניגע קויפלייטע און בעאַמטע — מען רעכענט אַז זייער צאָהל האָט קוים דערגרייכט ביז דריי הונדערט — האָבען זיך צוריקגעקעהרט נאָך פראַנקרייך.

דיא "האַביטאַן", אָדער דער בויערן קלאַס, זיינען זעהר צוגעבונדען געוואָרען צו זייערע נייע היימען. פאַר זיי איז קענעדע טאַקע געוואָרען אַ צווייטע פאָטערלאַנד. יעדענפאַלס איז ביי זיי אויף דעם ערשטען פּלאַן געשטאַנען דיא קאַטאָלישע קירכע. זייערע לעהרער, וועגווייזער און אָנפיהרער זיינען פון אָנפאַנג אָן געוועזען דיא יעזואיטען און בכלל דיא גלחים. אין דיא נאָרד־וועסטליכע פּראָווינצען פון פראַנקרייך, פון וואַנען די מייסטע קאָלאָניסטען זיינען אַריבערגעקומען, וויא דאָס איז שוין בעמערקט געוועזען אין אַ פאָריגען קאַפּיטעל, איז דער קאַטאָליציזם אויך געוועזען בעזאָנדערס שטאַרק און איינפלוסרייך. דאַרום האָבען זיי זיך גאַנץ ווייניג געקימערט וועגען זייער אַלטע היימאַטה און זיינען געוועזען צופריעדען, ווען זיי האָבען געקראָגען פולע רעליגיעזע אַטאָמאָספערע — טאַקע נאָך דיא אַנערקענונג פון זייערע ציוויל־געזעץ און שפּראַך. אונטער דער הערשאַפט פון ענגלאַנד האָבען דיא קענעדער פראַנצויזען געקראָגען אַ געוויסע זעלבסטפערוואַלטונג, וואָס זיי האָבען קיין מאָל ניט געהאַט אונטער דער הערשאַפט פון זייערע קעניגע און גובערנאַטאָרען.

דיא ענגלישע רעגירונג האָט פון איהר זייט געזוכט צו געווינען דיא סימפּאַטיע פון דער פראַנצויזישער בעפעלקערונג בכלל און פון דיא גלחים בפרט. זיא האָט געוואָלט, אַז דיא "האַביטאַן" זאָלען פערבלייבען אויף זייערע ערטער און רוהיג פאָרטזעצען זייערע בעשעפטיגונגען. דיא קאָמאַנדירען האָבען גע־

קראָגען בעפעהלען ניט צו דערלאָזען צו אַזעלכע באַרבאַרישע האַנדלונגען אין דעם טהאָל פון סענט לאָרענס, וויא אין אַקאַדיע, פון וואַנען דיא ענגלענדער האָבען טאַקע אַרויסגעיאָגט כמעט אַלע פראַנצויזען. דיא פּונקטען פון דעם פּאַריזער טראַקטאַט מכח דיא, מעג מען זאָגען, רעליגיעז־־נאַציאָנאַלע אָטאָנאָמיע פון דיא קענעדער פראַנצויזען זיינען אַזוי אויסגעפיהרט געוואָרען פון דיא ענגלישע הערשער, אַז ניט נור דיא גלחים, זאָנדערן אויך דיא אַדעליגע גרונדבעזיצער האָבען זיך שנעל אַרומגעזעהען, דאָס זייערע אינטערעסען ליידען גאָר ניט און געווינען זאָגאַר דורך דיא נייע אָרדנונג.

דיא הייסע געגנער פון דער ענגלישער הערשאַפט אין ניי־פראַנקרייך זיינען, נאָך דעם פאַל פון קוויבעק און פון מאָנטריאָל, אַוועק אין דיא נאָרדוועסטליכע געגענדען, ספּעציעל אַרום דיא גרויסע לעיקס, וואו עס האָבען זיך געפונען עטליכע קליינע פראַנצויזישע פעסטונגען און בעזעצונגען און וואו דיא אינדיאַנער האָבען זיי געשטיצט געגען דיא ענגלענדער. אין דער נאַכבאַרשאַפט פון דיטראָיט, מאַקינאַק און אַנדערע ערטער פון דיא געגענדען, וואָס געהערען יעצט צו דיא סטייטס מישיגען, וויסקאָנסין און אילינאָי, האָבען געלעבט אין דערפלעך און פאָרטען פון צוויי ביז דריי טויזענד פראַנצויזען (מייסטענס יעגער און פעלץ־הענדלער). זיי האָבען זיך ניט געוואָלט אונטערגעבען צו דיא ענגלענדער און האָבען אויפגעהעצט אין 1763 דיא אינדיאַנער שבטים צו אַן אויפשטאַנד געגען ענגלאַנד. פראַנצויזישע אַגענטען האָבען איינגערעדט דיא אינדיאַנער, אַז דיא ענגלענדער וועלען זיי פעריאָגען פון זייערע דערפער און יאַגדפּלעצער אין דיא געגענדען אַרום דיא לעיקס און אויך אין דעם טהאָל פון מיסיסיפּי. ביז דעם טראַקטאַט פון פּאַריז האָבען טהיילען פון דיא פראַנצויזען אַלץ געגלויבט, אַז קענעדע וועט פערבלייבען אונטער דער הערשאַפט פון זייער מוטערלאַנד, טראָץ דעם פאַל פון קוויבעק. ווען זיי האָבען זיך אָבער דערוואוסט, אַז גאַנץ קענעדע פערבלייבט אין ענגלישע הענד, האָט גלייך אויסגעבראָכען אַ פראַנצויזיש־אינדיאַנער אויפשטאַנד, אין וועלכען עס האָט גענומען אַנטהייל אפילו אַ שטאַם פון דיא איראָקוואָיס, נעמליך דיא סענעקאַס וואָס האָבען געלעבט אין דער געגענד אַרום דעם ניאַגאַראַ וואַסערפאַל.

אָבער דיזער אויפשטאַנד, וועלכער ווערט גערופען אין דער געשיכטע פּאָנטיאַק'ס מלחמה נאָך דעם פראַנצויזישען נאָמען פון דעם גרעסטען און בעריהמטעסטען פון דיא אינדיאַנער קריעגס־פיהרער, האָט זעלבסטפערשטענדליך ניט געקענט ענדערען דעם שיקזאַל פון קענעדע. אום צו בערוהיגען דיא אינדיאַנער האָט דער ענגלישער קעניג, דזשאָרדזש דער דריטער, ערקלערט אין אַ פּראָקלאַמאַציאָן, אַז מען וועט זיי לאָזען צו רוהע אין זייערע יאַגדפּלעצער. פּאָנטיאַק זעלבסט איז באַלד נאָכדעם פערשוואונדען געוואָרען. מען

רעכענט, אז ער איז געטויטעט געוואָרען פון אַן אינדיאַנער פון דעם שטאַם אילינאָי.

ערשט אין 1774 איז פעסטגעשטעלט געוואָרען דיא נייע אָרדנונג אין קענעדע. צום ערשטען מאָל האָט דער ענגלישער פּאַרלאַמענט דאַן אריינגעמישט זיך אין דיא אינערליכע אנגעלעגענהייטען פון דיזער קאָלאָניע. אום צו מאַכען אַ סוף פון דיא שטרייטען, וועלכע זיינען אַלץ הייסער און שאַרפער געוואָרען צווישען דיא איבערגעבליבענע פראַנצויזען און דיא ניי־אָנגעקומענע ענגלענדער וועגען דעם, וועלכע געזעץ מען זאָל אָנווענדען, דיא פראַנצויזישע אָדער דיא ענגלישע, האָט דער פּאַרלאַמענט, נאָך לאַנגע דעבאַטען, אָנגענומען דעם זאָ־גענאַנטען קוויבעק אַקט, וועלכער איז געווען בעזאָנדערס גינסטיג פאַר דיא קענעדער פראַנצויזען. דיא גרענעצען פון דער פּראָווינץ קוויבעק זיינען דאַן זעהר ווייט פערשפּרייטערט געוואָרען, און דאָס האָט בעדייטעט, אַז דיא פראַנ־צויזען און בכלל דיא קאַטאָליקען האָבען געקענט אָנהאַלטען זייערע פּריווי־לעגיעס און פיהרען דיא רעדעל אין דיא נייע טעריטאָריעס, אין דיא טהיילען צום וועסט פון מאָנטריאָל, ספּעציעל אין דער געגענד וואָס ווערט יעצט פער־נומען פון דער פּראָווינץ אָנטאַריאָ, וואו ענגלישע קאָלאָניסטען האָבען דאַן אָנגעפאַנגען צו בעזעצען זיך.

דער קוויבעק אַקט פון 1774 האָט אָבער זעהר פיעל פערשטאַרקט דיא אונצופריעדענהייט, וועלכע האָט זיך אַלץ מעהר און שאַרפער ארויסגעצייגט אין דיא ענגלישע קאָלאָניעס. דאָס איז דאָך שוין געווען דיא צייט פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציאָן, מיט פיער יאָהר נאָך דעם "באָסטאָן מעסעקר (הריגה)" און בלויז מיט צוויי יאָהר פאַר דער אונאבהענגיגקייטס־ערקלערונג פון דיא 13 פערבונדענע ענגלישע קאָלאָניעס. עס איז זיכער, אַז דער ענגלישער פּאַרלאַמענט האָט זיך ארויסגעצייגט אַזוי ליבעראַל צו דיא פראַנצויזען און קאַטאָליקען אין קענעדע, אום זיי זאָלען ניט מאַכען יד אחת מיט זייערע שכנים אין ניו־ענגלאַנד און אין ניו יאָרק און זאָלען בכלל מעהר צוגעבונדען ווערען צו דער ענגלישער קרוין.

דיא רעזולטאַטען פון דיזער ליבעראַלער פּאָליטיק זיינען יעדענפאַלס גע־ווען אויסגעצייכענטע פאַר ענגלאַנד. עס וועט ניט זיין איבערטריבען צו זאָגען, אַז אַ דאַנק דעם קוויבעק אַקט פון 1774 איז קענעדע געבליבען אונטער דער הערשאַפט פון ענגלאַנד. אויסערדעם האָבען דיא פיהרער פון דער אַמעריקאַ־נער רעוואָלוציאָן, וועלכע האָבען פּרובירט צוציהען דיא קענעדער מיט אויפ־רופען אין נאָמען פון פרייהייט און פון אַזעלכע פראַנצויזישע דענקער וויא מאָנטעסקיע, ארויסגעוויזען, וויא וועניג זיי האָבען געקענט זייערע פראַנצוי־זיש־שפּרעכענדע שכנים. דיא "האַביטאַן" האָבען בכלל ניט געקענט לעזען. זיי האָבען זעלטען ווען געזעהען אַ בוך. אונטער דער פראַנצויזישער הערשאַפט

האָט קיין איינציגע פּריוואַט־דרוקעריי ניט עקזיסטירט אין קענעדע. דיא גלחים האָבען אויך גערענקט פאַר דיא "האַביטאַן". אין דיא קענעדער דער־פער האָט מען זיך אייגענטליך גאָר ניט אינטערעסירט מיט דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציאָן. דיא אונוויסענדע און בלינד־קאַטאָלישע פּויערים זיינען געווען צופריעדען, וואָס זייערע פרעמדע הערשער האָבען זיך ניט געמישט אין זייערע אַלטע פיהרונגען, אין זייער געמיינדע־לעבען, אין זייער רעליגיאָן.

וואָס אָנבעלאַנגט צו דיא יעזואיטען און אַלע אַנדערע גלחים אין קענעדע, איז לייכט זיך פאָרצושטעלען, וואָס פאַר אַן איינדרוק עס האָבען אויף זיי געקענט מאַכען אויפרופען פון רעוואָלוציאָנערען, וועלכע האָבען ניט נור פּראָ־טעסטירט געגען דעם קוויבעק אַקט, זאָנדערן האָבען עס אויך פאָרגעשטעלט אַלס אַ זיעג פון דער קאַטאָלישער טיראַניי. דיא ענגלישע קאָלאָניסטען זיינען דאָך געווען פערביסענע פּראָטעסטאַנטען און אין זייערע צוזאַמענשטויסען מיט דיא פראַנצויזען האָט זייער האַס צום קאַטאָליציזם און פּאַפּסטהום געשפּיעלט אַ זעהר גרויסע ראָלע.

מיט אויסנאַהמע פון אַ קליינער צאָהל אויפגעקלעהרטע פראַנצויזען אין קוויבעק און אין מאָנטריאָל (איינער פון זיי מיט'ן נאָמען פלויערי מעספּלע האָט געעפענט דיא ערשטע דרוקעריי אין מאָנטריאָל, אום צו פערשפּרייטען פראַנ־צויזישע פּראָקלאַמאַציעס געגען ענגלאַנד) און אַ געוויסען טהייל פון דיא ניי־אָנגעקומענע ענגלענדער האָט קיינער אין קענעדע ניט סימפּאַטיזירט מיט דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציאָן. און דיא קענעדער ענגלענדער, וועלכע האָבען געוואָלט העלפען דיא רעוואָלוציאָנערען אין דיא קאָלאָניעס, זיינען מייסטענס געווען געגנער פון דעם קוויבעק אַקט און האָבען געוואָלט בעהערשען דיא פראַנ־צויזען און פיהרען דיא רעדעל אין גאַנץ קענעדע.

דאַרום איז עס געווען נאַטירליך, אַז דיא אַמעריקאַנער גענעראַלען האָבען כמעט גאָר קיין מיטהעלפער ניט געפונען צווישען דיא פראַנצויזישע איינ־וואָהנער, ווען זיי האָבען זיך אין 1775 אַ לאָז געטאָן איינצונעהמען קענעדע. דיא צאָהל פון ענגלישע סאָלדאַטען איז דאַן געווען זעהר קליין אין קענעדע. אפילו אין קוויבעק גופא, וואוהין סער גאַי קאַרלטאָן, דער זעהר פעהיגער און ליבעראַלער ענגלישער גובערנאַטאָר (ער איז עס געווען דער גרעסטער און הייסעסטער קעמפּפער פאַר דיא רעכטע פון דיא קענעדער פראַנצויזען בכלל און פאַר דעם קוויבעק אַקט פון 1774 בפרט), האָט זיך צוריקגעצויגען אין גרויס איילענעס נאָכדעם וויא גענעראַל מאָנטגאָמערי, דער קאָמאַנדיר פון אַ שטאַרקער אַמעריקאַנער מחנה, האָט אויך פערנומען מאָנטריאָל — אָט אין דיזער בעריהמ־טער פעסטונג איז דער גאַרניזאָן בעשטאַנען בלויז פון 1800 רעגולמעסיגע ענגלישע סאָלדאַטען צוזאַמען מיט מיליציאַנטען, פון וועלכע 500 זיינען געווען פראַנצויזישע קענעדער. אַנשטאָט צו העלפען דיא רעוואָלוציאָנערען, וויא דיא

אַמעריקאַנער גענעראַלען און סאָלדאַטען האָבען עס געהאָפט, האָבען גאָר דיא פראַנצויזען געהאָלפען דיא ענגלישע סאָלדאַטען אין דער דאַמאָלסדיגער הויפטשטאָדט פון קענעדע.

מיט אויסנאַהמע פון קוויבעק איז אין 1775 גאַנץ קענעדע געווען אין דיא הענד פון דער אַמעריקאַנער אַרמעע. עס קען זיין, אַז אויב עס וואָלט דיא אמעריקאַנער געלונגען אויך איינצונעהמען דיזע פעסטונג, וואָלט ענגלאַנד טאַקע פערלאָרען קענעדע אַזוי וויא זיא האָט פערלאָרען איהרע נאָרד־אַמעריקאַנישע קאָלאָניעס. אָבער דיא אַטאַקעס פון דיא אַמעריקאַנער גענעראַלען מאָנטגאָמערי און אַרנאָלד אויף קוויבעק האָבען זיך געענדיגט זעהר אונגליקליך פאַר זיי. גענעראַל מאָנטגאָמערי צוזאַמען מיט זיינע אַדיוטאַנטען און אַ בעדייטענדער צאָהל פון זיינע סאָלדאַטען זיינען געפאַלען טויט און גענעראַל אַרנאָלד איז פערוואונדעט געוואָרען. דיא אַמעריקאַנער האָבען ניט געהאַט גענוג קאַנאָנען צו באָמבאַרדירען אַזאַ פעסטונג וויא קוויבעק און זיי האָבען אויך זעהר פיעל געליטען פון קראַנקהייטען, פון קעלט (דאָס איז געווען אין מיטען ווינטער) און פון מאַנגעל אין שפייז.

אין פריהלינג, ווען עס זיינען אָנגעקומען שיפען מיט סאָלדאַטען, געוועהר און פראָוויאַנט פון ענגלאַנד, האָבען דיא אַמעריקאַנער, וועלכע האָבען בעלאַגערט קוויבעק, געפונען פאַר נויטיג צוריקצוציהען זיך אין איילענעס פון זייערע פאָזיציעס לעבען קוויבעק נאָך מאָנטריאָל. עטליכע וואָכען שפעטער, ווען אין קוויבעק זיינען אָנגעקומען 7 ענגלישע רעגימענטען אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל בורגאָין צוזאַמען מיט אַן אָבטהיילונג פון געדונגענע דייטשע סאָלדאַטען, האָט גענעראַל אַרנאָלד אויך פערלאָזען מאָנטריאָל און זיך אַריבערגעצויגען אין ניו יאָרק סטייט. אַלע קענעדער פונקטען, וועלכע דיא אַמעריקאַנער האָבען פערנומען אין דעם טהאָל פון סענט לאָרענס און לעבען לעיק שאַמפלעין אין 1775, זיינען דאַן אַריבער צוריק אין דיא הענד פון דיא ענגלענדער. סער גאַי קאַרלטאָן, וועלכער האָט זיך אַזוי אויסגעצייכענט געגען דיא אַטאַקעס פון דיא אַמעריקאַנער, וויא אַמאָל דער פראַנצויזישער גובערנאַטאָר פראָנטענאַק געגען דיא אַטאַקעס פון דיא ענגלענדער צוזאַמען מיט דיא אַמעריקאַנער קאָלאָניסטען, האָט אויך בעוויזען צו צושטערען אַן אַמעריקאַנער פלאָטע אויף לעיק שאַמפלעין. דיא אַמעריקאַנער עקספעדיציע אַרויסצורייסען קענעדע פון ענגלישע הענד איז אַזוי געווען אַ דורכפאַל.

אפילו ווען דיא פראַנצויזישע רעגיערונג האָט גענומען העלפען דיא אַמעריקאַנער רעוואָלוציאָנערען, אום זיך אָפצורעכענען אויף דיזען וועג מיט ענגלאַנד פאַר דעם פערלוסט פון נייַ־פראַנקרייך, וויא מיר וועלען עס שוין פון דער געשיכטע פון יונייטעד סטייטס, זיינען דיא קענעדער פראַנצויזען אויך געבליבען גלייכגילטיג צום גרויסען קאַמפף פון זייערע ענגליש־שפרעכענדע שכנים פאַר

אונאַבהענגיגקייט. דיא "האַביטאַן" האָבען שנעל פערלאָרען זייער ליעבע צו זייער מוטערלאַנד, און דיא גלחים, וועלכע זיינען געווען דיא גייסטיגע פיהרער און וועגווייזער פון דיזע אונוויסענדע אַקערבויער, וויא מיר ווייסען עס שוין, זיינען באַלד געקומען צום שלום, אַז זייער ממשלה איז מעהר געזיכערט אונטער דעם ענגלישען פלאַג, וויא אונטער דעם פראַנצויזישען פלאַג.

אָט דאַרום האָט עס פּאַסירט, דאָס אין 1783, ווען ענגלאַנד איז שליסליך געצוואונגען געווען צו אַנערקענען דיא אונאַבהענגיגקייט פון איהרע אַלטע קאָלאָניעס, זיינען גראַדע איהרע נייע קאָלאָניעס אין נאָרד־אַמעריקאַ געבליבען אונטער איהר הערשאַפט.



## עלפטער קאַפּיטעל.

# דיא לאָיאַליסטען און דיא ענגליש־אַמעריקאַנער מלחמה פון 1812

איינער פון דיא וויכטיגסטע רעזולטאַטען פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלו־ציאָן פאַר קענעדע איז געווען, וואָס דיא טאָרים, וויא מען האָט דאַן גערופען אין דיא אַמעריקאַנער קאָלאָניעס דיא אַנהענגער פון ענגלאַנד און, פאָלגליך, דיא געגנער פון דעם קאַמפף פאַר אונאַבהענגיגקייט, האָבען עמיגרירט נאָך נאָווע סקאָשע, אָנטאַריאָ און בכלל דיא קענעדער פראָווינצען. אין געשיכטע פון דער אַמעריקאַנער רעוואָלוציאָן רופט מען זיי אויך אַמאָל פעררעטהער. דיא קעמפפער פאַר אונאַבהענגיגקייט אין דיא 13 קאָלאָניעס האָבען יעדענ־פאַלס געקוקט אויף אַזעלכע ענגלישע פאַטריאָטען וויא אויף פעררעטהער און האָבען זיי אויך פערפאָלגט דערפאַר, ניט זעלטען טאַקע זעהר גרויזאַם. עס איז געווען נאַטירליך, אַז דיא יעניגע, וועלכע האָבען רעבעלירט געגען דיא ענגלישע הערשאַפט און ריזיקירט מיט זייערע לעבענס אין דעם לאַנגען קאַמפף פאַר אונאַבהענגיגקייט, זאָלען קוקען אויף דיא יעניגע, וועלכע האָבען געוואָלט בלייבען טריי צו זייער מוטערלאַנד, וויא אויף פעררעטהער און יעדענפאַלס וויא אויף געפעהרליכע שונאים, וועלכע עס איז, זאָ צו זאָגען, אַ רעוואָלוציאָ־נערע מצוה צו אונטערדריקען און צו פעריאָגען.

אין דער געשיכטע פון קענעדע אָבער טראָגען דיזע טאָרים דעם עהרען־נאָמען "יונייטעד עמפּאַיר לאָיאַליסטס" און פערנעהמען אַ בעזאָנדערס וויכטיגען פּלאַץ. זיי זיינען נאַטירליך געווען דיא פערביטערטסטע שונאים פון יונייטעד סטייטס, און זייער שנאה איז אויך איבערגעגאַנגען צו זייערע קינדער. דיזע טאָרים אָדער לאָיאַליסטען האָבען אָנגעפאַנגען צו פערלאָזען דיא קאָלאָניעס אין דיא לעצטע יאָהרען פון דער רעוואָלוציאָן, ווען עס איז אַלץ קלערער געוואָרען, אַז ענגלאַנד וועט שליסליך מוזען אַנערקענען דיא אונאַבהענגיגקייט פון דער ניי־געשאַפענער רעפּובליק און ווען דיא רעוואָלוציאָנערען האָבען אָנגעפאַנגען אַלץ מעהר צו קאָנפיסצירען זייערע מאַיאָנטקעס און אין אַלגעמיין צו פער־פאָלגען זיי אויף יעדען שריט. בעזאָנדערס האָבען זיי גענומען אויסוואַנדערען

נאָך דעם טראַקטאַט פון 1783, אָבוואָהל דיא ענגלישע פערטרעטער, וועלכע האָבען נאַטירליך געזוכט צו העלפען דיא לאָיאַליסטען, האָבען שליסליך אויסגעפיהרט, אז מען זאָל ארייגשטעלען אַ פּונקט, דאָס דער קאָנגרעס רעקאָמענדירט צו דיא לעדזשיסלייטשורס פון דיא סטייטס צוריקצוקעהרען צו דיא לאָיאַליסטען דיא קאָנפיסצירטע מאַיאָנטקעס און בכלל זיי צו רוהע צו לאָזען (דיזע רעקאָמענדאַציאָן איז אָבער קיין מאָל ניט אויסגעפיהרט געוואָרען).

מען רעכענט, אַז פון 40 ביז 50 טויזענד אַזעלכע לאָיאַליסטען האָבען זיך בעזעצט אין דער בריטישער נאָרד־אַמעריקאַ, ספּעציעל אין דיא פּראָווינצען נאָוועסקאָשע, ניו־בראַנסוויק און אין אָפּפּער (אויבערשטע) קענעדע, וויא מען האָט דאַן גערופען דיא פּראָווינץ אָנטאַריאָ. דאָס איז געווען אַ גרויסער געווינס פאַר דיא איבערגעבליבענע ענגלישע פּאָסעסיעס אין נאָרד־אַמעריקאַ, וועלכע זיינען געווען זעהר וועניג בעפעלקערט, וויא מיר ווייסען עס, און דערצו נאָך מייסטענס פון פראַנצויזען. אין דיזער זעהר לאָיאַלער ענגלישער בעפעלקערונג האָט דיא מוטערלאַנד געפונען אַ שטאַרקע שטיצע ניט נור געגען דיא אויסערליכע שונאים, ספּעציעל דיא אַמעריקאַנער, וועלכע האָבען ניט אויפגעגעבען דיא האָפנונגען צו פערבינדען זיך מיט קענעדע, זאָנדערן אויך געגען דיא אינערליכע געגנער, ספּעציעל דיא פראַנצויזען, וועלכע האָבען אַלץ ניט אויפגעגעבען זייערע האָפנונגען אָראָבצושליידערען פון זיך דעם ענגלישען יאָך.

דיא ענגלישע רעגיערונג האָט טאַקע זעהר פיעל געשטיצט דיא יונייטעד עמפּאַיר לאָיאַליסטען, וועלכע זיינען אין גאַנצען רואינירט געוואָרען דורך דיא פערפאָלגונגען פון דיא אַמעריקאַנער פּאַטריאָטען. זיא האָט זיי אויסגעטהיילט שפּייז און קליידער און געגעבען דיא נויטיגע זאַכען צו בעאַרבייטען דיא געשאָנקענע פאַרמס. דיא לאָיאַליסטען האָבען מייסטענס געהערט צו דיא רייכערע, אַנגעזעהענערע און געבילדעטערע קלאַסען אין דיא קאָלאָניעס. אַ סך פון זיי זיינען געווען רעגיערונגס־בעאַמטע. צו פאַרמערייַ זיינען זיי גאָר ניט געוואָהנט געווען. אָבער זיי זיינען געווען זעהר ענערגישע און מוטהיגע מענשען און זיי האָבען זיך ביסלעכווייז צוגעוואָהנט צום שווערען און פּראָסטען לעבען פון פּיאָנערען אין דיא ווילדע געגענדען פון קענעדע. זיי זיינען עס געווען דיא גרינדער פון דער פּראָווינץ אָנטאַריאָ, וועלכע פערנעהמט היינט דעם ערשטען פּלאַץ אין דער דאָמיניאָן אָוו קענעדע, און זייערע פאַמיליען זיינען עס דיא יחסן'ישע דאָרטען אַזוי וויא דיא פאַמיליען פון דיא פּוריטאַנער אין יונייטעד סטייטס.

אין 1786, ווען סער גאַי קאַרלטאָן, וועלכער איז ערהויבען געוואָרען צום טיטול לאָרד דאָרטשעסטער, איז צום צווייטען מאָל געוואָרען גובערנאַטאָר פון קענעדע אום איינצופיהרען אַ בעסערע קאָנסטיטוציאָנעלע אָרדנונג, האָבען זיך אין גאַנץ בריטיש נאָרד־אַמעריקאַ געפונען העכסטענס אַ פּיערטעל מיליאָן נפשות, פון וועלכע אַ העלפט האָבען געלעבט אין דעם טהאָל פון סענט לאָרענס און

האבען כמעט אויסשליסליך געשפראכען פראנצויזיש. דיא ענגליש־שפרעכענדע העלפט איז געווען צושפרייט איבער אלע פראווינצען, וועהרענד דיא פראנצויזיש־שפרעכענדע העלפט איז פערבליבען אין דיא אלטע בעזעצונגען פון ניי־פראנקרייך אדער לאוער (אונטערשטע) קענעדע (דיא היינטיגע פראווינץ קוויבעק).

צווישען דיזע צוויי נאציאנאלע גרופען זיינען נאטירליך פארגעקומען רייסערייען און שטרייטיגקייטען וועגען זייערע רעכטע און פרעטענזיעס. אלע האבען אבער געפאדערט מעהר זעלבסטפערוואלטונג און בכלל קאנסטיטוציאנעלע רעפארמען. דיא ענגלישע רעגיערונג, וועלכע האט זיך אבגעבריהט אין איהרע אלטע קאלאניעס, ווייל זיא האט ניט געוואלט נאכגעבען דיא גערעכטע פאדערונגען פון זייערע איינוואהנער, און וועלכע האט בכלל זעהר פיעל געלערנט דורך דיא אמעריקאנער רעוואלוציאן, וויא צו פערוואלטען קאלאניעס, האט אין 1791 איינגעפיהרט א קאנסטיטוציאן אין דיא קענעדער פראווינצען. דיא אלטע פראווינץ קוויבעק איז דאן צוטהיילט געווארען אין צווייען, וויא דיא לאיאליסטען און בכלל דיא ענגלענדער האבען עס פערלאנגט, נעמליך אין אפפער קענעדע (אנטאריא) און לאוער קענעדע (קוויבעק). דיא אנדערע פראווינצען זיינען דאן געווען: נאווע סקאשע, ניו־בראנסוויק און פרינס עדווארד איילענד (זיי טראגען דעם אלגעמיינען נאמען "מאריטים פראווינסעס", וואס עס מיינט דיא פראווינצען ביי דיא ברעגען פון ים).

ווען דער גענעראל־גובערנאטאר לארד דארטשעסטער, וועלכער האט דורכגעפיהרט דעם קאנסטיטוציאנעלען אקט פון 1791, האט צוזאמענגערופען דיא ערשטע געזעצגעבענדע קאמער פון לאוער קענעדע אין אן אלטען שלאס פון קוויבעק, האבען דיא ענגלישע דעפוטאטען פארגעשלאגען, אז דער פארזיצענדער זאל זיין אן ענגלענדער און אז דיא פראנצויזישע שפראך זאל גאר ניט געהערט ווערען אין דיא דעבאטען. דיא פראנצויזען האבען נאטירליך העפטיג פראטעסטירט דאגעגען און אזוי וויא זיי האבען געהאט דיא מאיאריטעט, האבען זיי אויסגעפיהרט וואס זיי האבען געוואלט, וויא ווייט דאס איז זיי מעגליך געווען אונטער א פרעמדער הערשאפט. עס איז שליסליך געבליבען, אז אלע פערהאנדלונגען אין דעם פראווינציעלען פארלאמענט פון קוויבעק זאלען פובליצירט ווערען איןביידע שפראכען.

אין דיא אנדערע פראווינצען האט עס ניט געקענט קומען צו אזעלכע נאציאנאלע שטרייטען, ווייל דיא בעפעלקערונג דארטען איז כמעט אויסשליסליך געווען אן ענגלישע. אין אלגעמיינען האבען אלע דיזע פראווינצען געמאכט גוטע פארשריטע און זיינען געוואקסען אין בעפעלקערונג אין פערלויף פון דיא צוואנציג יאהר זייט דיא איינפיהרונג פון דעם קאנסטיטוציאנעלען אקט פון 1791 ביז צו דער ענגליש־אמעריקאנער מלחמה אין 1812.

דיא אורזאכען פון דיזער מלחמה זיינען ערקלערט געווארען אין דער גע־

שיכטע פון יונייטעד סטייטס. וואָס אַנבעלאַנגט צו דיא איינוואָהנער פון דיא קענעדער פּראָווינצען, האָבען דיא דאָזיגע אורזאַכען גאָר ניט געהאַט צו טאָן מיט זיי. אָבער צרות האָבען דיא קענעדער דערפון געהאַט פּונקט אַזוי פיעל, וויא ווען זיי אליין וואָלטען אַרויסגערופען דעם קריעג. דיא קענעדער האָבען עס געהאַלטען פאַר זייער פליכט צו העלפען דיא ענגלענדער נאָך זייערע קרעפּ־טען. זיי האָבען דערביי אַרויסגעוויזען אַ מערקווירדיגע טרייהייט צו ענגלאַנד. דיא יונייטעד עמפּאַיר לאָיאַליסטען האָבען ערשט דאָ געקראָגען דיא געלעגענ־הייט זיך אָבצורעכענען מיט זייערע פערפאָלגער אין דיא "סטייטס", וויא זיי פלעגען געוועהנליך רופען יונייטעד סטייטס. זיי האָבען געקעמפּפט וויא לייבען געגען דיא אַמעריקאַנער, און עס וועט ניט זיין איבערטריבען צו זאָגען, דאָס אַ דאַנק זיי האָט דאַן ענגלאַנד ניט פערלאָרען אירגענד וועלכען טהייל פון קע־נעדע.

פון אָנפאַנג ביז'ן סוף איז דיזע מלחמה געפיהרט געוואָרען מייסטענס אויף דעם קענעדער באָדען. דיא אַמעריקאַנער האָבען דאַן אַנדערש ניט געקענט טרעפען דיא ענגלענדער וויא נור אין קענעדע. אויף'ן ים איז דאָך דיא יונגע רעפּובליק, וועלכע האָט שוין אַפילו געצעהלט אַרום יענער צייט אומגעפעהר 8 מיליאָן נפשות, געוועזען מאַכטלאָז געגען ענגלאַנד, וועלכע איז אויך דאַמאָלס געוועזען דיא גרעסטע ים־מאַכט אין דער וועלט. אויף דער יבשה איז דער וועג, זעלבסטפערשטענדליך געלעגען צו דיא נעהענטסטע קענעדער פּראָווינצען, ספּע־ציעל צו אָפּפּער קענעדע אָדער אָנטאַריאָ, וועלכע האָט דאַן געצעהלט העכסטענס 80 טויזענד נפשות.

דיא רעזולטאַטען פון דיזער מלחמה האָבען בעוויזען, וויא פיעל דיא אַמע־ריקאַנער זיינען געווען גענאַרט אין זייערע האָפנונגען צו אַנעקטירען קענעדע אָדער וועניגסטענס אַרויסצורייסען ביי ענגלאַנד דיא פּראָווינץ אָנטאַריאָ, וועל־כע שניידט זיך אריין אַזוי וויא אַ קלין אין דער טעריטאָריע פון יונייטעד סטייטס. אויך אין דיזער פּראָווינץ האָבען זיך געפונען אַזעלכע, וואָס זיינען ניט געווען צופריעדען מיט דער הערשאַפט פון ענגלאַנד און וואָס האָבען סימ־פּאַטיזירט מיט דער אַמעריקאַנער רעפּובליק, אָבער דיא גרויסע מאַיאָריטעט איז געבליבען מערקווירדיג לאָיאַל צו דער ענגלישער קרוין. דיא אַטאַקעס פון דיא אַמעריקאַנער זיינען צוריקגעשטויסען געוואָרען פון דיא ענגלישע רעגולערע סאָלדאַטען צוזאַמען מיט דיא קענעדער מיליץ, וועלכע איז מייסטענס בע־שטאַנען פון דיא יונייטעד עמפּאַיר לאָיאַליסטען. דיא פראַנצויזיש־שפּרעכענדע קענעדער האָבען פערהעלטניסמעסיג גאַנץ וועניג אַנטהייל גענומען אין דיזער מלחמה. דיא ענגליש־שפּרעכענדע קענעדער האָבען גראַדע אַרויסגעצייגט אַזאַ הייסען פּאַטריאָטיזם צו ענגלאַנד, וויא דיא אַמעריקאַנער צו זייער רעפּובליק.

דאָס זיינען שוין דאַמאָלס געוועזן, מעג מען זאָגען, צוויי בעזונדערע נאַציאָנען, אָבוואָהל זייער אָבשטאַמונג, שפּראַך און מנהגים זיינען געוועזן דיא זעלבע.

אין 1814, ווען פריעדען איז געשלאָסען געוואָרען צווישען ענגלאַנד און יונייטעד סטייטס אין דער בעלגישער שטאָדט גהענט, האָט דער אַמעריקאַנער פלאַג געפלאַטערט נור איבער איין קענעדער דערפעל, וועהרענד דער ענגלישער פלאַג האָט געפלאַטערט איבער עטליכע פּאָרטען פון סטייט מעין און איבער דעם וויכטיגען סטראַטעגישען פּונקט מאַקינאַק אין דעם סטייט מישיגען. עס איז אָבער אָבגעמאַכט געוואָרען, אַז זייערע פריהערע גרענעצען זאָלען גאָר ניט געענדערט ווערען.



צוועלפטער קאַפּיטעל.

# דיא אורזאַכען און דיא פאָלגען פון דעם אויפשטאַנד אין 1837

נאָך דער מלחמה מיט יונייטעד סטייטס זיינען אַלע קענעדער פּראָווינצען שנעל געוואַקסען אין בעפעלקערונג און אין רייכטהום. דיא ענגלישע רעגיערונג האָט געשיקט אויף איהר רעכנונג עמיגראַנטען פון גאַנץ גרויס־בריטאַניען, ספּעציעל פון שאָטלאַנד און אירלאַנד. זיא האָט נאַטירליך געוואָלט וואָס מעהר בעזעצען איהרע ריזיגע פּאָסעסיעס אין נאָרד־אַמעריקאַ. אַ סך זיינען אויך געקומען אויף זייער רעכנונג, דאַרונטער אויך אַ טהייל פון יונייטעד סטייטס (אַלץ טאָרים אָדער לאָיאַליסטען). וויא שנעל דיא בעפעלקערונג איז געוואַקסען צייגען פאָלגענדע ציפער: אין 1812 האָט אָפּפער קענעדע (אָנטאַריאָ) געצעהלט 75,000, אין 1824 — 157,000 און אין 1841 — 470,000 נפשות; אין 1812 האָט לאָוער קענעדע (קוויבעק) געצעהלט 225,000, אין 1824 — 430,000 און אין 1841 — 630,000 נפשות.

אין דער זעלבער צייט זיינען אָבער אויך געוואַקסען דיא אינערליכע ריי־סערייען און שטרייטען. ניט נור איז דער שטענדיגער נאַציאָנאַליסטישער קאַמפּף צווישען דיא פראַנצויזען און ענגלענדער אַלץ שטאַרקער און ביטערער געוואָרען, זאָנדערן אויך דער קאַמפּף געגען דיא ענגלישע רעגיערונג אָדער, ריכטיגער, דער קאַמפּף פאַר רעפאָרמען. דיא פּראָווינציאַלען האָבען געפאָדערט וואָס מעהר זעלבסטפערוואַלטונג, וואָס מעהר פרייהייט. אפילו אין אזעלכע לאָיאַלע פּראָווינצען, וויא נאָווע סקאָשע און ניו־בראַנסוויק, איז דיא אונצופריעדענהייט מיט דיא גובערנאַטאָרען און בכלל מיט דיא ענגלישע בעאַמטע אַלץ שארפער און טיעפער געוואָרען. צווישען דיא פּראָווינציעלע פּאַרלאַמענטען און דיא גובערנאַטאָרען, וועלכע האָבען פערטראָטען דיא ענגלישע קרוין, זיינען פאָרגעקומען פערשיעדענע שטרייטיגקייטען.

אין דער פּראָווינץ קוויבעק, וועלכע איז דאַן געווען ניט נור דיא גרעסטע און וויכטיגסטע, זאָנדערן אויך דיא צאָהלרייכסטע אין בעפעלקערונג, זיינען צו דיא אַלגעמיינע פּאָליטישע שטרייטיגקייטען צווישען דיא פאָלקספערטרעטער

און דיא גובערנאטארען צוגעקומען, נאטירליך, רייסערייען צווישען דיא פער־טרעטער פון דיא צוויי נאציאנאליטעטען. אין דער לעגיסלאטור אדער פראווינ־ציעלען פארלאמענט האבען דיא פראנצויזען, זעלבסטפערשטענדליך, געוואלט בענוצען זייער מאיאריטעט, אום דורכצופיהרען וואס מעהר גינסטיגע געזעץ' פאר זיך און נעגען דיא שטרעבונגען פון דער ענגלישער מינאריטעט; אבער דיא עקזעקוטיווע מאכט איז דאך געלעגען אין דיא הענד פון דיא ענגלענדער. עס איז טאקע געווען, וויא דער גענעראל גובערנאטאר לארד דורהעם האט עס ערקלערט אין זיין בעריהמטען בעריכט איבער דעם צושטאנד אין קענעדע: "איך האב געפונען צוויי נאציאנען פיהרענדיג קריעג אין איין שטאאט; איך האב געפונען א קאמפף נים פון פרינציפען, נור פון ראסען".



לואי פאפינא (Papineau)

דיא אינערליכע רייסערייען האבען שליסליך געפיהרט צו אן אויפ־שטאנד אין 1837. דער הויפט־פיה־רער פון דיא פראנצויזען און, מען מעג אויך זאגען, דיא נשמה פון דעם דא־מאלסדיגען קאמפף געגען די ענגלישע הערשאפט איז געווען לואי פאפינא, וועלכער האט זיך בעזאנדערס אויס־געצייכענט מיט א גרויסען רעדנער־טאלענט. צו איהם און בכלל צו דיא פראנצויזען, וועלכע האבען געוואלט אומוואנדלען זייער פראווינץ קוויבעק אין א בעזונדערען און זאגאר אונאב־הענגיגען שטאאט, זיינען צוגעשטאנען אונצופריעדענע און דעפארמערס פון דיא ענגליש־שפרעכענדע פראווינצען, ספעציעל פון אנטאריא, וואו עס איז אויך אויפגעקומען א פארטיי, וועלכע איז געווען גענייגט צו א פעראייניגונג מיט יונייטעד סטייטס.

דער וויכטיגסטער פיהרער פון דיזער פארטיי איז געווען א סקאטשמען (שאטלענדער) מיט'ן נאמען וויליאם לייאן מעק־קענזי. אין זיין ציימונג "קאלאניאל אדוואקייט" פלעגט ער זעהר ביטער אטאקירען דיא קאנסערוואטיווע אדער, ריכטיגער, דיא רעגיערונגס־פארטיי, וועלכע האט געקראגען דיא צונע־מענעם "פעמילי קאמפעקט", ווייל עטליכע לאיאליסטישע פאמיליען האבען פער־נומען אלע רעגיערונגס־שטעלען און געגעבען גרויסע שטיקער לאנד צו זייערע קירכען (דיא עפיסקאפאלישע), ניט אכטענדיג אויף דיא פראטעסטען פון דיא

מעטהאָדיסטען און אַנדערע פּראָטעסטאַנטישע סעקטאַנטען, וועלכע זיינען גע־
ווען דיא מאַיאָריטעט אין אָפּפּער קענעדע. אין דער זעלבער צייט פלעגט ער
אויך שאַרף קריטיקירען דיא האַנדלונגען פון דיא גובערנאַטאָרען און פון דער
גאַנצער ענגלישער רעגיערונג. אין 1830, ווען דיא טאָרים אָדער דיא "פעמילי
קאָמפּעקט" פּאַרטיי, וועלכע
האָט געהאַט דיא מאַיאָריטעט
אין דער אַסעמבלי אָדער לע־
גיסלאַטור, האָבען איהם אויס־
געשלאָסען פאַר זיינע פייער־
דיגע אַטאַקעס אויף זיי צוזאַ־
מען מיט דער רעגיערונג, איז
ער אַוועקגעפאָהרען נאָך ענג־
לאַנד מיט אַ לאַנגען צעטעל
פון קלאַגען געגען זיי און דיא
גובערנאַטאָרען. דיא ראַדיקאַ־
לען אין ענגלאַנד האָבען איהם
פריינדליך אויפגענומען, און
אפילו אין קאָנסערוואַטיווע
קרייזען האָט ער געפונען סימ־
פּאַטיע; אָבער דאָס האָט איהם
גאָר ניט געהאָלפען אין זיין
ענערגישען קאַמפף פאַר רע־
פאָרמען אין קענעדע.


יוליאַם לייאָן מעקקענזי.

אין 1836, ווען מעק־קענ־
זי האָט זיך אַרומגעזעהען, אַז
מיט געוועהנליכע פּראָטעסטען געגען דיא הערשענדע פּאַרטיי, וועלכע איז דאַן
בעזאָנדערס שטאַרק געשטיצט געוועזען פון אַ זעהר פערביסענען קאָנסערוואַטיווען
גובערנאַטאָר, וועט ער גאָר נישט אויספיהרען, האָט ער בעשלאָסען צו פערבינ־
דען זיך מיט דעם פראַנצויזישען פיהרער פּאַפּינאָ, אום אַרויסצורופען אַן אויפ־
שטאַנד געגען דיא ענגלישע הערשאַפט. פּאַפּינאָ האָט געטרוימט פון אַ רע־
פובליק אויף דיא ברעגען פון סענט לאָרענס. זיינע אַנהענגער, וועלכע האָבען
זיך גערופען "פרייהייטס־קינדער" און "פּאַטריאָטען", האָבען אָבגעהאַלטען גע־
היימע פערזאַמלונגען אין אייניגע שטעדט און דערפער פון לאָווער קענעדע. מאַנ־
כע פון אַזעלכע פערזאַמלונגען האָבען געפיהרט צו אונרוהען און צו אַן אָפענעם
אויפשטאַנד אין 1837.

דיא קאַטאָלישע קירכע האָט זיך אָבער אויך דיזעס מאָל געשטעלט אויף

דער זייט פון ענגלאַנד. דיא גלחים האָבען איבערהויפּט ניט געטרויט דיא אַנהענגער פון פּאַפּינאָ. אין דיא אויגען פון דיא יעזואיטען זיינען פּאַפּינאָ און דיא אַנדערע פיהרער פון דער רעפאָרם־בעוועגונג געווען געפעהרליכע רע־וואָלוציאָנערען. דאַרום האָבען עס זעהר ווענִיג פון דיא "האַביטאַן" אַנטהייל גענומען אין דיזען אויפשטאַנד. וואָס אַנבעלאַנגט צום דעם ענגליש־שפּרעכענדען טהייל פון דער בעפעלקערונג אין דער פּראָווינץ קוויבעק איז ער כמעט אויס־שליסליך געווען געגען דיזען אויפשטאַנד, אָבוואָהל עס האָבען זיך געפונען צווי־שען זיי רעפאָרמערס און בכלל אַזעלכע, וועלכע זיינען ניט געווען צופריעדען מיט דיא האַנדלונגען פון דיא גובערנאַטאָרען און מיט דער גאַנצער פּאָליטיק פון דער ענגלישער רעגיערונג.

דאַרום איז עס לייכט געווען צו אונטערדריקען דיזען אויפשטאַנד גלייך אין אָנפאַנג. טראָץ דעם וואָס דיא קענעדער "פּאַטריאָטען" האָבען געקראָגען הילפע פון יונייטעד סטייטס, וואו אייניגע האָבען זיך געוואָלט בענוצען מיט דיזער געלעגענהייט צו אַנעקטירען גאַנץ קענעדע אָדער וועניגסטענס אָבצוריי־סען א פּאָר פּראָווינצען פון ענגלאַנד, האָבען זיי אין קיין איינציגען פּונקט ניט געקענט אויסהאַלטען אַן אַטאַקע פון ענגלישע סאָלדאַטען. אייניגע שטעדטלעך און דערפער אין לאָוער קענעדע האָבען זעהר פיעל געליטען דורך דיזען שוואַכען אויפשטאַנד. אין איין אָרט (סענט יוסטאַש) זיינען אייניגע פון דיא פראַנצוי־זישע מיאַטעזשניקעס פערברענט געוואָרען אין א קירכע, וואו זיי האָבען זיך פאַרבאַריקאַדירט. אין אַן אַנדער אָרט (סענט בענואַ) האָבען דיא לאָיאַליסטען פערברענט אַלע הייזער פון דיא "האַביטאַן", וועלכע מען האָט פערדעכטיגט אַלס אַנהענגער פון פּאַפּינאָ.

פּאַפּינאָ אַליין האָט זיך אַריבערגעכאַפּט אויף דער אַמעריקאַנער זייט פון דעם גרענעץ, וויא נור עס איז געקומען פון ווערטער צו טהאַטען. דר. נעלסאָן, אַן ענגליש־שפּרעכענדער אָנפיהרער פון דיא רעבעלען, האָט זיך אָבגעטראָגען נאָך יונייטעד סטייטס נאָכדעם וויא אַבטהיילונגען פון דיא "פּאַטריאָטען" אונטער זיין קאָמאַנדע און אונטער דער קאָמאַנדע פון אַן אַמעריקאַנער מיט'ן נאָמען טהאָמאַס סטאָראָ בראַון זיינען צוטריעבען געוואָרען פון ענגלישע סאָל־דאַטען.

אין אָפּפּער קענעדע איז עס געקומען צו א בלוטיגען צוזאַמענשטויס צווי־שען דיא לאָיאַליסטען און רעפאָרמערס אין דער שטאָדט טאָראָנטאָ. דיא לאָ־יאַליסטען האָבען געזיעגט, און דיא וויכטיגסטע אָנפיהרער פון דער רעפאָרם־בעוועגונג, דאַרונטער אויך מעק־קענזי, זיינען אַנטלאָפען נאָך יונייטעד סטייטס. דיא רעבעלען דאָן האָבען פּרובירט אָרגאַניזירען עקספּעדיציעס אין יונייטעד סטייטס, אום צו בעפאַלען קענעדע. מעק־קענזי און אייניגע אַנדערע אַנטלאָפענע אָנפיהרער פון דער בעוועגונג פּאַר א קענעדער רעפּובליק האָבען אַזוי לאַנג

אינטריגירט און געהעצט צו אַטאַקעס אויף קענעדע, אַז דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס איז געצוואונגען געווען זיי צו אַרעסטירען און צו פערפאָלגען.

אַלע אַטאַקעס פון דיא קענעדער רעבעלען צוזאַמען מיט זייערע אַמעריקאַנער אונטערשטיצער זיינען צוריקגעשטויסען געוואָרען פון דיא לאָיאַליסטישע וואָלאָנטירען. פיעלע פון זיי זיינען געפאַנגען געוואָרען, אָבער נור עטליכע זיינען הינגעריכטעט געוואָרען. דיא ענגלישע רעגיערונג האָט ניט געוואָלט זיין צו שטרענג מיט דיא רעבעלען, ווייל זיא האָט פון איין זייט אַנערקענט, אַז דיא גובערנאַטאָרען האָבען געהאַנדעלט טיראַניש, און פון דער אַנדער זייט האָט זיא געוואָלט בערוהיגען דיא אונצופריעדענע בעפעלקערונג. לאָרד דורהעם, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט אין ענגלאַנד אַלס רעפאָרמער, איז געשיקט געוואָרען אין 1838 אַלס גענעראַל־גובערנאַטאָר, אום צו אונטערזוכען דיא אורזאַכען פון דער רעבעליאָן און איינצופיהרען אַ בעסערע אָרדנונג. ער האָט זיך בעגאַנגען בעזאָנדערס מילד מיט דיא שולדיגע אין דער רעבעליאָן. דר. נעלסאָן און 7 אַנדערע פון דיא וויכטיגסטע פיהרער, וועלכע זיינען געפאַנגען געוואָרען און זיינען געהאַלטען געוואָרען אין געפענגניסע, האָט ער בעפוילען צו פערשיקען נאָך דעם אינזעל בערמיודאַ. פּאַפּינאָ און אַנדערע רעבעלען, וועלכע זיינען ניט אריינגעפאַלען אין ענגלישע הענד און האָבען זיך אויפגעהאַלטען אין יונייטעד סטייטס, זיינען געסטראַשעט געוואָרען פון דיזען מערקווירדיגען גענעראַל־גובערנאַטאָר מיט'ן טויט, אויב זיי וועלען זיך צוריק קעהרען נאָך קענעדע.

פאַר דיזע הומאַנע און אויך קלוגע האַנדלונגען איז ער אָבער זעהר פיעל און ביטער קריטיקירט געוואָרען אין ענגלאַנד אויף דעם גרונד, דאָס ער האָט איבערטראָטען דיא געזעץ, נאָך וועלכע ער האָט בעדאַרפט איבערגעבען דיא רעבעלען צו אַ קריעגס־געריכט. מען האָט איהם בעשולדיגט, דאָס ער האָט זיך געפיהרט וויא אַ דיקטאַטאָר, אַ זעלבסטהערשער, אָבוואָהל אפילו זיינע ביטערסטע געגנער האָבען געמוזט צוגעבען, דאָס דיא געשריעבענע געזעץ האָט ער פערבויגען נור אין נאָמען פון מענשליכקייט און פון דיא העכערע פּאָליטישע אינטערעסען פון דער ענגלישער אימפּעריע. זיינע קריטיקער האָבען אויסגעפיהרט, אַז מען האָט איהם צוריקגערופען אין 1839 נאָך ענגלאַנד, וואו ער איז אין עטליכע מאָנאַטען אַרום געשטאָרבען, אָבער זיינע ליבעראַלע מיינונגען און פּלענער, וויא ער האָט זיי איבערגעגעבען אין זיין בעריהמטען בעריכט צום ענגלישען פּאַרלאַמענט, זיינען אויסגעפיהרט געוואָרען אין דעם וויכטיגען קאָנסטיטוציאָנעלען אַקט, וואָס טראָגט אין דער געשיכטע פון קענעדע דעם נאָמען יוניאָן אַקט פון 1840.

דיא רעבעליאָן אין דיא פּראָווינצען האָט געעפענט דיא אויגען פון דער ענגלישער רעגיערונג אויף דער נויטווענדיגקייט פון אַדמיניסטראַטיווע רעפאָרמען אין קענעדע, און דער בעריכט פון לאָרד דורהעם האָט אָנגעצייכענט דעם

בעסטען וועג וויא זיי איינצופיהרען אונטער דיא דאַמאָלסדיגע אומשטענדען. דיא וויכטיגסטע ענדערונג, וועלכע דער יוניאָן אַקט פון 1840 האָט געבראַכט אין אַלע קענעדער פראָווינצען, איז געווען דיא אַנערקענונג פון דעם פרינציפ פון אַ פעראַנטוואָרטליכען מיניסטעריום אין דיא קאָלאָניעס אַזוי גוט וויא אין ענגלאַנד גופא. עס איז געבליבען, וויא לאָרד דורהעם האָט עס פאָרטרעפליך ערקלערט אין זיין בעריכט, אַז דיא גובערנאַטאָרען זאָלען פערטרעטען דיא ענג־לישע קרוין אין דיא פראָווינצען, אָבער זיי זאָלען זיך רעכענען מיט דיא מיי־נונגען און פאָדערונגען פון דיא פאָלקספערטרעטער אין דיא פראָווינציעלע פאַר־לאַמענטען. דיא ראַטהגעבער און מיניסטאָרען האָבען געמוזט האָבען דעם צוטרויען פון דער מאַיאָריטעט פון דיא ערוועהלטע דעפוטאַטען. קורץ, עס איז דאַן געלעגט געוואָרען דער פונדאַמענט פון דער ענגלישער פאַרלאַמענטאַרישער סיסטעם, וועלכע איז פערבליבען אין דער דאָמיניאָן אָוו קענעדע און וועלכע איז גאַנץ פערשיעדען פון דער פאַרלאַמענטאַרישער סיסטעם אין יונייטעד סטייטס.



דרייצעהנטער קאַפּיטעל.

# דער פערבאַנד פון דיא פּראָווינצען אין 1867

אין דעם פיערטעל יאָהרהונדערט נאָך דער איינפיהרונג פון דעם יוניאָן־אַקט פון 1840 האָט זיך דיא בעפעלקערונג פון אַלע קענעדער פּראָווינצען בעזאָנדערס שנעל פערמעהרט. דערפער, שטעדטלעך און שטעדט זיינען אויפגעבויט געוואָרען מיט אַ שנעלקייט, וועלכע איז ניט זעלטען געווען גרעסער וויא אפילו אין יונייטעד סטייטס. פון אָנדערטהאַלב מיליאָן נפשות אין 1840 זיינען אין 1861 געוואָרען דריי און אַ פיערטעל מיליאָן. דאָס איז אויך געווען דיא צייט פון אַ פיעבערהאַפטער אויפבויאונג פון אייזענבאַהנען. אין 1850 האָבען זיך אין גאַנץ קענעדע געצויגען 50 מייל פון אַן אייזענבאַהן־ליניע. אין דיא נעכסטע 25 יאָהר זיינען דיא ריזיגע געגענדען דאָרטען דורכגעשניטען געוואָרען מיט אייזענבאַהן־ליניעס, וועלכע האָבען זיך געצויגען 3000 מייל.

דיא ענגלישע רעגיערונג פון איהר זייט האָט אַ קורצע צייט נאָך דעם יוניאָן־אַקט פון 1840 געגעבען אַמניסטיע אויך צו דיא הויפּט־פיהרער פון דער רעבעליאָן פון 1837. זיא האָט געוואָלט, אַז מען זאָל וואָס שנעלער פערגעסען אָן אַזעלכע אונגליקליכע פּאַסירונגען. פּאַפּינאָ און מעק־קענזי, וועלכע האָבען זיך אויך בענוצט מיט דיזער אַמניסטיע, זיינען זאָגאַר וויעדער ערוועהלט געוואָרען אַלס מיטגליעדער פון פּאַרלאַמענט.

דיא צוויסטיגקייטען און רייסערייען צווישען דיא פראַנצויזען און ענגלענדער האָבען פון דעסטוועגען אַ מינוט ניט אויפגעהערט. אין 1845 איז עס געקומען אזוי ווייט, אַז איינינגע פון דיא לאָיאַליסטען האָבען אַרויסגעלאָזען אַ מאַניפעסט צו גונסטען פון אַ פערייניגונג מיט יונייטעד סטייטס. דיא אורזאַכע פון אַזאַ רעבעלישען מאַניפעסט איז געווען וואָס לאָרד עלדזשין, דער גענעראַל־גובערנאַטאָר, האָט אויך אונטערשטיצט אַ פּאָרשלאַג צו בעלוינען אַלע דיא יעניגע, וועלכע האָבען געליטען שאַדען דורך דיא רעבעליאָן פון 1837. דיא קאָנסערוואַטיווע ענגלישע פּאַרטיי האָט ניט געוואָלט דערלאָזען, אַז אויך דיא פראַנצויזען פון לאָוער קענעדע זאָלען קריגען שאַדענערזאַץ פאַר זייערע פערלוסטען. "קיינע צאָהלונגען צו רעבעלען!" האָבען געשריען דיא זעלבע טאָרים, וועלכע האָבען פערלאַנגט און אויך געקראָגען שאַדענערזאַץ פאַר זייערע פריינד וואָס

האָבען געהאַט שאָדען דורך דעם אויפשטאַנד. אין דיזען גערודער איז דיא גע־ביידע פון פּאַרלאַמענט אין מאָנטריאָל אָבגעברענט געוואָרען, אַ מאַסע דאָקו־מענטען זיינען צושטערט געוואָרען און לאָרד עלדזשין איז גראָב בעליידיגט געוואָרען פאַר זיין צושטימונג צו דעם דאָזיגען בעלוינונגס־פּאָרשלאַג.

דיא איינוואָהנער פון דער פּראָווינץ אָנטאַריאָ זיינען געוואָרען אַלץ אונ־צופריעדענער מיט דעם יוניאָן־אַקט פון 1840, וואָס מעהר דיא בעפעלקערונג איז דאָרטען געוואַקסען, מייסטענס דורך איינוואַנדערונג. זיי האָבען געפאָדערט אַ גרעסערע צאָהל פּערטרעטער אָדער דעפּוטאַטען אין דעם אַלגעמיינען פּאַר־לאַמענט, פּראָפּאָרציאָנעל צו דער שנעל אויפגעוואַקסענער בעפעלקערונג; אָבער דיא איינוואָהנער פון דער פּראָווינץ קוויבעק האָבען עס ניט געוואָלט נאָכ־געבען.

צווישען דיא פּערטרעטער פון דיזע צוויי פּראָווינצען איז דאַרום דער קאַמפּף אַלץ העפטיגער געוואָרען. זיי האָבען ניט געקענט שטימען צוליעב רעליגיעזע און נאַציאָנאַלע אורזאַכען. קוויבעק אָדער דיא לאָוער קענעדע איז געווען און אויך געבליבען עד היום קאַטאָליש און פראַנצויזיש, וועהרענד אָנטאַריאָ אָדער אָפּפער קענעדע איז געווען און געבליבען עד היום פּראָטעסטאַנטיש און ענגליש. ביידע פּראָווינצען האָבען אָבער, נאָך דעם יוניאָן אַקט פון 1840, געהאַט אַ גלייכע צאָהל פּערטרעטער אין דעם אַלגעמיינען פּאַרלאַמענט. זאָ לאַנג דיא פּראָווינץ קוויבעק האָט געהאַט אַ גרעסערע בעפעלקערונג פאַר דער פּראָווינץ אָנטאַריאָ, זיינען דיא איינוואָהנער פון דער לעצטער געווען צופריעדען. דיא טאָרים האָבען גערעכענט, אַז זיי דאַרפען איבערהויפּט פיהרען דיא רעדעל אין גאַנץ קענעדע פאַר זייער טרייהייט צו דער ענגלישער קרוין. וויא נור אָנטאַריאָ האָט איבערשטיגען קוויבעק אין בעפעלקערונג, האָבען זיי גענומען פאָדערען מעהר פּערטרעטער אין דעם פּאַרלאַמענט פון ביידע פּראָווינצען און בכלל אַן ענדערונג אין דעם יוניאָן־אַקט פון 1840.

דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, דאָס אין 1864 זיינען זיך צוזאַמענ־געקומען אין דער שטאָדט קוויבעק 33 פּערטרעטער פון דיא דאַמאָלסדיגע פּראָווינצען פון דער בריטישער נאָרד־אַמעריקאַ. דער צוועק איז געווען צו פער־בינדען אַלע פּראָווינצען אונטער איין רעגיערונג, צו בילדען אַ מין פעראייניגטע שטאַאַטען פון קענעדע. דער דאָזיגער צוועק איז דערגרייכט געוואָרען נאָך לאַנגע דעבאַטען און בעטראַכטונגען אין 1867. דיא דעלעגאַטען פון ביידע קענעדעס (קוויבעק און אָנטאַריאָ) און פון דיא מאַריטים פּראָווינצען (נאָווע סקאָשע, ניו־בראָנסוויק און פּרינס עדוואַרד איילענד) האָבען אויסגעאַרבייט און איינשטימיג אָנגענומען 72 רעזאָלוציאָנען, וועלכע זיינען איבערגעגעבען געוואָרען צו דער אָבשטימונג פון דיא לעגיסלאַטורען אָדער פּראָווינציעלע פּאַרלאַמענטען.

עס האָט גענומען אונגעפעהר צוויי יאָהר ביז דיזע פונקטען פון אַ פעדע־ראַטיווען פערבאַנד זיינען גוטגעהייסען געוואָרען פון דיזע פאַרלאַמענטען. נאָכ־דעם האָט שטאַטגעפונען אַ צווייטע קאָנפערענץ פון פּראָווינציעלע דעלעגאַטען. דיזעס מאָל האָבען זיי זיך שוין צוזאַמענגעטראָפען אין לאָנדאָן, אום צו קומען צו אַ נעהענטערער פערשטענדיגונג מיט דער ענגלישער רעגיערונג און מיט דיא פיהרער פון דעם ענגלישען פאַרלאַמענט. נאָך אייניגע ענדערונגען אין דיא רעזאָלוציאָנען, וואָס זיינען אויסגעאַרבייט געוואָרען אויף דער קוויבעק׳ער קאָנ־פערענץ, איז אין ענגלישען פאַרלאַמענט איינשטימיג אָנגענומען געוואָרען אַ סטאַטוס אָדער קאָנסטיטוציאָן, וואָס איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען ״בריטיש נאָרטה־אַמעריקאַ אַקט, 1867״ און וואָס איז געבליבען דער פונדאַמענט פון דער עקזיסטירענדער פּאָליטישער אָרגאַניזאַציאָן פון דער דאָמיניאָן אָוו קענעדע.

אין דיזען אַקט זיינען אויך פערצייכענט געוואָרען פונקטען, אַז ניו־פאַונד־לענד, בריטיש קאָלומביאַ און דיא ריזיגע געגענדען אין נאָרד־וועסט, וואו עס זיינען נאָכהער אויפגעקומען נייע פּראָווינצען, זאָלען קענען אריינטרעטען אין דעם פערבאַנד. דאָס איז טאַקע געשעהען, מיט אויסנאַהמע בלויז פון ניו־פאַונדלענד, וועלכע פערבלייבט עד היום אַ בעזונדערע ענגלישע קאָלאָניע. דורך דיזען פּאָליטישען פערבאַנד איז אויך ענטשטאַנען אַ נאַציאָנאַלער פער־באַנד. דיא פריהער אָבגעזונדערטע און זאָגאַר שטרייטענדע פּראָווינצען זיינען געוואָרען טהיילען פון איין לאַנד, און אין דער נייער וועלט איז אַזוי אויפ־געקומען נאָך אַ נייע נאַציאָן.

אין דער זעלבער צייט זיינען אויך דיא בעציהונגען און פערבינדונגען פון קענעדע מיט יונייטעד סטייטס געוואָרען נעהענטער. דיא דיפערענצען וועגען דיא גרענעצען פון סטייט מעין און פון דער פּראָווינץ ניו־בראָנסוויק זיינען אויסגעגליכען געוואָרען אין 1842. מיט פיער יאָהר שפּעטער האָט ענגלאַנד אויך אָנגענומען דעם אַמעריקאַנער פאָרשלאַג, אַז דיא גרענעץ־ליניע צווישען קענעדע און יונייטעד סטייט צום וועסט פון דיא גרויסע לעיקס ביז צום פאַ־סיפישען אָקעאַן זאָל זיין דער 49טער געאָגראַפישער פּאַראַלעל. אין 1854 איז צווישעןביידע לענדער געשלאָסען געוואָרען אַ געגענזייטיגער האַנדעלס־אָבמאַך, אַ רעסיפּראָסיטי טריטי, אָבער ער האָט נור אָנגעהאַלטען צוועלף יאָהר. אין 1866 האָט זיך יונייטעד סטייטס ענטזאָגט פון איהם.

אַזוי וויא מיר האַלטען דערביי, וועלען מיר דאָ מאַכען אַ שפּרונג אין דער געשיכטע פון קענעדע און יונייטעד סטייטס אויף אונגעפעהר אַ האַלבען יאָהר־הונדערט. אין 1910 האָבען דיא פערטרעטער פון דיזע לענדער געשלאָסען אַ נייעם רעסיפּראָסיטי טריטי. דיזעס מאָל איז דיזער זעהר וויכטיגער האַנדעלס־אָבמאַך אָנגענומען געוואָרען אין יונייטעד סטייטס, אָבער ער איז פערוואָרפען

געוואָרען אין קענעדע נאָך אַלגעמיינע פּאַרלאַמענטאַרישע וואַהלען אין 1911 ספּעציעל וועגען דיזע פראגע.

איינע פון דיא וויכטיגסטע אורזאַכען, וואָרום יונייטעד סטייטס האָט זיך אַבגעזאָגט אין 1866 ווייטער אָנצוהאַלטען דעם רעסיפּראָסיטי אַבמאַך פון 1854, איז געווען, ווייל אין דער צייט פון דעם בירגער קריעג וועגען דיא אַבשאַפונג פון דער נעגער־שקלאַווערייַ האָבען אייניגע פון דיא קאָנפעדעראַטען, וועלכע האָבען עמיגרירט נאָך קענעדע, געמאַכט אַן אָנפאַל אויף א באַנק אין סטייט ווערמאָנט. דאָס האָט זעהר שטארק אויפגערעגט דיא אַמעריקאַנער אין דיא נאָרדליכע סטייטס, וואו מען האָט בכלל פערדעכטיגט דיא קענעדער אין סימפּאַטיע צו דיא קאָנפעדעראַטען פון דיא זידליכע סטייטס. דיא קענעדער רעגיערונג האָט פון איהר זייט אַלעס געטאָן צו איבערצייגען דיא אַמעריקאַנער, אַז זיא איז געווען אבזאָלוט נייטראַל צום בירגער קריעג אין יונייטעד סטייטס און אַז זיא האָט גאָר ניט געוואוסט פון דעם דאָזיגען אָנפאַל. זיא האָט איבערגעגעבען דיא שולדיגע צום געריכט, האָט אויסגעשטעלט באַטאַליאָנען פון וואָלאָנטירען צו בעוואַכען דיא גרענעצען און האָט זאָגאַר בעצאָהלט א גרויסע סומע שאַדענערזאַץ. אָבער אויסגעלאָזען האָט עס זיך, אַז דיא גאַנצע אַמעריקאַנער נאַציאָן איז געווען אויפגעבראַכט ספּעציעל אויף קענעדע נאָך דעם סוף פון דעם בירגער־קריעג. אין דיא נאָרדליכע סטייטס איז מען געווען אין כעס אויף קענעדע ספּעציעל דערפאַר, וואָס דיא שיפען פון דיא קאָנפעדעראַטען האָבען געפונען א מקום מנוחה אין ענגלישע פּאָרטען, און אין דיא זידליכע סטייטס האָט מען אויסגעלאָזען דיא פערביטערטע הערצער צו קענעדע דערפאַר, וואָס דיא קאָנפעדעראַטען האָבען ניט געקראָגען פון ענגלאַנד דיא ערוואַרטעטע שטיצע.

דיזע פיינדליכע שטימונג איז דאַן נאָך פערשטאַרקט געוואָרען דורך דיא אָנפאַלען אויף קענעדע פון דיא אירלענדישע פּאַטריאָטען, בעקאַנט אונטער דעם נאָמען "פעניער". דיא אירלענדער, וועלכע האָבען עמיגרירט אין מאַסען נאָך יונייטעד סטייטס, האָבען נאַטירליך געטראָגען א האַס צו ענגלאַנד. אין 1866 האָבען זיי אָרגאַניזירט באַנדעס צו בעפאַלען קענעדע, האָפענדיג אויף דיזען וועג זיך אָבצורעכענען מיט זייערע ענגלישע אונטערדריקער. קענעדע האָט דאָ ווידער געליטען פאַר דיא זינד פון איהר מוטערלאַנד. דיא פעניער האָבען זיך אריינגעריסען אין קענעדע און האָבען צושטערט אייגענטהום אין אייניגע פונקטען. אין איין אָרט, ניט ווייט פון דעם ניאַגאַראַ וואַסערפאַל, איז עס געקומען צו א בלוטיגען צוזאַמענשטויס צווישען דיא פעניער מיט קענעדער פער־

טהיידינגער. איינינגע פון דיא פעניער, וועלכע האָבען אַנטהייל גענומען אין דיזע אָנפאַלען אויף קענעדע, זיינען אַרעסטירט געוואָרען אין יונייטעד סטייטס, אָבער מען האָט זיי ווייטער ניט פערפאָלגט. אין 1870 און אויך אין 1871 האָבען דיא פעניער ווידער פּרובירט בעפאַלען קענעדע, אָבער דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס האָט בעצייטענס גענומען שריטע געגען דעם און האָט אויך אויסגעשטעלט סאָלדאַטען צו בעוואכען דעם גרענעץ. דיא בעציהונגען צווישען דיא קענעדער און אַמעריקאַנער זיינען נאָכדעם אַלץ פריינדליכער געוואָרען.



## פיערצעהנטער קאַפּיטעל.

# דיא נייע פּראָווינצען אין נאָרד־וועסט

נאָך דעם פערבאַנד פון 1867 האָט קענעדע אָנגעפאַנגען צו וואַקסען אויף אין דער ברייט. צו דיא אַלטע פּראָווינצען זיינען שנעל צוגעקומען נייע, וועלכע ציהען זיך איבער דיא אונגעהייערע געגענדען צווישען דיא גרויסע לעיקס אין מזרח, בריטיש קאָלומביא אין מערב, האָדסאָן בעי און קאַלטען ים אין נאָרד און יונייטעד סטייטס אין זיד. דאָס איז דיא נייע קענעדע. פריהער פלעגען זיך דאָרטען אַרומשלעפּען נור יעגער, מייסטענס אינדיאַנער, און פעלץ־הענדלער. צוויי גרויסע האַנדעלס־קאָמפּאַניעס האָבען דאָרטען ניט נור קאָנקורירט אין פערלויף פון אַ 200 יאָהר, זאָנדערן אויך געפיהרט באַטאַליעס. איין קאָמפּאַניע איז געווען אן ענגלישע, דיא אַנדערע אַ פראַנצויזישע. דיא ערשטע האָט געטראָגען דעם נאָמען האָדסאָן בעי קאָמפּאַניע און האָט בעהערשט דיא געגענדען אַרום דיזען ים און ווייטער צום נאָרד־וועסט, דיא געגענדען, וועלכע זיינען לאַנג בעקאַנט געווען אונטער דעם נאָמען רופּערט'ס לאַנד. זיא איז אָרגאַניזירט געוואָרען אין 17טען יאָהרהונדערט און האָט געקראָגען אַ טשאַרטער פון ענגלישען קעניג טשאַרלז דעם צווייטען. דיא ענגלענדער זיינען צוגעקומען צו דיזע ווייטע נאָרדליכע געגענדען פון דער נייער וועלט דורך'ן ים און האָבען אויפגעבויט פאָרטען אין געוויסע פונקטען ביי דיא ברעגען פון האָדסאָן בעי, אום צו פיהרען דעם פעלץ־האַנדעל מיט דיא אינדיאַנער און אויך צו קענען אויסהאַלטען דיא אַטאַקעס פון דיא פראַנצויזען, וועלכע זיינען אַהין צוגעקומען אויף דורך דיא יבשה־וועגען פון זייערע בעזעצונגען אין קוויבעק, מאָנטריאָל און אַנדערע ערטער ביי דיא טייכען סענט לאָרענס און אָטאַוואַ.

איינער פון דיא ערשטע קענעדער וואַלד־לויפער און אַוואַנטוריסטען, וועלכע האָבען דערגרייכט דורך דיא וועלדער און טייכען צום נאָרד פון דיא גרויסע לעיקס ביז צום האָדסאָן בעי, איז געווען לאַ ווערענדרי מיט זיינע צוויי זיהן. דאָס איז געווען אין 1743. דורך דעם איז געעפענט געוואָרען אַ וועג פאַר דיא פראַנצויזישע, ריכטיגער גערעדט, פראַנצויזיש־קענעדער יעגער און פעלץ־הענדלער צו דיא געגענדען, וועלכע זיינען בעזאָנדערס רייך געווען אין חיות מיט דיא טהייערסטע סאָרטען פעלצען און וועלכע דיא ענגלענדער, ריכטיגער גערעדט,

דיא מיטגליעדער און בעאַמטע פון דער האָדסאָן בעי קאָמפּאַניע האָבען געהאַלטען פאר זייערע, וואו נור זיי מעגען פיהרען דעם האַנדעל מיט דיא אינדיאַנער יעגער.

אין דער צווייטער העלפט פון 18טען יאָהרהונדערט האָבען דיא גרעסטע פעלץ־העגדלער פון קענעדע זיך פעראייניגט, אום צו קענען בעסער קאָנקורירען מיט דער האָדסאָן בעי קאָמפּאַניע. זיי האָבען זיך אָרגאַניזירט אונטער דעם נאָמען נאָרטה־וועסט קאָמפּאַניע. דיא דירעקטאָרס און וויכטיגסטע מיטגליע־דער פוןביידע דיזע קאָמפּאַניעס זיינען געווען ענגלענדער און שאָטלענדער, נור דיא נאָרטה־וועסט קאָמפּאַניע האָט כמעט אויסשליסליך בעשעפטיגט פראַנ־צויזישע יעגער און אַגענטען און האָט זיך בכלל געשטיצט אויף דער פראַנצויזיש־קענעדער בעפעלקערונג. דיא אַגענטען און בעאַמטע פון דער האָדסאָן בעי קאָמפּאַניע זיינען מייסטענס געווען שאָטלענדער. אין דער קאָנקורענץ פון דיזע האַנדעלס־קאָמפּאַניעס, וועלכע פלעגען זיך צוזאַמענשטויסען אין פיעלע ערטער פון דיא ריזיגע קאַלטע געגענדען אין נאָרד פון קענעדע, זיינען דאָרום אויך אריינגעמישט געווען נאַציאָנאַלע און רעליגיעזע דיפערענצען.

יעדע פון דיזע קאָמפּאַניעס האָט עטאַבלירט איהרע קאָנטאָרען און פּאָסטען אין געוויסע ערטער, אום דורך דעם צו האָבען אַ חזקה אויף דיא געגענדען און דעם פעלץ־האַנדעל ארום. דיא נעמען פון אייניגע פון דיזע האַנדעלס־פּאָסטען אָדער סטאַנציאָנען טראַגען היינט שטעדט און שטעדטלעך אין דיא נייע פראָ־ווינצען, וועלכע זיינען ענטשטאַנען אין דיזע אונגעהייערע געגענדען אין דיא לעצטע פופציג יאָהר. דיא אַגענטען און בעאַמטע פון ביידע קאָמפּאַניעס פלעגען אַלץ זוכען נייע ערטער און אינדיאַנער יעגער, און אַזוי זיינען דאָרטען ענטדעקט געוואָרען פיעלע טייכען און לעיקס. איינער פון דיא מיטגליעדער פון דער נאָרטה־וועסט קאָמפּאַניע האָט ענטדעקט דעם ריזיגען טייך וואָס טראָגט זיין נאָמען מאַק־קענזי און וואָס פאַלט אריין ווייט־ווייט צום נאָרד אין קאַלטען ים. אַנאַנ־דער פעלץ־העגדלער, סיימאָן פרעיזער, האָט ענטדעקט דעם מערקווירדיגען טייך וואָס שניידט דורך דיא בערג פון בריטיש קאָלומביאַ און טראָגט זיין נאָמען.

דיזע שטרייטען און צוזאַמענשטויסען צווישען דיא קאָמפּאַניעס און זייערע אַנגעשטעלטע און יעגער האָבען אין איין אָרט געפיהרט צו אַן אויפשטאַנד גע־גען דיא ענגלישע רעגיערונג גופא. דיזער אויפשטאַנד איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען ריעל'ס רעבעליאָן. דיא אַנטהייל נעהמער אין דיזער רעבעליאָן זיי־נען געווען דיא האַלבע פראַנצויזען און האַלבע אינדיאַנער (מען רופט זיי גע־וועהנליך מעטיסען אָדער האַף־בריעדס), וועלכע האָבען זיך בעזעצט אין געגענד לעבען דעם רעד ריווער, וואו עס געפינט זיך היינט וויניפעג, דיא הויפּט שטאָדט פון דער פּראָווינץ מאַניטאָבאַ. ביי דיא ברעגען פון רעד ריווער, לעבען דעם פונקט וואו עס פאַלט אריין דער אַסיניבאָין טייך, האָט דער דערמאָנטער לאַ

ווערענדרי אויפגעבויט אין 1735 דעם פארט רוזש (רויטער פארט), וואו עס פלעגען זיך אויפהאלטען די קענעדער וואלד־לויפער און אינדיאנער יעגער. דאס איז דאן געווען דער ווייטעסטער האנדעלס־פאסט צו מערב זייט פון די גרויסע לעיקס. די וואלד־לויפער און בכלל די ווייסע, וועלכע פלעגען אהין צוקומען, פלעגען געוועהנליך חתונה האבען מיט אינדיאנער פרויען, זא דאס ביסלעכווייז איז דארטען ענטשטאנען א געמישטע פראנצויזיש־שפרעכענדע בע־פעלקערונג, וועלכע האט געקוקט מיט פיינדליכע אויגען ניט נור אויף די ענג־לענדער, זאנדערן אויך אויף יעדען פרעמדען וואס האט געוואלט בעזעצען זיך דארטען אלס פארמער. די געגענדען ארום זיינען גראדע אויסגעצייכענטע פאר אקערבוי. דארטען ציהען זיך דאך אויף טויזענדע מיילען די פרעירים (סטעפעס), וואו עס זיינען אויפגעקומען די גרויסע אגריקולטורעלע פראווינצען מאניטאבא, סאסקאטשעוואן און אלבערטא.

אין 1811 האט א שאטלענדישער אדעלמאן, לארד סעלקירק, וועלכער האט בעזעסען א גרויסען טהייל פון די אקציעס פון דער האדסאן בעי קאמפאניע, געקויפט דארטען ביי דיזער קאמפאניע א שטיק לאנד פון איבער 100,000 סקוועער מייל, וואס ער האט א נאמען געגעבען אסיניבאיא. מיט א יאהר שפע־טער האט ער אהין געשיקט שאטלענדער און אירלענדער צו גרינדען א קאלאניע. זיי האבען זיך אויך בעזעצט ביי די ב־עגען פון רעד ריווער. די מעטיסען און די אגענטען פון דער נארטה־וועסט קאמפאניע האבען געקוקט מיט פער־דאכט אויף דער גאנצער אונטערנעהמונג פון לארד סעלקירק. אין 1816 זיינען זיי בעפאלען די שאטלענדישע קאלאניע, האבען צושטערט דארטען דעם פארט דאגלאס און ערמארדעט דעם גובערנאטאר.

נאך דעם טויט פון לארד סעלקירק אין 1818 האבען ביידע קאמפאניעס, וועלכע האבען זעהר פיעל געליטען דורך זייער ווילדע קאנקורענץ און בלוטיגע צוזאמענשטויסען, זיך פערבונדען און בעהערשט די ריזיגע געגענדען ביז 1870. די ערשטע בעזעצונגען לעבען רעד ריווער זיינען געווארען די הויפט־קוואר־טיר פון דיזער קאמפאניע. די פראנצויזיש־שפרעכענדע בעפעלקערונג האט זיך אלץ פערמעהרט אין דיזער צייט. איהר הויפט־בעשעפטיגונג איז בעשטאנען אין געיעג אויף פעלץ־טהיערע און אין פעלץ־האנדעל. נור אן אונבעדייטענדער טהייל פון דיזער געמישטער בעפעלקערונג האט זיך אבגעגעבען מיט אקערבוי.

ווען די רעגיערונג פון קענעדע האט נאך דעם פערבאנד פון די אלטע פראווינצען אין 1867 געוואלט ארגאניזירען א רעגיערונג אין דער געגענד ארום רעד ריווער און האט געשיקט סארוועיארס (לאנד־מעסטער) אהין, האט עס ארויסגערופען א זעהר גרויסע אונצופריעדענהייט צווישען אלע דארטיגע איינ־וואהנער, אפילו די ענגלישע אויך. די מעטיסען האבען זיך אויך דערשראקען, אז מען וועט ביי זיי צונעהמען זייערע שטיקער לאנד. עס האבען זיך אויך געפאר־

נען געגנער פון דער ענגלישער הערשאַפט, וועלכע האָבען אויפגעהעצט דיא אונ־ווויסענדע פראַנצויזיש־שפּרעכענדע בעפעלקערונג, אַז דיא ענגלענדער וועלען זיי גאָר אין גאַנצען פעריאָגען.

דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, דאָס צו ענדע פון 1869 האָט דאָרטען אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד. דיא מעטיסען צוזאַמען מיט דיא אונצופריע־דענע אַגענטען פון דער האַדסאָן בעי קאָמפּאַניע האָבען אָרגאַניזירט אַ מין רעגיערונג. דער נאָמינעלער פּרעזידענט איז געווען אַ שאָטלענדער מיט'ן נאָמען דזשאָהן ברוס, אָבער דער אמת'ער אָנפיהרער איז געווען דער מעטיס לואי ריעל, וועלכער האָט געקראָגען אַן אָבערפלעכליכע בילדונג אין קוויבעק. אין נאָמען פון דעם "ראַטה פון טעריטאָריאַלע פערטהיידיגונג" האָט ער עס, אַלס סעקרעטער פון דער רעוואָלוציאָנערער רעגיערונג, בעפוילען דעם גובערנאַטאָר מאַק דוגאַל, וועמען דיא פעדעראַלע רעגיערונג פון קענעדע האָט געשיקט איינצופיהרען אַ פּראָווינציעלע רעגיערונג, צוריק צו ציהען זיך פון דיזער גע־גענד. ווען דער גובערנאַטאָר האָט ניט געפאָלגט, איז ער טאַקע פעריאָגט גע־וואָרען פון אַ באַנדע מעטיסען, וועלכע האָבען אויך פערכאַפּט פאָרט גאַררי און האָבען צוזאַמענגערופען אַ פערזאַמלונג פון דיא פערטרעטער פון דער פראַנ־צויזישער און ענגלישער בעפעלקערונג אין דער טעריטאָריע מאַניטאָבאַ. ריעל איז דאַן געוואָרען פּרעזידענט און ער האָט אָנגעהויבען צו טרוימען וועגען גרינ־דען אַן אונאַבהענגיגען שטאַאט אין מאַניטאָבאַ.

דיא פעדעראַלע רעגיערונג, וועלכע האָט איינגעזעהען אַז זיא האָט צו ראַש געהאַנדעלט, האָט געזוכט צו בעאיינפלוסען דיא מעטיסען דורך דיא קאַ־טאָלישע גייסטליכע און ספּעציעל דורך דעם בעוואוסטען ארכיביסקופּ טאַשע און האָט אויך פערשפּראָכען אַמניסטיע צו אַלע רעבעלען. אָבער אַזוי וויא ריעל האָט זיך ניט געוואָלט אונטערגעבען און האָט נאָך בעגאַנגען אַזעלכע בלוּ־טיגע אַקטען, וויא דיא הינריכטונג פון אייניגע געפאַנגענע, האָט זיא אין 1870 געשיקט אַן עקספּעדיציע פון רעגעלע סאָלדאַטען און ענגלישע וואָלאָנטירען פון דער פּראָווינץ אָנטאַריאָ צו אונטערדריקען דעם אויפשטאַנד. ריעל האָט זיך אָבער בעצייטענס אָבגעטראָגען נאָך יונייטעד סטייטס, און אַ נייע פּראָווינץ מיט'ן נאָמען מאַניטאָבאַ איז דאַן געשאַפען געוואָרען.

דיא אונצופריעדענהייט פון דיא מעטיסען האָט זיך אָבער דערמיט ניט גע־ענדיגט. אַ גרויסער טהייל פון זיי האָבען פערלאָזען מאַניטאָבאַ, וואו פאַר־מערם האָבען אָנגעפאַנגען שנעל צו בעזעצען זיך, און האָבען פערנומען געוויסע געגענדען אין דעם זידליכען טהייל פון דער יעצטיגער פּראָווינץ סאַסקאַטשעוואַן. דאָרטען האָבען זיי, אונגעפעהר פיער טויזענד אין צאָהל, געקענט פאָרטזעצען זייער געוועהנליכען יעגערשען לעבען. אָבער דיא צוויליזאַציאָן האָט זיי אויך אָנגעהויבען צו יאָגען פון דאָרטען. ווייסע אַקערבויער האָבען זיך גערוקט אַלץ

וויטער צו וועסט און האבען פערנומען דיא פרוכטבארע פעלדער פון סאס־קאטשעוואן. מיט דיזער אונצופריעדענהייט האבען זיך ריעל און אנדערע אגי־טאטארס און אנפיהרער פון דיא מעטיסען און אינדיאנער בענוצט, אום ארויס־צורופען א נייעם אויפשטאנד. אין פריהלינג פון 1885, פיערצעהן יאהר נאך דעם אויפשטאנד אין דער געגענד פון רעד ריווער, האט אויסגעבראכען אן אויפשטאנד פון מעטיסען און אינדיאנער אין סאסקאטשעוואן. דיא הויפטפיהרער זיינען געוועזען ריעל און דיומאן, אויך א מעטיס.

דיזעס מאל האט דיא פעדעראלע רעגיערונג אין אטאווא ניט לאנג גע־ווארט. פון אלע פראווינצען, דארונטער אויך פון קוויבעק, זיינען וואלאנטירען גע־קומען צו שטיצען דיא רעגיערונג. צו יענער צייט איז שוין דיא קענעדיען פאסיפיק רעילראוד, וואס שניידט דורך דיא גאנצע ברייט פון בריטיש נארד־אמעריקא, פון דיא ברעגען פון אטלאנטישען אקעאן ביז צו דיא ברעגען פון פא־סיפישען אקעאן, געוועזען אויפגעבויט אזוי וויט צו מערב זייט וויא 1600 מייל פון דער הויפטשטאדט אטאווא, זא דאס מען האט געקענט צוקומען צו דיא וויטע, ווילדע און פערוואָרפענע מקומות פון נארד־וועסט אין א פערהעלטניס־מעסיג קורצער צייט. עס האט דאך גענומען א מאנאט צייט ביז דיא וואלאנ־טירען, איבער 4000 אין צאהל, אונטער דער קאמאנדע פון גענעראל מידלטאן, האבען דערגרייכט פון אטאווא ביז צו א טייכעל אין סאסקאטשעוואן, וואו עס איז געקומען צו א שלאכט, אין וועלכער א בעדייטענדע צאהל וואלאנטירען זיינען געפאלען פון דיא קוילען פון דיא מעטיסען און אינדיאנער אונטער דער קאמאנדע פון דיומאן. דיזע יעגער זיינען נאטירליך געוועזען אויסגעצייכענטע ציעל־שיסער.

נאכהער אבער, ביי דער שלאכט לעבען באטוש, זיינען דיא רעבעלען אזוי צוקלאפט געווארען, אז זיי האבען שוין ניט געקענט פארטזעצען דעם קאמפף. דיזע נידערלאגע איז פאקטיש געוועזען דער סוף פון דעם אויפשטאנד. דיומאן האט זיך געראטעוועט דורך א פליטה נאך יונייטעד סטייטס, אבער ריעל איז גע־פאנגען געווארען נאך דער שלאכט ביי באטוש און איז פעראורטהיילט געווארען צום טויט פון א געריכט און היינגעריכטעט געווארען אין נאוועמבער 1885. איינינע אינדיאנער פיהרער זיינען דאן אויך היינגעריכטעט געווארען.

דאס איז געוועזען דער לעצטער ווידערשטאנד פון דיא מעטיסען, אינדיאנער און יעגער בכלל אין דעם וויטען נארד־וועסט, וואס ווערט אלץ מעהר בעזעצט פון פארמערס. זייט דאן הערשט אין דיזער ריזיגער מדינה ניט נור רוהע, זאנדערן אויך פאליטישע איינינקייט פון ביידע נאציאנאליטעטען. דער נאציא־נאלער געפיהל, וואס האט זיך ארויסגעצייגט ביי דער אונטערדריקונג פון ריעל'ס רעבעליאן, איז געווארען אלץ טיעפער און שטארקער. אין אטאווא, טאראנטא

און וויניפעג האט מען געשטעלט מאָנומענטען צום אנדענקען פון דיא וואָלאָנטי־רען, וועלכע האבען אנטהייל גענומען אין דעם קאמפף געגען דיא רעבעלען.

דיא היינטיגע קענעדע*) בעשטעהט פון דיא אמאָליגע אקאדיע (דיא דריי מאריטים פראָווינצען נאָווע סקאָשע, ניו־בראָנסוויק און פרינס עדוואַרד איילענד), פון דיא אַלטע קענעדע (דיא פראָווינצען קוויבעק און אָנטאריאָ), פון דיא נייע פראָווינצען מאניטאָבא, סאסקאטשעוואן, אַלבערטא און בריטיש קאָלאָמביא און פון דיא טעריטאָריעס אונגאווא (אויף דעם האלב־אינזעל לאבראדאָר), קיוואטין (צום נאָרד פון אָנטאריאָ), מאק־קענזי און פרענקלין (צום נאָרד פון סאסקאטשעוואן און אַלבערטא) און יוקאָן (צו מזרח זייט פון אַלאסקא). צו־זאמען פערנעהמען זיי 3,729,665 סקוועך מייל, וואס עס איז מיט 113 טויזענד סקוועך מייל גרעסער פון יונייטעד סטייטס צוזאמען מיט אַלאסקא. דאס איז א זעכצעהנטעל פון דער גאנצער יבשה אויף דעם ערד־קוגעל. דיא בעפעלקע־רונג אָבער איז זעהר קליין, סך הכל א זיעבען מיליאָן נפשות נאָך דעם לעצטען צענזוס (אין 1911). דער גרעסטער טהייל פון דער בעפעלקערונג, כמעט פיער־פינפטעל, געפינט זיך אין דיא פראָווינצען אָנטאריאָ און קוויבעק. נור מיט דער צייט וועלען דיא נייע פראָווינצען פון נאָרד־וועסט, וועלכע מענען גערעכענט ווערען פאר דיא גרעסטע ווייץ־שפייכלערס פון דער וועלט, איבער־יאָגען דיא אַלטע פראָווינצען אויך אין בעפעלקערונג.

קענעדע האט בכלל א גלענצענדע צוקונפט. זיא מוז וואקסען אַלץ שנע־לער אין בעפעלקערונג און אין רייכטהום. "דער צוואנציגסטער יאָהרהונדערט געהערט צו קענעדע!" האט מיט שטאָלץ אויסגערופען אין איינער פון זיינע רעדעס סער ווילפריד לאָריער, דער בעריהמטער קענעדער פראנצויז, פיהרער פון דער ליבעראַלער פארטיי און לאנג־יעהריגער פרעמיער פון קענעדע. אזוי גלויבען בכלל דיא קענעדער, און מען מוז אנערקענען, אז זיי זיינען בערעכטיגט אזוי צו גלויבען.

*) דער אפיציעלער נאמען איז Dominion of Canada אין ענגליש און Puissance du Canada אין פראנצויזיש.

# פֿאָרוואָרט צו דער לאַטײנישער אַמעריקאַ

צום זיד פֿון יונײטעד סטײטס ציהט זיך דיא העלפֿט פֿון דער נײער װעלט, װעלכע װערט געװעהנליך גערופֿען לאַטײנישע אַמעריקאַ. מען װאָלט איהר געקענט רופֿען שפּאַניש־שפּרעכענדע אַמעריקאַ, װען ניט בראַזיליען, װאו דיא לאַנד־שפּראַך איז פּאָרטוגעזיש. דיא בראַזיליאַנישע רעפּובליק איז כמעט אַזוי גרױס און צעהלט אויך כמעט אַזוי פֿיעל אײנװאָהנער װיא אַלע 9 שפּאַניש־שפּרעכענדע רעפּובליקען פֿון זיד־אַמעריקאַ. מען מעג רעכנען, דאָס אַ העלפֿט פֿון זיד־אַמעריקאַ איז פּאָרטוגעזיש און אַ העלפֿט שפּאַניש.

לאַטײנישע אַמעריקאַ איז פּאָליטיש צוטהײלט אין צװאַנציג רעפּובליקען און אין אײניגע קאָלאָניען, מײסטענס אינזלען אין צענטראַל־אַמעריקאַ, װעל־כע געהערען צו אײראָפּעאישע מעכטע, ספּעציעל צו ענגלאַנד, פֿראַנקרײך און האָלאַנד.

דיזע רעפּובליקען זײנען זעהר עהנליך אין פֿיעלע פּרטים. מאַנכע פֿון זײ אונטערשײדען זיך אַזוי װעניג, אַז מען װאונדערט זיך, װאָרום זײ האָבען זיך ניט פֿערבונדען און בלײבען אַלץ אָבגעזונדערט. ספּעציעל איז דאָס אַזוי װעגען דיא קלײנע רעפּובליקען פֿון צענטראַל־אַמעריקאַ. זײערע אײנװאָהנער געהערען, מעג מען זאָגען, צו אײן פֿאָלק. זײ זײנען זעהר עהנליך אין שפּראַך, געשיכטע, גלױבען, מנהגים און אָבשטאַמונג, װיא מיר װעלען עס זעהען אין דיא קאַפּיטלעך פֿון דער געשיכטע פֿון מעקסיקאָ און פֿון צענטראַל־אַמעריקאַ.

פֿאַר דעם היסטאָריקער זײנען בעזאָנדערס אינטערעסאַנט דיא ערטער פֿון דער לאַטײנישער אַמעריקאַ, װאו עס זײנען אױפֿגעקומען מלוכות און עס האָט זיך ענטװיקעלט אַ ציװיליזאַציאָן אײדער דיא שפּאַניער האָבען זיך אַרײנגעריסען אַהין אַ קורצע צײט נאָך קאָלאָמבוס'עס ענטדעקונג. דיזע ערטער האָבען זיך געפֿונען, װיא מיר װײסען עס שוין פֿון דער אײנלײטונג צו דער געשיכטע פֿון יונײטעד סטײטס, אױף דיא ברעגען פֿון פּאַסיפֿישען אָקעאַן. דיא גרעסטע און װיכטיגסטע צענטערס פֿון דיזע אײנגעבאָרענע ציװיליזאַ־ציאָנען האָבען זיך געפֿונען אין מעקסיקאָ (צענטראַל־אַמעריקאַ אַרײנגערע־

כענט) און אין פערו, ריכטיגער גערעדט, דיא אימפעריע פון דיא אינקאס אין זיד־אמעריקא.

דיזע רעפובליקען זיינען ווייט ניט גלייך אין שטח און בעפעלקערונג*), וויא פאָלגענדע ליסטע צייגט עס:

| צענטראל־אמעריקא | סקוועך מייל | בעפעלקערונג |
|---|---|---|
| מעקסיקאָ | 767,090 | 15,063,207 |
| גוואטעמאַלאַ | 48,290 | 1,992,000 |
| האָנדוראס | 46,250 | 353,460 |
| סאַן סאַלוואַדאָר | 7,225 | 1,700,000 |
| ניקאַראַגוא | 49,200 | 600,000 |
| קאָסטאַ ריקאַ | 23,000 | 379,550 |
| פאַנאַמאַ | 32,380 | 386,745 |

| זיד־אמעריקא | סקוועך מייל | בעפעלקערונג |
|---|---|---|
| קאָלאָמביאַ | 438,436 | 4,313,000 |
| ווענעצועלאַ | 393,976 | 2,713,703 |
| עקוואַדאָר | 116,000 | 1,500,000 |
| פערו | 679,600 | 4,900,000 |
| באָליוויאַ | 708,195 | 2,267,935 |
| טשילי | 292,580 | 3,329,030 |
| ארגענטינאַ | 1,139,979 | 7,171,910 |
| אורוגוואַי | 72,210 | 1,112,000 |
| פאַראַגוואַי | 171,204 | 715,841 |
| בראַזיליען | 3,218,991 | 21,461,100 |

| וועסט־אינדיען | סקוועך מייל | בעפעלקערונג |
|---|---|---|
| האַיטי | 10,200 | 2,020,000 |
| סאַן דאָמינגאָ | 19,325 | 675,000 |
| קובאַ | 44,164 | 2,161,662 |

אַ בליק אויף אַ קאַרטע פון דער נייער וועלט צייגט אונז, אַז דיא צענטערס פון דער ציוויליזאַציאָן פון דער רויטהויטיגער ראַסע האָבען זיך געפונען צווישען דיא טראָפּיקס און מייסטענס אויף דיא בערג־לענדער ביי דיא ברעגען פון פאַסיפישען אָקעאַן. איינע פון דיא הויפּט־שטעדט פון דער פּערואַנער אימפּעריע, קוויטאָ, וועלכע איז אויך פערבליבען דיא הויפּט־שטאָדט פון דער היינטיגער רעפובליק עקוואַדאָר, ליעגט טאַקע אויף

*) נאָך דעם יאָהר־בוך (1913) פון דער ענציקלאָפּעדיאַ בריטאַניקאַ.

דעם סאַמע עקוואַטאָר. אין אַזעלכע הייסע לענדער וואָלט גאָר ניט מעגליך געוועזן צו דערגרייכען צו אַזאַ הויכער קולטור־שטופע, וויא דיא שפּאַניער האָבען עס דאָרטען געפונען, ווען ניט דיא הויכע בערג, וועלכע טראָגען דיא אַלגעמיינע נעמען קאָרדילערא און אַנדעס. אפילו אונטער דער עקוואַטאָרישער זון איז עס קיהל אויף אַזעלכע הויכקייטען. דיא קלימאַטישע בעדינגונגען זיינען דאָרטען דיא בעסטע, אַנגענעהמסטע און געזינדעסטע אויף'ן ערד־קוגעל. דיא טעמפּעראַטור איז דאָרטען שטענדיג אַ מעסיגע און ענדערט זיך גאַנץ וועניג אין פערלויף פון יאָהר. אַזעלכע הויכלענדער אָדער פּלאַטאָ (plateaux), וויא מען רופט זיי געוועהנליך אין געאָגראַפיעס, זיינען אויך אויסגעצייכענט פאַר אייראָפּער.

דיא שפּאַנישע שווערד־העלדען, דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס (עראָבערער), וויא מען רופט זיי אין דיא געשיכטען פון דער לאַטיינישער אמעריקא, האָבען אבער לײדער צושטערט דיא מייסטע מאָנומענטען און סמנים פון דיזע אייגעבאָרענע ציוויליזאַציאָנען. דיא פאַנאַטישע גלחים זיינען נאַכהער אונטערגעקומען און האָבען אויך פערניכטעט אין יעזוס'עס נאָמען דיא שריפטען, בילדער און געצען אין דיא טעמפּלען פון דיא טאָלטעקען, אַצטעקען, מאיאס, אינקאס און אַנדערע אינדיאַנער שטאַמען. עס זיינען דאַרום פערבליבען פיעלע דונקעלע פּונקטען אין דער געשיכטע פון דיזע מערקווירדיגע ציוויליזאַציאָנען.

מיר וועלען דאָ אין קורצען איבערגעבען וואָס מען איז דערגאַנגען, נאָך לאַנגע און שווערע פאָרשונגען, וועגען דיא געשיכטע פון דיזע אינדיאַנער קולטור־לענדער ביז צו דער צייט פון דיא שפּאַנישע קאָנקוויסטאַדאָרעס. אָנפאַנגען וועלען מיר מיט מעקסיקאָ, ווייל זיא פערנעהמט דעם ערשטען און וויכטיגסטען פּלאַץ אין דער געשיכטע פון דער שפּאַנישער הערשאַפט אין דער נייער וועלט און אויך אין דער געשיכטע פון דער לאַטיינישער אַמעריקאַ.

אין מעקסיקאָ איז פאָרגעקומען דער ערשטער צוזאַמענשטויס צווישען דיא שפּאַנישע שווערד־העלדען, וועלכע האָבען פאָרגעשטעלט דיא אייראָפּעאישע ציוויליזאַציאָן, און דיא מעקסיקאַנער קריעגער, וועלכע האָבען פאָרגעשטעלט דיא אינדיאַנער ציוויליזאַציאָן אין צענטראַל־אַמעריקאַ.

דיא געשיכטע פון מעקסיקאָ ווערט צוטהיילט אין דריי פּעריאָדען: 1) דער אַלטער, וועלכער איז צוגלייך דיא געשיכטע פון דער אייגענאַרטיגער ציוויליזאַציאָן פון דיא פערשיעדענע אינדיאַנער שטאַמען אין צענטראַל־אַמעריקאַ; 2) דער קאָלאָניאַלער, זייט דיא שפּאַנישע עראָבערונג ביז צו דער גרינדונג פון אַן אונאַבהענגיגער רעפּובליק, און 3) דער אונאַבהענגיגער, וועלכער האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט דער ערקלערונג פון אונאַבהענגיגקייט אין 1821.

עס איז נויטיג צו וויסען ניט נור דיא געשיכטע פון דער שפּאַנישער הערשאַפט אין צענטראַל־אַמעריקאַ, זאָנדערן אויך דיא געשיכטע פון דיא אינ־

דיאַנער מלוכות דאָרטען, אום צו פערשטעהן דיא פּאַסירונגען און דעם צושטאַנד אין דער אונאַבהענגיגער מעקסיקאָ. דיא אינדיאַנער בילדען נאָך עד היום דיא מאַיאָריטעט פון דער בעפעלקערונג אין מעקסיקאָ, וויא אויך אין גאַנץ צענטראַל־אַמעריקאַ. העכסטענס אַ פינפטעל פון דיא איינוואָהנער אין מעקסיקאָ קענען גערעכענט ווערען פאַר ווייסע (מייסטענס זיינען זיי קרעאָלען). דיא איבעריגע זיינען ריינע אינדיאַנער (38 פּראָצענט) און געמישטע, גענאַנט געוועהנליך מעסטיזאָס (43 פּראָצענט). דיא צאָהל פון מעסטיזאָס אָדער מעטיסען (קינדער פון ווייסע און אינדיאַנער) ווערט אַלץ גרעסער, זאָ דאָס מיט דער צייט, רעכענט מען, וועט אויפקומען ניט נור איין מעקסיקאַנער נאַציאָן, זאָנדערן אויך אַ מעקסיקאַנער ראַסע. מאַנכע פון דיא אינדיאַנער שבטים זיינען נאָך היינט אַזוי ווילד וויא פאַר דער ענטדעקונג פון אַמעריקאַ. אַנדערע זיינען האַלב־ווילד, און דיא מייסטע פון דיא, וועלכע רעדען שוין אפילו שפּאַניש, זיינען אַנאַלפאַבעטען (בעזגראַמאָטנע, אַזעלכע וואָס קענען ניט לעזען און שרייבען).

יעדענפאַלס איז עס זעלבסטפערשטענדליך אַז דיא אינדיאַנער מאַסען האָבען פון זייער זייט געמוזט שלעכט ווירקען אויף זייערע ווייסע ציוויליזירער און אַרויפלעגען זייער שטעמפּעל אויף דער אייראָפּעאישער ציוויליזאַציאָן, וועלכע דיא שפּאַניער האָבען איינגעפיהרט דאָרטען. אַזוי איז עס אויך אין אַלע אַנדערע שפּאַניש־שפּרעכענדע רעפּובליקען, וואו דיא אינדיאַנער און מעטיסען זיינען דיא מאַיאָריטעט.

מען רעכענט, אַז עס געפינט זיך היינט אין גאַנץ אַמעריקאַ אַ 15 מיליאָן אינדיאַנער. אין נאָרד־אַמעריקאַ, וואו זיי זיינען שטענדיג געווען אין קליינע גרופּען אַלס ווילדע יעגער, דערגרייכט היינט זייער צאָהל העכסטענס ביז אַ האַלב מיליאָן (נאָך דיא לעצטע פאָלקס־צעהלונגען געפינען זיך אין קענענדע 110,000 און אין יונייטעד סטייטס אַרום 350,000). דיא איבריגע, מען מעג זאָגען דיא גאַנצע רויטהויטיגע ראַסע, געפינט זיך אין דער לאַטיינישער אַמעריקאַ, ספּעציעל אין דיא געגענדען, וואו זיי האָבען געלעבט אין פערהעלטניסמעסיג גרויסע צאָהלען און געהאַט מלוכות און זאָגאַר אימפּעריעס צו דער צייט פון דער שפּאַנישער עראָבערונג.



## ערשטער קאַפּיטעל.

# דיא אינדיאַנישע ציוויליזאַציאָן

דער אַלטער נאָמען פון דער פּראַכטפאָלער און פּרוכטבאַרער געגענד, וואו עס געפינט זיך דיא הויפּט־שטאָדט פון דער מעקסיקאַנער רעפּובליק, איז געווען אַנאַהואַק. אויף דער שפּראַך פון דיא נאַהואַ־שטאַמען, צו וועלכע דיא אַצטע־קען האָבען אויך געהערט, מיינט עס: "דאָס לאַנד ביים וואַסער". דיזער נאָמען שטאַמט פון דיא לאַגונען (לעיקס, אָזערעס) אין דעם טהאָל וואָס ווערט יעצט גערופען דער טהאָל פון מעקסיקאָ. ביי דיא ברעגען פון דער גרעסטער פון דיזע אָזערעס, גענאַנט טעכקוקאָ אָדער טעצקוקאָ, אויף דעם אָרט, וואו עס שטעהט דיא היינטיגע הויפּט־שטאָדט פון מעקסיקאָ, איז אויך געשטאַנען דיא הויפּט־שטאָדט פון דיא אינדיאַנער, וועלכע האָבען זיך גערופען מעכיקאַ אָדער אַצטעקאַ. איהר נאָמען איז געווען טענאָטשטיטלאַן, וואָס עס מיינט "דער אָרט פון א שטיין און א קאַקטוס־פּלאַנץ". אזוי וויא דיא אַצטעקען האָ־בען אויף זייער הויפּט־שטאָדט גערופען מעכיקאַ לכבוד זייער קריעגס־גאָט Mexitli (מעכיטלי, וויא דיא שפּאַניער שפּרעכען אויס דעם בוכשטאַב X), האָבען דיא שפּאַניער אויסגעקליבען דיזען נאָמען, וואָס איז זיי געווען לייכטער אויסצושפּרעכען און וואָס איז פערבליבען ניט נור פאַר גאַנץ אַנאַהואַק און פאַר דיא אַרומיגע געגענדען, וועלכע דיא אַצטעקישע קעניגע האָבען מעהר אָדער וועניגער בעהערשט, זאָנדערן אויך פאַר אזעלכע געגענדען, וואו עס האָבען זיך געפונען אונאבהענגיגע מלוכות.

עד היום ווערען נאָך געשפּראָכען א 180 אינדיאַנער שפּראַכען און דיאַ־לעקטען אויף דער טעריטאָריע פון דער מעקסיקאַנער רעפּובליק. געלעהרטע שפּראַך פאָרשער האָבען סאָרטירט דיזע דיאַלעקטען אין פערשיעדענע גרופּען, אום צו בעשטימען זייערע עהנליכקייטען און אָבשטאַמונגען. יעדער דיאַלעקט ווערט געשפּראָכען פון א בעזונדערען רויטהויטיגען שטאַם. מאַנכע פון דיזע דיאַלעקטען זיינען פערבליבען אזוי וויא פאַר דער שפּאַנישער עראָבערונג. אַנדערע זיינען שוין פערשוואונדען אָדער פערשווינדען זעהר שנעל. זייער פּלאַץ ווערט פערנומען פון שפּאַניש, וועלכע וועט מיט דער צייט, נאַטירליך,

אַרויסשטויסען דיא אינדיאַנער דיאַלעקטען אפילו פון דיא ווילדעסטע און פער־וואָרפענסטע ערטער צווישען דיא בערג.

עס פערשטעהט זיך, אַז צו דער צייט, ווען דיא שפּאַניער האָבען זיך בעוויזען אין אנאהואק, איז דיא צאָהל פון די אינדיאנער שטאמען און פון זייערע דיאַלעקטען געווען פיעל גרעסער וויא היינט. דיזע שטאַמען האָבען אויך גע־הערט צו פערשיעדענע אָבטהיילונגען אָדער גרופּען פון דער רויטהויטיגער ראַסע. דיא נאַהואַטל אָדער נאַהוא־שטאַמען, צו וועלכע דיא אַצטעקען האָבען געהערט, זיינען נור געווען איינע פון דיזע גרופּען. זיי בילדען היינט אַ פיערטעל פון דער אינדיאַנער בעפעלקערונג אין דער מעקסיקאַנער רעפּובליק, און מען מעג רעכענען, אַז אַזוי איז עס געווען אונטער דער הערשאַפט פון דיא אצטעקישע קעניגע.



דיא טעמפּעל־פּיראַמידע אין פּאַפּאַנטלא, מעקסיקאָ.

דיא נאַהוא־שטאַמען זיינען אויך ניט געווען דיא ציוויליזירטעסטע אויף דיא הויכלענדער פון מעקסיקאָ. זיי זיינען אַליין געווען עראָבערער דאָרטען און האָבען פערכאַפּט אַ געגענד, וואָס איז פון דיא עלטעסטע צייטען געווען אַ קולטור־צענטער, וויא מען דאַרף עס שליסען פון געוויסע פערבליבענע סמנים. וואָס אָנבעלאַנגט דיא אַצטעקען, זיינען זיי גראַדע געווען ווילדער פאַר דיא אַנדערע נאַהוא־שטאַמען אין אַנאַהואַק, ספּעציעל פאַר זייערע שכנים לעבען טעצקוקאָ, דיא אַלקאָהואַס, וועלכע האָבען דאָרטען געגרינדעט אַן עלטערע און גרעסערע מלוכה.

ווען מען לעזט דיא בעשרייבונגען פון דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס, דאַרונטער אויך פון קאָרטעז, קען מען מיינען, אַז דיא מלוכה פון דיא אַצטעקען איז ווירקליך געווען אַ ריעזיגע און מעכטיגע. דער אמת איז אָבער, אַז דיא אַצטע־קען האָבען פערנומען נור אַ טהייל פון אַנאַהואַק גופא. גאַנץ אַנאַהואַק האָט זיך געצויגען אונגעפעהר 200 מייל אין דער לענג און 75 מייל אין דער ברייט. דיא אַצטעקען זיינען נור געווען קריעגערישער פאַר דיא אַנדערע שטאַמען אין אַנאַהואַק און אַרום.

דיא געשיכטע פון דיא נאַהוּאַ־שטאַמען בלייבט נאָך אַלץ אין דונקעל־



חורבות פון אַ טעמפעל אין קסאָטשיקאַלקאָ, מעקסיקאָ.

הייט, טראָץ אַלע אָנשטרענגונגען פון ארכעאָלאָגען, לינגוויסטען און אנדערע געלעהרטע פאָרשער, ווייל דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס און גלחים האָבער פערניכ־טעט זייערע שריפטען און צושטערט זייערע טעמפּלען. וויא פיעל מען האָט עס ביז יעצט געקענט דערגעהן נאָך פיעלע נאָכפאָרשונגען, האָבען זיך אין אַנאַהואַק און אין דיא געגענדען ארום אריינגעריסען מיט אונגעפעהר טויזענד יאָהר פאַר קאָלאָמבוס׳עס רייזע מחנות פון אַ פאָלק מיט׳ן נאָמען טאָלטעקען. מען רע־כענט, אַז זיי זיינען געקומען פון נאָרדליכע געגענדען אַזוי וויא שפּעטער דיא טשישימעגען, דיא אַצטעקען און בכלל דיא אַנדערע שטאַמען, וועלכע האָבען

געשפּראָכען דיאַלעקטען פון דער נאהואטל שפּראַך און האָבען נאָכגעפאָלגט דעם זעלבען וועג ביז צו אנאהואק און ווייטער צום זיד ביז יוקאטאן און גוואטעמאַלאַ. די טאָלטעקען זיינען געווען א שטאם פון די נאהואס. זיי האָבען געבויט גרויסע טעמפּלען. זייער נאָמען בעדייטעט: ארכיטעקטען, קינסטלער. זיי זיינען הפּנים אויך געווען די ערפינדער פון די מעקסיקאנער ביל־דער־שריפטען, צו וועלכע מען האט נאָך אלץ ניט געפונען א שליסעל, און פון דעם מערקווירדיגען לוח, וואס איז איבערגענומען און וואהרשיינליך אויך אויסגעבעסערט געוואָרען פון די אצטעקען.

אין אנאהואק, וויא אויך אין דער געגענד ארום דעם פאָרט ווערא קרוז, האָבען די טאָלטעקען איבערגעלאָזען שטומע עדות פון זייער הערשאפט אין די בעריהמטע חורבות פון טולא, קסאָטשיקאלקאָ, פּאפּאנטלא, טשאָלולא א. ז. וו. זייערע טעמפּלען האָבען זיך געפונען אויף פּיראמידען אזוי וויא די טעמפּלען פון די אנדערע שטאמען, דארונטער אויך פון די אצטעקען. איינע פון זייערע וויכטיגסטע שטעדט איז געווען טאָלאן (יעצט טולא), א מייל 50 צום נאָרד פון דער מעקסיקאנער הויפּט־שטאָדט. טולא איז צושטערט געוואָרען מיט א יאָהר 500 פאר די שפּאנישע הערשאפט, וואהרשיינליך פון די וויל־דע שטאמען, וועלכע האָבען געטראָגען דעם נאָמען טשיטשי־מעגען אין די לעגענדען און כראָניקעס פון די אצטעקען. די טעמפּלען פון טשאָלולא זיינען טהיילווייז צושטערט געוואָרען פון די שפּאניער אונטער דער קאָמאנדע פון קאָרטעז. ביי אויסגראָבונגען אין דיזע ערטער האט מען געפונען איינציגע זיילען און געצען. די בעדייטונג פון די צייכענס און ביל־דער אויף דיזע מאָנומענטען בלייבט א געהיימניס.







א זייל פון טולא, מעקסיקא.

מען האט געפונען בעווייזע ביי אויסגראָבונגען, און אזוי דארף מען אויך שליסען פון די מעקסיקאנער לע־גענדען און בילדער־שריפטען, אז די אצטעקען האָבען אי־בערגענומען ביי די טאָלטעקען אויך דעם זונען־גאָט קוועצאל־קאָאטל, וועלכער איז אויך פערעהרט געוואָרען פון די מאיאס און וועלכער האט אין מאנכע פּונקטען מערקווירדיגע עהנליכ־קייטען מיט די זונען־געטער און "ערלייזערס", געבאָרענע פון בתולות און געקרייציגטע אין הימעל, ביי די קולטור־פעלקער אין דער אלטער וועלט.

וועגען דיזען אבגאָט זיינען אָנגעשריעבען געוואָרען פיעלע ביכער. די שפּאנישע גלחים האָבען ספּעציעל צושטערט אלעס, וואס האט נור געהאט א שייכות מיט איהם, ווייל ער האט זיי צו פיעל דערמאָנט אָן יעזוס קריסטוס. די בעדייטונג פון זיין נאָמען בע־

שטעטיגט דיא מיינונג פון געלעהרטע פאָרשער, אַז דיזער אַבגאָט האָט פער־
זאָניפיצירט דיא שאַפענדע קראַפט פון דער זון. קוועצאַלקאָאַטל בעדייטעט:



אַ סטאַטוע פון קוועצאַלקאָאַטל

"אַ שלאַנג בעדעקט מיט פעדערן", אין קורצען: "אַ פויגעל־שלאַנג". דאָס איז
אַ פערבינדונג פון דיא געוועהנליכע סימבאָלען פון ווינט און בליץ, וויא דאַניעל
ברינטאָן, דער בעוואוסטער קענער פון אינדיאַנער שפּראַכען און לעגענדען פיהרט

עס אויס אין זיין ווערק: "דיא מיטהען פון דער נייער וועלט". אין אַלע מיטהאָלאָגיען ווערט דער בליץ פערגליכען צו אַ שלאַנג. דער "געטליכער שלאַנג", דער "הימלישער שלאַנג", דער "דראַגאָן" — דאָס זיינען אַלץ מיטהאָלאָגישע פאָרשטעלונגען פון דיא בליצען, וועלכע שניידען דורך דיא וואָלקענס אין דער צייט פון אַ שטורם.

פערשיעדענע מעשות ווערען דערצעהלט וועגען קוועצאַלקאָאַטל צווישען די אינדיאַנער אויף דיא הויכלענדער פון מעקסיקאָ. מיר קענען זיך דאָ אָבער מיט זיי ניט פערנעהמען*), ווייל דאָס וועט אונז אַוועקפיהרען צו ווייט פון אונזער ענין. אייניגע פון דיעזע מעשות האָבען גראַדע זעהר גוט געדיענט קאָרטעץ'ן אין דעם קאַמפף מיט דיא אַצטעקען, וויא מיר וועלען עס שפּעטער זעהען. מען האָט געפונען געצקעס פון קוועצאלקאָאַטל אין פערשיעדענע ערטער. זיינע אַטריבוטען און אויפטואונגען זיינען אויך פאָרגעשטעלט געוועזען אויף באַרעליעפען אין דיא טעמפּלען צו זיין עהרע און אין בילדער־שריפטען. אין דיא גרויסע מוזעאומס פון אייראָפּאַ און אַמעריקאַ געפינען זיך פיגורען פון דיזען אַבגאָט. מיר ברענגען דאָ צוויי פון אַזעלכע פיגורען, איינע אַ קאָפּיע פון אַ סטאַטוע, דיא אַנדערע אַ קאָפּיע פון אַ צייכנונג אין א פערבליבענעם אַצטעקישען מאַנוסקריפּט.



פיגורען פון דיא געטער קוועצאַלקאָאַטל און טעפּעיאָלאָטלי (נאָך אַן אַצטעקישען מאַנוסקריפּט).

אין דעם שטאַאט אָאַקסאַקאַ פון דער מעקסיקאַנער רעפּובליק געפינען זיך חורבות פון אַ זעהר אַלטער שטאָדט מיט'ן נאָמען מיטלאַ. דאָרטען פלעגען בעערדיגט ווערען דיא פּריעסטער און קעניגע פון דיא זאַפּאָטעקען, וועלכע געהערען צו אַן אנדער גרופּע פון דער רויטהויטיגער ראַסע, ווי דיא נאַהואס. דיא זאַפּאָטעקען האָבען זיך געפונען אין געגענדען צום וועסט פון דיא נאַהואַ־שטאַמען און האָבען אויך געהאַט אַן אייגענע מלוכה, ווען דיא אַצטעקען האָבען געהערשט אין אַנאַהואַק. ווייטער אַרונטער צום זיד האָבען שוין מייסטענס געוואָהנט דיא מאַיאַ־שטאַמען, וועלכע האָבען געהאַט זייערע וויכטיגסטע צענ־

*) איינצעלהייטען וועגען דיעזען מערקווירדיגען אבגאָט קען דער לעזער געפינען אין דעם קאַפּיטעל "דער מעקסיקאַנער זונען־גאָט און משיח קוועצאַלקאָאַטל" פון מיין בוך "אַמעריקאַ פאַר קאָלאָמבוס". — פּ. ק.

טערס אויף דעם האַלב־אינזעל יוקאַטאַן און בכלל אין צענטראַל־אַמעריקאַ. אַזוי וויא דיא שטאַמען פון דיא נאַהואַס, מאַיאַס און אנדערע פון דער רויטהויטיגער



א זייל מיט פיגורען און היערֿאָגליפען, געפונען אין דיא חורבות פון קאָפּאַן.

ראַסע האָבען זיך צוזאַמענגעמישט אין אייניגע ערטער און האָבען געלערנט איינע פון דיא אַנדערע, דאַרום ווען מיר דאָ אויך זיך אָבשטעלען אויף דער אַלטער ציווילי‌זאַציאָן פון גאַנץ צענטראַל־אַמעריקאַ.

דיזע ציוויליזאציאָן ווערט היינט פאָרגעשטעלט נור דורך חורבות פון טעמפּלען און פּאַלאַצען אין ערטער, וועלכע ווערען אויסגעפאָרשט פון ארכעאָלאָגען. דיא מערקווירדיגסטע פון דיזע חורבות געפינען זיך אין פּאלענקע (אַ דערפעל אין שטאאט טשיאַפּאַס פון דער מעקסיקאַנער רעפּובליק), אין טשיטשעניצאַ (אויף דעם מעקסיקאַנער טהייל פון האַלב־אינזעל יוקאַטאַן), אין קוויריגואַ (גוואַטעמאַלאַ), אין קאָפּאַן (האָנדוראַס). זיי ווערען יעצט בעוואונדערט פון פאָרשער און רייזענדע. אַ בליק אויף זיי צייגט, אַז זייערע בויערס האָבען דערגרייכט צו אזא הויכע קולטור, וויא דיא בויערס פון דיא פּיראמידען אין מצרים. דיא טעמפּלען זיינען בעציערט געווען מיט סטאטוען; זיילען און אויפשריפטען, ריכטיגער, אויסקריצונגען, רעליעפען און בכלל מיט אַזעלכע צייכענס, וועלכע האָבען געדיענט אזוי וויא דיא היעראָגליפען אין מצרים. א ביישפּיעל פון אזעלכע פיגורען און היעראָגליפישע צייכענס ליעפערט אונז דיא פאָטאָגראפיע פון דעם זייל, וואָס איז געפונען געוואָרן צווישען די חורבות פון קאָפּאַן. די בויערס פון דיזע טעמפּלען, דיא שרייבערס פון דיעזע היעראָגליפען און דיא ארטיסטען, וועלכע האָבען געמאַכט דיא סטאַטוען פון די געטער און דיא בעפּוצונגען, זיינען שוין געווען פערשוואונדען מיט אַ צייט פריהער פאַר קאָלאָמבוס'עס רייזע. דיא מאַיאַ־שטאַמען, וועלכע דיא שפּאַניער האָבען געפונען אין דיזע ערטער, האָבען אַליין ניט געוואוסט, ווער דיא בויערס פון דיזע טעמפּלען זיינען געוועזן.

דעם העכסטען אינטערעס פון פאָרשער רופען אַרויס דיא חורבות, וועלכע זיינען צופעליג ענטדעקט געוואָרען אין 18טען יאָהרהונדערט פון אַ גלח פון דערפעל פּאַלענקע. צו דער צייט ווען קאָרטעץ האָט דורכמאַרשירט דיזע געגענדען אויף דעם וועג פון מעקסיקאָ נאָך האָנדוראַס, זיינען שוין דיזע מערקווירדיגע סמנים פון אַן אַמאָליגער מלוכה געווען אַזוי בעוואַקסען מיט טראָפּישע פּלאַנצען, אַז קיינער האָט פון זיי גאָר קיין אַהנונג ניט געהאַט. אין 1764 האָט דיא שפּאַנישע רעגיערונג געשיקט געלעהרטע צו אונטערזוכען דיזע חורבות. זייט דאַן האָבען אַנדערע פאָרשער בעזוכט דיזע פערוואָרפענע ערטער אין טראָפּישע וועלדער און האָבען אויספיהרליך בעשריעבען און פאָטאָגראפירט אַלעס, וואָס זיי האָבען דאָרטען געפונען. נאָך דיא סמנים פון לאַנגע גאַסען שליסט מען, אַז דאָרט וואו עס געפינט זיך היינט פּאַלענקע, האָט זיך אַמאָל געפונען אַ גרויסע שטאָדט, וואַהרשיינליך דיא הויפּט־שטאָדט פון אַ מלוכה.

אַזוי דאַרף מען אויך שליסען פון דיא חורבות פון אַ פּאַלאַץ, וואָס איז דאָרטען געווען אויפגעבויט אויף אַ גרויסער און הויכער פּיראַמידע פון אָנגעשאָטענער ערד, בעדעקט מיט גרויסע פּלאַכע שטיינער. אונטען זיינען אין דער פּיראַמידע געווען דורכגעגנגע און גאַלערעען און אַרום האָבען זיך געפונען טרעפּ, וועלכע האָבען געפיהרט צום פּאַלאַץ, וואָס זיינע חורבות רופען היינט אַרויס בעוואונדערונג. דיא בעפּוצונגען און דיא סטאַטוען דאָרטען אונטערשיידען זיך

אין מאנכע פרטים פון דיא בעפּוצונגען און סטאטוען אין דיא אַנדערע פּאַלאַצען און טעמפּלען פון דיא מאיאס אין צענטראַל־אַמעריקאַ. דיא זיילען ביי דיא אריינגענגע אין דיזען פּאַלאַץ, וואָס האָט פערנומען 180 פוס אין דער לענג און 128 פוס אין דער ברייט, זיינען בעציערט געוועזען מיט סטאטוען, זעקס פוס הויך, און מיט היעראָגליפישע אויפשריפטען איבער זייערע קעפּ. דיזע היעראָגליפען בלייבען פאר אונז אזא געהיימניס ווי די היעראָגליפען אין די אַנדערע אַמאָליגע קולטור־צענטערס אויף דיא הויכלענדער פון מעקסיקאָ און צענטראַל־אַמעריקאַ. וויא ווייט דיא קונסט האָט דאָרטען דערגרייכט, קען דער לעזער שליסען פון דיא אילוסטראַציעס, וועלכע מיר גיבען דאָ.


א סטאַטוע פון פּאַלענקע.

אינוועניג איז דער פּאַלאַץ פון פּאַלענקע געוועזען בעציערט מיט זאָנדערבאַרע סקולפּטורען פון גראַניט. זיי זיינען אונגעפעהר 13 פוס הויך. דיא ווענט, וועלכע זיינען פון 2 ביז 3 פוס דיק, זיינען אויך געפארבט. איינע פון דיא געהיימניסע פון דיזען פּאַלאַץ איז אויך, וואָס דיא טרעפּ, וועלכע פיהרען צו איהם, זיינען גאָר ניט אויסגעריבען. זייערע ברעגען זיינען אזוי שאַרף, וויא מען וואָלט זיי ערשט אויסגעהאַקט און קיין מאָל ניט בעטראָטען. מאַנכע פאָרשער שליסען דערפון, אז עפּעס האָט געטראָפען מיט דיא איינוואָהנער באַלד נאָך דער אויפבויאונג פון דיזען פּאַלאַץ, וואָס זיי האָבען פּלוצלונג געמוזט פערלאָזען זייער שטאָדט.

נאָך מעהר בעוואונדערונג רופט ארויס א טעמפּעל דאָרטען, וועלכער איז העכסט וואהרשיינליך געבויט געוואָרען צו עהרע פון דער זון. מען האָט איהם א נאָמען געגעבען "טעמפּעל פון קרייץ", ווייל מען האָט דאָרטען געפונען לעבען מזבח א סקולפּטור, וואָס האָט דיא פאָרמע פון א קרייץ און זעהט אויס, וויא אויף דער צייכנונג זייטע 209. דיא אויפפּאַלענדע עהנליכקייט פון דיזען קרייץ צום קריסטליכען האָט ארויסגערופען פיעלע דיסקוסיאָנען צווישען געלעהרטע און גלחים. עס קען קיין צווייפעל ניט זיין, אז

ווען דיא גלחים וואָלטען ענטדעקט דעם דאָזיגען קרייץ פון פּאַלענקע אין דיא צייטען פון קאָרטעץ און אַנדערע קאָנקוויסטאַדאָרעס, וואָלטען זיי איהם צושטערט, אַז עס וואָלט פון איהם קיין שפור ניט געבליבען, אַזוי ווי פון די אַנדערע קרייצען און סימבאָלען, וועלכע זיי האָבען געפונען אין אַנדערע טעמפּלען און וועלכע האָבען צו פיעל דערמאָנט אַן דיא קריסטליכע סימבאָלען.

פון דיא דריי מאַרמאָר פּלאַטען, וועלכע האָבען בעציערט דעם מזבח פון דעם דאָזיגען "טעמפּעל פון קרייץ", געפינט זיך איינע אין דעם נאַציאָנאַלען מוזעאום פון מעקסיקאָ, דיא אַנדערע אין סמיטהסאָניען אינסטיטוט אין וואַשינגטאָן און דיא דריטע בלייבט אַלץ אין פּאַלענקע. יעדע פּלאַטע איז 6 פוס פיער צאָל לאַנג, 4 פוס ברייט און 6 צאָל דיק. אַ בליק אויף דיא פיגורען און צייכענס לעבען דיזען קרייץ צייגט, אַז זיי שטעלען פאָר אַ גאָטעס־דיענסט. ווען מען וואָלט געפונען אַ שליסעל צו דיא היעראָגליפען און סימבאָלען ארום דעם דאָזיגען בעריהמטען קרייץ, וואָלט מען פערשפּאָרט צו דיספּוטירען וועגען זיין ריכטיגע בעדייטונג. אַזוי אָבער וויא מען איז שוין דערגאַנגען אויף זיכער, אַז דיא מאַיאַס האָבען בעטראַכט דעם קרייץ פאַר אַ צייכען פון דער שעפּפענדער קראַפט פון דער נאַטור, בלייבט אָנצונעהמען, אַז דאָס איז טאַקע דיא בעדייטונג פון דעם קרייץ פון פּאַלענקע. מען ווייס אויך, אַז דער קרייץ איז איינגעפיהרט געװוען ביי דיא מאַיאַס און אַנדערע אינדיאַנער שטאַמען, אַזוי גוט וויא ביי פערשיעדענע קולטור־פעלקער אין אַזיע, אַפריקאַ און אויראָפּאַ, אַלס אַ צייכען פון דיא פיער עקען וועלט און פון דיא פיער יאָהרעסצייטען.


פיגורען מיט היעראָגליפען פון פּאַלענקע.

דיא זאָנדערבאַרע בעפּליגעלטע בעשעפעניש איבער דעם דאָזיגען קרייץ זאָל, נאָך דיא מיינונגען פון געלעהרטע אַרכעאָלאָגען, וועלכע האָבען פּרובירט אויפדעקען דיא טיעפע געהיימנים פון דיזע אַלע צייכענס, סימבאָלען און היעראָגליפען, האָבען פאָרגעשטעלט דעם מאָרגענשטערן.

נור וואָס פאַר אַ גלויבען עס איז ניט געווען פערבונדען מיט דיעזען גע־



דער קרייץ פון פאַלענקע.

הייטנישפאַלען קרייץ, איז עס דאָך קלאָר, אַז דיא בויערס פון אַזעלכע פּאַלאַצען און טעמפּלען זיינען שוין געשטאַנען אויף אַ הויכער שטופע פון קולטור.



### צווייטער קאַפּיטעל.

# דיא מלוכות אין אַנאַהואַק

נאָך דיא טאָלטעקען האָבען זיך אַריינגעריסען אין אַנאַהואַק אַנדערע נאַהואַ־שטאַמען, פון וועלכע דיא בעקאַנטעסטע זיינען דיא טשיטשימעגען און אַצטעקען.

זיי זיינען געווען זעהר ווילד און גרויזאַם, אָבער ביסלעכוויז זיינען זיי געוואָרען ציוויליזירטער אונטער דעם איינפלוס פון דיא טאָלטעקען און אַנדערע פאָרטגעשריטענע שטאַמען אין דעם טהאָל פון מעקסיקאָ. אַלעס וואָס מען וויים פון זיי, איז פון אייניגע איבערגעבליעבענע אָריגינעלע בילדער־שריפטען און געשיכטען, וועלכע אַ פּאָאָר שפּאַניש־געבילדעטע מעקסיקאַנער האָבען אָנגעשריעבען אַ קורצע צייט נאָך דער שפּאַנישער עראָבערונג. דיא וויכטיגסטע קוועלען פאַר דיא געשיכטע פון אַלט־מעקסיקאָ, ספּעציעל פון דיא מלוכות אין אַנאַהואַק, געפינען זיך אין דיא בעשרייבונגען פון פערנאַנדאָ דע אַלוואַ איכטלילכאָטשיטל (Ixtlilxochitl), וועלכער האָט געשטאַמט פון דער קעניגליכער פאַמיליע אין טעצקוקאָ און איז געווען אָנגעשטעלט אַלס דאָלמעטשער ביי דיא שפּאַנישע וויצע־קעניגע אין מעקסיקאָ. ער האָט זיינע היסטאָרישע ווערק געשריעבען אין שפּאַניש, נור ער האָט אויך פערשטאַנען דיא בילדער־שריפטען פון זיינע לאַנדסלייט. ער האָט געהאַט אַ גרויסע ביבליאָטהעק און פלעגט זעהר פלייסיג שטודירען דיא מעקסיקאַנער מאַנוסקריפּטען, וועלכע ער האָט נור געקענט קריגען. ער האָט אויך איבערגעגעבען דיא לעגענדען פון דיא נאַהואַ־שטאַמען. אין זיין געשיכטע זיינען אָבער היסטאָרישע פאַקטען אַזוי צוזאַמענגעמישט מיט מיטהען און באָבע־מעשות, אַז עס איז אָפט שווער צו דערגעהן דעם אמת.

דיא טשיטשימעגען שטעלט ער פאָר אַלס ווילדע, וועלכע פלעגען אַרומגעהן נאַקעט און פרעסען הינט, וועלף, מייז, יאַשטשערקעס, שלאַנגען און אפילו ווערים. דיא קריעגסגעפאַנגענע פלעגען זיי ניט נור סקאַלפּירען, וויא דאָס איז געווען דער מנהג פון אינדיאַנער בכלל, און אָפּפערן צו דיא געטער, וויא אַלע אַנדערע שטאַמען אין מעקסיקאָ און צענטראַל־אַמעריקאַ, זאָנדערן פּשוט אויפפרעסען. זיי האָבען פערגעטערט דיא נאַטור־קרעפטע, וויא אַלע אַנדערע פּרימיטיווע מענשען אויף דעם ערדקוגעל. זייער הויפּט־גאָט ניכקאָאַטל איז

געוועזן אַ פּערזאָניפיצירונג פון דער שטראַהלענדער, וואַרעמענדער און אויפלעבענדער זון. דיא בעדייטונג פון דיזען נאָמען איז "דיא שלאַנג פון דיא וואָלקענס". דאָס איז געוועזן זייער יופּיטער מיט'ן דונער און בליץ. וויא מיר ווייסען עס שוין פון דיא ערקלערונגען איבער קוועצאַלקאָאַטל, האָט מען זיך פאָרגעשטעלט בליצען אין דער פאָרמע פון שלאַנגען.

דיא טשיטשימעגען האָבען געלעבט אַ לענגערע צייט אין אַנאַהואַק, ווען דיא טאָלטעקען האָבען דאָרטען געהערשט. נאָכהער אָבער, אין אָנפאַנג פון צוועלפטען יאָהרהונדערט, וויא מען שליסט עס פון דיא איבערגעבליבענע מעקסיקאַנער כראָניקעס, האָבען זיי זיך פערבונדען אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ פּיהרער מיט'ן נאָמען כאָלאָטל, וועלכער איז געוועזן דער גרינדער פון אַ קעניגליכער דינאַסטיע, מיט וועלכער דיא אַצטעקישע איז שפּעטער פערוואַנדט געוואָרען. זיי האָבען אָבער אפנים שנעל איבערגענומען דיא ציוויליזאַציאָן פון דיא טאָלטעקען און בכלל פון דיא עלטערע מלוכות אין אַנאַהואַק. איינער פון כאָלאָטל'ס יורשים האָט געגרינדעט לעבען דיא ברעגען פון דער אָזערע טעצקוקאָ אַ מלוכה, וועלכע איז געוועזן אַנערקענט פאַר דיא בעסטע און ציוויליזירטעסטע.

איכטלילכאָטשיטל, וועלכער האָט געשטאַמט פון דיזער קעניגליכער דינאַסטיע, בעשרייבט אין זיין געשיכטע בעזאָנדערס אויספיהרליך און מיט זעהר העלע פאַרבען דיא מלוכה פון טעצקוקאָ, וועלכע האָט דערגרייכט איהר העכסטע שטופע אונגעפעהר אַ הונדערט יאָהר פאַר דיא שפּאַנישע עראָבערונג. ער שטעלט פאַר איינעם פון דיא קעניגע פון טעצקוקאָ, מיט'ן לאַנגען נאָמען נעזאַהואַלקאָיאָטל (דאָס מיינט: דער הונגעריגער פוקס) אַלס אַ גרויסען חכם און פילאָזאָף, אַלס אַ גלויביגען אין איין גאָט און פערדיגער געגען מענשליכע קרבנות. ער האָט אויך פערצייכענט איינינע שפּריכע און שירים פון דיזען מעקסיקאַנער שלמה המלך.

צו דער צייט פון דיזען קעניג און פון זיין זוהן מיט'ן נאָמען נעזאַהואַלפּילי איז שוין אויך שטאַרק געוואָרען דיא מלוכה פון דיא אַצטעקען. דיא איינוואָהנער פון טעצקוקאָ, דיא אַלקאָהואַס, און דיא אַנדערע שטאַמען אין אַנאַהואַק און אַרום האָבען געקוקט מיט פעראַכטונג אויף דיא אַצטעקען, וועלכע האָבען זיך בעזעצט אויף עטליכע קליינע אינזלען אין דיא ערגסטע און זומפּיגסטע ערטער ביי דער אָזערע טעצקוקאָ. מען האָט זיי בעזאָנדערס געהאַסט פאַר זייער מענשען־פּרעסענדע רעליגיאָן, פאַר דיא גרויסע צאָהלען מענשליכע קרבנות, וועלכע זיי פּלעגען שטענדיג ברייגען צו זייער קריעגס־גאָט מיט'ן לאַנגען נאָמען הויצילאָפּאָטשטלי און מיט'ן קירצערן נאָמען מעכיטלי. אָבער מען האָט אויך מורא געהאַט פאַר זיי, ווייל זיי זיינען געוועזן זעהר קריעגעריש. ביסלעכווייז האָבען זיי זיך ניט נור פערמעהרט און פערשטאַרקט אויף זייערע אינזלען, זאָנדערן זיי האָבען אויך געקראָגען דיא אויבערהאַנד. דער צענטער פון קולטור איז אַלץ פער־

בליבען אין דער מלוכה פון דיא אַלקאָהואַס אָדער טעצקוקער, אָבער דיא פּאָלי־טישע מאַכט איז געלעגען אין דער מלוכה פון דיא אַצטעקען. דיזע צוויי מלוכות צוזאַמען מיט דער קלענערער מלוכה טלאַקאָפּאַן פון דעם שטאַם טרעפּאַנעקען האָבען עס געהאַט געבילדעט דעם דריי־בונד פון אַנאַהואַק צו דער צייט פון דער שפּאַנישער עראָבערונג.

דיא מעקסיקאַנער כראָניקעס שילדערן דיא לאַנגע און ביטערע מלחמות, וועלכע זיינען געפיהרט געוואָרען אין פערלויף פון אונגעפעהר צוויי הונדערט יאָהר פאַר קאָלומבוס'עס רייזע צווישען דיא שטאַרקסטע שטאַמען פון אַנאַהואַק, דיא טשיטשימעקען, אַלקאָהואַס, טרעפּאַנעקען און אַצטעקען, פאַר דיא אויבער־הערשאַפט. קיינער פון זיי איז אָבער ניט געווען גענוג שטאַרק צו בעהערשען אַ לענגערע צייט דיא אַנדערע. ווען איינע פון זייערע קליינע מלוכות פלעגט ווערען צו שטאַרק אונטער דער פיהרונג פון אַ קריעגערישען קעניג, פלעגען זיך דיא אַנדערע פערבינדען געגען איהם, אום צו ברעכען זיין מאַכט און אָנהאַלטען דאָס פּאָליטישע גלייכגעוויכט.

דיא אַצטעקען, וועלכע זיינען געווען דיא שוואַכסטע בשעת זיי האָבען אַריינגעוואַנדערט אין דעם טהאָל פון מעקסיקאָ און זיינען אַ געוויסע צייט זאָ־גאַר פערשקלאַווט געווען פון דיא טרעפּאַנעקען, האָבען אַלץ געוואונען אין מאַכט דורך זייער מיליטערישע הילפע אין דיא מלחמות צווישען דיא שטאַרקערע שטאַמען. אין אָנפאַנג פון 14טען יאָהרהונדערט האָבען זיי געהאָלפען דיא טרעפּאַנעקען אין דעם קאַמפּף געגען דיא מלוכה פון דיא טשיטשימעקען אין טעצקוקאָ, נור מיט אייניגע יאָהרען שפּעטער האָבען זיי זיך פערבונדען מיט דיא טעצקוקער געגען מאַכטלאַ, דעם גרויזאַמען קעניג פון דיא טרעפּאַנעקען. נאָך אַ גרויסער שלאַכט, וועלכע האָט זיך געענדיגט מיט'ן טויט פון מאַכטלאַ און מיט דער צערשטערונג פון זיין הויפּט־שטאָדט, וואָס עס איז געשעהען אין דער ערשטער העלפטע פון 15טען יאָהרהונדערט, מיט אונגעפעהר אַ יאָהר אַכציג פאַר קאָרטעץ'עס עקספּעדיציע, האָבען דיא אַצטעקען אויסגעקליבען פאַר זייער הערשער אַ מיטגליעד פון זייער קעניגליכער פאַמיליע, וועלכער האָט זיך בע־זאָנדערס אויסגעצייכענט אַלס קריעגער אין דעם לאַנגען קאַמפּף מיט דיא טרע־פּאַנעקען. זיין אַצטעקישער נאָמען איז געווען מאָנטעקהוזאָמאַ אילהוקאַמינאַ. דאָס איז אפנים געווען דער ערשטער פון דיא אַצטעקישע קעניגע מיט'ן נאָמען מאָנטעקהוזאָמאַ אָדער מאָנטעזומאַ, וויא דיא שפּאַניער האָבען עס אויסגע־שפּראָכען.

אונטער דער הערשאַפט פון דיזען קריעגערישען קעניג זיינען דיא אַצטעקען אַלץ שטאַרקער געוואָרען. דיא אַנדערע קעניגע אין אַנאַהואַק האָבען מורא גע־האַט איינצורייסען מיט איהם. ער האָט פערשפּרייטעט דיא גרענעצען פון זיין מלוכה און געצוואונגען אַ סך שבטים אַרום צו צאָהלען איהם קאָנטריבוציע.

דיא שוידערליכע זייט פון דיזער קאָנטריבוציע איז בעשטאַנען אין מענשליכע קרבנות צו דיא געטער, ספּעציעל צום קריעגס־גאָט הויצילאָפּאָטשטלי. לכבוד דיזען בלוטיגסטען פון אַלע בלוטיגע אָבגעטער ביי אַלע אינדיאַנער פעלקער האָט דיזער מאָנטעזומאַ, וועלכער איז אויך געווען אַ גרויסער פאַנאַטיקער, אויפגע־בויט אַ ריזיגען טעמפּעל אָדער "טעאָקאַלי" אויף דעם מעקסיקאַנער לשון. דאָס איז געווען דער גרעסטער טעאָקאַלי אין אַנאַהואַק צו דער צייט פון קאָרטעץ, וועלכער האָט איהם צושטערט נאָך איינער פון זיינע אַטאַקעס אויף דער הויפּט־שטאָדט פון דיא אַצטעקען.

דיא ערעפנונג פון דיזען טעמפּעל איז געפייערט געוואָרן מיט גרויסע צע־רעמאָניעס און מיט מאַסען מענשליכע קרבנות. דיא פעלקער וואָס האָבען גע־מוזט אַנערקענען דיא אויבערמאַכט פון דיא אַצטעקען, האָבען אויך געמוזט צו־שטעלען אַ בעשטימטע צאָהל יונגע לייט אַלס אָפּפער צו דיא אַצטעקישע געטער. אָבער אַזוי וויא דאָס איז ניט געגוג געווען פאַר דעם אויסעראָרדענטליכען בלו־טיגען געצענדיענסט פון דיא אַצטעקען, פלעגען זייערע קעניגע פיהרען מלחמות און בעפאַלען דיא שוואַכערע שטאַמען אין אַליץ ווייטערע געגענדען, אום צו פאַנגען קרבנות פאַר זייער אונערזעטליכען הויצילאָפּאָטשטלי.

זיי פלעגען זוכען ניט צו טויטען זייערע שונאים אין קריעג, נור זיי צו פאַנגען לעבעדיגערהייט. זיי האָבען געגלויבט, אַז דער בעסטער אָפּפער און טהייערסטער מאכל פאַר זייערע געטער איז דאָס צאַפּעלדיגע האַרץ פון אַ קריעגס־געפאַנגענעם. אַזאַ גלויבען איז אויך געווען פערשפּרייטעט ביי דיא אַנדערע נאַהואַ שטאַמען, ביי דיא מאַיאַס א. ז. וו. געוועהנליך פלעגען זיי אָפּ־פערן צו זייערע געטער קריעגס־געפאַנגענע און בכלל פרעמדע. נור דיא אַצטע־קען האָבען אפּנים איבערטראָפען אין דיזע רעליגיעזע אויסשלאַכטונגען אַלע אַנדערע אינדיאַנער, אויב מען זאָל אָננעהמען פאַר כשר'ע מטבעות דיא בע־שרייבונגען פון דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס, וועלכע האָבען נאַטירליך געהאַט אַן אינטערעס צו מאָלען דעם שונא וואָס שווארצער, אום דערמיט צו רעכטפערטי־גען זייערע אייגענע ווילדע רציחות.

פאַרבייגעהענדיג וועלען מיר דאָ פערצייכנען דעם פאַקט, דאָס קאָרטעץ האָט זעהר פיעל געוואונען אין דיא שלאַכטען מיט דיא אַצטעקען ניט נור דורך דעם, וואָס זיי זיינען פערהאַסט געווען פון דיא אַרומיגע שטאַמען פאַר דיא מענשליכע קרבנות, וועלכע זיי פלעגען אַליץ מעהר פאָרדערען, זאָנדערן אויך דורך דעם, וואָס זיי פלעגען אַליץ זוכען צו פאַנגען אַ שפּאַניער לעבעדיגער־הייט, אום איהם צו אָפּפערן צו זייער קריעגס־גאָט. עס קען זיין, אַז קיין איינ־ציגער פון דיא שווערד־העלדען אונטער דער קאָמאַנדע פון קאָרטעץ וואָלט ניט

געבליבען צו דערצעהלען עפּעס וועגען דיא וואונדערבארע עראָבערונג פון מעקסיקאָ, ווען דיא אַצטעקישע קריעגער וואָלטען געציעלט זיי צו טויטען און ניט צו פאַנגען לעבעדיגערהייט.



א סקולפּטור וואס שטעלט פאָר וויא מען האט מקריב געוועזן מענשען.

וויא אזוי מען פלעגט ברייגגען מענשליכע קרבנות צו דיא געטער, איז צו זעהען פון דעם בייליעגענדען בילד, וואָס איז אַ פאָטאָגראַפּיע פון אַ סקולפּטור, וועלכע אַ דייטשער רייזענדער האָט געפונען צווי־שען דיא חורבות פון טעמפּלען לעבען דעם דאָרף סאַנטאַ לו־טשיאַ אין גוואַטעמאַלאַ (דיזע סקולפּטור איז אין מיטען אי־בערגעבראָכען). דער מעסער וואָס דער נאַקעטער פּריעסטער מיט משונה'דיגע בעפּוצונגען אויף'ן קאָפּ האַלט אין דער רעכטער האַנד איז געווען פון אַ האַרטען סאָרט שטיינער. דיא פּריעסטער אין אַנאַהואַק פלע־גען צוערשט אויפשניידען דיא ברוסט פון דיא קרבנות מיט שטיינערנע מעסערס און אַרויסרייסען זייערע הערצער. זיי פלעגען עס טהאָן זעהר פלינק מיט אזעלכע שטיינערנע מע־סערס, ווי אויף דער בייליעגענ־דער צייכנונג. מאַנכעס מאָל פלעגט מען אָבער זעהר פיעל און לאַנג מאַטערן דיא אָפּפער, נאָך דיא פאַרשריפטען פון אַ גרויליכען צערעמאָניאַל, איידער מען פלעגט ענדיגען זייער לע־בען דורך אַרויסרייסען זייערע צאַפּלדיגע הערצער. ביי אייניגע צערעמאָניעס

פלעגען זיך דיא פריעסטער בעשמירען מיט דעם בלוט און זיך אויך בעדעקען מיט די הויטען פון דיא קרבנות. מיר ברענגען א צייכנונג פון א מעקסיקאַנער סטאַטוע, וועלכע שטעלט פאָר א פריעסט אָנגעטאָן אין דער הויט פון א מענש־



א שטיינערנער מעסער צו עפענען דיא הערצער פון מענשליכע קרבנות.

ליכען קרבן. דיא רעליגיאָן פון דיא פעלקער אין מעקסיקאָ און צענטראַל־אמע־ריקאַ האָט בכלל פערלאַנגט פיעל בלוט. זעהר אָפט פלעגען זיי ביי רעליגיעזע צערעמאָניעס עפענען זייערע אָדערן און זיך איינשטעכען (בעזאָנדערס אין דיא אויע־רען) אום צו לאָזען בלוט. נור הויפּטזעכליך פלעגען עס טהאָן דיא פריעסטער.



סטאַטוע פון א פריעסט אין הויט פון א מענשליכען קרבן.

דיא אַצטעקען פלעגען צוקוקען מיט פאַנאַטישער האַרטהערציגקייט, וויא מען פלעגט מקריב זיין מענער, פרויען און אויך קינדער (אין דער צייט פון טריקענעסען פלעגט מען געוועהנליך אָפּפערן קינדער, אום איינצושטילען דעם צאָרן פון רעגען־גאָט), וויא מען פלעגט פייניגען דיא אָפּ־פער און בכלל פראַוזען דיא בלוטיגע צערע־מאָניעס. דיא טעמפּלען פון דיא אַצטעקען זיינען געוועזען מענשליכע יאַטקעס. דאָרטען האָט עס שטענדיג געשטונקען מיט פער־פוילטע פלייש.

מען דאַרף אָבער דערפון ניט שליסען, אַז אין זייער פאַמיליען־לעבען און אין זיי־ערע געזעלשאַפטליכע בעציהונגען זיינען זיי געוועזען ערגער, ווילדער און גרויזאַמער פאַר אַזעלכע אינדיאַנער שטאַמען, וועלכע פלעגען גאָר ניט מקריב זיין מענשען צו

זייערע געטער, און בכלל פאַר אַנדערע פעלקער אויף דערזעלבער מדרגה פון קולטור. פערקעהרט, זיי האָבען זיך גראַדע געפיהרט אין זייער געזועהנליכען לעבען גאַנץ פיין אפילו נאָך דיא בעשרייבונגען פון דיא שפּאַניער. אונטער דעם איינפלוס פון דיא טעצקוקער זיינען דיא אַצטעקען אויך אַלץ מעהר ציוויליזירט געוואָרען. דיא פרויען זיינען פערהעלטניסמעסיג גוט בעהאַנדעלט געוואָרען. פּאָליגאַמיע איז געווען פערבאָטען. זיי זיינען געוועזן מוזיקאַליש, וויא דיא מעקסיקאַנער היינט. זיי האָבען געהאַט שולען, וואו מען פלעגט ניט נור לערנען לעזען און שרייבען זייערע שריפטען און געבען אונטערריכט אין רעליגיאָן, מאָראַל און וועלטליכע קענטניסע (בעזאָנדערס אַסטראָלאָגיע און אַ בעקאַנטשאַפט מיט זייער מערקווירדיגען לוח), זאָנדערן אויך איינשטודירען פּאָעמען און לידער.

זיי האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט אַ בעזאָנדערער ליעבע צו בלומען, וויא זייערע קינדער ביז היינט צו טאָג. ביי זיי זיינען אויך איינגעפיהרט געווען געוויסע טעאַטראַלע פּאָרשטעלונגען מיט טענץ, נור דיא שוישפּיעלער פלעגען טראָגען מאַסקעס פון פערשיעדענע חיות.


סטאַטוע פון מעקסיקאַנער גאָט פון טענץ און ספּאָרט.

צווישען דיא איבערגעבליבענע שטומע עדות פון זייער ציוויליזאַציאָן איז דער מערקווירדיגסטער אַ גרויסער אויסגעקריצטער שטיין, וואָס געפינט זיך יעצט לעבען דעם קאַטאָלישען קאַטהעדראַל פון דער מעקסיקאַנער הויפּט־שטאָדט. ער טראָגט דעם נאָמען קאַלענדער־שטיין, ווייל דיא אַצטעקען האָבען אויף איהם אויסגעקריצט זייערע צייט־רעכנונגען אין יאָהרען, מאָנאַטען און טעג. מיר קענען זיך ניט אַריינלאָזען אין איינצעלהייטען מכח דיזע רעכנונגען, וועלכע דיא אַצטעקען האָבען איבערגענומען צוזאַמען מיט דיא בילדער־שריפטען און אַנדערע קונסטען ביי דיא טאָלטעקען און אַנדערע עלטערע שטאַמען. מיר וועלען נור איבערגעבען דיא כמעט־איינשטימיגע מיינונגען פון געלעהרטע פאָרשער, דאַרונטער אויך פון אַלעקסאַנדער פאָן הומבאָלט, אַז דער דאָזיגער קאַלענדער האָט בעזאָנדערס גרויסע עהנליכקייטען מיט דעם קאַלענדער פון דיא מאָנגאָלען אין אַזיע, אַזעלכע עהנליכקייטען, וועלכע מען קען אַם בעסטען ערקלעהרען דורך דיא היפּאָטעזע (השערה), אַז דיא מעקסיקאַנער

שטאמען האבען אמאל איבערגענומען דיא וויכטיגסטע טהיילען פון זייער לוח ביי דיא מאנגאלישע שטאמען.

דיזער קאלענדער־שטיין איז געפונען געווארען אין 1790 בשעת מען האט געמאכט אויסגראבונגען אין דעם ארט, וואו עס איז געוועזען אויסגעבויט דער גרויסער אצטעקישער טעאקאלי און וואו עס שטעהט היינט דער גרויסער קאַ־טאלישער קאטהעדראל. ער איז דארטען געבליבען ליעגען צווישען דיא חורבות, ווען דיא שפאניער אונטער דער קאמאנדע פון קארטעז האבען צושטערט אלע אצטעקישע טעמפלען. מען רעכענט, אז דיא קאטאלישע גלחים האבען געהייסען אריינוואַרפען אין דיא זומפען דארטען דיזען קאלענדער־שטיין צוזאמען מיט



דער אצטעקישער קאלענדער שטיין.

געצקעס און אנדערע חפצים פון דיא צושטערטע טעאקאלים. נור צו דער צייט, ווען מען האט אויסגעגראבען דיזען שטיין, האט שוין געהערשט א פרייערער גייסט אפילו צווישען דיא קאטאלישע גלחים אין מעקסיקא. זיי האבען פערלאנגט דעם שטיין, אבער ניט אום איהם צו צושטערען אדער בעגראבען, נור צו האל־

טען אַלס אַן אָנדענקען. דער שפּאַנישער וויצע־קעניג האָט זיי ערלויבט צו האַלטען דיזען שטיין אין קאַטהעדראַל, אָבער מיט דער בעדינגונג, אַז דאָס פּובּליקום זאָל איהם קענען בעטראַכטען צו יעדער צייט. ער ווערט יעצט גע־רעכענט פאַר דאָס אייגענטהום פון נאַציאָנאַלען מוזעאום פון מעקסיקאָ.

דער קאַלענדער־שטיין איז אַ זעהר שווערער. ער פערנעהמט צוועלף פוס אין דיאַמעטער (דורכמעסער). בשעת מען האָט איהם געבראַכט צו שלעפּען (דאָס האָט פּאַסירט מיט אַ קורצער צייט פאַר דער שפּאַנישער ערָאבערונג) פון דעם אָרט, וואו מען האָט איהם אויסגעהאַקט און אויסגעקריצט, נאָך דער הויפּט־שטאָדט, אום איהם אַרויפצוציהען אין דעם גרעסטען און הייליגסטען פון דיא טעאָקאַלים, האָט עס פּאַסירט, אַז ער האָט דורכגעבראָכען אַ בריק צווישען דיא אינזלען און אַז אַ סך אַרבייטער, וויא אויך איינינע פּריעסטער, וועלכע האָבען קאָמאַנדעוועט אַלס אינזשענערען און אַרכיטעקטען, זיינען דערטרונקען געוואָ־רען. מען האָט איהם אָבער אויפגעהויבען און שליסליך אויפגעשטעלט אויף זיין בעשטימטען פּלאַץ. ביי דיזער צערעמאָניע האָט מען אויך מקריב געווען אַ סך מענשען אויף דעם דאָזיגען הייליגען שטיין גופא.


א געקרייציגטע פיגור מיט סימ־באָלען פון מעקסיקאַנער גאָט טלאַ־קאַכיפּעןנאַליצטלי (נאָך אַן אַצטע־קישען מאַנוסקריפּט)

איינינע פון דיא אַרכעאָלאָגען, וועלכע האָ־בען זיך ספּעציעל אָבגעגעבען מיט אויספאָרשען דיא מאָנומענטען און שריפטען פון מעקסיקאָ און צענטראַל־אַמעריקאַ, רעכענען, אַז דער דאָ־זיגער קאַלענדער־שטיין האָט אויך געדיענט אַלס זונען־זייגער און אַלס מזבח צום זונען גאָט.

אין דעם אָרט, וואו דיזער קאַלענדער־שטיין איז געוועזען בעגראָבען, האָט מען אויך געפונען אַ מוסטער פון דער אַצטעקישער סקולפּטור־קונסט. דאָס איז אַ סטאַטוע פון אַ געטין, וואָס האָט גע־טראָגען דעם נאָמען קאָאַטליקו אָדער ציהואַקאָ־אַטל, (בעדייטעט דיא "שלאַנגען פרוי"). דיזע זאָנדערבאַרע סטאַטוע מיט שלאַנגען געפינט זיך אין נאַציאָנאַלען מוזעאום פון דער מעקסיקאַ־נער הויפּט־שטאָדט. דיא דאָזיגע געטין איז גערעכענט געווען אַלס דיא מוטער פון דער ערשטער מענשליכער פּאָאָר און אויך פון דעם זונען־גאָט קוועצאַלקאָאַטל. מען האָט איהר אויך פערעהרט אַלס דיא הערשערין איבער דיא טויטע.

די בילדער־שריפטען זיינען ביסלעכווייז אַזוי ענטוויקעלט געוואָרען, אַז מען האָט זאָגאַר געקענט לעזען די נעמען פון פּערזאָנען און ערטער, ווי אויך דאַטען פון פּאַסירונגען. דאָס האָט דאַרום זעהר פיעל געהאָלפען און העלפט דיא אויראָ־

פּעאישע און היינטיגע מעקסיקאַנישע געלעהרטע צו דערגעהן וואָס עס האָט זיך געטהאָן אין דיזע אינדיאַנער מלוכות.

מען דאַרף דערביי נעהמען אין אַנבעטראַכט, דאָס דיזע פעלקער האָבען ניט געהאַט קיינע לאַסט־טהיערע. פערד, אָקסען, שעפּסען, ציגען א. ז. וו. — דאָס איז אַלץ געבראַכט געוואָרען פון אייראָפּאַ באַלד נאָך דער ענטדעקונג פון אַמעריקאַ. דיא בופעל־אָקסען האָבען זיך געפונען אין דיא געגענדען ווייט צום נאָרד פון דיא מעקסיקאַנער הויבלענדער. דיזע בהמות זיינען קיין מאָל ניט געצאַמט געוואָרען פון דיא ווילדע אינדיאַנער שטאַמען אין דיא געגענדען, וועלכע געהערען יעצט צו יונייטעד סטייטס און קענעדע. דיא אַצטע־קען און אַנדערע פעלקער אין מעקסיקאָ און אין צענטראַל־אַמעריקאַ האָבען וואהר־שיינליך גאָר ניט געהערט פון אַזעלכע חיות. זיי האָבען אפילו ניט געהאַט אַזעלכע קליינע און שוואַכע לאַסט־טהיערע וויא דיא פּערואַנער שעפּסען (לאַמאַס, אַלפּאַקאַס). זיי האָבען דאַרום געמוזט אַלעם אַליין שלעפּען, וואָס עס האָט נאַטירליך זיי געמוזט זעהר פיעל שטערען אויף יעדען שריט צו אַ העכערער קולטור. דערצו נאָך האָבען זיי גאָר ניט געוואוסט פון אייזען און אפילו מיט קופּערנע געצייג האָבען זיי זיך גאַנץ ווענינ בענוצט. מען מוז זיך דאַרום וואונ־דערן, וויא אַזוי זיי האָבען געקענט אויפבויען אַזעלכע ריזיגע טעמפּלען און אויס־האַקען, פּאָלירען, אויסקריצען און שלעפּען אַזעלכע גרויסע שטיינער, וויא דיא חורבות אין דיא אַמאָליגע קולטור־צענטערס און מלוכות דאָרטען צייגען עס.



דריטער קאפיטעל.

# דיא ערשטע עקספּעדיציעס נאָך מעקסיקאָ

דער ערשטער צוזאַמענשטויס צווישען דיא שפּאַניער און דיא איינגעבאָרע־נע פון צענטראַל־אַמעריקאַ איז פּאָרגעקומען אַ יאָהר 25 נאָך קאָלומבוס'עס ערשטע רייזע. איינינגע שפּאַנישע אַוואַנטוריסטען אונטער דער קאָמאַנדע פון פראַנציסקאָ הערנאַנדעץ דע קאָרדאָוואַ האָבען זיך אין 1517 אַ לאָז געטהאָן פון קובאַ צו זוכען נייע לענדער ווייטער צו וועסט און אויך צו פאַנגען נייע שקלאַווען פאַר דיא שפּאַנישע קאָלאָניעס אויף דיא וועסט־אינדישע אינזלען, וואו דיא שוואַכע איינגעבאָרענע, וועלכע האָבען גאָר ניט געטויגט צו שווערע אַרבייט, זיינען אין אַ קורצער צייט אויסגעגאַנגען פּשוט וויא פליעגען אונטער דער קריסט־ליכער השגחה פון זייערע שפּאַנישע הערשער. מען האָט אפילו באַלד נאָך דער גרינדונג פון די ערשטע קאָלאָניעס אין עספּאַניאָלאַ, קובאַ און פּאָרטאָ ריקאָ אָנגע־פאַנגען צו אימפּאָרטירען דיא קרעפטיגע שוואַרצע פון אַפריקאַ אויף דעם פּלאַץ פון דיא שוואַכע איינגעבאָרענע, אָבער דאָס איז ניט געווען גענוג פאַר דיא שפּאַנישע קאָלאָניסטען, וועלכע האָבען געזוכט וואָס שנעלער צו ערווערבען גרויסע רייכטהימער.

דיזע אַוואַנטוריסטען זיינען צוגעשוואומען צו דיא מזרח־ברעגען פון האַלב־אינזעל יוקאַטאַן, וואָס ליעגט ניט ווייט פון דיא מערב־ברעגען פון קובאַ און וואָס איז געווען דער גרעסטער צענטער פון דער ציוויליזאַציאָן פון דיא מאַיאַ־שטאַמען. אין איין אָרט האָט מען זיי אויפגענומען פריינדליך, אין אַן אַנדערן אָבער האָט מען זיי בעגעגענט מיט אַ רעגען פון פיילען, ווען זיי האָבען געוואָלט לאַנדען. זיי האָבען זיך דאַרום שנעל צוריקגעקעהרט נאָך קובאַ. קאָרדאָוואַ האָט געקראָגען אַזעלכע וואונדען ביי אַ צוזאַמענשטויס מיט דיא איינגעבאָרענע אין יוקאַטאַן, אַז ער איז געשטאָרבען עטליכע טעג נאָך זיין אָנקומען צוריק אין האַוואַנאַ.

זיי האָבען אָבער געזעהען גענוג צו בעוואונדערען דיא שטעדט פון דיא

מאיאס און אויפצומונטערען מיט זייערע בעשרייבונגען אנדערע שווערד־העלדען און אויך וועלאסקעץ, דעם גובערנאטאר פון קובא, צו עראבערען דיזע לענדער.




דיא שווארצע טהיילען אויף דיזער לאנדקארטע פון וועסט־אינדיען אדער אנטיל־אינזלען, פון צענטראל־אמעריקא און פון א טהייל פון זיד־אמעריקא בעצייכנען דיא ערטער, וואס קאלומבוס האט ענטדעקט אין זיינע פיער רייזען.

פאר דעם הויפט פון דער עקספעדיציע האט דיזער גובערנאטאר אויסגעקליבען א געוויסען כואן דע גריכאלוואַ, איינעם פון זיינע פערוואנדעטע. אין 1518 איז

גריכאלוואׅ צוזאַמענגעקומען מיט זיין באַנדע שפּאַניער צו דיא נאָרדליכע געגענדען פון יוקאַטאַן, וועלכע האָבען געהאַט נעהנטערע פערבינדונגען מיט דער מלוכה פון דיא אַצטעקען. לעבען דער מינדונג פון דעם טייך טאַבאַסקאָ, וועלכער פליסט דורך דעם מעקסיקאַנער שטאַאט מיט'ן זעלבען נאָמען, האָבען זיך דיא שפּאַניער אונטער דער קאָמאַנדע פון גריכאלוואׅ צוזאַמענגעטראָפען צום ערשטען מאָל מיט דיא געזאַנדטע פון דעם אַצטעקישען קעניג מאָנטעזומאַ, וועמעס הערשאַפט איז שוין אויך געווען פערשפּרייט איבער ווייטע געגענדען לעבען דיא ברעגען פון גאָלף אָוו מעקסיקאָ. דיא רייכע פּרעזענטען, מייסטענס גאָלד־ציערונגען, וואָס דיא שפּאַניער האָבען געקראָגען פון מאָנטעזומאַ'ס שלוחים און פון דיא קאַ־סיקען (עלטסטע) אין טאַבאַסקאָ, וויא אויך דיא קליידער און דיא האַלטונג פון דיעזע אינדיאַנער אַריסטאָקראַטען, האָבען געגעבען דיא שפּאַניער צו פערשטעהן, אַז דאָ האָבען זיי שוין צו טהאָן מיט אַ גרויסער און רייכער אימפּעריע, ניט בלויז מיט נאַקעטע און שוואַכע אינדיאַנער, וויא אין קובאַ און אין גאַנץ וועסט־אינדיען.

גריכאלוואׅ האָט אַוועקגעשיקט איינעם פון זיינע וויכטיגסטע אַדיוטאַנטען, דעם זעלבען פּעדראָ דע אַלווארַאדאָ, וועלכער איז אויך געוואָרען דיא רעכטע האַנד פון קאָרטעץ און האָט זיך בעריהמט געמאַכט ביי דער עראָבערונג פון מעקסיקאָ און ביי וויטערע עקספּעדיציעס אין צענטראַל־אַמעריקאַ, — צוריק נאָך קובאַ, אום צו דערלאַנגען די טייערע געשאַנקען צום גובערנאַטאָר וועלאַסקעץ און אָבצוגעבען אַ בעריכט איבער דיא ניי־ענטדעקטע לענדער. אַליין איז גרי־כאלוואׅ וויטער אַרומגעשוואומען ביי דיא ברעגען פון מעקסיקאָ און דערביי איז איהם אויך אויסגעקומען צו זעהען אויף איין אינזעל אַ טעמפּעל, וואו מען פלעגט ברענגען מענשליכע קרבנות.

ער האָט אָבער אויך ניט לאַנג אַרומגערייזט דאָרטען און האָט זיך צוריק־געקעהרט נאָך קובאַ, אום צו בעשפּרעכען נייע פּלענער מיט דעם גובערנאַטאָר וועלאַסקעץ. דער לעצטער האָט שוין אָבער ניט געוואַרט אויף אויספיהרליכע בעריכטען פון גריכאלוואׅ. דיא געשאַנקען, וואָס אַלווארַאדאָ האָט געבראַכט פון מעקסיקאָ, האָבען אויפגערייצט דעם אונערזעטליכען גאָלד־אַפּעטיט פון דיא שווערד־העלדען אין קובאַ זיך אַ לאָז צו טהאָן אַהין צו שעפּען גאָלד און צו בעהערשען נייע לענדער. וועלאַסקעץ האָט גלייך בעשלאָסען אויסצושטאַטען נייע שיפען און צו אָרגאַניזירען אַ שטאַרקע עקספּעדיציע. פאַר דעם פיהרער פון דיזער עקספּעדיציע האָט ער אויסגעקליבען אַ יונגען שווערד־העלד, וועלכער פערנעהמט דעם ערשטען פּלאַץ צווישען אַלע קאָנקוויסטאַדאָרעם און וועלכער האָט טאַקע איינגענומען מיט אַ הייפעל שפּאַניער דיא שטאַרקסטע מיליטערישע מלוכה אין דער נייער וועלט. דער לעזער פערשטעהט שוין, אַז דאָס איז געווען

הערנאַנדאָ קאָרטעז, וועמעס אויפטהואונגען רופען אַרויס אַלגעמיינע בעוואונ־דערונג.

ער איז אַלט געווען בלויז 19 יאָהר, ווען ער איז אין 1504 אוועק זוכען גליק אין דער נייער וועלט. זיין פאָטער איז געווען אַן אדעלמאַן פון דער שפּאַ־נישער פּראָווינץ עסטרעמאַדורא, אָבער אַן אָרימער. ער האָט געשיקט זיין זוהן שטודירען יוריספּרודענץ אין דער אוניווערזיטעט פון סאַלאַמאַנקאַ, אום איהם



הערנאַנדאָ קאָרטעז.

פאַרצובערייטען פאַר אַ ציוויל־קאַריערע. אָבער דער יונגער קאָרטעז האָט גע־טרוימט פון אַ מיליטערישער קאַריערע און האָט בכלל קיין חשק ניט געהאַט צו שטודירען. ער איז צוערשט אַריינגעטראָטען אין דער אַרמעע, אום צו דיענען אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם בעריהמטען שפּאַנישען קריעגס־פיהרער גאָנ־סאַלוואָ דע קאָרדאָוואַ אין נעאַפּעל. אָבער פאַר דער אָפּרייזע פון דער פלאָטע איז ער גראָדע פערוואונדעט געוואָרען דורך אַ פאַל פון אַ דאַך, און ווען ער איז

געזונד געוואָרען, האָט ער בעשלאָסען צו פאָלגען דעם ביישפּיעל פון פיעלע מוטהיגע קאוואַליערען אין זיין צייט צו צייגען גבורות און העלדען־טהאַטען אין דער נייער וועלט. איינער פון דיא קרובים פון זיין פאמיליע איז גראדע דאַן בעשטימט געוואָרען פאר דעם גובערנאַטאָר פון סאַן דאָמינגאָ (האאיטי), וואו עס האָט זיך געפונען דיא ערשטע פון דיא שפּאַנישע קאָלאָניעס, וועלכע קאָלומבוס האָט געגרינדעט אין וועסט־אינדיען. קאָרטעץ האָט איהם בעגלייט און האָט געקראָגען זיין חלק לאַנד מיט אינדיאַנער שקלאַווען, "רעפּאַרטיעמענ־טאָ" וויא מען האָט עס גערופען אויף שפּאַניש, אין האאיטי אַזוי וויא יעדער שפּאַניער, וועלכער האָט נור געוואָלט זיך בעזעצען אין אַ קאָלאָניע און ווערען אַ פּלאַנטאַטאָר.

דער גובערנאַטאָר האָט פּאַטראָניזירט זיין קרוב, וועלכער איז געווען אַזוי שעהן און בראַוו וויא יונג, און האָט איהם געגעבען געלעגענהייטען צו מאַכען געלד. אָבער קאָרטעץ האָט לאַנג ניט געקענט פערבלייבען אויף איין אָרט. ער האָט געטרוימט פון ווייטע רייזען, אַוואַנטורען און עראָבערונגען. דאַרום האָט ער זיך בעטהייליגט אין דער עקספּעדיציע, וועלכע איז געשיקט געוואָרען אונ־טער דער קאָמאַנדע פון דיעגאָ וועלאַסקעץ אין 1511 נאָך קובאַ. ער האָט זיך דאָרט אַזוי אויסגעצייכענט, אַז וועלאַסקעץ האָט איהם געמאַכט פאר דעם אַל־קאַדע אין סאַנטיאַגאָ און נאָכהער איהם אַנפערטרויט דיא עקספּעדיציע נאָך מעקסיקאָ, וויא מיר ווייסען עס שוין.

פון זיינע "רעפּאַרטיעמענטאָס" אין האאיטי און קובאַ, וואו ער האָט בע־האַנדעלט דיא פערשקלאַוועטע אינדיאַנער און אויך נעגערן, וועלכע מען האָט אָנגעפאַנגען אַלץ מעהר צו אימפּאָרטירען אין אַלע שפּאַנישע און פּאָרטוגעזישע קאָלאָניעס, אַזוי גרויזאַם וויא דיא אַנדערע קאַוואַליערען, האָט ער אָנגעזאַמעלט אַ היבשע סומע געלד, אָבער ער האָט אויסגעגעבען זיין גאַנצען פערמעגען און האָט נאָך געבאָרגט, וויא פיעל ער האָט געקענט, אום וואָס בעסער אויסצושטאַ־טען דיא עקספּעדיציע נאָך מעקסיקאָ.

נאָך אַלע אָנשטרענגונגען פון וועלאַסקעץ און קאָרטעץ, וויא אויך פון אַנ־דערע קאַוואַליערען און אַוואַנטוריסטען, וועלכע האָבען זיך אָנגעכאַפּט אָן דער געלעגענהייט צו ערווערבען זיך אַ גרויסען שם אין דער וועלט און רייכטהימער, האָט מען געקענט צוזאַמענברענגען בלויז 11 קליינע זעגעל־שיפען מיט 110 מאַטראָזען, 553 סאָלדאַטען, פון וועלכע נור 45 זיינען געווען בעוואַפענט מיט ביקסען. דערצו נאָך האָבען זיי געהאַט אַ צעהנדליג האַרמאַטען און 16 פערד. אָט מיט דיזער "מחנה" האָט זיך עס הערנאַנדאָ קאָרטעץ אַ לאָז געטהאָן אין נאָוועמבער 1518 צו עראָבערען לענדער, וועגען וועלכע ער האָט שוין געוואוסט אַז זיי זיינען בעפעלקערט פון שטאַרקע און קריעגערישע שטאַמען אונטער דער הערשאַפט פון אַ גרויסען קייזער מיט'ן נאָמען מאָנטעזומאַ. זיין אַדיוטאַנט

אַלוואַראַדאָ און עטליכע אַנדערע שווערד־העלדען, וועלכע האָבען זיך בעטהייליגט אין קאָרדאָוואַ'ס און גריכאַלוואַ'ס עקספּעדיציעס, האָבען איהם נאַטירליך איבערגעגעבען אַלעס, וואָס זיי האָבען געזעהען און געהערט אין צענטראַל־אַמעריקאָ.

אָבער דיא קאַוואַליערען און אַוואַנטוריסטען, וועלכע האָבען זיך אַ שאָט געטהאָן צו זאַמלען אוצרות אין דיא עלדאָראַדאָס פון דער נייער וועלט, האָבען זיך ניט אָבגעשטעלט פאַר קיינע געפאַהרען. מען מעג זאָגען, אַז פאַר זיי איז קיין זאַך ניט געווען צו שווער. זיי האָבען טאַקע בעוויזען אַזעלכע העלדען־טהאַטען און גבורות, וואָס שיינען אונז פּשוט אונגלויבליך. דיא ווירקליכקייט האָט ניט איין מאָל איבערטראָפען דיא פאַנטאַזיעס אפילו פון דיא דאָזיגע שווערד־העלדען גופא. עס איז זיכער, אַז קאָרטעץ האָט זיך גאָר ניט געקענט פאָרשטעלען, וויא שווער און בלוטיג עס וועט זיין דער קאַמפּף מיט דיא אַצטעקען, אפילו ווען ער האָט שוין פערברענט זיינע שיפען און אָנגעפאַנגען זיין בעריהמטען מאַרש אויף דיא בערג צו דער מעקסיקאַנער הויפּט־שטאָדט.



קאָרטעץ אין פולער בעוואַפנונג
(דער אָריגינאַל געפינט זיך אין נאַציאָנאַלען מוזעאום פון מאַדריד).

פון דער אַנדער זייט אָבער דאַרף מען האָבען אין זינען, אַז דיזע שווערד־העלדען האָבען זיך נאַטירליך פערלאָזען אויף זייערע פייערשיסענדע און אייזערנע געוועהר, וויא אויך אויף זייער העכערע קריעגס־קונסט. פייל־און־בויגענס און שטיינער געגען ביקסען און קאַנאָנען; שטיינערנע העק און פּיקעס געגען אייזערנע; הילצערנע שווערדען מיט אַריינגעשטאָכענע שפּיציגע שטיקלעך פון אָבסידיאַן (וואולקאַנישע גלאָז) און אַנדערע סאָרטען האַרטע שטיינער (אַזעלכע שווערדען זיינען געווען דיא שטאַרקסטע און געפעהרליכסטע געוועהר פון דיא אַצטעקען) געגען שטאָלענע שווערדען — דאָס איז פּונקט וויא אַ צוזאַמענשטויס פון אַ ליימענעם טאָפּ מיט אַן אייזערנעם. עס ווערט אונז דאַן פערשטענדליך, וויא אַזוי עטליכע שווערד־העלדען האָבען געקענט ניט נור אויסהאַלטען דיא פערצווייפעלטע אַטאַקעס פון טויזענדער אינדיאַנער, זאָנדערן אויך זיי צו פעריאָגען און אויסשלאַכ־

טען. נור ווען מען זאָל אפילו פערוואַרפען דיא שפּאַנישע בעריכטען (און קיין אַנדערע האָבען דאָך גאָר ניט געקענט בלייבען) אַלס זעהר איבערטריבענע, מוז מען אַלץ צוגעבען, אַז עס איז טאַקע אַ וואונדער, וויא אַזוי אַזאַ געוואַגטע אונטערנעהמונג איז שליסליך געלונגען.

ווען קאָרטעז, וועלכער האָט נאָכגעפאָלגט דעם וועג פון גריכאַלוואַ׳ם עקספּעדיציע, איז צוגעקומען צו קאָזומעל, אַן אינזעל ביי דיא ברעגען פון יוקאַטאַן, האָט ער ערפאַהרען דורך צייכענס פון דיא איינגעבאָרענע, אַז זיי האָבען געזעהען ווייסע מענשען מיט בערד אַלס געפאַנגענע. קאָרטעז האָט דאַן איבערגעלאָזען אַ בריעף מיט אַ שיפעל און עטליכע סאָלדאַטען פאַר זיי. מען האָט טאַקע באַלד אויסגעפונען אַ ווייסען מאַן געקליידעט און טאַטואירט וויא דיא מאַיאַס, צווישען וועלכע ער האָט שוין געהאַט אָבגעלעבט זיעבען יאָהר. זיין שפּאַנישער נאָמען איז געווען כעראָם ד׳אַגילאַר. ער האָט דערצעהלט, אַז אין 1511 איז דיא שיף, אויף וועלכער ער איז געפאָהרען צוזאַמען מיט אַנדערע אַוואַנטוריסטען, געזונקען לעבען דיא ברעגען פון יוקאַטאַן. ער איז געווען איינער פון דיא פערצעהן, וועלכע עס איז געלונגען צו רעטען זיך דורך שווימען. דער קאַסיק האָט זיי גראַדע גוט בעהאַנדעלט און אויך ניט דערלאָזען, אַז מען זאָל זיי מקריב זיין צו דיא געטער. זיי זיינען אָבער אַלע אויסגעשטאָרבען אויסער איהם, וועלכער האָט שוין געהאַט אַ מאַיאַ־ווייב מיט קינדער און האָט זיך אַזוי צוגעוועהנט צו לעבען וויא דיא איינגעבאָרענע, אַז ער האָט זיך אָנפאַנגס ענטזאַגט צו נעהמען אַנטהייל אין קאָרטעז׳עם עקספּעדיציע. מען האָט איהם אָבער שנעל איבערגערעדט, און אַזוי וויא ער האָט זיך געקענט צוזאַמענריידען מיט דיא מאַיאַס, איז ער נאַטירליך געווען זעהר ניצליך אַלס דאָלמעטשער. דיזער פאַל בעווייזט, אַז שפּאַניער האָבען זיך שוין געפונען אין דער נאַכבאַרשאַפט פון מעקסיקאָ וועניגסטענס מיט אַ יאָהר זיעבען פאַר גריכאַלוואַ׳ם עקספּעדיציע. אויב מאָנטעזומאַ און דיא אַנדערע הערשער אין אַנאַהואַק האָבען דערפון געהערט, בלייבט אַן אָפענע פראַגע.

יעדענפאַלס איז עס זיכער, אַז צו דער צייט ווען קאָרטעז איז צוגעקומען צו דיא ברעגען פון טאַבאַסקאָ, וואו דיא איינגעבאָרענע האָבען פּראָבירט זיך וועהרען און וואו זיי האָבען שנעל זיך אונטערגעגעבען און אפילו צוגעזאָגט אָנצונעהמען דיא קריסטליכע רעליגיאָן, וויא נור זיי האָבען דערהערט דיא שיסעריי פון ביקסען און דערזעהן דיא פערד, האָבען שוין דיא אַצטעקען גענוג געוואוסט פון דיא וואונדערבאַרע פרעמדע, אום זיך צו שרעקען פאַר זיי זעהר שטאַרק. דיזער נאַטירליכער שרעק פאַר אַזעלכע מענשען מיט אַזעלכע געוועהר איז נאָך פערגרעסערט געוואָרען דורך דיא מאַכט פון אַבערגלויבען, ספּעציעל דורך דיא זאָנדערבאַרע לעגענדען וועגען דעם שוין דערמאָנטען זונען־גאָט קוועצאַלקאָאַטל.

נאָך דיזע לעגענדען האָט קוועצאַלקאָאַטל שליסליך פערלאָזען דיא הויכ־לענדער פון מעקסיקאָ, וואו ער האָט אויפגעטהאָן זעהר פיעל גוטעס פאַר דיא פעלקער, וועלכע האָבען פריהער געלעבט אין פינסטערנים און ווילדקייט, איז אַוועק צו דיא ברעגען פון אַטלאַנטישען אָקעאַן און איז אַוועקגעשוואומען צו דער פאַבעלהאַפטער מדינה טלאַפאַלאַן. פאַר זיין אַברייזע האָט ער אָבער געטרייסט זיינע פערטרויערטע בעגלייטער, אַז ער וועט נאָך צוריק קומען און דאַן וועלען זיך אָנפאַנגען, זאָ צו זאָגען, משיח׳ס צייטען. דיא מעקסיקאַנער האָבען פעסט געגלויבט, אַז ער וועט האַלטען וואָרט און וועט קומען פון מזרח צו ער־לייזען זיי פון אַלע זייערע צרות. אַזוי וויא זיי האָבען זיך פאָרגעשטעלט דיזען זונען־גאָט מיט אַ ווייסער הויט און אויך מיט אַ לאַנגער באָרד, האָט מען דיזע לעגענדען צוזאַמענגעפלאָכטען מיט קאָרטעץ׳ן און זיינע בעגלייטער. דיזע פאָרשטעלונגען, וועלכע שטימען נאַטירליך ניט מיט אַ רויטהויטיגער און באָרד־לאָזער ראַסע, וואָלטען געבליבען אין גאַנצען אונערקלערליך, ווען גרינדליכע קולטור־געשיכטליכע נאָכפאָרשונגען איבער מיטהאָלאָגיע בכלל און איבער זונען־געטער בפרט, וואָלטען ניט געצייגט, אַז דיא געטער, וועלכע האָבען פערזאָניפי־צירט דיא שיינענדע, וואַרעמענדע און אויפלעבענדע קראַפט פון דער זון און וועלכע זיינען דאַרום בעטראַכטעט געווען אַלס ציוויליזירער און לעהרער, וויא אויך ערלייזער, האָבען זיך אַלע פעלקער געוועהנליך אויך פאָרגעשטעלט אין אַ העלער געשטאַלט און מיט שטראַהלענדע האָאָר.

נור וואָס פאַר מיינונגען מען זאָל ניט האָבען וועגען דעם אורשפּרונג פון אַזעלכע ערשטוינענדע פאָרשטעלונגען און לעגענדען, איז עס זיכער, אַז קאָרטעץ, וועלכער איז אויך געווען אַ געשיקטער דיפּלאָמאַט, איז געווען צופריעדען, וואָס דיא אינדיאַנער האָבען איהם צוערשט אָנגענומען פאַר דעם דאָזיגען אָבגאָט אַליין אָדער פאַר זיינעם אַ זוהן. דאָס האָט איהם אויך זעהר פיעל געהאָלפען אין זיינע אונטערהאַנדלונגען מיט דעם הערשער פון דיא אַצטעקען. דער לעצ־טער פון דיא מאָנטעזומאַס איז ערצויגען געוואָרען אַלס פריעסטער איידער ער איז אויסגעקליבען געוואָרען אַלס קעניג, וויא עס האָט זיך געפיהרט ביי דיא אַצטעקען. ער איז געווען זעהר אַבערגלויביש און פאַנאַטיש. דיא לעגענדען וועגען קוועצאַלקאָאַטל האָבען בעזאָנדערס שטאַרק געווירקט אויף זיין שוואַכער און שרעקעדיגער שטעלונג צו קאָרטעץ׳ן, וויא מיר וועלען עס באַלד זעהען.

דער הערשער פון דיא אַצטעקען, פאַר וועמען אַלע פעלקער אַרום האָבען געציטערט, האָט נור געזוכט איינצורייידען דיא „קינדער פון קוועצאַלקאָאַטל“, אַז זיי זאָלען זיך אָבטראָגען צוריק אָדער ווענינסטענס ניט אַריינדרינגען אין זיין לאַנד. זיין ערשטער אולטימאַטום איז געווען, ווען ער האָט געקראָגען בעריכטען פון זיינע עסטאַפעטען וועגען דיא לאַנדונג פון קאָרטעץ׳עס עקספּע־דיציע אין דעם פאָרט, וואָס טראָגט זייט דאַן דעם נאָמען ווערא קרוץ, אַז דיא

אונגעבעטענע געסט זאָלען זיך באַלד צוריקציהען. אזוי איז געווען דער בעשלוס פון דעם שטאַאטס־ראַטה, וואָס מאָנטעזומא האָט צוזאַמענגערופען, אום צו בעשטימען, וואָס מען זאָל טהאָן אין אַזאַ אויסעראָרדענטליכען פאַל. אין דער זעלבער צייט האָט ער אָבער געשיקט אַזעלכע טהייערע געשאַנקען, אַז דאָס האָט נור געקענט נאָך מעהר אויפרייצען דעם בעגעהר פון דיא שפּאַניער צו פערכאַפּען אַזעלכע רייכע לענדער.

אין דער צייט וואָס מאָנטעזומא האָט דורך זיינע שלוחים ניט אויפגעהערט צו פאָדערען, אַז דיא פרעמדע זאָלען פערלאָזען זיין לאַנד, האָט קאָרטעץ זיך אַלץ מעהר בעקאַנט מיט דיא שטאַמען אין דער נאַכבאַרשאַפט פון ווערא קרוץ און האָט געפּלאַנעוועט וויא אַזוי אַם בעסטען צו דערגרייכען צו דער הויפּט־שטאָדט פון דיא אַצטעקען. ער האָט באַלד אויסגעפונען, אַז דיא אַצטעקען זיינען פערהאַסט געווען ביי דיזע שטאַמען פאַר זייערע אונטערדריקונגען און ספּעציעל פאַר דיא מענשליכע קרבנות, וועלכע זיי פלעגען פערלאַנגען אַלס דעם וויכטיגסטען טהייל פון דער קריעגס־קאָנטריבוציע, וויא מיר ווייסען דאָס שוין. איין טאָג האָט קאָרטעץ געקראָגען דיא איינלאַדונג פון אַ קאַסיק פון אַן אָרט, וואָס בערנאַל דיאַץ און דיא אַנדערע בעשרייבער פון דער עראָבערונג פון מעקסיקאָ רופען צעמפּאָאַלאַן, צו בעזוכען זיין הויפּט־שטאָדט. דערביי האָט ער אויך געלאָזט וויסען, אַז ער איז מאָנטעזומאַ'ס אַ שונא. קאָרטעץ, וועלכער האָט אויסגעקוקט אויף מיטהעלפער צווישען דיא איינגעבאָרענע געגען דעם הערשער פון דיא אַצטעקען, האָט זיך, זעלבסטפערשטענדליך, באַלד אָנגעכאַפּט אָן אַזאַ געלעגענהייט. אַגב האָט ער אויך געוואָלט פערלאָזען זיין לאַגער ביי דיא הייסע און אונגעזונטע ברעגען פון אַטלאַנטישען אָקעאַן און אַריינדרינגען אין דיא געבירגיגע געגענדען, וואו עס איז קיהל אפילו אין זומער.

דיא שפּאַניער זיינען אויפגענומען געוואָרען אין צעמפּאָאַלאַן מיט גרויס פריידע. דאָרטען האָט עס קאָרטעץ זיך דערוואוסט פון אַ לאַנד מיט'ן נאָמען טלאַכקאַלאַ, וואו דיא איינוואָהנער האָבען איינגעפיהרט אַ רעפּובליק און זיינען געווען געשוואָרענע שונאים פון דיא אַצטעקען. ער האָט דאַן גלייך בעשלאָסען אָנצופאַנגען אַ מאַרש צו דיזען לאַנד, אום צו בענוצען זיך מיט דער הילפע פון דיזע אינדיאַנער רעפּובליקאַנער געגען מאָנטעזומאַ, אויב דאָס וועט נור נויטיג זיין פאַר איהם.

דעם 16טען אָגוסט 1519, נאָכדעם וויא קאָרטעץ האָט פערבראַכט אונגעפעהר דריי מאָנאַט אין ווערא קרוץ, האָט ער אָנגעפאַנגען דעם בעריהמטען מאַרש צו דיא הויכלענדער פון מעקסיקאָ, וועלכער האָט זיך געענדיגט אין צוויי יאָהר אַרום מיט דער צערשטערונג פון דער אַצטעקישער אימפּעריע. פאַר זיין אָברייזע האָט ער בעגאַנגען אַ טהאַט, וועלכע מוז פערצייכענט ווערען אַלס איינע פון דיא זעלטענסטע, מערקווירדיגסטע און געוואַגטעסטע אין דער וועלט־גע־

שיכטע. ער האָט נעמליך פערברענט זיינע שיפען, מיט אויסנאהמע פון דער קלענסטער, אום טאקע אָבצושניידען דעם וועג צוריק. ער איז געווען ענטשלאָסען צו קעמפפען ביז'ן לעצטען אָטהעם און ער האָט געוואָלט, אז זיינע סאָלדאַטען זאָלען אויך קוקען דעם מלאך המות גלייך אין דיא אויגען אויף יעדען שריט. ער האָט גערעכענט, אַז ווען זיי וועלען וויסען, דאָס זיי קענען גאָר ניט האָפען צו אַנטלויפען, וועלען זיי זיך ניט אָבשטעלען פאַר קיינע געפאהרען און וועלען אַלץ מאַרשירען פאָרויס ביז זיי וועלען שטאַרבען אָדער דערגרייכען זייער ציעל — דיא עראָבערונג פון מעקסיקאָ. זיינע רעכנונגען האָבען זיך אַרויסגעוויזען פאַר זעהר קלוגע און ריכטיגע.



פערטער קאפּיטעל.

# דער מאַרש נאָך מאָנטעזומאַ'ס הויפּט־שטאָדט און די "טרויעריגע נאַכט"

דיא עקזיסטענץ פון טלאַכקאַלאַ ליפערט אונז דעם שטארקסטען בעווייז, אַז דיא מאַכט פון דער אַצטעקישער אימפּעריע איז גאָר ניט געווען אַזוי גרויס, וויא דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס האָבען עס געשילדערט אין זייערע בעריכטען. דאָס איז דער קלענסטער פון דיא 27 שטאַאטען און 3 טעריטאָריעס, אין וועלכע דיא היינטיגע מעקסיקאַנער רעפּובליק איז פּאָליטיש צוטהיילט. טלאַכקאַלאַ פערנעהמט היינט דעם זעלבען שטח, וויא אין מאָנטעזומאַ'ס צייט, נעמליך, 1595 סקווער מייל (ניט פיעל גרעסער פאַר רהאָד איילענד און אונגעפעהר פינף מאָל אַזוי גרויס וויא ניו יאָרק סיטי). נאָך דעם צענזוס פון 1910 צעהלט דער דאָזיגער סטייט 172,315 נפשות. מען מעג מיט זיכערהייט אָננעהמען, אַז מיט 400 יאָהר צוריק איז דיא בעפעלקערונג דאָרטען ניט געווען געדיכטער וויא היינט. דער באָדען איז אַ מאָגערער, וועניג פרוכטבאַר, און עס קען זיין, אַז דאַרום האָבען דיא טלאַכקאַלאַנער, וועלכע האָבען געהערט צו דער נאַהואַ־ראַסע און האָבען מיט אַ פּאָאָר הונדערט יאָהר פאַר דיא שפּאַנישע עראָבערונג אויסגעוואַנדערט פון א געגענד לעבען דיא וועסטליכע ברעגען פון טעכקוקאָ, געקענט פערבלייבען דאָרטען און אָנהאַלטען זייער פּאָליטישע אונאַבהענגיגקייט.

יעדענפאַלס, ווען אַזאַ קליינער און אָרימער שטאַאַט אין אַזאַ קליינער און אָרימער געגענד אין אַנאַהואַק, טאַקע אין זעהר נאָהענטער נאַכבאַרשאַפט מיט מאָנטעזומאַ'ס הויפּט־שטאָדט, האָט געקענט אויסהאַלטען דיא אַטאַקעס פון דיא אַצטעקען, בלייבט דערפון צו שליסען, אַז דיא שפּאַנישע בעריכטען זיינען בכלל זעהר איבערטריבענע, בעזאָנדערס ווען זיי שילדערן זייערע שלאַכטען מיט דיא אַצטעקען. פאַר דיא הייפּעלע שווערד־העלדען אונטער קאָרטעץ'עס קאָמאַנדע זיינען אָבער דיזע רויטהויטיגע רעפּובליקאַנער געווען אַ גליק. מען מעג זאָגען, אַז אָהן דער הילפע פון דיא טלאַכקאַלאַנער וואָלט קאָרטעץ ניט דערלעבט אַריינצורייסען זיך אין דער אַצטעקישער הויפּט־שטאָדט. קיין בע־

סערע מיטהעלפער האָט ער גאָר ניט געקענט קריעגען געגען מאָנטעזומא. זיי האָבען געהאַסט דיא אַצטעקען וויא דעם טויט.

צוערשט אָבער האָבען זיי גאָר ניט פריינדליך אויפגענומען דיא שפּאַניער. זייערע אָנפיהרער זיינען ניט געווען איינינ וועגען דעם, וויא אַזוי זיי זאָלען בעגעגענען דיא פרעמדע. זיי האָבען געפיהרט וועגען דעם לאַנגע און פייערדיגע דיסקוסיעס. איינינע האָבען פאָרגעשלאָגען, אַז מען זאָל זיך בענוצען מיט אַזאַ טהייערער געלעגענהייט זיך אָבצורעכענען מיט דעם פערהאַסטען הערשער פון דיא פערהאַסטע אַצטעקען, אַנדערע האָבען פאָרויסגעזאָגט גרויסע אונגליקען דורך אַ פערבאַנד מיט אַזעלכע וואונדערליכע מענשען. קאָרטעז, וועלכער איז נאַטירליך געווען אונגעדולדיג צו דערגרייכען וואָס שנעלער דעם ציעל פון זיין געוואַגטער אונטערנעהמונג, האָט געוואַרט עטליכע טעג אויף דער אַנטוואָרט פון דיא עלטסטע דאָרטען, אָבער נאָך א צוזאַמענשטויס מיט אַ שטאַם, וואָס איז געווען פריינדליך צו דיא מוטהיגע רעפּובליקאַנער און וואָס האָט פּרובירט איבערהאַקען דעם וועג דיא שפּאַניער, האָט ער בעשלאָסען מעהר ניט צו וואַרטען און אַריינצורייסען זיך אין זייער הויפּט־שטאָדט. דאַן האָבען זיי אָנגענומען דעם ראַטה פון דיא עלטסטע, וועלכע האָבען גע׳טענה׳ט, אַז מען דאַרף וואָס שנעלער פעריאָגען און פערניכטען דיא פרעמדע און אויך זיי פאַנגען אַלס קרבנות צו דיא געטער (דיא רעליגיאָן פון דיא טלאַכקאַלאַנער איז געווען אַ בלוטיגע, וויא ביי אַלע נאַהוּאַ־שטאַמען, און זיי פלעגען פון צייט צו צייט אויך מקריב זיין מענשען צו דיא געטער).

דעם 5טען סעפּטעמבער 1519 איז אַזוי געקומען צו אַ שלאַכט צווישען דיא שפּאַניער און דיזע אינדיאַנער. דיא שלאַכט האָט זיך געצויגען פיער שטונדען און האָט זיך געענדיגט צו גונסטען פון דיא ערשטע. דיא טלאַכקאַלאַנער האָבען אָבגעהאַלטען אַ נייעם ראַטה און אָנגעפרעגט דיא געטער דורך דיא פּריעסטער. אַזוי וויא דער כהן גדול זייערער האָט ערקלערט, אַז דיא פרעמדע פון מזרח־זייט זיינען זונען־קינדער און זייגען דאַרום אונבעזיעגבאַר זאָ לאַנג דיא זון שיינט, אָבער ביי נאַכט פערלירען זיי זייער געטליכע גבורה און ווערען געוועהנליכע שטערבליכע, איז עס געבליבען, אַז מען זאָל פּרובירען אַטאַקירען דיא זונען־קינדער ביי נאַכט. ווען דיזע אַטאַקע האָט זיך אָבער געענדיגט דערמיט, וואָס דיא טלאַכקאַלאַנער זיינען זיך באַלד צולאָפען אין שרעק, וויא נור דיא שפּאַניער האָבען אָנגעפאַנגען צו שיסען, האָבען זיי זיך אַזוי ווייט אונטערגעגעבען, אַז זיי האָבען אַנערקענט דיא אויבערהערשאַפט פון שפּאַנישען קעניג און אפילו אָנגענומען דעם שפּאַנישען גאָט, וויא קאָרטעז האָט עס געפאָרדערט.

זייט דאַן זיינען דיזע מוטהיגע רעפּובליקאַנער געוואָרען דיא טרייעסטע העלפער פון דיא שפּאַניער. זיי האָבען בעגלייטעט קאָרטעז׳ן אין זיין מאַרש

און האָבען אַנטהייל גענומען אין אַלע שלאַכטען ביז דיא אַצטעקישע מלוכה איז צושטערט געוואָרען.

קאָרטעץ איז פערבליבען אַ פּאָאַר טעג אין זייער שטאָדט, וואו זיי האָבען געזוכט אַרויסצוצייגען פריינדשאַפט צו דיא אונבעזיעגבארע זונען־קינדער, און האָט זיך אַ לאָז געטהאָן צו דער אַלטער האַנדעלס־שטאָדט טשאָלולאַ, וואו עס האָט זיך געפונען דער גרעסטער און בעריהמטעסטער טעמפּעל לכבוד קוועצאַלקאָאַטל אויף אַ פּיראַמידע, וואָס איז הויך געוועזן 177 פוס און האָט פערנומען אַ שטח פון 45 אַקער. אַזוי וויא דיא פאַנאַטישע קאָנקוויסטאַדאָרעס האָבען צושטערט אַלעס וואָס זיי האָבען געפונען אין דיזען טעמפּעל, וואוהין עס פלעגען קומען פּילגרימען פון אַלע ווינקלען פון אַנאַהואַק, ווייס מען עד היום זעהר ווענִיג בעשטימטעס וועגען דיא געשיכטע פון דיזען אַלטען צענטער פון דער מעקסיקאַנער קולטור. נאָך דיא בעריכטען פון קאָרטעץ און פון בערנאַל דיאַץ, דעם הויפּט־היסטאָריקער פון זיין עקספּעדיציע, האָבען זיך אין טשאָלולאַ געפונען 20,000 איינוואָהנער, אָבער מאָדערנע היסטאָריקער דענקען, אַז דאָס איז אַזוי איבערטריבען, וויא אַלע בעריכטען, רעכנונגען און אָבשאַצונגען פון דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס.

אין טשאָלולאַ האָבען דיא שפּאַנישע שווערד־העלדען געצייגט, וויא ווילד־גרויזאַם זיי קענען זיין און וויא פיעל בלוט זיי קענען פערגיסען אין אַ פּאָאַר שטונדען. דיא איינוואָהנער האָבען אויפגענומען דיא אונגעבעטענע געסט העפליך און זאָגאַר פריינדליך, אָבוואָהל זיי האָבען זיך געפונען אונטער דער אויבערהערשאַפט פון מאָנטעזומאַ. זיי האָבען געהאַט זייערע אייגענע קאַסיקס. זייער אונטערטהעניגקייט צו מאָנטעזומאַ האָט זיך אויסגעדריקט אין דער צאָהלונג פון אַ געוויסער קאָנטריבוציע. מען ווייס ניט אויף ריכטיג, וואָס דיא קאַסיקס דאָרטען האָבען בעשלאָסען צו טהאָן מיט דיא פרעמדע אין זייער שטאָדט, נור קאָרטעץ פערזיכערט אין זיין בעריכט, דאָס זיי האָבען געפּלאַנעוועט אַרומצורינגלען פּלוצלונג און אויסצושלאַכטען דיא שפּאַניער. דאַרום האָט ער בעשלאָסען זיי צו בעשטראָפען אַזוי, אַז דאָס זאָל אַרויפיאָגען אַ טויט־שרעק אויף אַלע פעלקער אין אַנאַהואַק. ער האָט צוזאַמענגעקליבען דיא קאַסיקס און דיא אָנגעזעהענסטע איינוואָהנער אין אַ גרויסען הויף, און נאָכדעם וויא ער האָט זיי בעשולדיגט אין אַ פעררעטהערישער פערשווערונג און האָט זיך ענטזאָגט אויסצוהערען זייערע טענות און ערקלערונגען, האָט ער געגעבען אַ סיגנאַל זיי אויסצושלאַכטען. „מעהר פון דריי טויזענד זיינען אומגעקומען אין צוויי שטונדען“, אַזוי שטעהט אין אַ בריעף, אין וועלכען קאָרטעץ בעשרייבט דיזע שוידערליכע בלוט־באָד. דיא טלאַכקאַלאַנער, וועלכע האָבען בעגלייטעט דיא שפּאַניער און געהאָלפען אין דיזער הריגה, האָבען אויך גערויבט וויא פיעל זיי האָבען געקענט אַוועקשלעפּען.

ווען מאָנטעזומאַ האָט געקראָגען צו וויסען דורך זיינע שלוחים און שפּיאָ־ נען אין טשאָלולאַ וועגען דיזע בלוט־באָד, האָט ער נאָך מעהר אָנגעפאַנגען צו ציטערען פאַר אַזעלכע שרעקליכע מענשען. דיא איינוואָהנער פון טשאָלולאַ האָבען דאַן בלינד געפאָלגט, וואָס דיא שפּאַניער האָבען געהייסען. ווען קאָר־ טעץ האָט פערלאָזען טשאָלולאַ, אום פאָרטצוזעצען זיין מאַרש צו דער מעקסי־ קאַנער הויפּט־שטאָדט, איז ער בעגלייטעט געווען ניט נור פון דיא טלאַכקאַלאַ־ נער, וועלכע זיינען העכסט צופריעדען געווען מיט אַזעלכע אונבעזיעגבארע פריינד, זאָנדערן אויך פון פיעלע טשאָלולאַנער. קיינער האָט שוין מעהר ניט געזוכט צו שטערען דיא "קינדער פון קוועצאַלקאָאַטל" אויף זייער וועג צום הערליכען טהאָל פון מעקסיקאָ. ווען זיי זיינען צוגעקומען צו דער מלוכה פון טעכקוקאָ, איז דער יונגער קעניג קאַקאַמאַציין אַרויס זיי אַנטקעגען מיט רייכע מתנות, נור ער האָט געבעטען אין נאָמען פון מאָנטעזומאַ, אַז זיי זאָלען זיך צוריקקעהרען. קאָרטעץ האָט קורץ און שאַרף געענטפערט, אַז קיין זאַך אין דער וועלט וועט איהם ניט אָבהאַלטען פון זיין ציעל צו דערגרייכען מאָנטעזו־ מאַ'ס הויפּט־שטאָדט. דיא אורזאַכע, וואַרום דיזער קעניג האָט אָנגענומען אַזאַ שליחות און וואַרום דיא טעכקוקער האָבען דאַן געהאַט אַ פיעל קלענערע בע־ דייטונג אין פערגלייך מיט דיא אַצטעקען, איז געווען, וואָס אַ ביטערער קאַמפּף פאַר דעם טהראָן איז געפיהרט געוואָרען צווישען צוויי ברידער, דיא זיהן פון דעם קעניג נעזאַהואַלפּילי. איינער פון זיי, קאַקאַמאַציין, איז געווען אונטער־ שטיצט פון מאָנטעזומאַ'ן, און דער אַנדערער, מיט'ן נאָמען איכטלילכאָטשיטל, האָט זיך געווענדעט צו דער הילפע פון דיא שפּאַניער, וויא נור קאָרטעץ האָט דערגרייכט טלאַכקאַלאַ. דיזע אינערליכע רייסערייען אין אַנאַהואַק גופא האָ־ בען נאַטירליך געהאָלפען דיא שפּאַניער אין דער עראָבערונג פון מעקסיקאָ.

דעם 8טען נאָוועמבער 1519, קנאַפּע דריי מאָנאַט נאָך זיין אָבפאָהר פון ווערא קרוץ, איז קאָרטעץ אַריין אין טענאָטשטיטלאַן מיט זיינע שווערד־העלדען און פערד, בעגלייטעט פון עטליכע טויזענד טלאַכקאַלאַנער, וועלכע וואָלטען זאָנסט ניט געוואַגט צו צייגען זייערע נעזער דאָרטען, וואו מען פלעגט זיי געוועהנליך אָפּפערען צו דיא געטער, ווען נור דיא אַצטעקישע קריעגער פלעגען האָבען דעם מזל צו פאַנגען איינעם פון זיי לעבעדיגערהייט. מאָנטעזומאַ אַליין, אַרומגערינגעלט פון פרינצען און דיא וויכטיגסטע קאַסיקס און גענעראַלען, אַלע געקליידעט אין זייערע טייערסטע צערעמאָניע קאָסטיומען, האָט אויפגענומען דיא אונגעבעטענע געסט אין איין פלאַץ פון זיין הויפּט־שטאָדט. קאָרטעץ איז רעספּעקטפול צוגעגאַנגען צו מאָנטעזומאַ'ן און האָט אָנגעטהאָן אויף זיין האַלז אַ גאָלדענע קייט מיט קאָלירטע פאַטשערקעס. מאָנטעזומאַ האָט העפליך בע־ גריסט דיא פרעמדע און בעמערקט, אַז אַזוי איז גאָט'ס ווילען. דאַן האָט ער

זיך צוריקגעצויגען מיט גרויסע צערעמאָניעס, איבערלאָזענדיג צוויי פּרינצען צו בעגלייטען דיא שפּאַניער צו דעם פּאַלאַץ, וואָס איז בעשטימט געוואָרען פאַר זיי.

אויף'ן וועג צו דיזען פּאַלאַץ האָט געהערשט אַ טויטע שטילקייט, וועלכע האָט פּאָרויסגעזאָגט אַ בלוטיגען שטורם. מאָנטעזומאַ האָט בעגריסט דיא "קינ־דער פון קוועצאַלקאָאַטל", ווייל ער האָט זיך אנדערש ניט געקענט העלפען, אָבער זיינע אונטערטאַנען האָט ער שטרענג בעפוילען ניט צו בעווייזען זיך אין דיא גאַסען, ווען דיא פרעמדע וועלען אַריינטרעטען. זיי האָבען געפאָלגט, און קאַרטעץ האָט פערשטאַנען, אַז דאָס איז אַ ווארנונג פאַר איהם.

דיא שווערד־העלדען האָבען פון זייער זייט געקוקט מיט זעהר פערדעכ־טיגע אויגען ארום זיך. דיא ערשטע זאַך האָבען זיי בעפעסטיגט דעם פּאַלאַץ, וואו זיי האָבען געלאַגערט צוזאַמען מיט דיא טלאַכקאַלאַנער, און אויסגעשטעלט אַ וואַך צו זיין געזיכערט געגען אַ פּלוצליכען איבערפאַל, אויף וועלכען זיי האָבען זיך געמעגט ריכטען צו יעד־דער צייט. קאַרטעץ האָט געזוכט צו געווינען דיא פריינדשאַפט פון דעם אַצטעקישען קעניג, וועלכער האָט אַלץ שטאַרקער גענומען גלויבען, אַז ער האָט טאַקע צו טהאָן מיט קוועצאַלקאָ־אַטל'ס קינדער און אַז מען דאַרף זיי דארום פאָלגען. קאַרטעץ האָט גאַנץ גוט פערשטאַנען, אַז ער טאָר קיין מינוט ניט פערלירען ביז ער וועט דערגריי־כען זיין רעליגיעז־פּאָליטישען צוועק, נעמליך: צו שטעלען דיא אַצטעקישע מלוכה אונטער דעם שפּאַנישען פלאַג און צו בעזוועגען מאָנטעזומאַ'ן און זיינע אונטערטאַנען אָנצונעהמען דיא קריסטליכע רעליגיאָן.


מאָנטעזומאַ (נאָך אַן אַלטער צייכנונג).

וויא פיעל ער האָט זיך געקענט צוזאַמענרעדען דורך אַ דאָלמעטשער מיט דעם אַצטעקישען הערשער, האָט ער געזוכט צו ערקלערען דיא קריסטליכע לעהרע. דיא אונטערהאַנדלונגען זיינען געפיהרט געוואָרען דורך אַן אַצטעקישע פרוי, וועלכע איז בעריהמט אין דער געשיכטע פון מעקסיקאָ. ווען קאַרטעץ האָט זיך געפונען אין טאַבאַסקאָ, האָט ער געקראָגען צוזאַמען מיט אַנדערע מתנות פון דעם קאַסיק אויך אַ צוואַנציג יונגע שקלאַווינען צו באַקען און צו קאָכען פאַר דיא שפּאַניער. ער האָט גלייך געהייסען זיי אָבטויפען. צווישען זיי האָט זיך

געפונען איינע, וואָס האָט געשטאַמט פון אַן אָנגעזעהענער אַצטעקישער פאַמי־
ליע, נור וואָס איז פערקויפט געוואָרען פון איהר מוטער פאַר אַ שקלאַווין צו
רייזענדע הענדלער, וועלכע האָבען איהר געבראַכט נאָך טאַבאַסקאָ און דאָרטען
פערקויפט צום קאַסיק. ביים טויפען האָט זיא געקראָגען דעם נאָמען מאַרינאַ,
וואָס דיא אינדיאַנער האָבען אויסגעשפּראָכען מאַלינאַ, ווייל אין זייערע שפּראַ־
כען פעהלט דער קלאַנג „ר“. מען האָט זיך ניט אַרומגעקוקט אויף איהר מעהר
וויא אויף דיא אַנדערע שקלאַווינען ביז דיא שפּאַניער האָבען זיך צוזאַמענגע־
טראָפען מיט אַצטעקען. אַגילאַר האָט זיך נור געקענט צוזאַמענרעדען מיט דיא
מאַיאַס, אָבער האָט ניט פערשטאַנען אַ וואָרט פון דיא נאַהואַ־דיאַלעקטען. ווען
מען האָט בעמערקט, אַז מאַרינאַ פיהרט אַ געשפּרעך מיט דיא אָנגעקומענע אַצ־
טעקען, האָט מען איהר גלייך גערופען צו קאָרטעץ'ן, און זיא איז ניט נור גע־
וואָרען דיא דאָלמעטשערין, זאָנדערן אויך דיא פרוי פון דעם שפּאַנישען קאָ־
מאַנדיר. ביז דיזע אַצטעקישע מיידעל, וועלכע האָט אַרויסגעצייגט זעהר גרויסע
פעהיגקייטען, האָט אויסגעלערנט דיא שפּאַנישע שפּראַך, פלעגט זיא צוערשט
איבערזעצען פון אַצטעקיש אין דער מאַיאַ־שפּראַך, וועלכע אַגילאַר האָט אויס־
געלערנט אין זיין געפאַנגענשאַפט, און ער פלעגט שוין איבערזעצען אין שפּאַניש.

ביי אַזאַ דאָפּעלטער איבערזעצונג האָבען נאַטירליך געמוזט פאָרקומען מיס־
פערשטענדניסע, בפרט נאָך ווען עס האָט זיך געהאַנדעלט וועגען רעליגיאָן און
אַנדערע הויכע ענינים. דאָס האָט אָבער אַ האָאָר ניט אָבגעהאַלטען קאָרטעץ'ן
פון זיין פאַנאַטישען בעגעהר צו בעקעהרען וואָס שנעלער מאָנטעזומאַ'ן צום
קריסטענטהום דורך דיא פערמיטלונג פון דיזער געוועזענער שקלאַווין. דער
אַצטעקישער הערשער האָט ניט געקענט פערשטעהן פון מאַרינאַ'ס מויל, וואָס
דאָס איז אַזוינס קריסטענטהום און מיט וואָס דאָס אונטערשיידט זיך פון זיין
רעליגיאָן, אויסער נאַטירליך וואָס דיא רעליגיאָן פון דיא שפּאַניער איז געווען
ענטשיעדען ניט נור געגען מענשליכע קרבנות, זאָנדערן בכלל געגען בלוט־פער־
גיסונגען ביים גאָטעסדיענסט, און אויב ער האָט עפּעס געקענט דערגעהן דורך
איהרע איבערזעצונגען, האָט ער עס געווים געהאַלטען ביי זיך און געצייגט דורך
זשעסטען, אַז ער ווייס ניט, וואָס קאָרטעץ וויל האָבען פון איהם. קאָרטעץ איז
אָבער ניט נור געוואָרען אַלץ אונגעדולדיגער מיט יעדען טאָג, וואָס ער האָט
פערבראַכט אין דער אַצטעקישער הויפּט־שטאָדט, וואו דיא גאַנצע בעפעלקערונג
האָט געקוקט פיינדליך אויף דיא פרעמדע, זאָנדערן ער האָט זיך אויך אָנגע־
פאַנגען אַלץ מעהר צו שרעקען פאַר אַ פּלוצליכען איבערפאַל.

דאַרום האָט ער געפאַסט אַ בעשלוס, וואָס מוז אַרויסרופען בעוואונדע־
רונג. ער האָט נעמליך בעשלאָסען אַריינצוקריעגען מאָנטעזומאַ'ן אין זיינע
הענד. בענוצענדיג זיך מיט דער געלעגענהייט, וואָס אייניגע קאַסיקס זיינען
געווען פערמישט אין דער ערמאָרדונג פון עטליכע שפּאַניער לעבען ווערא קרוז,

האָט קאָרטעץ צוערשט פערלאַנגט, דאָס מאָנטעזומאַ זאָל הייסען זיי בעשטראָ־
פען דערפאַר מיט'ן טויט, און נאָכהער האָט ער קורץ און שאַרף געזאָגט, אַז
עס וואָלט איבערהויפּט געווען בעסער, ווען דער קעניג אַליין זאָל זיך אַריבער־
ציהען אין דעם פּאַלאַץ, וואו דיא שפּאַניער האָבען זיך געפונען. מאָנטעזומאַ
האָט ניט געגלויבט זיינע אויערן, ווען ער האָט דערהערט אַזאַ פאָרשלאַג. ער
האָט זיך נאַטירליך ענטזאָגט. קאָרטעץ האָט געזוכט איהם איינצורעדען מיט
גוטען. אָבער וועלאַסקעץ דע לעאָן, איינער פון קאָרטעץ'עס אַדיוטאַנטען, וועל־
מען עס איז איבערדריסיג געוואָרען צו הערען דיא טענות, האָט אויסגשריען,
אַז מען דאַרף פּשוט כאַפּען און אַוועקשלעפּען מאָנטעזומאַ'ן מיט געוואַלט. דאָס
האָט זעהר שטאַרק איבערגעשראָקען און אויך נידערגעשלאָגען דעם אַצטעקישען
הערשער. מען ווייס ניט, וואָס ער האָט בשעת מעשה געטראַכט און געפיהלט,
נור עס איז אַ פאַקט, אַז ער האָט נאָכגעגעבען און געלאָזט זיך אַוועקפיהרען
פון דיא שפּאַניער.

אַזוי איז דער קעניג פון דיא אַצטעקען, וועמעס נאָמען עס פלעגט אַרויפ־
יאָגען אַ שרעק אויף אַלע אַרומיגע פעלקער, אַריינגעקראָכען אין קאָרטעץ'עס
הענד. עס קען זיין, אַז דורך דיזע מערקווירדיגע פּאַסירונג וואָלט עס קאָר־
טעץ'ן טאַקע געלונגען אויסצופיהרען זיין געוואַגטען פּלאַן פריעדליך און יעדענ־
פאַלס אָהן גרויסע בלוט־פערגיסונגען און אָהן דיא צערשטערונג פון דער אַצטע־
קישער הויפּט־שטאָדט, ווען ער וואָלט ניט געווען געצוואונגען זיך אַ לאָז צו
טהאָן צוריק מיט אַ טהייל פון זיינע שווערד־העלדען נאָך וועראַ קרוץ, וואו עס
האָט געלאַנדעט אַן אַנדער שפּאַנישע עקספּעדיציע, וועלכע דער גובערנאַטאָר
פון קובאַ האָט אַרויסגעשיקט, אום איהם אַרונטערצוזעצען. מען דאַרף וויסען,
אַז דיזער גובערנאַטאָר האָט חרטה געקראָגען, וואָס ער האָט אַנפערטרויט דיא
עקספּעדיציע נאָך מעקסיקאָ צו קאָרטעץ'ן, וויא נור זיא האָט פערלאָזען האַוואַנאַ,
און אַז ער האָט גלייך געשיקט אַ שיף מיט אַ בעפעהל, אַז קאָרטעץ זאָל זיך
צוריקקעהרען. דיזע שיף האָט אָנגעיאָגט קאָרטעץ'עס שיפען, און איהר קאַפּי־
טאַן האָט איבערגעגעבען דעם גובערנאַטאָר'ס בעפעהל; אָבער קאָרטעץ צוזאַ־
מען מיט זיינע שווערד־העלדען האָבען זיך ענטשיעדען ענטזאָגט צו פאָלגען.
דורך דעם איז קאָרטעץ'עס פּאָזיציע געוואָרען אַן אונרעגעלמעסיגע און אונגע־
זעצליכע. ווען ער וואָלט דורכגעפאַלען, וואָלט ער נאָך פערפאָלגט געוואָרען
פאַר אונגעהאָרכזאַמקייט. ווען ער וואָלט אַריינגעפאַלען אין דעם גובערנאַ־
טאָר'ס הענד, וואָלט ער שוין אַ לעבעדיגער פון זיי ניט אַרויסגעקומען.

קאָרטעץ האָט דאַרום בעשלאָסען צו האַנדלען ווייטער אייגענהענטיג און
פּשוט צו פעריאָגען דעם גובערנאַטאָר'ס שליח. דאָס איז איהם שנעל געלונגען.
ער איז פּלוצלונג בעפאַלען דעם לאַגער פון דער נייער עקספּעדיציע און האָט
געפאַנגען דעם קאָמאַנדיר נאַרוואַעץ מיט דעם גרעסטען טהייל פון זיינע העל־

פער. נאכהער האט קארטעז איינינע פון זיי איינגערעדט און אנדערע געצוואונגען צוצושטעהען צו איהם. ער איז דארום שטארקער געווארען אויף דער רעכנונג פון דעם קובאנער גובערנאטאר. אויסער נייע סאלדאטען און א סך געוועהר, האט ער אויך צוגעקראגען פערד, אין וועלכע ער האט זיך בעזאנדערס גענויטיגט. זיין קליינע קאוואלעריע האט געשפיעלט דיא וויכטיגסטע ראלע אין דיא שלאכטען מיט דיא אצטעקען.

ווען ער האט זיך צוריקגעקעהרט אין דער אצטעקישער הויפט־שטאדט אזוי שנעל, וויא ער האט עס נור געקענט, האט ער געפונען, אז זיין שטעלפערטרעטער, דאן פעדרא דע אלוואראדא, האט מיט זיינע ווילדע און גרויזאמע האנדלונגען אזוי אויפגעבראכט דיא גאנצע בעפעלקערונג, אז דער לאגער פון דיא שפאניער איז ארומגערינגעלט און בעפאלען געווארען פון א צורייצטער מאסע. אלוואראדא איז געוועזען א גוטער סאלדאט און האט זיך אויסגעצייכענט מיט זיין העלדישען מוטה אפילו צווישען דיא אוואנטוריסטען, וועלכע האבען צו יעדער מינוט ריזיקירט מיט זייערע לעבענס; אבער איהם האט געפעהלט דער טאקט, וויא אויך דער געזונדער פערשטאנד פון קארטעז'ן. אהן קארטעז'ן וואלט דער שפאנישער לאגער צושטערט געווארען און אלע שווערד־העלדען וואלטען אויסגעשלאכטעט געווארען אדער געבראכט געווארען אלס אפפער צו הויצילאפאטשטילי, ווען נור דיא אצטעקען וואלטען זיי געפאנגען לעבעדיגערהייט.

אפילו נאכדעם וויא קארטעז איז אנגעקומען מיט פערשטערקונגען פון ווערא קרוז, האט זיך דיזע אטאקע פון דיא אצטעקען געענדיגט אזוי טרויעריג פאר דיא שפאניער, אז זיא טראגט אין דער געשיכטע פון דער עראבערונג פון מעקסיקא דעם נאמען La noche triste (טרויעריגע נאכט). צוערשט האט קארטעז פרובירט פעריאגען דיא אצטעקישע קריעגער, וועלכע האבען בעלאגערט דעם פאלאז, וואו דיא שפאניער צוזאמען מיט מאנטעזומא האבען זיך געפונען. אבער יעדעם מאל האט ער זיך געמוזט צוריקציהען מיט אלץ קלענערע צאהלען פון זיינע סאלדאטען. פאר דעם טויט פון יעדען שפאניער האבען דיא אצטעקען בעצאהלט מיט צעהנדליגע און אפשר הונדערטע פון זייערע, אבער עס זיינען דאך אלץ געבליבען צעהנדליגע טויזענדע פאר דיא ווייטערע בעלאגערונג.

ענדליך האט קארטעז בעוואגען און אפשר געצוואונגען מאנטעזומא'ן ארויסצוגעהן אויף דעם פלאכען דאך פון דעם פאלאז צו צייגען זיך פאר זיינע אונטערטאנען און צו בעטען זיי, אז זיי זאלען אויפהערען צו בעפאלען דיא שפאניער. אבער ווען ער האט זיך בעוויזען אין זיינע קעניגליכע קליידער, בעגלייט פון זיינע האפלייטע, און האט אנגעפאנגען צו ריידען צום עולם, וואס האט איינגעהאלטען דעם אטהעם, אום צו הערען, וואס ער וויל זאגען, האט אויסגעבראכען א שטורם פון ווילדען צארן, וויא נור מען האט דערהערט, אז זיין ראטה

איז, דאס מען זאל ווערען גוט פריינד מיט דיא שפאניער. ניט נור האט מען איהם געענטפערט מיט דונערענדע פראטעסטען און געשרייען, אז ער איז א פעררעטהער, זאנדערן מען האט גענומען שיסען אויף איהם מיט פיילען פון בויגענס און שליידערן שטיינער. איין שטיין האט איהם אזוי געטראפען אין קאפ, אז אין עטליכע טעג ארום איז ער געשטארבען פון דיזער וואונד.

דיא אצטעקען האבען דאן אויסגעקליבען פאר זייער קעניג מאנטעזומא׳ס ענערגישען ברודער גוואטעמאזין, וועלכער איז גערעכענט געווען פאר א פעהיגען קאמאנדיר און וועלכער האט טאקע געקעמפפט מיט א פערצווייפעלטען מוטה געגען דיא שפאניער. דיא לאגע פון דיא שפאניער איז געווארען אזוי געפעהרליך, אז קארטעץ האט, נאך א בעראטהונג מיט זיינע אדיוטאנטען, בעשלאסען צו פערלאזען דיא אצטעקישע הויפט־שטאדט. דיזער פערצווייפעלטער פלאן איז אויסגעפיהרט געווארען אין דער נאכט פון 1טען יולי 1520, אויף מארגען נאך מאנטעזומא׳ס טויט און אין קנאפע אכט מאנאט נאך זייער אריינפאהר אין טענאטשטיטלאן. דאס האט אבער געקאסט אזוי טהייער דיא שפאניער, אז אפילו קארטעץ אליין האט פערלארען דעם מוטה און פערגאסען טרעהרען אין דיזער טרויעריגער נאכט. עס איז א וואונדער, וויא אפילו איינער פון דיא שפאניער איז דאן ארויס א לעבעדיגער פון דער אצטעקישער הויפטשטאדט, וואו פיעלע בריקען איבער דיא קאנאלען און דאמבעס זיינען צושטערט געווארען אויף גוואטעמאזין׳ס בעפעהל.

דיא בעריכטען פון דיא שפאניער איבער זייערע פערלוסטען אין דיזער נאכט זיינען פערשיעדען. מען נעהמט געוועהנליך אן, אז קארטעץ האט פערלארען 450 פון זיינע שווערד־העלדען, 4000 פון דיא טלאכקאלאנער און אנדערע אינדיאנער, וועלכע זיינען צוגעשטאנען צו דיא שפאניער, און אויך 26 פערד און איניגע קאנאנען. וויא גרויס עס איז געווען דער פערלוסט פון דיא אצטעקען, וועט שוין בלייבען אן אייביגע געהיימניס. מען קען זיך פארשטעלען, אז טויזענדע פון זיי זיינען געפאלען פון דיא ביקסען, קאנאנען, פערד און שווערדען פון דיא פערצווייפעלטע שפאניער.

מען רעכענט, אז דער פערלוסט פון דיא שפאניער וואלט אין דיזער "נאכטשע טריסטע" געווען פיעל גרעסער, ווען דיא אצטעקען וואלטען ניט געזוכט אלץ צו פאנגען דיא שפאניער לעבעדיגערהייט, אום זיי מקריב צו זיין אויף דעם בלוטיגען מזבח פון זייער שוידערליכען קריעגס־גאט. איניגע שווערדהעלדען האבען טאקע געהאט דעם אונגליק געפאנגען צו ווערען פון דיא אצטעקען, און מען דערצעהלט, אז קארטעץ אליין האט מיט בלוטיגע טרעהרען אין דיא אויגען געזעהען פון דער ווייטענס, וויא דיא אצטעקישע פריעסטער האבען געטריעבען איניגע נאקעטע שפאניער אויף דיא טרעפ פון דעם גרויסען

טעאָקאַלי צום מזבח פון הויציל̈אָפּאָטשטלי און וויא מען האָט אַרונטערגע־שליידערט זייערע קערפּער צו דער ווילדער מענגע אַרום. מען קען זיך פאָר־שטעלען, וויא עס איז איהם און די אַנדערע לעבעדיג געבליבענע שפּאניער געוועזן אויף׳ן הארצען, ווען זיי האָבען געמוזט צוזעהען אזעלכע שוידערליכע סצענעס. ניט אומזיסט ווערט דיזע נאכט גערופען "נאָטשע טריסטע".



## פינפטער קאפיטעל.

# דיא צערשטערונג פון דער אצטעקישער מלוכה

נאך דיזער שוידערליכער נאכט איז פאר דיא שפאניער קיין אנדער אויסוועג ניט געבליבען, וויא צו מארשירען צוריק נאך טלאכקאלא. קארטעץ, וועלכער האט אפילו א סעקונדע ניט געטראכט אויפצוגעבען דעם קאמפף מיט דיא אצטעקען, האט גערעכענט, אז דארטען וועט איהם געלינגען צוזאמענצוקלייבען נייע קרעפטע פאר אן אטאקע אויף דער אצטעקישער הויפט־שטאדט, פון וואנען ער האט זיך קוים גערעטעט מיט גאנצע ביינער, אבוואהל ניט אהן שום וואונדען. אויף'ן וועג איז דיא שפאניער אויסגעקומען צו ליידען פשוט הונגער, ווייל דיא איינוואהנער פון דיא דערפלעך ארום זיינען זיך צולאפען אין שרעק אדער אויף דעם בעפעהל פון דעם נייען אצטעקישען קעניג, און וואס זיי האבען ניט געקענט מיטשלעפען, האבען זיי פערניכטעט.

נור אין איין ארט האבען דיא אינדיאנער פרובירט איבערהאקען דיא שפאניער דעם וועג. דאס איז געוועז לעבען אטומבא. נאך דיא שפאנישע בעריכטען איז דארטען פארגעקומען א זעהר גרויסע שלאכט, אין וועלכער דיא שפאנישע שווערד־העלדען און בעזאנדערס קארטעץ האבען בעוויזען גאר אויסערארדענטליכע גבורות. דיזע בעריכטען וועגען דיא שלאכטען ביי אטומבא זיינען געווים אזוי איבערטריבען, וויא אנדערע וואס דיא קאנקוויסטאדארעס האבען איבערגעלאזען. יעדענפאלס האבען דיא שפאניער געקענט פארטזעצען נאך דיזען צוזאמענשטויס זייער מארש נאך טלאכקאלא אהן אירגענד וועלכע בעזאנדערע שטערונגען און פאסירונגען.

דיא איינוואהנער פון דיזער רעפובליק זיינען געבליבען טריי צו דיא שפאניער, אבוואהל א קליינע צאהל פון זייערע קריעגער האבען דערלעבט זיך צוריקצוקעהרען פון טענאטשטיטלאן. קארטעץ האט פערבראכט ביי זיי א האלב יאהר איידער איהם איז געלונגען צו ארגאניזירען אזא מחנה, מיט וועלכער ער האט געקענט האפען איינצונעהמען דיא אצטעקישע הויפט־שטאדט. אויסער דיא טלאכקאלאנער זיינען דאן צוגעשטאנען צו איהם אנדערע אינדיא־

נער שטאַמען. בעזאָנדערס וויכטיג איז געוועזן פאַר דיא שפּאַניער דיא שטיצע פון דעם דערמאָנטען איכטלילכאָטשיטל, וועלכער איז געוואָרן קעניג פון טעבקוקאָ נאָך דעם טויט פון זיין ברודער, וואָס האָט געקעמפפט געגען דיא שפּאַניער צוזאַמען מיט דיא אַצטעקען. ער האָט צוזאַמענגעקליבען אַ גרויסע מחנה און אויך אַ סך שפּייז פאַר דיא גאַנצע אַרמעע, וואָס קאָרטעז האָט צוזאַמענגעבראַכט צווישען דיא שטאַמען, וועלכע האָבען געהאַסט דיא אצטעקען. נאָך דיא בעריכטען פון דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס איז דיזע אַרמעע בעשטאַנען זאָגאַר פון אַ 200,000 מאַן, אָבער דאָס איז זיכער איבערטריבען.

דעם 31טען דעצעמבער 1520 איז קאָרטעז אָנגעקומען אין טעבקוקאָ, וואו ער איז זעהר פריינדליך אויפגענומען געוואָרען פון דעם קעניג און וואו ער האָט געמאַכט ווייטערע פאָרבערייטונגען פאַר זיין אַטאַקע. דאָס האָט איהם גענומען ביז ענדע מאַי 1521, ווען ער האָט אָנגעפאַנגען דיא רעגעלמעסיגע בעלאַגערונג פון דער אַצטעקישער הויפּט־שטאָדט. צו דער צייט האָט ער אויך געהאַט אַ פלאָטע, וועלכע האָט איהם זעהר פיעל געדיענט אין דעם פערצווייפעלטען קאַמפּף מיט דיא אַצטעקען. ווען ער האָט זיך געפונען אין טלאַכקאַלאַ, האָט ער געהייסען אויפבויען אַזעלכע שיפען, וועלכע ער זאָל קענען בעוואַפענען מיט קאַנאָנען און געברויכען צו באָמבאַרדירען דיא אַצטעקען אויף זייערע אינזלען. אונטער דער לייטונג פון אייניגע שפּאַנישע מאַטראָזען, וועלכע האָבען געהאַט אַ ידיעה אין בויען שיפען, האָבען דיא אינדיאַנער דאָרטען פלייסיג געאַרבייט און פערטיג געמאַכט אַ פלאָטע פון דרייצעהן אַזעלכע גרויסע און שטאַרקע זעגעל־שיפען, וועלכע דיא מעקסיקאַנער האָבען פריהער קיין מאָל ניט געזעהען. ביי דיזער בויאונג האָט מען זיך בענוצט מיט שטיקער און טהיילען פון דיא שפּאַנישע שיפען, וועלכע זיינען געבליבען ליעגען ביי דיא ברעגען פון וועראַ קרוץ.

טויזענדע אינדיאַנער אין טעבקוקאָ האָבען געאַרבייט וויא ביענען אונטער דער קאָמאַנדע פון שפּאַניער ביי דער צוזאַמענשטעלונג פון דיזע שיפען און ביי דער אַרונטערלאָזונג אין דעם וואַסער פון דער אָזערע מיט דעם זעלבען נאָמען. קאָרטעז האָט צוטהיילט זיין אַרמעע אין דריי דיוויזיעס אונטער דער קאָמאַנדע פון זיינע בעסטע און פעהיגסטע אדיוטאַנטען פעדראָ דע אלוואַראַדאָ, קריסטאָבאַל דע אָליד און גאָנזאַלאָ דע סאַנדאָוואַל, וועלכע האָבען זיך אַלע אויך אויסגעצייכענט אין שפּעטערע עקספּעדיציעס. אַליין האָט ער איבערגענומען ספּעציעל דיא קאָמאַנדע איבער דער פלאָטע.

דער יונגער אַצטעקישער קעניג גוואַטעמאָזין האָט אויך ניט געדרעמעלט. ער האָט צוזאַמענגעקליבען אַלע זיינע קרעפטע און אָנגעגרייט אַזוי פיעל שפּייז

אין זיין הויפט־שטאָדט, וויפיעל ער האָט נור געקענט. דיא גאַנצע שטאָדט איז אומגעוואַנדעלט געוואָרען אין אַ מיליטערישען לאַגער. יונג און אַלט, וויא אויך פרויען, האָבען געהאָלפען דיא קריעגער און אַלע האָבען געקעמפפט מיט אַ ווילדער און פאַנאַטישער פערצווייפלונג. דיא בעלאַגערונג האָט זיך געצויגען אַכציג טעג. קאָרטעז האָט געפיהרט דיא אַטאַקע פון אַלע זייטען. נאָך יעדער אַטאַקע פלעגען טויזענדע אַצטעקען פאַלען פון דיא קאַנאָנען, ביקסען און שווערדען פון דיא שפּאַניער, וויא אויך פון דיא פיילען, שטיינער און אַנדערע געוועהר פון דיא טלאַכקאַלאַנער און אַנדערע אינדיאַנער מיטהעלפער. דיא טעמפּלען זיינען צושטערט און פערברענט געוואָרען. גאַנצע גאַסען און קווארטאַלען זיינען פערניכטעט געוואָרען. דיא אינדיאַנער מיטהעלפער פלעגען רויבען, פערברענען הייזער און שלאַכטען אויך פרויען און קינדער פון דיא אַצטעקען. דיא שיפלעך פון דיא אַצטעקען זיינען געזונקען געוואָרען פון קאָרטעז'עס שיפען. פיעלע קאַנאַלען זיינען פערשאָטען געוואָרען מיט דיא חורבות פון דיא טעמפּלען און הייזער, אום צו שאַפען אַ בעסערען וועג פאַר דיא אַטאַקירענדע. דערצו נאָך האָבען דיא בעלאַגערטע געליטען שרעקליך פון הונגער. דאָך האָבען זיי זיך ניט געוואָלט אונטערגעבען ביז אַ שיפעל, אויף וועלכער גוואַטעמאָזין האָט זיך געפונען, איז אָנגעיאָגט און ארומגערינגעלט געוואָרן פון דיא שפּאַנישע שיפען. זעהענדיג אַז ער קען זיך שוין ניט אַרויסדרעהען אַ לעבעדיגער פון שפּאַנישע הענד, האָט ער אויסגעשריען: "איך בין גוואַטעמאָזין, פיהרט מיך אַוועק צו אייער קאָמאַנדיר".

דאָס איז געשעהען דעם 13טען אָגוסט 1521, קנאַפּע דריי יאָהר נאָך קאָרטעז'עס אָברייזע פון קובאַ און נאָהענט פון צוועלף מאָנאַט נאָך דער "נאַכטשע טריסטע". דאַן האָבען זיינע אונטערטאַנען אויפגעגעבען דעם קאַמפף. דיא שטאָדט איז אָבער געווען אַזוי צושטערט און אַזוי פיעל קערפּערס האָבען זיך געוואַלגערט צווישען דיא חורבות, אַז קאָרטעז האָט געמוזט צוריקציהען זיך מיט זיין זיעגרייכער אַרמעע אין אַ פאָרשטאָדט. אין טענאָטשטיטלאַן גופא זיינען דאַן זעהר ווענינע לעבעדיגע נפשות פערבליבען. וואָר עס האָט נור געקענט, איז אַנטלאָפען אין דיא בערג און געגענדען אַרום. קאָרטעז האָט אָבער בעשלאָסען, אַז דיא הויפט־שטאָדט פון דיא אַצטעקען זאָל פערבלייבען דיא הויפט־שטאָדט פון מעקסיקאָ אונטער דער שפּאַנישער הערשאַפט און דארום האָט ער באַלד געהייסען בעגראָבען דיא טויטע, אָבראַמען דיא חורבות און אויפשטעלען נייע געביידעס.

אָנפאַנגס זיינען גוואַטעמאָזין מיט דיא אַנדערע געפאַנגענע פּרינצען און קאַסיקס פיין און עדעל בעהאַנדעלט געוואָרען פון דיא זיעגער. אָבער ווען דיא שווערד־העלדען האָבען ניט געפונען דיא אוצרות, אויף וועלכע זיי האָבען זעהר

פיעל גערעכענט בשעת זיי האָבען געשטעלט אין קאָן זייערע לעבענס אין דעם לאַנגען און פערצווייפעלטען קאַמפּף מיט דיא אַצטעקען, האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו שרייען, אַז דיא אַצטעקען האָבען ערגעץ בעהאַלטען דיא עדעלע מעטאַלען און ציערונגען, און צו פאָדערען, אַז מען זאָל דיא הויכע געפאַנגענע פייניגען, אום זיי זאָלען אָנצייגען דעם בעהאַלטונגס־אָרט. מען דערצעהלט, אַז קאָרטעז האָט דאַן געלאָזען פייניגען אויף דעם אַצטעקישען קעניג צוזאַמען מיט דעם קעניג פון דער קליינער מלוכה טלאַקאָפּאַן. דיא געפייניגטע האָבען ערקלערט, אַז אַלע ציערונגען זיינען אפנים אַריינגעשליידערט געוואָרען אין וואַסער. דיא שפּאַניער האָבען דאַן געיאָגט אינדיאַנער צו זוכען אויף דעם גרונט פון דער אָזערע, אָבער מען האָט קיין גאָלד און זילבער ניט געפונען. אויב עס האָבען זיך ווען עס איז געפונען אוצרות אין דער אַצטעקישער הויפּט־שטאָדט, בלייבט עס אַ געהיימניס ביז היינט צו טאָג.

נאָך דער צערשטערונג פון דער אַצטעקישער מלוכה איז שוין לייכט געווען פאַר דיא שפּאַניער איינצונעהמען דיא מלוכות און לענדער אַרום. קאָרטעז, וועלכער האָט זיך אַליין ערקלערט פאַר דעם גענעראַל־גובערנאַטאָר פון אַלע לענדער, וועלכע האָבען געקראָגען דעם אַלגעמיינען נאָמען ניי־שפּאַניען, האָט אַרויסגעשיקט מיליטערישע עקספּעדיציעס און אויך פריעדליכע שלוחים צו דיא פעלקער אַרום, אַז זיי זאָלען אַנערקענען דיא אויבערהערשאַפט פון שפּאַנישען קעניג. ער האָט דערביי ווידער אַרויסגעצייגט זיינע גרויסע פעהיגקייטען אַלס קאָמאַנדיר און אַלס דיפּלאָמאַט. ער האָט נור אָנגעווענדעט געוואַלט, ווען ער האָט ניט געקענט אויספיהרען מיט פריעדליכע מיטעל. ער האָט צו רוהע געלאָזען אַזעלכע קעניגע אין מעקסיקאָ, וועלכע האָבען זיך גלייך אונטערגעגעבען און געצייגט זייער טרייהייט צו די נייע הערשער. אין פערלויף פון דריי יאָהר האָט ער אַזוי פערשפּרייט זיין הערשאַפט אין נאָמען פון שפּאַנישען קעניג, ביי וועמען ער האָט דאַן גאָר ניט געדענקט עפּעס אָנצופרעגען, איבער דעם גאַנצען שטח פון דער היינטיגער מעקסיקאַנער רעפּובליק און אויך איבער געגענדען ווייטער צום נאָרד און צום זיד.

קריסטאָבאַל דע אָליד, איינער פון זיינע הויפּט־אַדיוטאַנטען, וועלכער האָט דערגרייכט ביז האָנדוראַס, האָט דאָרטען גאָר געוואָלט גרינדען אַן אייגענע מלוכה. דאָס האָט אָבער שנעל געפיהרט צו זיין טויט, און קאָרטעז האָט דאַן בעשלאָסען אַליין צו מאַרשירען נאָך האָנדוראַס. אויף דיזען וועג האָט דיזער מערקווירדיגער מאַן בעגאַנגען אַ גרויל־טהאַט, פאַר וועלכע אַלע זיינע ביאָגראַפען פערדאַמען איהם בעזאָנדערס און וועלכע זאָל אויך האָבען געדריקט זיין געוויסען אַ לאַנגע צייט לויט דיא פערזיכערונגען פון אייניגע פון זיינע שווערד־העלדען. ווען ער איז שוין געווען ווייט פון מעקסיקאָ גופא, האָט ער מיט

אמאָל ערקלערט, אַז ער האָט ענטדעקט אַ פערשווערונג פון דיא אַצטעקען געגען דיא שפּאַניער. אין דיעזער פערשווערונג האָט ער ספּעציעל בעשולדיגט דעם אַצטעקישען קעניג, וועלכען ער האָט מיטגעשלעפּט צוזאַמען מיט אַנדערע וויכ־טיגע געפאַנגענע. מען ווייס ניט, וואָס דאָרטען איז פאָרגעקומען און אויב דער פערדאַכט פון דיא שפּאַניער האָט טאַקע געהאַט עפּעס אַ ראַיעלען גרונד. עס איז זעהר מעגליך, אַז קאָרטעץ האָט זיך געוואָלט בענוצען מיט אַ גינסטיגער געלעגענהייט פּטור צו ווערען פון דעם אַצטעקישען הערשער וויים פון זיין גע־וועזענער מלוכה. זאָ לאַנג גוואַטעמאַזין האָט געלעבט, האָבען דיא שפּאַניער געהאַט צו רעכענען, טאָמער וועט איהם געלינגען זיך אַרויסצורייסען פון גע־פאַנגענשאַפט און אַרויסרופען אַן אויפשטאַנד. עס פערשטעהט זיך, אַז גוואַ־טעמאָזין איז שטענדיג געווען אונטער אַ שטרענגער אויפזיכט פון דיא שפּאַ־ניער. קאָרטעץ האָט איהם מיטגענומען אויף זיין וועג נאָך האָנדוראַס, וויי׳ל ער האָט איהם אפילו אויף אַ מינוט ניט געוואָלט אַרויסלאָזען פון זיינע הענד. יעדענפאַלס האָט זיך דיא קלאַגע אין אַ פערשווערונג געענדיגט דערמיט, וואָס גוואַטעמאָזין צוזאַמען מיט אַ פּאָאַר קלענערע קעניגע זייגען פעראורטהיילט געוואָרען צום טויט פון אַ קריעגס־געריכט פון עטליכע שווערד־העלדען אונטער דעם פּאָרזיץ פון קאָרטעץ גופא און אויפגעהאַנגען געוואָרען אויף אַ בוים נאָכ־דעם וויא מען האָט זיי שרעקליך געפּייניגט*).

*)אין 1889 האָט מען אין דער הויפּט־שטאָדט פון מעקסיקאָ אויפגעשטעלט א ריעזיגע סטאַטוע פון דיזען לעצטען אַצטעקישען קעניג מיט זעהר גרויסע צערעמאָניעס. דער גובער־נאַטאָר פון טלאַכקאַלאַ האָט דערביי געהאַלטען אַ רעדע אין דער אַצטעקישער שפּראַך.

## זעקסטער קאפיטעל.

# דיא קאָלאָניאַלע צייט

וויא נור מען האָט געקראָגען אין שפּאַניען בעריכטען וועגען דיא וואונדערליכע גבורות, וואָס קאָרטעץ מיט זיין הייפּעלע שווערד־העלדען האָבען בעוויזען אין מעקסיקאָ, האָבען זיך אַהין אַ שאָט געטהאָן אַנדערע שווערד־העלדען און אַוואַנטוריסטען, אום צו "שעפּען גאָלד". אייניגע האָבען זיך אויך אַ לאָז געטהאָן צו עראָבערן נייע מלוכות אין דער נייער וועלט, צו פאָלגען דעםביישפּיעל פון קאָרטעץ. דאָס האָט אויך גאַנץ שנעל געפיהרט צו דער עראָבערונג פון דער גרעסטער זיד־אַמעריקאַנישער מלוכה אונטער דער קאָמאַנדע פון פראַנציסקאָ פּיזאראָ, וויא דאָס וועט בעשריבען ווערען, ווען מיר וועלען קומען צו דער געשיכטע פון פּערו.

דיא רעגיערונג וואָס קאָרטעץ מיט זיינע אַדיוטאַנטען האָבען איינגעפיהרט איז נאַטירליך געווען אַ מיליטערישע. קאָרטעץ איז נאַטירליך געוואָרען דער הויפּט־קאָמאַנדיר און גובערנאַטאָר. ער האָט זיך געפיהרט וויא אַ דיקטאַטאָר. דיא אינדיאַנער זיינען גלייך פערשקלאַווט געוואָרען, מיט אויסנאַהמע בלויז פון דיא טלאַכקאַלאַנער, וועלכע האָבען זיך צוריקגעקעהרט אַהיים מיט דיא זאַכען וואָס זיי האָבען צוזאַמענגערויבט אין דער צייט פון דער צערשטערונג פון דער אַצטעקישער הויפּט־שטאָדט און וואָס דיא שפּאַניער האָבען געהאַלטען פאַר ווערטהלאָז. עס איז איינגעפיהרט געוואָרען דיא סיסטעם פון "רעפּאַרטימיענטאָס" אָדער "ענקאָמיענדאָס". דאָס איז געווען אַ פערטהיילונג פון דיא לענדער צוזאַמען מיט דיא איינוואָהנער צווישען דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס און בכלל צווישען דיא שפּאַניער. דיא אינדיאַנער זיינען געצוואונגען געווען צו אַרבייטען אויף דיא פעלדער און אין דיא זילבער־מינען פאַר זייערע ווייסע הערשער. זיי זיינען געוואָרען לייבקנעכט, אָדער פּאָנסטשיזניקעס אונטער דעם נאָמען "פּעאָנען", וועלכע דיא מאַסען אין מעקסיקאָ און אין צענטראַל־אַמעריקאַ טראָגען עד היום.

נאָך דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס זיינען געקומען דיא גלחים, וועלכע האָבען זיך אַ נעהם געטהאָן צו רעטען דיא נשמות פון דיא רויטהויטיגע. קאָרטעץ

פלעגט אַליין צווינגען דיא געפאַנגענע און בעזיעגטע אינדיאַנער זיך צו טויפען, גאָר ניט קימערענדיג זיך וועגען דעם, אויב זיי האָבען עפּעס אַ בעגריף וועגען דיזער קריסטליכער צערעמאָניע. צוזאַמען מיט זיין ערשטען בעריכט צום שפּאַנישען קעניג, וועלכער איז אויך געווען דער קייזער פון דייטשלאַנד אונטער דעם נאָמען קארל דער פינפטער, האָט ער געשיקט אַ ביטע, אַז מען זאָל וואָס שנעלער אַרויסשיקען מיסיאָנערען צו בעקעהרען און בעלערנען דיא איינגעבאָרענע. צוערשט זיינען געקומען דיא פראַנציסקאַנער גלחים (אין 1524), נאָכהער אַנדערע קאַטאָלישע אָרדענס און שפּעטער דיא יעזואיטען, וועלכע האָבען זיך דיא ערשטע צייטען ווירקליך אויסגעצייכענט מיט אַ טיעפען גלויבען, מיט בלינדער געהאָרכזאַמקייט צום פּאַפּסט, מיט גרויסע פעהיגקייטען צו בעקעהרען ווילדע צום קריסטענטהום און אויך מיט אָפּפערווילליגקייט אין זייער מיסיאָנערסקער טהעטיגקייט (דיזער בעריהמטער אָרדען איז, וויא בעוואוסט, געגרינדעט געוואָרען פון דעם שפּאַניער לאָיאָלאַ אין 1534 ספּעציעל מיט דעם צוועק צו פערשטאַרקען און צו פערשפּרייטען דעם קאַטאָליציזם). דיא גלחים האָבען אין אַ קורצער צייט אָבגעטויפט דיא אינדיאַנער און דערמיט איינגעפיהרט ניט נור דעם קאַטאָליציזם, זאָנדערן אויך דיא שפּאַנישע אויבערהערשאַפט אין ניי־שפּאַניען.

אַזוי שנעל וויא דיא גלחים האָבען זיך בעוויזען, האָבען אויך אָנגעפאַנגען צו פּאַסירען קאַטאָלישע וואונדער. דער ערשטער פון דיזע וואונדער איז געווען אַ מעשה, דאָס גאָט׳ס מוטער האָט זיך בעוויזען פאַר אַן אינדיאַנער אין גוואַדאַלופּ, אַ פּלאַץ לעבען דיא הויפּט־שטאָדט מעקסיקאָ. צום אַנדענקען פון דעם דאָזיגען נס האָט מען דאָרטען אויפגעבויט אַ קירכע, וועלכע ציהט צו פּילגרימען פון אַלע עקען פון מעקסיקאָ און צענטראַל־אַמעריקאַ עד היום. דיא גלחים פלעגען מיט ווילדען פאַנאַטיזם צושטערען ניט נור דיא טעמפּלען פון דיא איינגעבאָרענע, זאָנדערן אויך דיא היעראָגליפישע שריפטען; אָבער דאָך זיינען אין דער קאַטאָלישער קירכע פון מעקסיקאָ פערבליבען אַבערגלויבענס און געצענדיענערישע צערעמאָניעס פון דיא אַצטעקען.

דיא גלחים האָבען אָבער אויך איינגעפיהרט שולען און געזוכט צו ציוויליזירען דיא איינגעבאָרענע און זיי צו לערנען אייראָפּעאישע מלאכות. אין 1553 האָבען זיי געגרינדעט אַן אוניווערזיטעט אין מעקסיקאָ, אָבער מיט 18 יאָהר שפּעטער האָבען זיי אויך איינגעפיהרט דיא אינקוויזיציאָן...

אַזוי וויא דיא שפּאַניער פלעגען געוועהנליך קומען אָהן פרויען, זיינען שנעל ענטשטאַנען געמישטע ראַסען. דאָס האָט אויך געפיהרט צו אַ פערטהיילונג אין קאַסטעס נאָך דיא פאַרבען פון דיא געמישטע דורות. דיא העכסטע קאַסטע האָבען נאַטירליך געבילדעט דיא ריינע ווייסע. אָבער זיי זיינען אויך שנעל צוטהיילט געוואָרען אין צוויי קלאַסען, נעמליך: אין שפּאַניער וואָס זיינען

געבאָרען געוואָרען אין אייראָפּא (זיי האָבען געקראָגען דיא צונעמענים Gachupino, נאָך אַן אַצטעקישען וואָרט, וואָס זאָל בעדייטען "פּיס מיט שפּאָרען") און אין שפּאַניער, וואָס זיינען געבאָרען געוואָרען אין דיא קאָלאָניעס און וואָס האָבען געקראָגען דעם אַלגעמיינען נאָמען "קרעאָלען". דיא "גאַטשופּינאָס" זיינען מיט דער צייט געוואָרען אַ זעהר קליינע מינאָריטעט אפילו פון דער ווייסער בעפעלקערונג, אָבער זיי האָבען פערנומען דיא העכסטע רעגירונגס־שטעלען און האָבען געקוקט פון אויבען אַראָב אויף דיא קרעאָלען. דאַרום האָבען דיא לעצטע שטענדיג פיינט געהאַט דיא ערשטע און ביסלעכווייז אויך אָנגעפאַנגען צו רעבעלירען. אַנדערע אייראָפּעער האָבען זיך גאָר ניט געקענט בעזעצען אין ניי־שפּאַניען. דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט פערבאָטען אַריינצולאָזען פרעמדע אין איהרע קאָלאָניעס פּשוט אויס האַבזוכט, זיא האָט געוואָלט מאָנאָפּאָליזירען אַלעם פאַר זיך, האָט געשטערט דיא עקאָנאָמישע ענטוויקלונג דורך פערשיעדענע בעשרענקונגען און שטייער און האָט אפילו איין צייט פערבאָטען איינוואַנדערער פון שפּאַניען גופא.

אַלע איבריגע איינוואָהנער זיינען צוטהיילט געווען וועניגסטענס אין פינף בעשטימטע קאַסטעס נאָך זייערע פאַרבען: מעסטיזאָס (קינדער פון אינדיאַנער און ווייסע), מולאַטאָס (קינדער פון נעגער און ווייסע), זאַמבאָס (קינדער פון אינדיאַנער און נעגער), ריינע אינדיאַנער און ריינע נעגער. צווישען זיי זיינען אָבער געווען געוויסע שאַטירונגען אין דיא הויטפאַרבען, ניט וועניגער פון אַ דוצענד. דיא וואָס זיינען געווען נאָהענט צום טיפּ פון אַ ווייסען, זיינען מיט דער צייט אַריינגערעכענט געוואָרען אין דעם קלאַס פון קרעאָלען, וועלכער איז אַזוי אַלץ געוואַקסען און האָט דאַרום אויך גענומען שפּיעלען אַלץ אַ גרעסערע פּאָליטישע ראָלע.

קאָרטעץ האָט אין אָנפאַנג פון זיין פערוואַלטונג איינגעפיהרט דיא זאָגענאַנטע "אַיונטאַמיענטאָס" אָדער שטאָדט־פערוואַלטונגען און לאָקאַלע ראַטהען. אַלס מוסטער האָט געדיענט דיא פערוואַלטונג פון דיא שטעדט און פּראָווינצען אין שפּאַניען. דיא וויכטיגסטע אויפגאַבען פון דיא אַיונטאַמיענטאָס זיינען געווען איינצופיהרען אַ סיסטעם אין דער פערוואַלטונג פון דיא עקזיסטירענדע שטעדט, צו גרינדען נייע שטעדט, צו פערטהיילען דיא גיטער צווישען דיא קאָלאָניסטען א. ז. וו. מאַנכע פון זייערע איינפיהרונגען זיינען פערבליבען אין קראַפט ביז היינט צו טאָג.

ניט לאַנג אָבער האָט קאָרטעץ געהערשט אין דיא לענדער, וועלכע ער האָט אויף זיין איינענעם ריסק איינגענומען אין נאָמען פון שפּאַנישען קעניג. קלאַגען געגען איהם אַליין און געגען זיין אַדמיניסטראַציאָן זיינען אַלץ שטאַרקער און צאָהלרייכער געוואָרען. אין קעניגליכען הויף האָבען זיך געפונען אַזעלכע וואָס האָבען איהם סתם ניט פערגונען זיין גדולה און אויך אַזעלכע,

וואָס האָבען אונטערשטיצט דיא פּרעטענזיעס און קלאַגען פון וועלאַסקעץ, דעם גובערנאַטאָר פון קובאַ. מען האָט אינטריגירט געגען איהם פון פערשיעדענע זייטען. מען האָט אויך געזוכט אויפצוהעצען געגען איהם דעם קעניג מיט פאַלשע בעריכטען און פערלוימדונגען, אַז ער וויל גאָר גרינדען אַן אייגענע מלוכה אין דער נייער וועלט.

דער רעזולטאַט דערפון איז געווען, אַז דער קעניג האָט אין 1527 געהייסען שיקען אַן אונטערזוכונגס-קאָמיסיאָן פון פינף פּערזאָן און זיי איבערגעגעבען דיא ציוויל-פּערוואַלטונג פון גאַנץ נײ־שפּאַניען. קאָרטעץ איז נור פערבליבען אַלס מיליטערישער קאָמאַנדיר. אַלע גובערנאַטאָרען פון דיא פּראָווינצען און קאָרטעץ אַליין האָבען געהאַט צו פאָלגען דיא בעפעהלען פון דיזער ערשטער קעניגליכער קאָמיסיאָן אָדער, שפּאַניש גערעדט, "אוידיענציאַ". דיא מיטגליע־דער פון דיזער אוידיענציאַ זיינען געווען זעהר פיינדליך צו קאָרטעץ'ן און האָבען געזוכט איהם צו ערגערען און צו שעדיגען אויף יעדען שריט. זייער פאָר־זיצענדער, איינער מיט'ן נאָמען נוניאָ דע גוזמאַן, האָט זיך בעזאָנדערס אויס־געצייכענט מיט זיין גרויזאַמקייט און האַבזוכט. אַלע האָבען זיי זיך אַזוי פערהאַסט געמאַכט, אַז דיא מאַדרידער רעגיערונג האָט באַלד געמוזט שיקען אַ צווייטע אוידיענציאַ, וועלכע האָט אָבגעשאַפט אַלעס וואָס דיא ערשטע האָט אויפגעטהאָן. זיא האָט בכלל געשטרעבט צו בעשיצען און צו ציוויליזירען דיא אינדיאַנער. אין נאָמען פון קעניג האָבען איהרע מיטגליעדער ארויסגע־לאָזען אַ פּראָקלאַמאַציאָן, אַז אַלע אינדיאַנער זיינען פרייע אונטערטהאַנען. דאָס האָט אפילו פאַקטיש ניט פערבעסערט פיעל דיא עקאָנאָמישע און אויך ניט דיא פּאָליטישע לאַגע פון דיא פּעאָנען, אָבער דאָך איז עס נאַטירליך גע־ווען זעהר וויכטיג ניט נור פאַר זיי, זאָנדערן פאַר גאַנץ מעקסיקאָ, אַז דיא פערשקלאַפונג פון דיא אינדיאַנער איז געזעצליך פערבאָטען געוואָרען.

קלאַגען האָבען אָבער אויך ניט אויפגעהערט געגען דיא צווייטע אוידיענ־ציאַ. עס איז, זעלבסטפערשטענדליך, געווען שווער איינצופיהרען אָרדנונג אין אַזאַ ריזיגער מדינה מיט אַזוי פיעל פערשיעדענע איינגעבאָרענע שטאַמען, פון וועלכע אייניגע האָבען אָנגעהאַלטען זייער אונאַבהענגיגקייט צווישען דיא בערג און אין די פּערוואָרפענע ווינקלען אפילו ביז אונזערע צייטען, ווי אויך צוליעב דיא שטענדיגע רייסערייען און אינטריגעס צווישען דיא שפּאַניער גופא. קיין רעגיערונג וואָלט אונטער אַזעלכע אומשטענדען ניט געקענט איינפיהרען אַ גוטע פערוואַלטונג. נור דיא שפּאַניער האָבען זיך אויסגעצייכענט מיט אַ בע־זונדערער אונפעהיגקייט צו פערוואַלטען זייערע ריזיגע קאָלאָניעס אין דער נייער וועלט.

דער קעניג האָט ענדליך בעשלאָסען אויסצופּראָבירען דעם פּלאַן צו שיקען אַ וויצע-קעניג נאָך נײ־שפּאַניען. דיזער פּלאַן איז אויסגעפיהרט געוואָרען אין

1535. אָבער אַנשטאָט קאָרטעז'ן, וועלכער האָט אַלץ געהאָפט, אַז מען וועט איהם בעלוינען מיט דיזען הויכען אַמט, האָט קאַרל דער פינפטער אויסגעקליבען גראַף אַנטאָניאָ דע מענדאָזאַ, איינעם פון דיא עלטעסטע און העכסטע אַריסטאָקראַטישע פאַמיליעס אין שפּאַניען. דיזער אַריסטאָקראַט איז גראַדע געווען אַ נאָבלער מאַן אויך אין כאַראַקטער און דערצו נאָך אַזאַ ליבעראַל, אַז דיא גלחים האָבען איהם גאָר ניט געגליכען, אָבוואָהל ער האָט זיי צוליעב פּאָליטישע צוועקען זעהר פיעל געשטיצט אין אַלע זייערע אונטערנעהמונגען און שטרעבונגען צו ציוויליזירען און צו בילדען דיא איינגעבאָרענע. ער האָט איינגעפיהרט וויכטיגע רעפאָרמען, האָט געגרינדעט נייע שטעדט, געהאָלפען דיא מיסיאָנערען איינצופיהרען שולען און האָט געזוכט צו ענטוויקלען אויך אינדוסטריען און בכלל צו פערבעסערן דיא עקאָנאָמישע לאַגע פון גאַנצען לאַנד. אַ יאָהר נאָך זיין אָנקומען איז געדרוקט געוואָרען דער ערשטער בוך אין מעקסיקאָ (און דאָס מיינט אין דער נייער וועלט) אויף אַ פּרעס, וואָס ער האָט מיטגעבראַכט פון שפּאַניען.

וואָס אַנבעלאַנגט צו קאָרטעז'ן, איז ער צו דיזער צייט ניט געווען אין מעקסיקאָ. זיין פּאָזיציע איז ביז צום סוף פון זיין לעבען געווען אַן אונרעגעלמעסיגע. דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט איהם שליסליך בעהאַנדעלט ניט בעסער וויא קאָלומבוס'ען. מען האָט איהם אפילו ניט איינגעשמידט אין קייטען, אָבער מען האָט איהם געערגערט, ערניעדריגט און זאָגאַר פערפאָלגט. ווען דיא ערשטע אוידיענציא איז אָנגעקומען, האָט ער בעשלאָסען צוריקצוקעהרען זיך נאָך שפּאַניען, אום זיך צו רעכטפערטיגען פאַר'ן קעניג געגען דיא קלאַגען און בעשולדיגונגען פון זיינע פיינד און אום צו געווינען מעכטיגע אַנהענגער אין קעניגליכען הויף צו שטיצען איהם געגען דיא מעכטיגע פריינד פון זיין בלוטפיינד, דעם קובאַנער גובערנאַטאָר וועלאַסקעז.

ענדע 1527 איז קאָרטעז אָנגעקומען אין פּאַלאָס, אין דעם זעלבען פּאָרט, וואו קאָלומבוס האָט געלאַנדעט מיט 35 יאָהר צוריק נאָך זיין ענטדעקונג פון אַ נייער וועלט, וועלכע האָט אַרויסגערופען אַ גרויסע איבערקעהרענים אין דער אַלטער וועלט. דאָס פאָלק האָט איהם דאַן אויך אויפגענומען מיט אַזאַ ענטהוזיאַזם וויא קאָלומבוס'ען נאָך דער ערשטער רייזע. אין קעניגליכען הויף האָט מען איהם פשוט געטראָגען אויף דיא הענד. דער קעניג אַליין האָט איהם געצייגט אויסערגעוועהנליכע גנאַדע. ווען דער עראָבערער פון מעקסיקאָ איז געוואָרען קראַנק פון פיעבער, איז דער שטאָלצער קאַרל דער פינפטער אַליין געקומען איהם מבקר חולה זיין. אָבער זיין וואונש צו בלייבען דער הויפּט פון דער רעגיערונג אין ניי-שפּאַניען איז דאָך ניט ערפילט געוואָרען. דער קעניג האָט איהם געשאָנקען דעם הויכען טיטול פון אַ מאַרקיז און ריזיגע מאַיאָנטקעס מיט 20 שטעדט אין אָאַכאַקאַ (יעצט אַ סטייט פון דער מעקסיקאַ-

נער רעפּובליק); אָבער דיא פּערוואַלטונג פון ניי־שפּאַניען איז איבערגעלאָזען געוואָרען צו אַנדערע. דער קעניג און זיינע ראַטהגעבער האָבען אַלץ מורא געהאַט, טאָמער וועט זיך קאָרטעץ בענוצען מיט זיין מאַכט אין מעקסיקאָ צו גרינדען אַן אימפּעריע אין דער נייער וועלט. דיא שפּאַנישע קעניגע און מי־ניסטאָרען האָבען בכלל געקוקט מיט פּערדאַכט אויף דיא וויצע־קעניגע און אפילו גובערנאַטאָרען, וועלכע זיי פּלעגען שיקען אין דיא קאָלאָניעס. דיא וויצע־קעניגע פּלעגט מען דארום ניט לאָזען אָנוואַרעמען זיך אויף זייערע פּלע־צער. מען פּלעגט זיי אָפט אַרונטערזעצען אָדער שיקען פון איין קאָלאָניע אין אַן אַנדערע.

אין דיא קנאַפּע 300 יאָהר פון דער שפּאַנישער הערשאַפט אין מעקסיקאָ האָבען זיך דארום אומגעביטען ניט וועניגער פון 64 וויצע־קעניגע, פון וועלכע דיא ערשטע צוויי (גראַדע אויך דיא בעסטע) האָבען רעגירט נאָהענט פון 30 יאָהר. דאָס מעג גערעכענט ווערען פאַר איינע פון דיא אורזאַכען פון דער קלעגליכער פערוואַלטונג פון אַלע שפּאַנישע קאָלאָניעס. מען מוז אָבער צוגע־בען, אַז אַזעלכע פערדאַכטען זיינען ניט געוועזען גאַנץ אונבעגרינדעטע. ניט איינער פון דיא קאָנקוויסטאַדאָרעס און אפילו פון דיא וויצע־קעניגע האָט געטרוימט וועגען גרינדען אַן אייגענע מלוכה אין דער נייער וועלט. אין יענע צייטען, ווען דער פערקעהר איז געפיהרט געוואָרען דורך קליינע און אונזיכערע זעגעל־שיפען, איז עס געוועזען בעזאָנדערס שווער צו פערוואַלטען פון דער ווייטענס אַזוי פיעל קאָלאָניעס, וויא שפּאַניען האָט פּלוצלונג בעקומען דורך דיא רייזען פון קאָלאָמבוס און דיא עראָבערונגען פון קאָרטעץ, פּיזאַראָ און אַנדערע שווערד־העלדען.

אָט אונגעפעהר פינף יאָהר נאָך דעם טויט פון קאָרטעץ האָט מען ענט־דעקט אין מעקסיקאָ אַ פערשווערונג פון דיא גרויסע לאַנדבעזיצער און פון איי־ניגע שווערד־העלדען צו גרינדען אַ נייע מלוכה אין ניי־שפּאַניען און אַרויפ־צוזעצען קאָרטעץ'עס עלטעסטען זוהן אויף'ן טראָן. דאָס איז געשעהען אין דער צייט פון דעם צווייטען וויצע־קעניג, דאָן לואי דע וועלאַסקאָ, וועמען קאַרל דער פינפטער האָט אַליין אויסגעקליבען אויף דעם פּלאַץ פון מענדאָזאַ, וועלכער איז געשיקט געוואָרען אין 1550 אַלס וויצע־קעניג פון פּערו. דיזער וועלאַסקאָ האָט געוואָלט אָבשאַפען דיא סיסטעם פון רעפּאַרטימענטאָס און האָט אָנגענומען אַזעלכע מיטעל צו בעשיצען דיא אינדיאַנער געגען דיא אונ־טערדריקונגען און האַבזוכט פון דיא שפּאַנישע גוטבעזיצער, אַז דיא לעצטע האָבען געוואָלט מאַכען אַ פערזוך פּטור צו ווערען אין גאַנצען פון דער אויבער־הערשאַפט פון דעם שפּאַנישען קעניג. דיזע פערשווערונג איז שנעל און גרויזאַם אונטערדריקט געוואָרען פון דעם וויצע־קעניג וועלאַסקאָ.

ווען קאָרטעץ איז אין 1530 געקומען צוריק אין מעקסיקאָ, האָט ער שוין

איינגענטליך קיין אַנטהייל ניט געקענט נעהמען אין דער ציוויל־פערוואַלטונג פון נייי־שפּאַניען. ער איז פערבליבען מיט זיינע טיטולען אַלס מארקיז און גענעראַל־קאַפּיטאַן און מיט זיינע מאַיאָנטקעס, פון וועלכע ער האָט געקענט ציהען אַ יעהרליכע איינקונפט פון 100,000 דאָלאַר. ער האָט אָבער ניט געקענט רוהען און האָט אויסגעגעבען אַ גרויסען טהייל פון זיין פערמעגען אויף נייע עקספּעדיציעס, וועלכע דער קעניג האָט איהם ערלויבט צו מאַכען. ער האָט אַזוי געמאַכט דיא רייזע אויף אַרום דעם האַלב־אינזעל קאַליפאָרניא אין 1532, אַ רייזע וועלכע האָט איהם אַ סך געקאָסט און נור פערשאַפט אַ סך נייע צרות. אַ געוויסע צייט האָט מען איהם פערבאָטען זאָגאַר צו צייגען זיך אין דער מעקסיקאַנער הויפּט־שטאָדט, און ער האָט זיך דאַרום בעזעצט אין דער שטאָדט טעצקוקאָ.

אין 1540 איז ער ווידער אָבגעפאָהרען נאָך שפּאַניען, אום צו פערלאַנגען שוץ און גערעכטיגקייט ביים קעניג. דיזעס מאָל אָבער האָט מען איהם פון אַלע זייטען געצייגט, אַז ער איז שוין אַ געפאַלענער שטערן. דער קעניג האָט איהם אויפגענומען זעהר קאַלט. מען פלעגט איהם לאַנג לאָזען וואַרטען, ווען ער האָט געוואָלט זעהען דעם קעניג. נאָכהער האָט מען איהם גאָר ניט צוגע־לאָזען און אפילו זיינע בריעף און ביטעס זיינען געבליבען ניט געענטפערט. מען דערצעהלט וועגען דעם אַזאַ מעשה: איין מאָל, ווען קאָרטעץ'ן איז איבער־דריסיג געוואָרען צו וואַרטען אין קעניגליכען הויף, האָט ער זיך דורכגעשטופּט דורך אַ סוויטע, וועלכע האָט אַרומגערינגעלט דעם קעניג'ס קאַרעטע, און האָט דערלאַנגט אַ שפּרונג אויף דעם טרעפּעל. "ווער איז דיזער מאַן?" האָט קאַרל דער פינפטער אַ פרעג געטהאָן מיט ענטריסטונג. "דאָס איז איינער וואָס האָט אייך געגעבען מעהר פּראָווינצען, וויא פיעל שטעדט איהר האָט געקראָגען פון אייערע עלטערן", האָט קאָרטעץ געענטפערט מיט שטאָלץ.

אַרום זיעבען יאָהר האָט קאָרטעץ פערבראַכט אין שפּאַניען, האָפענדיג אַלץ צו געווינען צוריק חן אין דיא אויגען פון דעם קעניג. אָבער מעהר וויא האַרץ־קלעמענעס און ערנידעריגונגען האָט ער ניט געהאַט. ער איז אין דיזע יאָהרען זעהר שנעל געוואָרען אַלט און געבראָכען. ער האָט שוין ניט דערלעבט צו קומען צוריק צו זיין פאַמיליע אין מעקסיקאָ. ענדע 1547, אויף'ן וועג צו סע־ווילאַ, פון וואַנען ער האָט געזאָלט אָבפאָהרען נאָך וועראַ קרוץ, איז ער שנעל אויסגעגאַנגען אין אַלטער פון 62 יאָהר, פערלאָזען כמעט פון אַלעמען.

פון צייט צו צייט פלעגען אויסברעכען אויפשטאַנדען פון אינדיאַנער, וועל־כע האָבען זיך ניט געלאָזט פערשקלאַווען. דיא מייסטע וויצע־קעניגע האָבען אין נאָמען פון דיא אַלגעמיינע אינטערעסען פון נייי־שפּאַניען אַזוי גוט וויא פון אַלט־שפּאַניען געזוכט צו בעשיצען דיא איינגעבאָרענע, וועלכע דיא האַב־זוכטיגע שווערד־העלדען האָבען אונבאַרמהערציג געיאָגט אין דיא זילבער־מינען.

אין אַנפאַנג פון 17טען יאָהרהונדערט זיינען פאָרגעקומען גרויסע אויפשטאַנדען פון אינדיאַנער אין דיא פּראָווינצען דוראַנגאָ און סענאַלאָאַ און אויך אַן אויפשטאַנד פון דיא נעגער־שקלאַווען אין דער פּראָווינץ ווערא קרוץ (אין 1609).

נעגער האָט מען אָנגעפאַנגען צו ברענגען אויך אין מעקסיקאָ אויף דעם פּלאַץ פון דיא אינדיאַנער. זייער צאָהל איז אָבער דאָרטען געווען קליין, ווייל דיא אינדיאַנער זיינען פּאַקטיש געבליבען לייבקנעכט ביז צו ענדע פון 18טען יאָהרהונדערט. פאַר דיא אינדיאַנער האָבען זיך אויך אָנגענומען איינינע גלחים, ספּעציעל דער בעריהמטער לאַס קאַזאַס, וועמעס פּאָטער איז געווען אַ בעגלייטער פון קאָלומבוס און וועלכער איז געוואָרען דער ביסקופּ פון טשיאַפּאַס (מעקסיקאָ). מען רופט איהם "אַפּאָסטעל פון דיא אינדיאַנער", און דיזען נאָמען פּערדיענט ער כשר. זעהענדיג אַז אַלע זיינע טענות, קלאַגען און בקשות צו רעטען דיא איינגעבאָרענע אין האַאיטי און קובאַ פון אונטערגאַנג — מען האָט אויסגערעכענט, אַז 15 יאָהר נאָך קאָלומבוס'עס רייזע זיינען פון אַ מיליאָן אינדיאַנער (דיא קאַריבען) אין האַאיטי געבליבען בלויז 60 טויזענד — האָט דיזער עדעלער מאַן פאָרגעשלאָגען אין זיין בעריהמטער פּעטיציע צום קעניג אין 1517 צו ברענגען אויף זייער פּלאַץ דיא שווארצע פון אַפריקאַ. נאָכהער האָט עס געקרענקט זיין געוויסען, וואָס ער האָט גאָר פאָרגעשלאָגען צו פערשקלאַווען אונשולדיגע מענשען; אָבער דיא שווארצע האָבען אויסגעהאַלטען אונפערגלייכליך בעסער פאַר דיא רויטהויטיגע דיא שווערע אַרבייט אין דיא מינען און אויף דיא פּלאַנטאַציעס אונטער דער טראָפּישער זון. זיי פלעגען שוין ניט פאַלען וויא פליגען אונטער דיא בייטשען פון זייערע גרויזאַמע הערשער. ניט איין אינדיאַנער שטאַם איז גערעטעט געוואָרען פון פערניכטונג דורך דיא נעגער־שקלאַווערייַ, וועלכע איז זעהר שנעל געוואַקסען אין אַלע קאָלאָניעס.

צווישען דיא פערשיעדענע אָרדענס פון דיא גלחים זיינען אויך פאָרגעקומען רייסערייען וועגען דעם קאָנטראָל איבער דיא אינדיאַנער. דיא גוטע און פרומע נשמה־רעטערס האָבען זיך ניט געקענט איינינען וועגען דיא מעשר און בכלל גרויסע הכנסות, וועלכע זיי האָבען אַרויסגעשלאָגען פון דיא זינדיגע קערפּער פון דיא אינדיאַנער. אין 1621, ווען דער וויצע־קעניג מאַרקיז דע געלוועס, אַן ענערגישער רעפאָרמער, האָט זיך אַריינגעמישט אין דיא אינערליכע שטרייטען פון דיא גלחים, אום צו העלפען בעסער דיא אינדיאַנער, איז ער אַריינגעלעגט געוואָרען אין חרם פון דעם אַרכיביסקופּ פון מעקסיקאָ. אין 1647 האָט דער ביסקופּ פון דער נייער שטאָדט פּועבלאַ (אין טלאַכקאַלאַ), וואָס איז געוואָרען דער צענטער פון דער קאַטאָלישער גייסטליכקייט און וואו עס האָט זיך דארום אויך געפונען דיא "הייליגע" אינקוויזיציאָן, אַריינגעלעגט אין חרם אַפילו דיא יעזואיטען גופא.

וויא גרויס עס זיינען געוואָרען דיא פערמעגענס און דיא מאַכט פון דער

קירכע אין ניי־שפּאַניען, צייגט אַם בעסטען דיא פּעטיציע, וואָס דיא איונטאַ־מיענטאָ פון דער הויפּט־שטאָדט האָט געשיקט אין 1644 (אַלזאָ, ארום 120 יאָהר נאָך קאָרטעץ'עס עראָבערונג) צום קעניג פיליפּ דעם פערטען, אַז מען זאָל אויפהערען צו גרינדען נייע קלויסטערס, ווייל דיא עקזיסטירענדע בעזיצען שוין אַ העלפט פון דעם אייגענטהום אין גאַנצען לאַנד, אַז מען זאָל מעהר ניט מאַכען נייע גלחים, ווייל 6000 פון דיא אַלטע האָבען קיין בעשעפטיגונג, און אַז מען זאָל אָבשאַפען אַ טהייל פון דיא פייערטעג, ווייל מען האָט שוין איינגעפיהרט אַזעלכע וועניגסטענס צוויי יעדע וואָך.

דיא שפּאַנישע קרוין האָט בעטראַכטעט מעקסיקאָ און בכלל איהרע ער־וואָרבענע לענדער אין דער נייער וועלט ניט אַלס קאָלאָניעס, נור איינפאַך אַלס איהרע מאַיאָנטקעס. דיא מינען, וועלדער און פעלדער זיינען געוואָרען קעניג־ליכע אייגענטהום. אפילו דיא געגענדען, וואו דיא אינדיאַנער זיינען פערבליבען אַלס מעהר אָדער וועניגער זעלבסטשטענדיגע אַקערבויער, זיינען גערעכענט גע־ווען אַלס קעניגליכע קאָנצעסיעס אָדער אַרענדעס. דאַרום פלעגט עס דער קעניג ציהען זיין איינקונפט פון דיא שפּאַנישע פּאָסעסיעס אין דער נייער וועלט ניט אין דער פאָרמע פון שטייער, זאָנדערן פון רענט פאַר דעם געברויך פון "זיינע" גיטער. דיא בעאַמטע זיינען גערעכענט געווען פאַר דעם קעניג'ס דיענער. דער וויצע־קעניג איז געווען דער שטעלפערטרעטער פון דעם קעניג און זיין מאַכט איז גאַנץ וועניג בעשרענקט געווען פון דיא העכסטע טריבונאַלען אָדער אוידי־ענציאַס, וועלכע זיינען פערבליבען ביז דעם סוף פון דער שפּאַנישער הערשאַפט.

עס זיינען איינגעפיהרט געוואָרען פּריווילעגיעס, גענאַנט **fueros**, פאַר פערשיעדענע ערטער, קלאַסען און אויך פּראָפעסיאָנען. עס האָבען עקזיסטירט בעזונדערע געריכטען פאַר זיי, און יעדערער האָט געקענט אויסקלייבען אין וועלכען געריכט זיין פּראָצעס זאָל געפיהרט ווערען. ניין־צעהנטעל פון דיא אינדיאַנער און געמישטע זיינען געבליבען פּעאָנען אָדער באַטראַקעס און דיענער. אויף'ן פּאַפּיער זיינען זיי גערעכענט געווען פאַר פרייע, אָבער אין דער רעגיע־רונג האָבען זיי קיין שום דעה ניט געהאַט.

עס זיינען איינגעפיהרט געוואָרען פערשיעדענע האַנדעלס־פּריווילעגיען און מאָנאָפּאָלען. פרעמדע האָט מען, וויא אויבען בעמערקט, בכלל ניט צוגעלאָזען, ניט נור אום אויסצומיידען זייער קאָנקורענץ, זאָנדערן אויך אום צו פערהיטען דיא "געטליכע ריינקייט" פון דער קאַטאָלישער קירכע. די גלחים האָבען גלייך נאָך זייער אָנקומען אין מעקסיקאָ פערלאַנגט, אַז מען זאָל איינפיהרען די אינקוויזיציאָן נאָך דעם היימישען מוסטער. זיי האָבען געציטערט, טאָמער וועלען זיך אַריינ'־גנב'ענען ניט נור אידען און מורען, זאָנדערן אויך פּראָטעסטאַנטען. אַ קעניג־ליכער בעפעהל געגען דיא אַריינלאָזונג פון אידען און מורען אין ניי־שפּאַניען איז אַרויסגעלאָזען געוואָרען אַזוי פריה וויא 1527; אָבער אָבצורעכענען זיך

מיט פּראָטעסטאַנטען און מאַראַנען אויף אויטאָ־דאַ־פעס האָבען דיא גלחים גע־קענט ערשט נאָך דער איינפיהרונג פון דער אינקוויזיציאָן מיט 48 יאָהר שפּע־טער. דער ערשטער פייערדיגער יום טוב פון דער אינקוויזיציאָן אין מעקסיקאָ האָט פּאַסירט אין 1574, ווען עס זיינען פערברענט געוואָרען, נאָך דעם פּנקס פון א פרומען גלח, "21 פערפעסטעטע לוטהעראַנער".

דיא גלחים זיינען געווען אזוי אונוויסענד דורכשניטליך, וויא גייציג. וויא פיעל זיי האָבען געבילדעט דעם עולם, קען מען שליסען דערפון, דאָס קוים א צוואַנציגסטעל פון דער גאַנצער בעפעלקערונג, אריינגערעכענט דיא ווייסע אויך, האָבען אפילו אין אָנפאַנג פון 19טען יאָהרהונדערט געקענט לעזען און שרייבען.

דיא ערשטע צייטען פון דער שפּאַנישער הערשאַפט זיינען מאַסען אינדיי־אַנער אויך אומגעקומען פון דיא פערשלעפּטע עפּידעמישע קראַנקהייטען, בע־זאָנדערס פון פּאָקען. פיעלע געגענדען, אפילו זעהר פרוכטבארע, זיינען גע־בליבען כמעט גאָר אָהן בעפעלקערונג און זיינען דארום פערוויסטעט געוואָרען. דיא אַרמוטה פון דיא פּעאָנען, וועלכע האָבען געבילדעט וועניגסטענס דריי־פערטעל פון דער בעפעלקערונג, איז געווען א פּירכטערליכע. זייער איינגעבאָ־רענע פוילקייט איז נאָך פערשטאַרקט געוואָרען דורך דיא אויסעראָרדענטליך גרויסע צאָהל פעסט־טעג לכבוד דיא הייליגע, וואָס דיא גלחים האָבען איינגע־פיהרט. דיא יעזואיטען, וויא אויך דיא פראַנציסקאַנער און דאָמיניקאַנער, האָ־בען אייגענטליך נור געזאָרגט, אז דיא אינדיאַנער זאָלען בלייבען איינגעזונקען אין דיא גרעבסטע און ווילדעסטע אבערגלויבענס. מען האָט פערשלאָגען דיא קעפּ פון דיא מאַסען מיט אָפּטע רעליגיעזע פּראָצעסיאָנען און אמוזירט מיט געפעכטען פון אָקסען און פון העהנער.

וואָס מעהר שפּאַניען איז געזונקען נאָך דער הערשאַפט פון קארל דעם פינפטען (ער האָט זיך אליין אָבגעזאָגט פון דער קרוין און האָט זיך צוריקגע־צויגען אין א קלויסטער אין יאַנואַר 1556) און פון זיין זוהן פיליפּ דעם צוויי־טען (געשטאָרבען אין 1598), אלץ ערגער איז עס אויך געוואָרען אין מעקסיקאָ און בכלל אין אלע שפּאַנישע קאָלאָניעס. דיא שטייער־לאַסט איז געוואָרען אלץ דריקענדער, און דיא אונצופרידענהייט איז אלץ מעהר געוואַקסען אויך צווישען דיא ווייסע, וועלכע האָבען ניט פערנומען רעגיערונגס־אַמטען. דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט זיך געפיהרט דעספּאָטיש. זיא האָט וועניג זיך געקימערט וועגען דיא קלאַגען פון דיא קאָלאָניסטען.

עס האָט גאָר ניט געקענט זיין א רעדע אין דיא שפּאַנישע קאָלאָניעס פון זעלבסטפערוואַלטונג. אלעס איז געפיהרט געוואָרען פון אויבען. דער עולם האָט געמוזט פאָלגען וואָס דיא בעאַמטע האָבען געהייסען. דיא בעאַמטע, בע־זאָנדערס דיא העכערע, זיינען געוועהנליך געווען שפּאַניער פון מוטערלאַנד. דיא מיטגליעדער פון דיא אוידיענציאַס האָבען געמוזט זיין געבאָרענע פון שפּאַ־

ניען. פאַר זיי און פאַר דיא בעאַמטע בכלל איז נײַ־שפּאַניען געווען אַ קוואַל צו
שעפּען וואָס מעהר און שנעלער רייכטהום. דיא פּעטע אַמטען פלעגען דאַרום
געקויפט ווערען פאַר הויכע פּרייזען, און דאָס האָט נאַטירליך געמוזט פיהרען
צו אַלץ מעהר אונטערקויפונגען און קאָררופּציאָן. אפילו צווישען דיא וויצע־
קעניגע פלעגען דיא מייסטע זוכען וואָס שנעלער אָנצוזאַמלען גענוג גאָלד, אַז
זיי זאָלען נאָכהער קענען לעבען אין לוקסוס.

נור אין דיא מוניציפּאַליטעטען אָדער איונטאַמיענטאָס האָט דאָס פאָלק
געהאַט אַ שטיקעלע דעה. זייערע מיטגליעדער פלעגען געוועהנליך אויסגע־
קליבען ווערען פון דיא איינוואָהנער און פלעגען אויך פערטרעטען דיא אינטע־
רעסען פון פאָלק. דאָס זיינען געווען, מעג מען זאָגען, דיא איינציגע דעמאָקראַ־
טישע אינסטיטוציאָנען אין נײַ־שפּאַניען. ניט נור געמישטע, זאָנדערן אויך עכטע
רויטהויטיגע האָבען געקענט ווערן מיטגליעדער פון דיא איונטאַמיענטאָס.
שפּעטער אָבער האָט זיך דיא שפּאַנישע רעגיערונג גענומען אַריינמישען אויך
אין דיא וואַהלען פון דיא אַלקאַדעס און שטאָדט־פערוואַלטער און פלעגט נאָ־
מינירען דיא מייסטע מיטגליעדער פון דיא איונטאַמיענטאָס.



## זיעבעטער קאפיטעל.

# דיא רעוואָלוציאָן און דיא אָבשאַפונג פון דער שפּאַנישער הערשאַפט

עס איז שווער צו זאָגען, ווען עס וואָלט געקומען א סוף צו דער שפּאַנישער הערשאַפט אין מעקסיקאָ און אין דער נייער וועלט בכלל, אויב אין פראַנקרייך וואָלט ניט צו ענדע פון 18טען יאָהרהונדערט אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט אַרויסגערופען אַן איבערקעהרענים אין דער אַלטער וועלט. דיזע רעוואָלוציאָן טראָגט מיט רעכט דעם נאָמען "דיא גרויסע". מיט איהר פאַנגט זיך אָן אַ נייע צייט אין דער וועלט־געשיכטע. זיא האָט אין העכסטען גראַד אויפגערודערט אַלע ציוויליזירטע פעלקער. זיא האָט געעפענט אויף דיא מוחות פון דיא פערגרעבטע און פערפינסטערטע מאַסען.

וויא אָבגעזונדערט און פשוט אָבגעשניטען פון דער אייראָפּעאישער וועלט עס זיינען ניט געווען דיא שפּאַנישע קאָלאָניעס דורך דיא פערשיעדענע בע־שרענקונגען פון דער רעגיערונג און דורך דיא אַרומצאַמונגען פון דער קאַטאָ־לישער קירכע, האָבען זיך דאָך אַריינגע'גנב'עט אַהין דיא פרייע געדאַנקען, וועלכע זיינען פערשפּרייט געוואָרען פון דיא הומאַניסטען און ענציקלאָפּעדיס־טען אין פראַנקרייך. עס האָבען זיך אויך אין ניי־שפּאַניען געפונען אַזעלכע, וואָס האָבען געלעזען דיא שריפטען פון מאָנטעסקיו, וואָלטער, זשאַן זשאַק רוסאָ, דידעראָ און אַנדערע גייסטיגע פאָטערס פון דער גרויסער פראַנצויזישער רע־וואָלוציאָן.

דיא בליצען פון דיזער רעוואָלוציאָן האָבען דאַרום דורכגעשניטען דיא פינסטערע וואָלקענס אויף דיא הימלען פון אַלע שפּאַנישע קאָלאָניעס. דיא נאָרד־אַמעריקאַנער רעוואָלוציאָן, וועלכע האָט זיך אָנגעפאַנגען מיט אַ יאָהר פופצעהן פאַר דער פראַנצויזישער, האָט אייגענטליך קיין אָבקלאַנג ניט גע־פונען אין דער זאָ־גענאַנטער לאַטיינישער אַמעריקאַ. יונייטעד סטייטס און מעקסיקאָ זיינען דאַן אָבגעטהיילט געווען דורך ריזיגע ווילדע און אויך וויסטע געגענדען. זיי זיינען געווען אָבגעזונדערט איינע פון דיא אַנדערע פיעל מעהר,

וויא יעדע פון זיי איז געוועזן אָבגעטהיילט פון דער אַלטער וועלט דורך דעם אַטלאַנטישען אָקעאָן. דיא ערקלערונג פון אונאַבהענגיגקייט פון דיא נאָרד־אַמעריקאַנער קאָלאָניעס איז געבליבען, מעג מען זאָגען, וויא אַ שטימע אין דער וויסטעניס צווישען דיא נייע נאַציאָנען, וועלכע זיינען אויפגעקומען אין דיא שפּאַנישע קאָלאָניעס אין פערלויף פון קנאַפּע דריי הונדערט יאָהר.

ווען אָבער דיזע "דעקלעריישאָן אָוו אינדעפּענדענס" איז אומגעוואַנדעלט געוואָרען אין דער פראַנצויזישער "דעקלאַראַציאָן פון מענשען־רעכטע", האָט עס אויך אָנגעפאַנגען צו שטורמען אין דיזע קאָלאָניעס. אפילו דיא אינדיאַנער האָבען געקראָגען מוטה צו קעמפּפען פאַר פּאָליטישע פרייהייטען. יעדער איינער האָט געמוזט הערען פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, ווייל זיא האָט געפיהרט ניט נור צו זעהר גרויסע שטערונגען אין דעם האַנדעלס־פערקעהר פון דיא קאָלאָניעס מיט'ן מוטערלאַנד, זאָנדערן אויך צו דער אַרונטערזעצונג פון דער קעניגליכער פאַמיליע אין שפּאַניען. דיא נאַפּאָלעאָנישע מלחמות האָבען אַרויסגערופען און געמוזט אַרויסרופען רעוואָלוציאָנערע אויפשטאַנדען אין אַלע שפּאַנישע קאָלאָניעס. אַלע אונצופריעדענע מיט דער שפּאַנישער רעגיערונג האָבען נאַטירליך אויפגעהויבען דיא קעפּ, וויא נור עס איז בעקאַנט געוואָרען אין דיא קאָלאָניעס, אַז פערדינאַנד דער זיעבעטער, דער געזעצליכער קעניג, איז אַרונטערגעזעצט געוואָרען פון פרעמדע און אַז אויף זיין פּלאַץ איז אַרויפגעזעצט געוואָרען זשאָזעף באָנאַפּאַרטע, נאַפּאָלעאָן'ס ברודער. שפּאַניען איז אין אָנפאַנג פון 19טען יאָהרהונדערט געלעגען אונטער נאַפּאָלעאָן'ס פיס. וויא אַזוי האָט זיא געקענט אָנהאַלטען איהר הערשאַפט אין דיא קאָלאָניעס?

דער שפּאַנישער קעניג, וועלכער האָט געמוזט אַנטלויפען פון מאַדריד אין 1808, אום ניט אַריינצופאַלען אין פראַנצויזישע הענד, האָט אָנפאַנגס גערעכענט אַריבערצופּעקלען זיך אין מעקסיקאָ. נור פון דיזען פּלאַן איז גאָר נישט געוואָרען. אין מעקסיקאָ האָט מען דאַן גלייך אָנגעפאַנגען צו פערלאַנגען אונאַבהענגיגקייט. דיא אַיונטאַמיענטאָ פון דער הויפּט־שטאָדט האָט אויפגעפאָרדערט דעם וויצע־קעניג אַיטוריגאַראַי אַרויסצולאָזען אַ פּראָקלאַמאַציאָן וועגען אונאַבהענגיגקייט. ער האָט דאַן פאָרגעשלאָגען צוזאַמענצורופען אַ נאַציאָנאַלען קאָנגרעס. אָבער דיא מיטגליעדער פון דער אַודיענציאַ צוזאַמען מיט אַנדערע שפּאַנישע בעאַמטע, וויא אויך דיא מייסטע אַריסטאָקראַטען און גייסטליכע, האָבען אַרויסגערופען אַן אויפשטאַנד געגען איהם אויף דעם גרונד, דאָס ער וויל אַליין ווערען קעניג. זיי האָבען זיך אַריינגעריסען אין וויצע־קעניגליכען פּאַלאַץ, געפאַנגען דיזען ליבעראַלען וויצע־קעניג מיט זיין פאַמיליע און האָבען איהם געהאַלטען איינגעשפּאַרט אין אַ פעסטונג ביז זיי האָבען איהם געקענט צוריקשיקען נאָך שפּאַניען.

דיא וויצע־קעניגע האָבען זיך נאָכהער שנעל געביטען, און דאָס גאַנצע

לאַנד איז געווען אין אויפרוהר. דער שטענדיגער קאמפף צווישען דיא קרעאָלען און געבאָרענע שפּאַניער איז געוואָרען פייערדיגער. דיא גרויסע גרונד־בעזיצער, דיא שפּאַנישע בעאַמטע און דיא גלחים האָבען זיך פערבונדען געגען דיא פריי־הייטס־קעמפּפער און בכלל געגען ליבעראַליזם. זיי האָבען געשטיצט דיא אַלטע שפּאַנישע אָרדנונג, ווייל זיי האָבען מורא געהאַט צו פערלירען זייערע פּריווי־לעגיען, ווען מעקסיקאָ וועט געווינען אונאַבהענגיגקייט און ווערען אַ רעפּוב־ליק. דערמיט ערקלערט זיך, וואָס עס האָט גענומען צוועלף יאָהר זייט דעם אויפשטאַנד, אונטער דער ליטונג פון דעם גלח הידאַלגאָ, און טייכען בלוט זיינען אין זייער צייט פערגאָסען געוואָרען ביז מעקסיקאָ האָט טאַקע אין גאַנצען ארונטערגעשליידערט פון זיך דעם שפּאַנישען יאָך.

דער סיגנאַל צו אַן אויפשטאַנד פון פאָלק, צו אַזאַ אויפשטאַנד אין וועלכען דיא אינדיאַנער האָבען אויך אַנטהייל גענומען, איז געגעבען געוואָרען אין דער נאַכט פון 15טען סעפּטעמבער 1810 פון הידאַלגאָ אין דעם שטעדטעל דאָלאָ־רעס, וואו ער איז געווען פּריעסט. ער האָט געהערט צו אַ גרופּע פרייהייטס־קעמפּפער, וועלכע האָט געצווינגען דיא בעזאָנדערע אויפמערקזאַמקייט פון שפּאַ־נישע בעאַמטע. אייניגע פון זיי זיינען אַרעסטירט געוואָרען אויף דעם גרונד, דאָס זיי האָבען קאָנספּירירט צו גרינדען אַ רעפּובליק. הידאַלגאָ וואָלט אויך אַרעסטירט געוואָרען, ווען ער וואָלט ניט געוואָרענט געוואָרען בעצייטענס און וואָלט ניט בעשלאָסען גלייך אָנצופאַנגען אַן אויפשטאַנד.

דיזער מערקווירדיגער גלח ווערט פערעהרט פון מעקסיקאַנער פאָלק און ער פערדיענט עס אויך. ער איז טאַקע געווען אַן אויפריכטיגער פריינד פון דיא מאַסען. אין דער צייט, ווען ער האָט זיך צוגעגרייט צו ווערען אַ פּריעסט, האָט ער אויך שטודירט דיא פראַנצויזישע שפּראַך און געלעזען דיא רעוואָלוציאָ־נערע פראַנצויזישע ליטעראַטור. דאָס האָט איהם געטריעבען אין דיא רייהען פון דיא פרייהייטס־קעמפּפער, און שליסליך, ווען ער איז שוין אַלט געוואָרען 57 יאָהר (ער איז געבאָרען אין 1753), איז ער געוואָרן דער פיהרער פון אַ גרויסען אויפשטאַנד און אויך דער קאָמאַנדיר פון אַ צאָהלרייכער אַרמעע.

צוזאַמען מיט זיין ברודער און אַ צעהנדלינג בעוואַפענטע אַנהענגער איז הידאַלגאָ אַוועק צום געפענגניס פון דאָלאָרעס אונטער דעם קלאַנג פון דיא גלאָקען אין זיין קירכע און האָט בעפרייט אייניגע געפאַנגענע און זיי בעוואַפענט מיט שווערדען. נאָכהער האָבען זיי זיך אַלע אַ לאָז געטהאָן צו דיא אַרומיגע שטעדט און דערפער, וואו זיי האָבען געקראָגען אַלץ מעהר אַנהענגער. אין איין אָרט איז צו זיי צוגעשטאַנען אַ גאַנצער רעגימענט סאָלדאַטען אונטער דער קאָמאַנדע פון אַ געוויסען אַלענדע, וועלכער איז געוואָרען הידאַלגאָס הויפּט־ליטענאַנט. שנעל איז געוואַקסען דיזע רעוואָלוציאָנערע אַרמעע, וואָס עס

האָט געצייגט, וויא גרויס עס איז געווען דער האַס צו דער שפּאַנישער הער־שאַפט אין גאַנצען לאַנד.

"טויט צו דיא גאַטשופּינאָס!" האָט מען געשריען פון אַלע זייטען. אָבער דיא גאַטשופּינאָס האָבען געצייגט, אַז זיי קענען מוטהיג קעמפּפען פאַר זייערע לעבענס און פּריווילעגיעס. אַנפאַנגס האָבען דיא פּאַטריאָטען געזיעגט. זייער קריעגס־געשריי: "עס לעבע דיא אמת'ע רעליגיאָן, ניעדער מיט פאַלשע רע־גיערונג!", וואָס איז בעקאַנט אונטער דעם נאָמען "גריטאָ (געשריי) דע דאָ־לאָרעס", האָט געוועקט דיא מאַסען צום קאַמפּף פאַר אונאַבהענגיגקייט. אין עטליכע טעג האָט הידאַלגאָ געהאַט אַ מחנה פון 50,000 מאַן, מיט וועלכע איהם איז געלונגען איינצונעהמען אַזאַ גרויסע און וויכטיגע שטאָדט וויא גואַנאַכואַטאָ, ניט ווייט פון דער הויפּט־שטאָדט. עס האָט ניט פיעל געפעהלט, אַז דיא פּאַטריאָטען זאָלען אויך זיך אַריינגרייסען אין דער הויפּטשטאָדט. אָבער הידאַל־גאָ און זיינע אַדיוטאַנטען האָבען פערלאָזען דיא גינסטיגע געלעגענהייט, און דאָס האָט שנעל געפיהרט צו זייער נידערלאַגע און הינריכטונג.

דער וויצע־קעניג, דאָן וועגעגאַס, אַן ערפאַהרענער גענעראַל, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט אין דיא שלאַכטען געגען נאַפּאָלעאָנען אין שפּאַניען, האָט שנעל אָרגאַניזירט אַן אַרמעע פון דיא שפּאַנישע סאָלדאַטען און אויך מאַטראָזען, וועלכע האָבען זיך געפונען אין דיא שטעדט און פּאָרטען פון ניי־שפּאַניען. אום אָבצושוואַכען די בעוועגונג פאַר אונאַבהענגיגקייט, האָט ער געהייסען בעפרייען דיא אינדיאַנער פון טאַקסעס. ער האָט אויך פערשפּראָכען אַמניסטיע צו אַלע רע־וואָלוציאָנערען, אויסער הידאַלגאָ און זיינע בעסטע אַדיוטאַנטען, אַלענדע און אַלדאַמאַ (אַ פּרייז פון טויזענד דאָלאַר איז געשטעלט געוואָרען אויף זייערע קעפּ), אויב זיי וועלען גלייך אָוועקלייגען דיא וואַפען.

דיא גלחים האָבען געשטיצט דעם וויצע־קעניג און דיא שפּאַנישע הער־שאַפט בכלל מיט אַלע זייערע קרעפטען. הידאַלגאָ איז אַריינגעלעגט געוואָרען אין חרם. אין אַלע קירכען האָט מען געהאַלטען פייערדיגע דרשות געגען איהם און זיינע אַנהענגער און זיי ערקלערט פאַר אפיקורסים, אָבוואָהל זיי האָבען אָנגענומען פאַר זייער פאָהן אַ וואונדער־שאַפענדע איקאָנאַ פון גאָט'ס מוטער, וועלכע הידאַלגאָ האָט אַרויסגענומען פון אַ בעריהמטער קירכע, וואָס האָט גע־צויגען פּילגרימען און קראַנקע פון אַלע ווינקעלעך פון מעקסיקאָ. דיא אינקווי־זיציאָן האָט זיך דערמאָנט, אַז נאָך אין 1800 האָט מען אַריינגעבראַכט קלאַגען געגען הידאַלגאָ, דאָס ער איז נאָר אַ פריידענקער און רעוואָלוציאָנער, און זיא האָט אַרויסגעלאָזען אַ בעפעהל, דאָס ער זאָל ערשיינען פאַר איהר הייליגען טריבונאַל.

דיא אינדיאַנער האָבען אָבער געקוקט אויף דיזען בראַווען מאַן, וויא אויף זייער ערלייזער. אפילו נאָך דער גרויסער נידערלאַגע דעם 7טען נאָוועמבער

1810, ווען ער איז אַטאַקירט געוואָרען פון אַן אַרמעע אונטער דער קאָמאַנדע פון דעם שפּאַנישען גענעראַל קאַלעכאַ ביי אַ פּלאַץ ניט ווייט פון דער הויפּט־שטאָדט, האָט ער אַלץ געקענט צוזאַמענברייגגען אַ מחנה פון אַ הונדערט טויזענד מאַן. אין דער שטאָדט גואַדאַלאַכאַראַ, וואו הידאַלגאָ האָט גענומען זיך בעפעס־טיגען, האָט ער אָרגאַניזירט אַ פּראָוויזאָרישע רעגיערונג און זיך ערקלערט פאַר דעם גענעראַליסימאָ אָדער הויפּט־קאָמאַנדיר. ער האָט אויך אַרויסגעשיקט אַ דיפּלאָמאַטישען פערטרעטער צו דער רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס, אָבער דיא שפּאַניער האָבען דעם דאָזיגען שליח געפאַנגען אויף'ן וועג. ניט אַכטענדיג אויף דעם ראַטה פון אַלענדע און אַנדערע זיינע מיליטערישע אַדיוטאַנטען, אַז מען זאָל וואַרטען ביז מען וועט קענען מעהר דיסציפּלינירען און בעסער בע־וואַפנען דיא מחנות אינדיאַנער, האָט ער בעשלאָסען צו בעפאַלען עטליכע באַ־טאַליאָנען שפּאַנישע סאָלדאַטען אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל קאַלעכאַ, וועלכע האָבען זיך בעפעסטיגט אין אַ סטראַטעגישען פּונקט מיט'ן נאָמען פּוענ־טע דע קאַלדעראָן. דיזע אַטאַקע, וועלכע איז פאָרגעקומען דעם 16טען יאַנואר 1811, איז געווען פאַטאַל פאַר דיזען אויפשטאַנד און זיינע פיהרער. דיא רעוואָלוציאָנערען זיינען בעזיעגט און פעריאָגט געוואָרען, און גענעראַל קאַלעכאַ איז אַריין מיט טריאומף אין גואַדאַלאַכאַראַ. הידאַלגאָ האָט זיך דאַן אַ לאָז געטהאָן מיט זיינע טרייעסטע אַדיוטאַנטען און מיט אַ טהייל פון זיינע מחנות צו דיא ווייטע און וועניג בעפעלקערטע נאָרדליכע פּראָווינצען, וואו ער האָט געהאָפט צו עטאַבלירען אַ נייע רעגיערונג. ער איז אָבער פערראַטהען געוואָרען און איז אַריינגעפאַלען אין דיא הענד פון שפּאַנישע סאָלדאַטען אין אַ וויסטען פּלאַץ ניט ווייט פון ריאָ גראַנדע דעל נאָרטע, דעם גרויסען טייך וואָס גרענעצט היינט אָב מעקסיקאָ פון יונייטעד סטייטס. אַ קריעגס־געריכט אין טשיהואַהואַ האָט איהם פעראורטהיילט צום טויט, וויא אויך זיינע אַדיוטאַנטען אַלענדע, אַלדאַמאַ און כימענעז. מען האָט הינגעריכטעט הידאַלגאָ'ן דעם 31טען יולי 1811, צעהן און אַ האַלב מאָנאַט נאָך דעם אויסברוך פון דעם אויפשטאַנד אין דאָלאָרעס. דיא קעפּ פון דיזע פיער מאַרטירער האָט מען צוגענעגעלט צו דיא פיער ווינקלעך פון אַ פעסטונג אין גואַנאַכואַטאָ, וואו זיי זיינען פערבליבען גאַנצע צעהן יאָהר ביז מעקסיקאָ האָט ענדליך געוואונען אונאַבהענגיגקייט. מען האָט בעערדיגט דיא שאַרבענס פון דיזע מאַרטירער אין דעם גרויסען קאַטהע־דראַל פון דער הויפּט־שטאָדט.

דאָס האָט אָבער ניט אָבגעהאַלטען דיא רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג. דער קאַמפּף פאַר אונאַבהענגיגקייט איז דאַן פאָרטגעזעצט געוואָרען אונטער דער אָנפיהרונג פון מאָרעלאָס, אויך אַ גלח. ער האָט אַרויסגעוויזען גרעסערע מילי־טערישע פעהיגקייטען און איז געווען ערפאָלגרייכער פאַר הידאַלגאָ'ן. אָבוואָהל ער האָט געליטען אַ שרעקליכע נידערלאַגע אין דער שטאָדט קואַוטלאַ (טראָגט

היינט זיין נאָמען, ליעגט אַרום 85 מייל צום זיד פון דער הויפּט־שטאָדט) וואו ער האָט זיך געהאַלטען 62 טעג (ביז דעם 2טען מאַי 1812) געגען דיא אַטאַקעס פון דער שפּאַנישער אַרמעע אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל קאַלעכאַ, האָט ער ניט נור געקענט פיהרען דעם רעוואָלוציאָנערען קאַמפּף דריי יאָהר, זאָנ־דערן אויך צוזאַמענרופען אַ קאָנגרעס אין דער שטאָדט טשילפּאַנצינגאָ. דאָס איז געווען דער ערשטער קאָנגרעס פון דער מעקסיקאַנער נאַציאָן. דיזער קאָנ־גרעס האָט אַרויסגעלאָזען אַ דעקלאַראַציאָן פון אונאַבהענגיגקייט און האָט ער־נאַנט מאָרעלאָס'ן פאַר דעם הויפּט־קאָמאַנדיר פון דיא רעוואָלוציאָנערע מחנות דעם 15טען סעפּטעמבער 1813, פּונקט דריי יאָהר נאָך דעם אָנפאַנג פון הידאַל־גאָ'ס אויפשטאַנד.

נאָך אַ רייהע שלאַכטען מיט שפּאַניער און מיט מעקסיקאַנער ראָיאַליסטען איז מאָרעלאָס אויך אַריינגעפאַלען אין שפּאַנישע הענד און דעם 22טען דע־צעמבער 1815 איז ער פעראורטהיילט געוואָרען צום טויט פון אַ קריעגס־געריכט און דערשאָסען געוואָרען. דיא רעוואָלוציאָנערע בעוועגונג האָט זיך אָבער אַלץ ווייטער און טיעפער פערשפּרייטעט. דיא פּאַטריאָטען אונטער דער קאָמאַנדע פון גערערא, וועלכער איז געוואָרען זייער וויכטיגסטער פיהרער נאָך דעם טויט פון מאָרעלאָס, האָבען זיך געהאַלטען אין פעלד, געפיהרט שלאַכטען און אויך עטאַבלירט אַ פּראָוויזאָרישע רעגיערונג ביז 1820, ווען דיא גרויסע פּאָליטישע ענדערונגען אין שפּאַניען פון איין זייט און דיא אַמביציע פון אַגוסטין דע איטורבידע, דעם פעהיגסטען קאָמאַנדיר און פיהרער פון דיא ראָיאַליסטען אין מעקסיקאָ, פון דער אַנדער זייט האָבען געטריבען צו מאַכען אַ סוף פון דעם לאַנגען און בלוטיגען בירגער־קריעג און פון דער שפּאַנישער הערשאַפט.

פערדינאַנד דער זיעבעטער איז צוריק אַרויף אויף דעם שפּאַנישען טראָן, ווען דיא פראַנצויזען האָבען געמוזט צוריקציהען זיך פון שפּאַניען אין 1814; אָבער דיא בעוועגונג פאַר פּאָליטישע פרייהייטען אונטער דעם איינפלוס פון דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן איז אויך אַלץ שטאַרקער געוואָרען אין דיזער גרעסטער פעסטונג פון קאַטאָליציזם און אינקוויזיציאָן. אין 1820 האָט אויס־געבראָכען אַ רעוואָלוציאָן אין מאַדריד, און דער קעניג איז געצוואונגען געווען איבערצוגעבען דיא רעגיערונג אין דיא הענד פון ליבעראַלע מיניסטאָרען, צו־זאַמענצורופען דיא קאָרטעסען (אַזוי רופט מען דעם פּאַרלאַמענט אין שפּאַניען), אָבצושאַפען דיא אינקוויזיציאָן, איינצופיהרען פרעס־פרייהייט און צו עטאַבלי־רען אַ נאַציאָנאַלע מיליץ.

עס פערשטעהט זיך, אַז אַזאַ איבערקעהרעניס אין שפּאַניען האָט געמוזט פערשטאַרקען דיא ליבעראַלען און פרייהייטס־קעמפּפער אין מעקסיקאָ און בכלל אין אַלע שפּאַנישע קאָלאָניעס, וואו רעוואָלוציאָנען זיינען צו יענער צייט אויסגעבראָכען, וויא מיר וועלען עס שפּעטער זעהן. דיא נאַכריכטען

וועגען דיא רעוואָלוציאָן אין מוטערלאַנד זיינען אויפגענומען געוואָרען מיט דער גרעסטער פריידע אין אַלע שפּאַנישע קאָלאָניעס. דיא אָבשאַפונג פון דער אינקוויזיציאָן און דיא איינפיהרונג פון פרעס־פרייהייט זיינען געפייערט געוואָרען מיט גרויס ענטהוזיאַזם אין דער מעקסיקאַנער הויפּט־שטאָדט. דאָס האָט איבערגעשראָקען דיא אַריסטאָקראַטען, גלחים, בעאַמטע און בכלל אַלע פּריווילעגירטע. זיי האָבען דארום קאָנספּירירט צו עטאַבלירען אַ מאָנאַרכיע אין מעקסיקאָ. דער וויצע־קעניג אַפּאָדאַקאַ האָט אפילו געקראָגען אַ בעפעהל פון דיא קאָרטעסען אין מאדריד, אַז ער זאָל איינפיהרען דיא קאָנסטיטוציאָן אין מעקסיקאָ; אָבער אין דער זעלבער צייט, ווען ער האָט עפענטליך געפאָלגט דיזען בעפעהל, האָט ער אין געהיים אונטערשטיצט דעם פּלאַן פון דיא רעאַקציאָנערען אַריבערצוברענגען פערדינאַנד דעם זיעבעטען נאָך מעקסיקאָ און איהם צו ערקלערען פאַר אַן אונבעשרענקטען קייזער.

צו דיזען צוועק האָט אַפּאָדאַקאַ צוזאַמענגעקליבען אַן אַרמעע און איהר געשטעלט אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל איטורבידע, אום ביי דער ערשטער בעסטער געלעגענהייט דורכצופיהרען דיזען רעאַקציאָנערען פּלאַן. דיא מאָנאַרכיסטישע פּאַרטיי האָט געלעגט דיא גרעסטע האָפנונגען אויף דיזען פעהיגען גענעראַל, וועלכער האָט פון זיינע יונגע יאָהרען אָן געקעמפפט געגען דיא רעוואָלוציאָנערען און האָט זעהר פיעל בייגעטראָגען צו זייערע נידערלאַגעס, בעזאָנדערס צום טראַגישען סוף פון מאָרעלאָס. אָבער ביסלעכווייז, וואָס ווייטער דער רעוואָלוציאָנערער קאַמפּף האָט זיך געצויגען, האָט ער זיך אַרומגעזעהן, אַז עס וועט זיין פיעל בעסער פאַר איהם פערזענליך און פאַר זיין פאַטערלאַנד (ער איז געבאָרען געוואָרן אין מעקסיקאָ אין 1783), ווען ער וועט צושטעהן צו דיא פּאַטריאָטען און זיי העלפען צו געווינען דיא אונאַבהענגיגקייט פון מעקסיקאָ. ער איז דארום געקומען צו אַ פערשטענדיגונג מיט גענעראַל גערעראָ, דעם פיהרער פון דיא רעוואָלוציאָנערען, און דעם 24טען פעברואַר 1821 האָט ער אַרויסגעלאָזען אַ פּראָקלאַמאַציאָן, וואָס טראָגט דעם נאָמען "פּלאַן פון איגואַלאַ" און וואָס זיינע דריי וויכטיגסטע פּונקטען זיינען: 1) דיא אויפהאַלטונג פון דער קאַטאָלישער קירכע און דיא אויסשליסונג פון אירגענד וועלכע אַנדערע רעליגיאָנען און סעקטען, 2) דיא אַבזאָלוטע אונאַבהענגיגקייט פון מעקסיקאָ אונטער אַ קאָנסטיטוציאָנעלער מאָנאַרכיע מיט אַ מיטגליעד פון דער קעניגליכער פאַמיליע פון שפּאַניען אויף'ן טראָן, 3) אַ פריינדליכע פעראייניגונג פון שפּאַניער און מעקסיקאַנער. דיזע דריי פּונקטען האָט מען אויך גערופען דיא "דריי גאַראַנטיעס".

ווען אַפּאָדאַקאַ האָט דערהערט, וויא איטורבידע האָט איהם פעררעטהען, האָט ער צוזאַמענגעקליבען אַן אַרמעע פון 6000 מאַן און האָט זיך אַ לאָז געטהאָן געגען דיא פערבונדענע פּאַטריאָטען; אָבער ער האָט נור אויסגעפיהרט,

אַז ער איז פערלאָזען געוואָרען אַפילו פון זיין אייגענע וואַך אין פּאַלאַץ און האָט געמוזט צוריקפאָהרען נאָך שפּאַניען. איטורבידע האָט טריאומפירט אויף אַלע פונקטען, און פיעלע פיהרער פון דער ראָיאַליסטישער פּאַרטיי האָבען זיך דאַן אויך ערקלערט צו גונסטען פון דעם "פּלאַן פון איגואַלאַ".

אויף אָפּאָדאַקאַ'ס פּלאַץ איז געשיקט געוואָרן פון מאַדריד אַן אַנדער וויצע־קעניג, איינער מיט'ן נאָמען כואַן אָ'דאָנאָכו, וועלכער האָט שוין ניט געקענט צוקומען צו דער הויפּט־שטאָדט. דאָס איז געווען דער לעצטער פון דיא שפּאַנישע וויצע־קעניגע. איטורבידע האָט איהם בעגעגענט אויף'ן וועג פון וועראַ קרוץ צו דער הויפּט־שטאָדט און האָט איהם ערקלערט, אַז אַלע אַנשטרענגונגען פון שפּאַניען זיינען אומזיסט. דאַן האָט אָ'דאָנאָכו, זעהענדיג אַז ער וועט גאָר נישט אויספיהרען, אונטערשריעבען אַן אָבמאַך מיט איטורבידע אויף דעם גרונד פון דעם "פּלאַן פון איגואַלאַ". דיזער אָבמאַך טראָגט דעם נאָמען "טראַקטאַט פון קאָרדאָוואַ".

דעם 27טען סעפּטעמבער 1821 איז איטורבידע אַריין מיט טריאומף אין דער הויפּט־שטאָדט. ער איז געווען בעגלייטעט פון אַן אַרמעע פון 16 טויזענד רעוואָלוציאָנערע סאָלדאַטען מיט 68 קאַנאָנען. דאָס איז געווען דער לעצטער טאָג פון דער שפּאַנישער הערשאַפט, וועלכע האָט געדויערט 300 יאָהר.

דעם נעכסטען טאָג האָט זיך צוזאַמענגעטראָפען אַ פּראָוויזאָרישער רעגיערונגס־קאָמיטעט, אַ כונטאַ, וויא מען רופט עס אויף שפּאַניש, און האָט ערקלערט גענעראַל איטורבידע פאַר דעם פּרעזידענט. דיזע כונטאַ איז בעשטאַנען פון 38 מיטגליעדער, אַלץ נאַטירליך בעוואוסטע פיהרער. זיי האָבען געשוואָרען צו שטיצען דעם "פּלאַן פון איגואַלאַ" און דעם "טראַקטאַט פון קאָרדאָוואַ". זיי האָבען דאַרום ערקלערט מעקסיקאָ פאַר אַן אונאַבהענגיגע אימפּעריע. אין דער ערוואַרטונג, אַז איינער פון דער שפּאַנישער קעניגליכער פאַמיליע וועט קומען פערנעהמען דעם טראָן פון דיזער נייער אימפּעריע, וועלכע האָט פערנומען אַ ריזיגען שטח פון גוואַטעמאַלאַ אין דרום ביז אָרעגאָן אין צפון (טעקסאַס, קאַליפאָרניאַ, ניו מעקסיקאָ און אַריזאָנאַ אַריינגערעכענט), האָט דיזע כונטאַ אַנערקענט אַ פּראָוויזאָרישע רעגיערונג פון איטורבידע אַלס פּרעזידענט און פון פינף מיטגליעדער, פון וועלכע אָ'דאָנאָכו איז געווען איינער ביז זיין נאַטירליכען טויט אין אַ מאָנאַט אַרום.



## אכטער קאַפּיטעל.

# אונענדליכע רעוואָלוציאָנען און דיקטאַטורען

דיא וויטערע געשיכטע פון מעקסיקאָ איז פול מיט רעוואָלוציאָנען און קאָנטער־רעוואָלוציאָנען. אונאַבהענגיג איז מעקסיקאָ פערבליבען, אַ רעפּובליק איז עטאַבלירט געוואָרען, אַ קאָנסטיטוציאָן איז איינגעפיהרט געוואָרען; אָבער רוהע און אָרדנונג פעהלען נאָך עד היום. איין פּאָליטישע איבערקעהרענעס האָט געפאָלגט נאָך דער אַנדערער, איין דיקטאַטאָר האָט ארויסגעריסען דעם רעגיערונגס־רודער ביי אַן אַנדערען. אין פערלויף פון דיא ערשטע 58 יאָהר פון דער מעקסיקאַנער אונאַבהענגיגקייט (פון 1821 ביז 1879) האָבען זיך אומגעביטען 53 דיקטאַטאָרס. ווען מען זאָל אַרונטעררעכענען דיא 17 יאָהר פון דער הערשאַפט פון כואַרעץ, מאַקסימיליאַן (קייזער) און פּאָרפּירא דיאַץ (זיין ערשטע פּרעזידענטשאַפט), בלייבט 41 יאָהר פאַר 50 פּרעזידענטען און דיקטאַטאָרס, וואָס עס מאַכט אַ דורכשניטליכען טערמין פון 9 מאָנאַט און 21 טעג*).

פון ערשטען בליק זעהט עס אויס, אַז דיזע רעוואָלוציאָנען זיינען אַרויס־גערופען געוואָרען נור דורך דיא אַמביציעס און שטרייטען צווישען דיא פיהרער

*) אָט איז אַ פערקירצטע, אָבער פיעל זאָגענדע ליסטע פון דיזע הערשער און פון דער צייט פון זייער הערשאַפט: איטורבידע, פּרעזידענט אין 1821; איטורבידע, קייזער אין 1822; דיא גענעראַלען גערערא, בראַוואָ און נעגרעטע, דיקטאַטאָרס אין 1823; גענעראַל וויקטאָריאַ, פּרעז. אין 1824; גענ. פּעדראַזא, פּרעזידענט אין 1827; גענ. גערעראַ, פּרעז. אין 1828 און דיק־טאַטאָר אין 1829; גענ. בוסטאַמענטע, פּרעז. אין 1830; גענ. פּעדראַזא, ווידער פּרעז. אין 1832; גענ. סאַנטא אננא, פּרעזידענט אין 1833; גענעראַל באַראַגאַן, פּרעז. אין 1835; גענעראַל בוסטאַ־מענטע, וויעדער פּרעזידענט אין 1836; גענעראַל פּאַרעדעס, פּראָוויזאָרישער פּרעזידענט אין 1841; סאַנטאַ אַננאַ, וויעדער פּרעזידענט אין 1841 און דיקטאַטאָר אין 1843; גענעראַל הערעראַ, פּרעזידענט אין 1845; פּאַרעדעס, וויעדער פּרעזידענט אין 1846; גענעראַל סאַלאַס, פּראָוויזאָ־רישער פּרעזידענט אין 1846; סאַנטאַ אַננאַ, וויעדער דיקטאַטאָר אין 1846; גענעראַל פּעניאַ, פּראָוויזאָרישער פּרעזידענט אין 1847; הערערא, וויעדער פּרעזידענט אין 1848; גענעראַל אריסטא, פּרעזידענט אין 1851; סאַנטא אננא, נאָך אמאָל דיקטאַטאָר אין 1853; גענעראַל קאַ־רעראַ, פּראָוויזאָרישער פּרעזידענט אין 1855; גענעראַל אַלוואַרעץ, דיקטאַטאָר אין 1855; גע־נעראַל קאָמאָנפאָרט, פּרעזידענט אין 1856; גענעראַל זולאָאַגאַ, פּרעזידענט אין 1858; גענעראַל מיראַמאָן, פּרעזידענט אין 1859; בעניטאָ כואַרעץ, פּרעזידענט אין 1861; מאַקסימיליאַן, קייזער אין 1864; כואַרעץ, וויעדער פּרעזידענט אין 1867 און ערוועהלט נאָך אמאָל אין 1871; גענעראַל לערדאָ דע טעכודא, פּרעזידענט אין 1872 און וויעדער ערוועהלט אין 1876.

און גנערא‏לען; אָבער ווען מען בעטראַכט זיי נעהענטער, געפינט מען פער־שיעדענע געזעלשאַפטליכע אורזאַכען, וועלכע שטאַמען מייסטענס פון דער שפּאַ־נישער הערשאַפט. דיא וויכטיגסטע פון זיי זיינען: דער שטענדיגער ראַסען־קאַמפּף; דיא רייסערייען צווישען דיא שפּאַניער און קרעאָלען (דיזע אורזאַכע האָט ביסלעכווייז אויפגעהערט, ווען דיא קרעאָלען האָבען געקראָגען דיא אויבערהאַנד); דער קאַמפּף צווישען דיא פּריווילעגירטע קלאַסען און דיא מאַסען; פון צייט צו צייט אויך אַ קאַמפּף אין דיא רייהען פון דיא פּריווילעגירטע קלאַסען, בעזאָנדערס צווישען דיא קירכע און דיא אַרמעע; דיא שטרייטען צווישען דיא קאָנסערוואַטיווע און ליבעראַלען אָדער, וויא מען רופט זיי אויך צענטראַליסטען און פעדעראַליסטען. צו דער צענטראַליסטישער פּאַרטיי האָבען גע־הערט דיא אָפיציערען, גלחים, מאָנאַרכיסטען און בכלל אַזעלכע, וואָס האָבען געזוכט איינצופיהרען אַ דעספּאָטישע צענטראַל־רעגיערונג; צו דער פעדעראַ־ליסטישער פּאַרטיי האָבען געהערט דיא ליבעראַלען, רעפּובליקאַנער און בכלל אַזעלכע, וועלכע האָבען געוואָלט פערשטאַרקען דיא פּראָווינציעלע רעגיערונגען און איינפיהרען וואָס מעהר האָום־רול אָדער זעלבסט־פערוואַלטונג.

דער קאַמפּף צווישען דיא צענטראַליסטען און פעדעראַליסטען האָט זיך אָנגעפאַנגען נאָך אונטער דער שפּאַנישער הערשאַפט, ספּעציעל זייט דיא רע־פאָרמען, וואָס זיינען איינגעפיהרט געוואָרען פון אַ ספּעציעלער קעניגליכער קאָמיסיאָן מיט אַ יאָהר דריי פאַר דער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן אין דער פערוואַלטונג פון דיא פּראָווינצען פון ניי־שפּאַניען. אין אַלע שפּאַנישע קאָ־לאָניעס איז פאָרגעקומען אַן עהנליכער פּאַרטיי־קאַמפּף אונטער עהנליכע בע־דינגונגען און צוליעב עהנליכע אורזאַכען. דיא רעזולטאַטען זיינען דאַרום אויך געווען עהנליכע, נעמליך: דיקטאַטורען, רעוואָלוציאָנען און קאָנטר־רעוואָלו־ציאָנען. ביז היינט צו טאָג זיינען דיא רעגיערונגען אין אַלע רעפּובליקען אויף דעם פלאַץ פון דיא שפּאַנישע קאָלאָניעס אָטאָקראַטישע, דיקטאַטאָרישע און יעדענפאַלס ניט עכט־קאָנסטיטוציאָנעלע. זייערע פּרעזידענטען זיינען מעהר אָדער ווייניגער דיקטאַטאָרס. דיא פעדעראַלע רעגיערונגס־סיסטעם, וואָס איז איינגעפיהרט געוואָרען אין מעקסיקאָ און אין אַנדערע שפּאַניש־אַמעריקאַנישע רעפּובליקען נאָך דעם מוסטער פון יונייטעד סטייטס, האָט איינענטליך עקזיס־טירט אויף'ן פּאַפּיער.

דיא צענטראַליסטען און רעאַקציאָנערען האָבען יעדענפאַלס ניט געקענט פערווירקליכען זייער אימפּעריאַליסטישען פּלאַן. איטורבידע, דער ערשטער מעקסיקאַנער וואָס איז פּראָקלאַמירט געוואָרען אַלס אימפּעראַטאָר אונטער דעם נאָמען אַגוסטין דער ערשטער, האָט דערפאַר בעצאָהלט מיט זיין לעבען.

אַזוי וויא דיא שפּאַנישע קאָרטעסען האָבען זיך ענטזאָגט צו אַנערקענען דעם "פּלאַן פון איגואַלאַ" און דעם "טראַקטאַט פון קאָרדאָוואַ", האָבען דיא

פערעהרער און אַנהענגער פון איטורבידע צוזאַמען מיט דיא רעאַקציאָנערען און קלעריקאַלען אָנגעפאַנגען צו אינטריגירען און צו אַגיטירען, אַז דער קאָנגרעס, וואָס איז ערעפענט געוואָרען אין דער מעקסיקאַנער הויפּט־שטאָדט דעם 24טען פעברואַר 1822, זאָל אויסקלייבען גענעראַל איטורבידע פאַר אַ קייזער. דאָס האָט געפיהרט צו אַ פייערדיגען קאַמפף צווישען דיא אַנהענגער פון איטורבידע, דיא אַנהענגער פון אַ בורבאָנישען פּרינץ (דיא שפּאַנישע דינאַסטיע איז דאַן געווען אַ צווייג פון דיא פראַנצויזישע בורבאָנען) און דיא רעפּובליקאַנער. דיא מאַיאָריטעט אין קאָנגרעס איז געווען אַ רעפּובליקאַנישע; אָבער איטורבידע האָט געמאַכט אַ "פּראָנונסיאַמענטאָ", דאָס הייסט אַ מיליטערישע רעוואָלוציאָן. דער קאָנגרעס איז דאַן געצוואונגען געווען אונטער דעם מיליטערישען דרוק צו ערקלערען איהם פאַר אַ קייזער.

דעם 21טען יולי 1822 איז איטורבידע געקרוינט געוואָרען אין דעם קאַטהעדראַל פון דער הויפּט־שטאָדט מיט אַלע צערעמאָניעס פון דער אַלטער וועלט ביי אַזעלכע "זאַלבונגען". אָבער ניט לאַנג האָט ער געטראָגען דיא קרוין. גערערא, בראַוואָ און אַנדערע גענעראַלען און פיהרער פון דיא רעפּובליקאַנער האָבען אָנגעפאַנגען אַן אויפשטאַנד. אַרום פיער מאָנאַט נאָך איטורבידע'ס קאָראָנאַציע איז אין ווערא קרוץ ערקלערט געוואָרען אַ רעפּובליק אונטער דער לייטונג פון גענעראַל אַנטאָניאָ לאָפּעז דע סאַנטאַ אַננאַ, וועלכער האָט פריהער געדיענט אין דער אַרמעע פון שפּאַניען. דיא רעפּובליקאַנער אַרמעע האָט אפילו פערלאָרען דיא ערשטע שלאַכט מיט דיא אימפּעריאַליסטען, אָבער דיא אונצופריעדענהייט מיט דער נייער אימפּעריע איז געוואָרען אַזוי גרויס און ברייט, אַז אין אַפּריל 1823 איז איטורבידע געצוואונגען געווען צו ענטזאַגען זיך פון טראָן. דער קאָנגרעס האָט דאַן אַרויסגעלאָזען אַ בעפעהל, אַז איטורבידע מוז פערלאָזען דאָס לאַנד, און האָט איהם בעוויליגט אַ פּענסיע פון 25 טויזענד דאָלאַר אַ יאָהר, אויב ער וועט פערבלייבען אין אויסלאַנד. ער האָט טאַקע געפאָלגט און איז אַוועקגעפאָהרען נאָך ליוואָרנאָ (איטאַליען). אָבער ער האָט זיך באַלד צוריקגעקעהרט מיט דער אויסרעדע, אַז ער האָט ערפאַהרען, דאָס דיא שפּאַנישע רעגיערונג אינטריגירט געגען דיא אונאַבהענגיגקייט פון מעקסיקאָ, און אַז ער מוז דאַרום ווידער קעמפּפען מיט'ן שווערד אין האַנד פאַר זיין פאַטערלאַנד. דער קאָנגרעס האָט איהם אָבער ערקלערט אויסערהאַלב געזעץ אַלס אַ פעררעטהער און פעראורטהיילט צום טויט. דאַרום איז ער אַרעסטירט געוואָרען באַלד נאָך זיין לאַנדונג דעם 14טען יולי, 1824, וויא נור מען האָט איהם דערקענט, און נאָך אַ פייערדיגער דיסקוסיאָן אין קאָנגרעס, איז עס אָבגעשטימט געוואָרען, אַז ער מוז בעשטראָפט ווערען מיט'ן טויט. דער טויטאורטהייל איז אויסגעפיהרט געוואָרען אין דער שטאָדט פּאַדילאַ צוויי וואָכען נאָך דער לאַנדונג פון דעם עקס־אימפּעראַטאָר.

דער קאמפף צווישען דיא צענטראליסטען און פעדעראליסטען איז דאן געוואָרען בעזאָנדערס ברענענדיג. דיא יונגע רעפובליק איז געווען וויא א שיף אָהן א רודער אָדער, אפשר ריכטיגער, וויא א שיף מיט א סך רודערס. אונטער דעם פאָרזיץ פון דעם רעפובליקאנישען פיהרער וויקטאָריא האבען דיא פעדע־ראליסטען דורכגעפיהרט אין אָקטאָבער 1824 א קאָנסטיטוציאָן נאך דעם מוס־טער פון יונייטעד סטייטס. נור דיא קלעריקאלען האבען דערביי אויסגעפיהרט זייער פאָרדערונג, אז בלויז דיא קאטאָלישע רעליגיאָן זאָל אנערקענט ווערען. דיא וויכטיגסטע פונקטען פון דיזער קאָנסטיטוציאָן זיינען יעדענפאלס געבלי־בען טויטע בוכשטאבען.

צו דיא אלטע שטרייטען זיינען צוגעקומען נייע, ווען מען האָט פּרובירט בעשטימען, וויא פיעל יעדער פון דיא סטייטס האָט בייצוטראָגען פאר דיא אויסגאבען פון דער נאציאָנאלער אָדער צענטראלער רעגיערונג. סטאטיסטישע רעכנונגען האבען בכלל געפעהלט. דיא ערשטע פאלקס־צעהלונג וואָס איז גע־מאכט געוואָרען אין מעקסיקאָ אונטער דער שפאנישער הערשאפט אין אָנפאנג פון 18טען יאָהרהונדערט, איז אויך ניט געווען א גאנץ ריכטיגע. אין דער צייט פון דער לאנגער רעוואָלוציאָן געגען שפאניען און פון דיא אינערליכע איבערקעהרענעסען און פערשיעדענע בלוט־פערגיעסונגען האָט מען נאטירליך ניט געקענט אפילו דענקען וועגען אזעלכע פריעדליכע זאכען, וויא פאָלקס־צעהלונגען.

דער וועלט־בעריהמטער דייטשער געלעהרטער, אלעקסאנדער פאָן הומ־באָלדט, וועלכער האָט געמאכט א פאָרשונגס־רייזע איבער דער לאטיינישער אמעריקא צו דער צייט פון דער גרויסער פראנצויזישער רעוואָלוציאָן, האָט אויסגערעכענט, אז אין 1803, ווען ער האָט געלאנדעט אין מעקסיקאָ, האבען זיך דאָרטען געפונען קנאפע 6 מיליאָן נפשות. אזוי איז עס וואהרשיינליך אויך געווען מיט א פערטעל יאָהרהונדערט שפעטער. מען מעג גיכער אָננעהמען, אז דורך דעם שטענדיגען בירגער־קריעג איז די בעפעלקערונג דאָרטען פערקלענערט געוואָרען. מען האָט דאן ניט געוואוסט און ניט געקענט וויסען, וויא פיעל איינוואָהנער עס געפינען זיך אין דיא פּראָווינצען און שטעדט, זאָ דאָס ביי דעם בעסטען ווילען, אפילו אונטער דיא רוהיגסטע אומשטענדען, וואָלט עס זעהר שווער געווען צו קומען צו א פערשטענדיגונג און אַן אויסגלייך מכח דיא שטייער און בכלל דיא רעכטע און פליכטען פון יעדען סטייט.

אין מעקסיקאָ אָבער, וויא אין אלע לאטיינישע רעפובליקען אין דער נייער וועלט, האָט מען געפיהרט דעם פּארטיי־קאמפף מיט געוועהר אין דיא הענד. דיא הערשענדע פּארטיי, ריכטיגער געזאָגט, דיא פּאָליטישע גרופּע, ניט זעלטען פּשוט א גענעראל מיט א געוויסער צאָהל סאָלדאטען און אנהענגער, וואָס האבען פערכאפּט דיא רעגיערונגס־מאכט, האבען איינגעפיהרט א דיקטאטור, און דיא

אפאזיציאן האט געזוכט צו שטירצען דיזע דיקטאטור דורך א רעוואלוציאן אדער, אויף דעם שפאנישען שטייגער, דורך א פראנונסיאמענטא, אום איינצופיהרען איהר אייגענע דיקטאטור אין פאל פון אן ערפאלג. רעוואלוציאנען אנשטאט וואהלען; פראנונסיאמענטאס פון גענעראלען געגען פרעזידענטען, וואס פלעגען אמאל אויסגעוועהלט ווערען לויט דיא פארשריפטען פון דער קאנסטי־טוציאן; קוילען אנשטאט באלאטס (שטימצעטלעך), שלאכטען אנשטאט קאמ־פראמיסען; ניט זעלטען אויך היגריכטונגען פון דיא בעזיעגטע דיקטאטארס אדער פון גענעראלען, וואס האבען ארויסגערופען אויפשטאנדען צו ווערען דיק־טאטארס — דאס איז געווען דער שיקזאל פון אלע רעפובליקען, וועלכע זיינען אויפגעקומען אין דעם ערשטען פערטעל פון פאריגען יאהרהונדערט אין דיא שפאנישע און פארטוגעזישע קאלאניעס און דאס איז נאך עד היום דיא גרעסטע צרה פון א בעדייטענדען טהייל פון זיי, דארונטער אויך פון מעקסיקא. דורך דיזע רעוואלוציאנען האבען זיי זיך ניט געקענט ענטוויקלען אזוי וויא זייערע נאטירליכע רייכטהימער ערלויבען עס. אפילו אין דיא רעפובליקען, וואו דער געלער פיעבער פלעגט בעזאנדערס שניידען מענשליכע לעבענס, איז עס א פראגע, אויב דיא בעפעלקערונגען האבען געליטען מעהר פון דיזער נאטירליכער מגפה אדער פון דער רעוואלוציאנערער מגפה. דעם געלען פיעבער קען מען שוין, א דאנק דער נאטור־וויסענשאפט, בעקעמפפען און אויסראטען; אבער ווער ווייסט, וויא פיעל עס וועט נאך נעהמען, איידער מען וועט פטור ווערען פון דיא פראנונסיאמענטאס אין דער לאטיינישער אמעריקא?

מען דארף אבער אויך נעהמען אין בעטראכט, ווען מען לעזט דיא גע־שיכטען פון דיזע רעפובליקען, אז אין דיא פראנונסיאמענטאס האבען געוועהנ־ליך אנטהייל גענומען קליינע צאהלען פון דיא בעפעלקערונגען, מייסטענס קרע־אלען. דיא מאסען פון מעקסיקא, און דאס מיינט דיא אינדיאנער, זיינען גע־בליבען גלייכגילטיג צו דיא אומענדליכע שטרייטען און שלאכטען פון דיא פיה־רער, גענעראלען און העכערע קלאסען בכלל. דיא רעוואלוציאנען און קאנטר־רעוואלוציאנען זיינען אייגענטליך געווען דיא בעשעפטיגונג פון בעאמטע, פא־ליטיקער, מיליטעריסטען, וויא אויך אוואנטוריסטען און באנדיטען אונטער דער קאמאנדע פון פערשיעדענע אמביציעזע גענעראלען און דיקטאטארס. דא־רום האט עס אויך געטראפען, אז איין דיקטאטאר פלעגט פערכאפען דעם פלאץ פון אן אנדערען כמעט גאר אהן בלוט־פערגיסונג. דיא שוואכערע זייט פלעגט זיך אמאל צוריקציהען אהן א שלאכט. דיא בעזיעגטע דיקטאטארס און גע־נעראלען פלעגען זיך געוועהנליך אבטראגען נאך אויסלאנד, מייסטענס נאך אייראפא, וואו זיי פלעגען לעבען א גוטען טאג און אויסווארטען אויף א געלעגענהייט צוריקצוקעהרען זיך אנצופאנגען א נייע רעוואלוציאן.

דורך דיזע שטענדיגע אונרוהען און פראנונסיאמענטאס האבען זיך אויף

פערמעהרט באַנדעס פון איינפּאַכע רויבער. פון באַנדיטעריי האָט מעקסיקאָ געליטען, מעג מען זאָגען, זייט דיא צייטען פון הערנאַנדאָ קאָרטעז. פיעלע אַצטעקען און אַנדערע קריעגערישע אינדיאַנער שטאַמען האָבען זיך אויפגע־האַלטען אין דיא ווילדעסטע געבירגיגע געגענדען און האָבען געזוכט צו נעה־מען ראַכע פון זייערע ווייסע הערשער דורך רויבערישע אַטאַקעס. אָבער קיין מאָל איז באַנדיטעריי ניט געווען אַזוי פערשפּרייטעט, וויא אין דעם האַלבען יאָהרהונדערט נאָך דער ערקלערונג פון אונאַבהענגיקייט. לעבען דער הויפּט־שטאָדט גופא איז ניט געווען זיכער צו רייזען. אפילו דער עלטעסטער און וויכ־טיגסטער וועג, נעמליך פון דעם גרעסטען און רייכסטען פּאָרט ווערא קרוץ ביז צו דער הויפּט־שטאָדט (אונגעפעהר 180 ענגלישע מייל), איז אָפט געווען בע־לאַגערט פון באַנדיטען. ניט זעלטען פלעגען דיא באַנדיטען אויך אַריינטרעטען אין דיענסט פון דיא אַמביציעזע גענעראַלען. פאַר זיי זיינען דיא פּראָנונסיאַ־מענטאָס געווען וויא צוגעמאָסטען.

דיא פּאָליטישע פיהרער און גענעראַלען זיינען מאַנכעס מאָל געווען ניט בעסער און מענשליכער פאַר דיא אָנפיהרער פון באַנדעס רויבער. זייערע רוי־בערייען פלעגען זיי קרוינען מיט'ן נאָמען קאָנפיסקאַציע. קאָנסטיטוציאָנעלע גאַראַנטיעס זיינען בכלל פערבליבען אויף'ן פּאַפּיער און פרייהייט האָט איי־גענטליך עקזיסטירט נור פאַר דיא זיעגער. דער קאָנגרעס זעלבסט האָט בע־וויזען אַ ביישפּיעל פון אונגערעכטיגקייט און גרויזאַמקייט דורך זיין בעפעהל אַרויסצוטרייבען שפּאַניער פון לאַנד. דאָס איז געשעהען אין 1827 אונטער דער פּרעזידענטשאַפט פון דעם זעלבען גענעראַל וויקטאָריאַ, וועלכער האָט עס דורכגעפיהרט אַ קאָנסטיטוציאָן נאָך דעם אַמעריקאַנער מוסטער. דיא מעק־סיקאַנער קרעאָלען האָבען דאַן געהאַנדעלט פּונקט אַזוי באַרבאַריש געגענאיבער דיא שפּאַניער, וויא דיא שפּאַניער האָבען געהאַנדעלט מיט אַ 300 יאָהר פריהער געגענאיבער דיא אידען און מורען. פיעלע שפּאַנישע פאַמיליען, וועלכע האָ־בען געמוזט פערלאָזען מעקסיקאָ, האָבען זיך בעזעצט אין דער פראַנצויזישער שטאָדט באָרדאָ.

דעם נעכסטען יאָהר האָט אויסגעבראָכען אין דער הויפּט־שטאָדט אַן אויפשטאַנד, וועלכער האָט אויך געפיהרט צו אַ רויבעריי פון רייכע מאַגאַזינען און גרויסע אויסלענדישע געשעפטען. אונטער געשרייען: "וויוואַ לאַ ליבער־טאַד!" זיינען מענגעס בעפאַלען דעם האַנדעלס־קוואַרטאַל און האָבען גערויבט אין פערלויף פון עטליכע טעג. דיזע רויבערייען, וועלכע זיינען געווען פערבונדען מיט אַ ביטערען קאַמפּף צווישען דיא ליבעראַלען און קאָנסערוואַטיווע ביי דיא זאָ־גענאַנטע וואַהלען פאַר אַ פּרעזידענט אויף גענעראַל וויקטאָריאַ'ס פּלאַץ, האָבען אין צעהן יאָהר אַרום געפיהרט צו דער זאָ־גענאַנטער "צוקערלעקעך מלחמה" מיט פראַנקרייך. אַ בעקעריי פון אַ פראַנצויזישען קאָנדיטאָר איז

דאָן אויך בערויבט געוואָרען. דער פראַנצויז האָט פערלאַנגט 60,000 דאָלאַר שאַדענערזאַץ דורך זיין רעגיערונג, און אַזוי וויא דיא מעקסיקאַנער רעגיערונג האָט זיך ענטזאַגט צו צאָהלען, האָט דיא פראַנצויזישע רעגיערונג געשיקט עט־ליכע קריעגס־שיפען און געצוואונגען דיא מעקסיקאַנער צו בעצאָהלען נאָכדעם וויא פראַנצויזישע סאָלדאַטען האָבען געלאַנדעט און פערנומען ווערא קרוץ און אייניגע אַנדערע ערטער (ענדע 1838).

דער פעהיגסטער און וויכטיגסטער פון דיא גענעראַלען און דיקטאַטאָרס אין דיזער אונרוהיגסטער צייט פון דער מעקסיקאַנער געשיכטע איז געוועזען דער אויבען דערמאָנטער סאַנטאַ אננאַ. ער האָט אָנפאַנגס געשטיצט דיא לי־בעראַלע פאַרטיי, אָבער שפּעטער איז ער געוואָרען אַ קאָנסערוואַטאָר. זיין לעבענס־געשיכטע איז ניט נור אַם ענגסטען פערבונדען מיט אַלע פּאָליטישע איבערקעהרעניסען אין זיין פאָטערלאַנד אין פערלויף פון אַ האַלבען יאָהר־הונדערט, זאָנדערן רעפּרעזענטירט און כאַראַקטעריזירט זיי אַם בעסטען. אין 1810, ווען ער איז אַלט געוועזען 15 יאָהר, איז ער אַריינגעטראָטען אַלס קאַדעט אין דער שפּאַנישער אַרמעע. ער האָט געקעמפּפט געגען הידאַלגאָ און דיא רעוואָלוציאָנערען ביז איטורבידע איז געוואָרען דיקטאַטאָר. פאַר זיין מוטה און פעהיגקייטען האָט איהם איטורבידע בעלוינט מיט'ן ראַנג פון אַ גענעראַל און מיט דעם זעהר וויכטיגען אַמט פון גובערנאַטאָר פון דער פּראָווינץ ווערא קרוז. אין דיזער פּראָווינץ איז סאַנטאַ אננאַ געבאָרען געוואָרען, דאָרטען האָט ער געהאַט זיינע לאַנדגיטער און דאָרטען האָט ער געזוכט צו געווינען פּאָפּו־לאַריטעט, אום נאָכהער דאָס צו בענוצען פאַר זיינע אַמביציעזע פּלענער.

מיר ווייסען שוין, אַז ער איז צוגעשטאַנען צו דיא רעפּובליקאַנער און האָט ערקלערט אַ רעפּובליק אין זיין פּראָווינץ, ווען איטורבידע איז געקרוינט גע־וואָרען אַלס אימפּעראַטאָר. ער וואָלט שוין אפשר דאַן געקענט ווערען דיקטאַ־טאָר, ווען ער וואָלט ניט בעשלאָסען צו שטיצען ביז אַ צייט עלטערע פיהרער. ער האָט זיך אויסגעצייכענט אין פיעלע שלאַכטען מיט זיין קוראַזש און אויך מיט גרויזאַמקייטען. אין 1829, ווען דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט זיך מישב געווען צו שיקען אַן עקספּעדיציע, אום ווידער צו עראָבערען מעקסיקאָ, האָט גענעראַל סאַנטאַ אננאַ שנעל אָרגאַניזירט אַ פּאַטריאָטישע אַרמעע און פעריאָגט דיא שפּאַניער. אין 1838, ווען עס האָט זיך אָנגעפאַנגען דיא אויבען דער־מאָנטע "צוקערלעקעך מלחמה" און דיא פראַנצויזען האָבען פערנומען ווערא קרוץ, האָט ער ווידער אָרגאַניזירט אַ פּאַטריאָטישע אַרמעע. ביי איין שלאַכט מיט דיא פראַנצויזען איז ער פערוואונדעט געוואָרען אין אַ פוס, וועלכען מען האָט געמוזט אָבשניידען. דאָס האָט איהם ניט געשטערט צו פיהרען שלאַכטען ביז זיינע אַלטע יאָהרען. מען פלעגט איהם אויך רופען "גענעראַל מיט'ן היל־צערנעם פוס".

אין דעם ביטערען קאמפף צווישען דיא צענטראַליסטען, וועלכע האָבען ארויסגעשטעלט גענעראַל פעדראזא פאַר זייער קאנדידאט ביי דיא פּרעזידענטי־שע וואהלען אין 1828 (נאָך דעם סוף פון פּרעזידענט וויקטאָריא׳ס טערמין), און דיא פעדעראַליסטען, וועלכע האָבען געשטיצט דיא קאַנדידאטור פון דעם רעוואָלוציאָנערען קעמפּפער גערערא, האט סאנטא אננא אויסגעפיהרט דורך א פּראָנונסיאמענטאָ, אז גערערא זאָל ווערען פּרעזידענט. אָבער דעם נעכסטען יאָהר איז ער ארויסגעטראָטען געגען גערערא און האט געהאָלפען דעם וויצע־פּרעזידענט בוסטאמענטע צו ווערען דיקטאטאָר. גערערא האט געענדיגט זיין לעבען וויא א מארטירער. דורך א נידערטרעכטיגען פערראַטה איז ער אריינ־געפאלען אין דיא הענד פון זיינע פּאָליטישע געגנער. זיי האָבען אונטערגע־קויפט א קאַפּיטאַן פון אַן איטאַליענישע האנדעלס־שיף איהם איינצולאדען צו א מיטאָגשפּייז, און ווען ער איז געקומען, האט מען איהם געפאנגען און אוועק־געשלעפּט אין אַן אָרט, וואו מען האט איהם איבערגעגעבען צו א מיליטער־געריכט פון זיינע געגנער, פעראורטהיילט צום טויט און דערשאָסען דעם 15טען פעברואר 1831 (ער ווערט פערעהרט פון מעקסיקאנער פאָלק אָלס איינער פון דיא מארטירער פאר אונאבהענגיגקייט און פרייהייט; איינער פון דיא מעק־סיקאַנער סטייטס טראָגט זיין נאָמען).

בוסטאמענטע איז אָבער ניט לאנג פערבליבען דיקטאטאָר נאָך אזא טרא־גישען סוף פון זיין געגנער. א גרויסער אויפשטאנד האט אויסגעבראָכען געגען איהם אין 1832, און סאנטא אננא האט דיזעס מאָל געמאכט א פּראָנונסיא־מענטאָ צו גונסטען פון גענעראַל פעדראזא, ווענען ער האט פעריאגט מיט פייער יאָהר פריהער. ווען אָבער פעדראזא און נאָכהער זיין נאָכפאָלגער, דער וויצע־פּרעזידענט פאריאס (אין 1833), האָבען פּרובירט איינפיהרען וויכטיגע רעפאָר־מען, נעמליך: אָבשאפען דיא פּריווילעגיעס פון דיא גלחים און מיליטערישע אָפי־ציערען, וויא אויך ארויסרייסען ווענינסטענס דיא העכערע ערציהונג פון דיא גלח׳ישע הענד, איז סאנטא אננא צוגעשטאנען צו דיא רעאקציאָנערען קלע־ריקאַלען און האט געמאכט א נייע פּראָנונסיאמענטאָ, וועלכע האט זיך געענ־דיגט ניט נור דערמיט, וואָס ער איז אליין געוואָרען פּרעזידענט־דיקטאטאָר, זאָנדערן אויך דערמיט, וואָס ער האט אָבגעשאפט דיא פעדעראלע קאָנסטיטו־ציאָן און איינגעפיהרט א צענטראליסטישע (צו ענדע 1836). אלס דיקטאטאָר האט ער פאנאנדערגעיאָגט דעם קאָנגרעס, וואו דיא פעדעראליסטען און לי־בעראלען האָבען געהאט דיא מאיאָריטעט, וויא אויך דיא לעגיסלאטורען אָדער פארלאמענטען פון דיא סטייטס, און האט געמאכט פאר גובערנאטאָרען און פאר בירגערמייסטער זיינע טרייעסטע אנהענגער און נאָכפאָלגער.

דיזע רעאקציאָנערע קאָנסטיטוציאָן, וועלכע האט מיט איין קלאפּ אָבגע־שאפט דיא זעלבסטפערוואלטונגען פון סטייטס און שטעדט, האט נאטירליך

אין העכסטען גראד אויפגערעגט דיא פעדעראליסטען. דאס האט אויך טהייל־ווייז ארויסגערופען דעם אויפשטאנד אין טעקסאס, וואס איז דאן שנעל בע־זעצט געווארען פון אמעריקאנער. דיזער אויפשטאנד האט עס געפיהרט צו דער מלחמה צווישען יונייטעד סטייטס און מעקסיקא, וועגען וועלכע מיר ווייסען שוין פון דער געשיכטע פון יונייטעד סטייטס. סאנטא אננא האט זיך א לאז געטהאן מיט אן ארמעע פון אונגעפעהר 6000 מאן, אום צו אונטערדריקען דעם אויפשטאנד אין טעקסאס. צוערשט האט ער געהאט ערפאלג, אבער נאכהער איז ער ניט נור בעזיעגט געווארען פון דיא אמעריקאנער קאלאניסטען און קאר־באים אונטער דער קאמאנדע פון סעם האוסטאן, זאנדערן ער איז אליין גע־פאנגען געווארען. דיא טעקסאסער האבען איהם דאן געצוואונגען צו אונטער־שרייבען אן אבמאך, אז טעקסאס זאל אנערקענט ווערען פאר אן אונאבהענגיגע רעפובליק. דער מעקסיקאנער קאנגרעס, וועלכער האט דערווייל אויסגעקלי־בען דר. אנטאניא בוסטאמענטע פאר פרעזידענט, האט זיך אבער ענטשיעדען ענטזאגט פון דעם דאזיגען אבמאך.

ווען סאנטא אננא האט זיך צוריקגעקעהרט אין 1837 פון זיין געפאנגענ־שאפט אין טעקסאס, האט מען איהם אויפגענומען זעהר קאלט אפילו אין זיין געבורטס־סטייט ווערא קרוץ, וואו ער איז פערבליבען אויף זיינע גיטער ביז ער האט זיך געקענט אויסצייכנען דעם נעכסטען יאהר אין דער דערמאנטער "צוקערלעקעך מלחמה" מיט דיא פראנצויזען. דיא פעדעראליסטען, וועלכע האבען נאטירליך געזוכט צו פערכאפען דיא מאכט אין זייערע הענד און איינ־צופיהרען צוריק זייער קאנסטיטוציאן, האבען געמאכט א רעוואלוציאן אין 1840. סאנטא אננא איז דאן ארויסגעטראטען אלס א פערמיטלער. זיין פער־מיטלונג האט זיך אבער געענדיגט אין 1841 דערמיט, וואס ער איז ווידער געווארען דיקטאטאר. ער האט זיך געווארפען אויף אלע זייטען ביז 1844, ווען עס האט אויסגעבראכען אזא אויפשטאנד געגען איהם אונטער דער פיהרונג פון גענעראל פארעדעס, אז ער האט געמוזט זיך אבטראגען פון מעקסיקא. פאר פרעזידענט איז דאן אויסגעוועהלט געווארען גענעראל הערערא. וויא ווילד און שרעקליך דער קאמפף צווישען דיא גענעראלען פון דיא פערשיעדענע פארטייען און גרופען פלעגט געפיהרט ווערען, קען מען שליסען פון פאלגענדען פאל. איינער פון דיא פייערדיגסטע געגנער פון סאנטא אננא, א גענעראל מיט'ן נאמען מעכיא, איז נאך א שלאכט, וועלכע ער האט פערלארען, געפאנגען געווארען פון סאנטא אננא'ס סאלדאטען. ווען מען האט איהם אנגעזאגט, אז ער איז פעראורטהיילט געווארען צום טויט, האט ער געפרעגט, ווען דער טויט־אורטהייל וועט אויסגעפיהרט ווערען. "אין דריי שטונדען ארום", איז געווען דיא אנטווארט. "אה, ווען סאנטא אננא וואלט אריינגעפאלען אין מיינע הענד, וואלט איך איהם געגעבען בלויז דריי מינוט!" האט ער אויסגערופען.

סאַנטאַ אננאַ איז פערבליבען אין קובאַ ביז 1846, ווען עס האָט זיך אָנ־געפאַנגען דיא מלחמה צווישען יונייטעד סטייטס און מעקסיקאָ. זיינע אַנהענ־גער האָבען איהם אַרויסגערופען צו בעשיצען דאָס פאָטערלאַנד געגען אַ מעכ־טיגען אויסלענדישען שונא. גענעראַל פּאַרעדעס, וועלכער איז דאַן געווען דיק־טאַטאָר (נאָכדעם וויא ער האָט געמאַכט אַ פּראָנונסיאַמענטאָ געגען גענעראַל הערערא), האָט געמוזט אָבטרעטען זיין פּלאַץ צום וויצע־פּרעזידענט בראַוואָ, ווייל מען האָט איהם פערדעכטיגט אין אַ פערשווערונג צו שטירצען דיא רע־פּובליק און אַריבערצובערענגען אַ בורבאָנישען פּרינץ פון שפּאַניען צו גרינדען אַ מאָנאַרכיע. בראַוואָ האָט פון זיין זייט איבערגעגעבען דיא דיקטאַטור צו סאַנטאַ אננאַ, וועלכער האָט קאָמאַנדעוועט ביז צום סוף פון דיזער מלחמה (ער האָט געליטען איין נידערלאַגע נאָך דער אַנדערער אין דיא שלאַכטען מיט דיא אַמעריקאַנער), ווען ער איז אַרונטערגעזעצט געוואָרען און האָט ווידער געמוזט פערלאָזען זיין פאַטערלאַנד.

אין 1853, נאָכדעם וויא גענעראַל הערערא איז ווידער געוואָרען פּרע־זידענט (פון 1848 ביז 1851) און האָט אָבגעטראָטען זיין פּלאַץ פריעדליך צו זיין געזעצליך ערוועהלטען נאָכפאָלגער גענעראַל אַריסטאַ (דאָס איז געווען דער ערשטער פאַל אין דער געשיכטע פון מעקסיקאָ, אַז דער פּרעזידענט־אַמט איז איבערגעגאַנגען פון איינעם צו אַן אַנדערען אָהן פּראָנונסיאַמענטאָס און אָהן אירגענד וועלכע געוואַלט־אַקטען), וועלכער האָט געמוזט רעזיגנירען אין אָנפאַנג פון 1853 — איז סאַנטאַ אננאַ נאָך אַמאָל געוואָרען דיקטאַטאָר. ער האָט זיך דאַן ערקלערט פאַר אַ דיקטאַטאָר אויף זיין גאַנצען לעבען מיט דעם טיטול פון אַ פּרינץ. ער האָט אָפּנים גערעכענט, אַז איהם וועט געלינגען צו ווערען קעניג; אָבער ניט לאַנג האָט געדויערט דיזע גדולה זיינע. דעם נעכסטען יאָהר (אין פריהלינג פון 1854) האָט אויסגעבראָכען אַן ערפאָלגרייכער אויפשטאַנד פון פעדעראַליסטען און ליבעראַלען געגען איהם, און ער האָט געמוזט פון דאָס נייע זיך אָבטראָגען נאָך אויסלאַנד.

אָבוואָהל ער איז שוין דאַן אַלט געווען 60 יאָהר, האָט ער ניט געקענט זיך בערוהיגען און האָט אַלץ געזוכט אַ געלעגענהייט זיך אַריינצוכאַפּען אין מעקסיקאָ, אום צו מאַכען נאָך אַ פּראָנונסיאַמענטאָ און ווערען ווידער אַ דיקטאַטאָר. זיין לעצטע פּראָבע האָט ער געמאַכט אין 1867. מען האָט איהם אָבער שנעל געפאַנגען און פערורטהיילט צום טויט. נור דער טויט־אורטהייל איז ניט אויסגעפיהרט געוואָרען צוליעב זיין אַלטקייט, וויא אויך צוליעב מאַנכע פון זיינע גוטע אויפטהואונגען און זיינע פּאַטריאָטישע לייסטונגען אין דיא מלחמות מיט פרעמדע. ער איז שוין געווען געבראָכען, אָבער נאָך אַלץ אַ לייב, פאַר וועלכען מען האָט מורא געהאַט. מען האָט איהם דאַרום ניט גע־

לאָזען פערבלייבען אין מעקסיקאָ און פעראורטהיילט צו פערבאַנונג אויף 8 יאָהר. מיט איינינע יאָהר שפּעטער האָט מען איהם אויך אַמניסטירט און ערלויבט צו ענדיגען זיינע יאָהרען אפילו אין דער הויפּט־שטאָדט גופא. געשטאָרבען איז ער דאָרטען אין 1876, אַ הינקענדיגער און בלינדער זקן פון 81 יאָהר, אין אַרמוטה און פערגעסענהייט.



## ניינטער קאפיטעל.

# בעניטא כוארעץ און מאקסימיליאן

נאך דער מלחמה מיט יונייטעד סטייטס איז דיא בעוועגונג פאר ראדיקאלע רעפארמען שטארקער געווארען. דיא ביטערע נידערלאגעס ביי יעדען צוזאמעשטויס מיט אמעריקאנער האבען געעפענט דיא אויגען פון אלע אינטעליגענטע מעקסיקאנער אויף דעם קלעגליכען צושטאנד פון זייער פאטערלאנד דורך דיא שטענדיגע פראנונסיאמענטאס. עטליכע יאהר נאך דעם וויא פריעדען איז געשלאסען געווארען מיט יונייטעד סטייטס, האבען זיך דיא פיהרער פון דיא קעמפפענדע פארטייען און דיא אמביציעזע גענעראלען צוריקגעהאלטען פון אויפשטאנדען און פראנונסיאמענטאס. איינער פון דיא גוטע רעזולטאטען דערפון איז געווען, וויא מיר האבען עס געזעהען אין פאריגען קאפיטעל, אז דער געזעצליך ערוועהלטער פרעזידענט אריסטא האט אין 1851 געקענט פערנעהמען דעם פלאץ פון דעם געזעצליך ערוועהלטען פרעזידענט הערערא אין 1848.

אבער דער קאמפף צווישען דיא ליבעראלען, וועלכע האבען פערלאנגט דיא אבשאפונג פון דיא פריווילעגיעס פון דיא גלחים און אויך דיא פערטהיילונג פון דיא לאנדגיטער פון דער קאטוילישער קירכע צווישען דיא פעאנען, און פון דיא קלעריגאס (קלעריקאלען) אדער קירכען־פארטיי, וועלכע האט נאטירליך געוואלט אנהאלטען דיזע פריווילעגיעס און לאנדגיטער — דיזער קאמפף איז אזוי פייערדיג געווארען אין דעם דריטען פערטעל פון פאריגען יאהרהונדערט, אז ער האט געפיהרט צו א נייע רייהע פון אויפשטאנדען, פראנונסיאמענטאס, בלוטיגע שלאכטען און זאגאר צו א פערזוך צו גרינדען אן אימפעריע אונטער אן אייראפעאישען פרינץ.

דער גרעסטער, פעהיגסטער און בעסטער פון דיא אנפיהרער פון דער ליבעראלער פארטיי איז דאן געווען בעניטא כוארעץ (געב. אין 1806, געשטארבען אין 1872). ער ווערט פערעהרט פון מעקסיקאנער פאלק ניט נור פאר זיינע וויכטיגע אויפטהואונגען, פאר זיין מוטהיגען און אפפערווילליגען קאמפף פאר ליבעראלע רעפארמען און אויך פאר דיא אינדיאנער מאסען, זאנדערן אויך

דערפאַר, וואָס ער איז אַליין געווען אַן אינדיאַנער, דער זוהן פון אַ בויער אין



בעניטאָ כואַרעץ

דעם סטייט אואַכאַקאַ. ער איז געווען דער ערשטער און בלייבט דערוויילע

דער איינציגער אינדיאַנער אָהן אירגענד וועלכע צומישונג פון בלוט פון א ווייר־סען, וואָס האָט דערגרייכט צו ווערען פּרעזידענט פון דער רעפּובליק. דיא אינדיאַנער שטאָלצירען מיט איהם. זיין קאַריערע, וועלכע איז אָם ענגסטען פערבונדען מיט דער געשיכטע פון מעקסיקאָ אין פערלויף פון א יאָהר דרייסיג, האָט אויפגעמונטערט דיא אינדיאַנער מאַסען צו קעמפּפען פאַר זייערע רעכטע. ער בלייבט זייער אידעאַל עד היום.

מען דערצעהלט, אַז צו צוועלף יאָהר האָט בעניטאָ כואַרעז נאָך ניט געקענט אפילו לעזען. ער האָט דאַן געאַרבייט ביי א בוכבינדער, נור ער האָט ארויס־געוויזען אַזעלכע פעהיגקייטען, אַז אַ גלח האָט אָנגעפאַנגען צו לערנען מיט איהם און אַז אַ רייכער מאַן האָט איהם געשטיצט ביז ער האָט געענדיגט אַ העכערע שול און איז געוואָרען אַן אדוואָקאַט. זיין ערשטער ארויסטריט אויף דער פּאָליטישער ביהנע איז געווען אַלס מיטגליעד פון דער לעגיסלאַטור פון זיין געבורטס־סטייט אואַכאַקאַ. ער האָט זיך דאָרט אַזוי אויסגעצייכענט, אַז אין 1846 האָט מען איהם אויסגעוועהלט צום קאָנגרעס און אַ יאָהר שפּעטער איז ער געוואָרען גובערנאַטאָר פון דיזען סטייט. אונטער סאַנטאַ אננאַ'ס דיקטאַ־טור אין 1853 איז כואַרעז געצוואונגען געווען צו פערלאָזען מעקסיקאָ. ער איז פערבליבען אין יונייטעד סטייטס ביז 1855, ווען סאַנטאַ אננאַ האָט אליין געמוזט זיך אָבטראָגען פון מעקסיקאָ. אונטער דער פּרעזידענטשאַפט פון אַל־וואַרעז איז כואַרעז געוואָרען יוסטיץ־מיניסטער און האָט באַלד דורכגעפיהרט אין קאָנגרעס (ענדע 1855) אַ געזעץ, וואָס טראָגט זיין נאָמען און וואָס האָט אָבגעשאַפט דיא ספּעציעלע געריכטען פאַר גייסטליכע און מיליטעריסטען. דיזע געריכטען זיינען געווען אַן אונגליק פאַר דעם מעקסיקאַנער פאָלק און האָבען געפיהרט צו קאָרופּציאָן אין פּאָליטישען און געזעלשאַפטליכען לעבען פון מעק־סיקאָ.

דיא פּריווילעגירטע קלאַסען האָבען נאַטירליך געקעמפּפט מיט אַלע כוחות נעגען אַזאַ געזעץ. דיא גלחים האָבען אויפגעהויבען געשרייען ביז'ן הימעל און האָבען געסטראַשעט מיט הימלישע שטראָפען, אויב אַזאַ גאָטלאָזער געזעץ וועט פערבלייבען אין קראַפט. זייער ווידערשטאַנד האָט געפיהרט צו אַ נייער אי־בערקעהרענעס אין דער רעגיערונג. קאָמאָנפאָרט, דער קריעגס־מיניסטער פון פּרעזידענט אַלוואַרעז, האָט זיך פערבונדען מיט דיא מעסיגערע ליבעראַלען און איז געוואָרען פּרעזידענט און שפּעטער דיקטאַטאָר. ער האָט אונטערדריקט אַן אויפשטאַנד פון קלעריקאַלען אין פועבלאַ (דיא שטאָדט פון דער אינקוויזי־ציאָן) אין אָנפאַנג פון 1856 און האָט אויך קאָנפיסצירט לאַנדגיטער ביי דער קירכע; אָבער ער האָט פון דער אַנדער זייט געזאָרגט, אַז דיא גלחים זאָלען ניט פערלירען אַ סך ביים פערקויף פון דיא קירכען־גיטער. אונטער זיין דיק־

טאטור איז עס איינגעפיהרט געוואָרען אַ נייע קאָנסטיטוציאָן, וועלכע איז בע־זאָנדערס קאָפּירט געוואָרען נאָך דער קאָנסטיטוציאָן פון יונייטעד סטייטס.

דיזע קאָנסטיטוציאָן האָט זיך אָבער געהאַלטען אַזוי אין דער לופטען, וויא זיין דיקטאַטור. אין אָנפאַנג 1858 איז גענעראַל קאָמאָנפאָרט ניט נור אַרונטערגעזעצט געוואָרען נאָך אַ פּראָנונסיאַמענטאָ פון דעם רעאַקציאָנערען גענעראַל זולאָאַגאַ, זאָנדערן ער איז אויך פּעריאָגט געוואָרען פון מעקסיקאָ. אין פערלויף פון אַ יאָהר דריי האָט זיך ניט נור געצווייגען אַ ווילדער בירגער־קריעג צווישען דיא ליבעראַלען און קלעריקאַלען, זאָנדערן עס האָבען אויך עק־זיסטירט צוויי רעגיערונגען: דיא ליבעראַלע אונטער בעניטאָ כואַרעץ אין וועראַ קרוץ און דיא רעאַקציאָנערע אין דער הויפּט־שטאָדט. כואַרעץ האָט זיך ערקלערט פאַר דעם געזעצליכען פּרעזידענט אויף דעם גרונד, דאָס ער איז געווען דער העכסטער ריכטער אונטער דער פּרזידענטשאַפט פון קאָמאָנפאָרט. דיא רעאַקציאָנערען זיינען צוערשט אָנגעפיהרט געווען פון גענעראַל זולאָאַגאַ און נאָכהער פון דעם יונגען אָפיציער מיראַמאָן, וועלכער האָט זיך אויסגעצייכענט מיט מיליטערישע פעהיגקייטען, מיט גרויזאַמקייט און מיט געוויסענלאָ־זיגקייט.

אין צוויי שלאַכטען לעבען דיא הויפּט־שטאָדט זיינען דיא ליבעראַלען אָדער, וויא מען האָט זיי דאַן גערופען, כואַריסטען, געשלאָגען געוואָרען פון דיא רעאַקציאָנערען אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל מיראַמאָן. נאָך דער צווייטער שלאַכט (אין אַפּריל 1859) האָבען דיא רעאַקציאָנערען דער־שאָסען, מיט דער צושטימונג פון גענעראַל מיראַמאָן, 53 אָפיציערען (דאַרונטער אויך אייניגע דאָקטוירים, צווישען וועלכע עס האָט זיך געפונען אַן ענגלענדער) פון דער ליבעראַלער אַרמעע, וועלכע האָט זיך אונטערגעגעבען. דיזע אָפּפער פון דער ווילדער גרויזאַמקייט פון דיא קלעריקאַלען און פון זייער קאָמאַנדיר זיינען בעקאַנט אין דער געשיכטע פון מעקסיקאָ אונטער דעם נאָמען ״דיא מאַרטירער פון טאַקובאַיאַ״. דאָס צייגט, וויא ווילד דער בירגער־קריעג איז געפיהרט געוואָרען.

דיא רעגיערונג אונטער דער לייטונג פון בעניטאָ כואַרעץ איז אַנערקענט געוואָרען פון דער אַמעריקאַנער רעגיערונג. אין יונייטעד סטייטס האָט מען סימפּאַטיזירט מיט דיא מעקסיקאַנער ליבעראַלען בכלל. אַזוי וויא דיא כואַ־ריסטען האָבען קאָנטראָלירט דיא אַטלאַנטישע פּאָרטען, האָבען זיי געקענט אימפּאָרטירען געוועהר פון אויסלאַנד. דיא אַנערקענונג פון יונייטעד סטייטס איז געווען בעזאָנדערס וויכטיג פאַר דיא כואַריסטען, ווייל זיי האָבען געקענט ניט נור אונגעשטערט איינקויפען געוועהר, זאָנדערן אויך צוזאַמענקלייבען וואָ־לאָנטירען און אָרגאַניזירען עקספּעדיציעס אין ניו־אָרליענס און אין אַנדערע

אַמעריקאַנער פּאַרטען. אין 1859 האָט כואַרעז אַרויסגעלאָזען אַ רייהע פון ליבעראַלע געזעצע, וואָס האָבען געציעלט צו ברעכען דיא מאַכט פון דער קירכע. ער האָט אָבגעשאַפט דיא קאַטאָלישע אָרדענס, איינגעפיהרט ציוויל־הייראַטהען, איבערגעגעבען דעם קאָנטראָל איבער בית עולם׳ס צו דיא ציוויל־בעאַמטע פון דיא שטעדט, נאַציאָנאַליזירט דיא לאַנדגיטער פון דיא קירכען און קלויסטערס א. ז. וו. דעם זעלבען יאָהר איז געשלאָסען געוואָרען דער זאָ־גענאַנטער מאַקליען־כואַרעז טראַקטאַט, נאָך וועלכען יונייטעד סטייטס האָט געקראָגען ספּעציעלע קאָמערציעלע און אויך פּאָליטישע רעכטע אין מעקסיקאָ. דער יונייטעד סטייטס סענאַט האָט זיך אָבער ענטזאַגט צו בעשטעטיגען דיזען אָבמאַך, וואָס איז געווען אַ פערמאַסקירטער פּראָטעקטאָראַט איבער דער מעקסיקאַנער רעפּובליק.

צו דער צייט איז יונייטעד סטייטס אַליין געשטאַנען אויף׳ן שוועל פון אַ בירגער־קריעג. דער שטענדיגער פּאַרטיי־קאַמפּף וועגען דיא נעגער־שקלאַ־ווערייַ, איז געוואָרען אַלץ ביטערער און פייערדיגער. דיא גרויסע נאָרד־אַמעריקאַנישע רעפּובליק האָט דאַן געהאַט צו זאָרגען פאַר איהר אייגענע עקזיסטענץ און יעדענפאַלס פאַר דיא איינינקייט פון אַלע איהרע טהיילען. דערמיט האָט זיך בענוצט נאַפּאָלעאָן דער דריטער, אום דורכצופיהרען אַ פּלאַן צו גרינדען אַן אימפּעריע אין מעקסיקאָ — אַ פּאַסירונג וואָס האָט ניט צו זיך קיין גלייכע אין דער געשיכטע פון דער נייער וועלט.

דיא אַריינמישונג פון אייראָפּעאישע מעכטע אין מעקסיקאָ איז געוואָרען אונפערמיידליך דורך דעם, וואָס דיא אויסלענדער האָבען זעהר פיעל געליטען דורך דיזען בירגער־קריעג. דיא ליבעראַלען זיינען ניט געווען בעסער פאַר דיא קלעריקאַלען אין זייער פּשוט רויבערישע האַנדלונגען געגענאיבער אייראָפּעער. דיא מעקסיקאַנער האָבען זיך גאָר ניט געקימערט וועגען אינטערנאַציאָנאַלע געזעצע. זיי פלעגען פערכאַפּען אייראָפּעאישע סחורות אין דיא צאָלאַמטען און געלד אין דיא באַנקען פון אייראָפּעער. פיעלע אייראָפּעער זיינען דאַן ניט נור בערויבט געוואָרען, זאָנדערען אויך ערמאָרדעט געוואָרען. דיא ענגלישע רעגיערונג האָט דאַרום אָבגעבראָכען דיפּלאָמאַטישע פערבינדונגען מיט מעקסיקאָ אין אָנפאַנג פון 1859, און דיא רעגיערונגען פון פראַנקרייך, ענגלאַנד, פּרייסען און שפּאַניען האָבען געפיהרט אין 1860 אונטערהאַנדלונגען וועגען שיקען אַ געמיינשאַפטליכע מיליטערישע עקספּעדיציע, אום צו בעשיצען זייערע בירגער און צו צווינגען דיא מעקסיקאַנער צו רעספּעקטירען אויסלענדער און צו צאָהלען שאַדענערזאַץ. ענדע 1860 האָט זיך גענעראַל מיראַמאָן ערלויבט זאָגאַר צו פערכאַפּען אין דעם ענגלישען אַמבאַסאַד גופא דיא סומע פון $630,000 אין גאָלד, וואָס איז דאָרטען געלעגען פּערזיע־

געלט און וואָס איז בעשטימט געווען צו צאָהלען די פּראָצענטען צו די באָנד־האָלדערס אָדער אַקציאָנערען.

אין אָנפאַנג פֿון 1861, ווען בעניטאָ כוארעץ איז אַריין מיט טריאומף אין דער מעקסיקאַנער הויפּט־שטאָדט, נאָכדעם ווי זיין גענעראַל אָרטעגאַ האָט בעזיעגט די אַרמעע פֿון גענעראַל מיראַמאָן, האָט ער אויסגעפֿונען, אַז די אייראָפּעאישע רעגיערונגען האַלטען פֿעראַנטוואָרטליך זיין רעגיערונג פֿאַר אַלע שאָדענס און צרות, וואָס זייערע בירגער האָבען געליטען פֿוןביידע זייטען, סאַי פֿון די כואַריסטען, סאַי פֿון די מיראַמאָניסטען. דער כואַריסטישער קאָנגרעס האָט זיך אָבער ענטזאַגט צו צאָהלען אירגענד וועלכע חובות. דאַן האָבען ענגלאַנד, פֿראַנקרייך און שפּאַניען, וואָס זייערע בירגער האָבען בעזאָנדערס געליטען דורך די רויבערייען פֿון די מעקסיקאַנער, אָבגעמאַכט צווישען זיך צו צווינגען מיט געוואַלט די מעקסיקאַנער רעגיערונג צו צאָהלען שאַדענערזאַץ.

אין דעצעמבער 1861 איז וועראַ קרוץ פֿערנומען געוואָרען פֿון שפּאַנישע סאָלדאַטען. באַלד נאָכדעם איז אָנגעקומען אַ פֿראַנצויזישע פֿלאָטע מיט סאָלדאַטען. דער פֿראַנצויזישער קאָמאַנדיר האָט געהאַט אינסטרוקציעס צו פֿערכאַפּען אַלע מעקסיקאַנער פּאָרטען ביי די מזרח־ברעגען און צו קאָלעקטירען אין די צאָל־אַמטען די אָבצאָהלונגען אויף אימפּאָרטירטע סחורות פֿאַר די ענגלענדער און שפּאַניער אויך, ביז די מעקסיקאַנער רעגיערונג וועט נאָכגעבען אַלע זייערע פֿאָדערונגען. די ענגלישע רעגיערונג האָט אויך געשיקט קריעגסשיפֿען, אָבער בלויז 700 ענגלישע סאָלדאַטען האָבען געלאַנדעט אין וועראַ קרוץ.

ענגלאַנד און שפּאַניען האָבען אָבער באַלד (אין מערץ 1862) צוריקגעצויגען זייערע סאָלדאַטען, וועהרענד פֿראַנקרייך האָט געשיקט פֿערשטערקונגען. די אורזאַכע וואַרום ענגלאַנד און שפּאַניען האָבען אַזוי געהאַנדעלט, איז געווען, ווייל זיי האָבען אויסגעפֿונען, אַז די פֿראַנצויזישע רעגיערונג האָט אויך אַנדערע אַבזיכטען אויסער קאָלעקטירען שאַדענערזאַץ פֿאַר איהרע בירגער. עס איז אַלץ קלאָרער געוואָרען, אַז נאַפּאָלעאָן דער דריטער האָט געוואָלט ניט נור זיך אַריינמישען אין די אינערליכע אַנגעלעגענהייטען פֿון מעקסיקאָ צו גונסטען פֿון די רעאַקציאָנערען, זאָנדערן אויך צו עטאַבלירען אַ מאָנאַרכיע דאָרטען און אַרויפֿזעצען אויף'ן טראָן דעם אַרכידוקעס מאַקסימיליאַן, דעם ברודער פֿון עסטרייכער קייזער פֿראַנץ יאָזעף. די מעקסיקאַנער רעאַקציאָנערען און קלעריקאַלען, וועלכע האָבען זיך אָבגעטראָגען נאָך פּאַריז, דאַרונטער אויך דער אַרכיביסקופּ פֿון מעקסיקאָ, האָבען אינטריגירט אין נאַפּאָלעאָן'ס הויף, אַז פֿראַנקרייך זאָל זיי קומען צו הילפֿע. זיי האָבען זיך פֿון איין זייט בענוצט דערמיט, וואָס נאַפּאָלעאָן האָט זיך אַרומגעטראָגען מיט פֿאַנטאַסטישע פּלענער וועגען גרינדען אַן אימפּעריע אין צענטראַל־אַמעריקאַ און דורכגראָבען אַ קאַנאַל

אין פאנאמא מיט יאהרען פריהער איידער איהם איז געלונגען צו ווערען פרעזידענט און נאכהער קייזער פון פראנקרייך; און פון דער אנדער זייט דערמיט, וואס זיין פרוי, דיא בעריהמטע יוזשעניע, איז געוועזען א שפאניערין — אום ניט נור צו בעזיעגען זייערע פאליטישע געגנער, דיא ליבעראלען, וועלכע האבען אלץ מעהר געוואונען און געקראגען דיא אויבערהאנד אונטער דער פיהרונג פון בעניטא כוארעץ, זאנדערן אויך מעהר צו פערשטארקען דיא קירכע און צו עטאבלירען א צענטראלע רעגיערונג אונטער זייערען א דיקטאטאר אדער אפילו אונטער א פרעמדען פרינץ אלס קעניג.

דיא פראנצויזישע רעגיערונג האט זיך דאן אנגעכאפט אן דיא קלאגע פון א באנקיר מיט'ן נאמען זשעקער געגען דיא מעקסיקאנער רעגיערונג. דיזער פינאנסיסט איז אייגענטליך געוועזען א בירגער פון דער שווייץ, נור זיינע קרעדיטארען זיינען מייסטענס געוועזען פראנצויזען. אין 1859 האט ער געליהען דער רעגיערונג פון גענעראל מיראמאן דריי־פערטעל מיליאן דאלאר און האט דערפאר ארויסגעקראגען פאר זיין גרויסען ריסק אבליגאציעס אדער באנדס, וואס זייער נאמינעלער ווערטה האט בעטראפען גאנצע 15 מיליאן דאלאר. דיזע הלואה ליפערט א ביישפיעל, וויא פיעל דיא באנקירען פלעגען פערלאנגען און בעקומען, ווען זיי פלעגען אויסהעלפען מיט געלד איינע פון דיא מעקסיקאנער רעגיערונגען. פון דער אנדער זייט ערקלערט עס, ווארום דיא כואריסטישע רעגיערונג האט זיך ענטזאגט צו צאהלען דיא חובות פון דער קלעריקאלער רעגיערונג.

עטליכע מאנאט נאך דיזער פינאנציעלער אפעראציע האט זשעקער באנקראטירט, און גענעראל מיראמאן איז בעזיעגט געווארען פון דיא ליבעראלען. זשעקער האט דאן אבגעמאכט מיט דעם דיפלאמאטישען פערטרעטער פון פראנקרייך אין מעקסיקא, אז פאר א געוויסען טהייל פון דיא 15 מיליאן דאלאר, וועלכע ער האט פערלאנגט לויט זיין אבמאך מיט מיראמאן'ס רעגיערונג, זאל ער קריעגען דיא שטיצע פון דער פראנצויזישער רעגיערונג. דער רעזולטאט דערפון איז געוועזען, אז נאפאלעאן האט צוערשט ערקלערט דורך א קייזערליכען בעפעהל דיזען שווייצערישען באנקיר פאר א פראנצויזישען בירגער און נאכהער אויפגענומען יענעמס קלאגע געגען מעקסיקא. פאליטישע אינטריגעס און פינאנציעלע שווינדעל זיינען דורך דעם צוזאמענגעמישט געווארען, און אין 1862 האט זיך שוין געפונען אין ווערא קרוץ און אומגעגענד א פראנצויזישע ארמעע פון 30,000 מאן.

נאך איינינע צוזאמענשטויסען מיט מעקסיקאנער פאטריאטען, צווישען וועלכע פארפיריא דיאז, דער צוקינפטיגער דיקטאטאר, האט זיך אנגעפאנגען אויסצוצייכנען, זיינען דיא פראנצויזען אריין אין דער מעקסיקאנער הויפטשטאדט און האבען עטאבלירט א פראוויזארישע רעגיערונג פון מעקסיקאנער

קלעריקאלען. דיזע רעגיערונג האט ערקלערט, אז מעקסיקא ווערט א מאנארכיע און האט איינגעלאדען פרינץ מאקסימיליאן צו פערנעהמען דעם נייען טראן. ער האט עס, צו זיין אונגליק, אנגענומען, און אנפאנגס איז אלעס געגאנגען וויא געשמירט. נאפאלעאן האט געמיינט, אז ער וועט שוין קענען דורכפיהרען אלע זיינע פלענער אין צענטראל־אמעריקא, און מאקסימיליאן האט איינגעפיהרט אין זיין קייזערליכען מעקסיקאנער הויף אזא שטרענגע עטיקעטע וויא אין דעם קייזערליכען הויף פון זיין ברודער אין וויען.

אבער באלד האט זיך ארויסגעוויזען, אז דיזער טראן האלט זיך בלויז אויף דיא פראנצויזישע באיאנעטען, וועגען וועלכע דער זעלבער נאפאלעאן האט געזאגט זעהר וויציג און טיעפזיניג, אז "מען קען מיט זיי טאן אלעס אין דער וועלט, נור זיצען אויף זיי קען מען ניט". וויא פיעל מאקסימיליאן האט ניט געזוכט צו געווינען חן אין דיא אויגען פון דיא מעקסיקאנער דורך א רייהע פון רעפארמען, וועלכע האבען געשיינט זעהר פיין אויף'ן פאפיער (עס איז גאר ניט מעגליך געווען דורכצופיהרען אירגענד וועלכע רעפארמען צוליעב דעם בירגער־קריעג), האט מען אלץ געקוקט אויף איהם וויא אויף אן אויסלענדער. דעם 12טען יוני 1864, ווען מאקסימיליאן איז אריין מיט טריאומף אין דער מעקסיקאנער הויפט־שטאדט אלס קייזער, האט כוארעז געהאט עטאבלירט א ליבעראלע רעגיערונג אין דער שטאדט סאן לואי פאטאזי און בעהערשט דיא נארדליכע סטייטס. שפעטער איז ער געצוואונגען געווען אבצוטראגען זיך ווייטער צום נארד, אין דער הויפט־שטאדט פון סטייט טשיהואהוא. אבער אין פערלויף פון דיא אונגעפעהר דריי יאהר, וואס מאקסימיליאן האט געפיהרט דיא קייזערליכע גרענדע אין דעם פאלאץ טשאפולטעפעק מיט דער הילפע פון פראנצויזישע סאלדאטען, האט כוארעז א מינוט ניט אויפגעגעבען דעם אונגלייכען קאמפף און איז פערבליבען נאמינעל דער פרעזידענט פון דער מעקסיקאנער רעפובליק. פארפיריא דיאז האט זיך געהאלטען אין אאכאקא (דיא הויפט־שטאדט פון דעם סטייט מיט'ן זעלבען נאמען) געגען דיא פראנצויזען ארום צעהן מאנאט נאך מאקסימיליאן'ס אנקומען אין מעקסיקא. דיא מעקסיקאנער פאטריאטען האבען נור געקענט פיהרען א גערילא קריעג געגען דיא פראנצויזישע סאלדאטען, וועלכע זיינען נאטירליך געשטיצט געווען פון דיא מעקסיקאנער אימפעריאליסטען און קלעריקאלען. דיא פראנצויזישע קאמאנדירען האבען ארגאניזירט קאנטר־גערילאס, זא־גענאנטע פליהענדע באטאליאנען, אום צו פאנגען און פשוט נידערצושיסען דיא פאטריאטישע קעמפפער. וויא נור דיא פראנצויזישע סאלדאטען פלעגען פערלאזען איין ארט, אום צו יאגען זיך נאך דיא פאטריאטען אין אן אנדער ארט, פלעגען זיך דארט וויעדער בעווייזען כואריסטען.

פון ביידע זייטען איז דער קאמפף געפיהרט געווארען מיט ווילדע רציחות. געפאנגענע פלעגט מען מייסטענס נידערשיסען. אין אקטאבער 1865, ווען

מאקסימיליאן האָט געמיינט, אַז ער זיצט שוין פעסט אויף זיין טראָן, און ווען דיא כואַריסטען האָבען געהאַלטען בעזאָנדערס שמאָל, האָט ער אַרויסגעלאָזען אַ בעפעהל, אַז מען זאָל איבערגעבען צו מיליטערישע געריכטען און נידערשיסען אַלע רעפּובּליקאַנישע קעמפּפער, ווען מען וועט זיי פאַנגען מיט געוועהר אין דיא הענד. דערמיט האָט ער אונטערשריעבען, מעג מען זאָגען, זיין אייגענעם טויט-אורטהייל. ער האָט נאַטירליך ניט געקענט ערוואַרטען גנאַדע פון זיינע געגנער, נאָכדעם וויא ער האָט זיי אַליין געהייסען אויסשיסען. ווען ער איז שליסליך אַריינגעפאַלען אין דיא הענד פון דיא כואַריסטען אַרום 19 מאָנאַט נאָך דיזען גרויזאַמען בעפעהל און איז פעראורטהיילט געוואָרען צום טויט פון אַ מיליטערישען געריכט, האָט מען געזוכט צו ענטשולדיגען איהם דערמיט, דאָס בשעת ער האָט בעפוילען צו מאַכען אַ קורצען סוף פון דיא רעפּובּליקאַנישע קעמפּפער, האָט ער זיך פערלאָזען אויף אַ פאַלשען בעריכט, אַז כואַרעץ איז שוין אַנטלאָפען נאָך יונייטעד סטייטס און אַז עס האָט שוין דאַרום קיין רע-פּובּליקאַנישע רעגיערונג ניט עקזיסטירט אין מעקסיקאָ.

מאקסימיליאן'ס סוף איז געקומען, ווען דיא פראַנצויזישע סאָלדאַטען האָ-בען זיך געמוזט צוריקציהען. נאַפּאָלעאָן האָט זיך אַרומגעזעהען, אַז ער איז צו ווייט פערקראָכען מיט זיין פּלאַן צו שאַפען אַן אימפּעריע אין מעקסיקאָ. דאָס איז געוואָרען אַ צו קאָסטבאַרע און אויך געפעהרליכע אונטערנעהמונג פאַר איהם אַליין. דיא פראַנצויזישע רעגיערונג האָט דאַרום אָנגעפאַנגען צו זוכען אַ וועג, וויא אַזוי אַרויסצוקריכען פון מעקסיקאָ מיט עהרע. דערצו נאָך האָט זיא געמוזט זיך רעכנען מיט דיא אַלץ דרינגליכערע פאָרדערונגען פון דער אַמע-ריקאַנער רעגיערונג. וויא נור דיא אַמעריקאַנער האָבען געענדיגט זייער איי-גענעם בירגער-קריעג, האָבען זיי אָנגעפאַנגען צו פּראָטעסטירען אין נאָמען פון דער מאָנראָו דאָקטרין געגען דיא אריינמישונג פון פראַנקרייך אין דיא אינער-ליכע אַנגעלעגענהייטען פון מעקסיקאָ. דיא סימפּאַטיען פון דיא אַמעריקאַנער זיינען נאַטירליך געווען צו גונסטען פון דיא כואַריסטען און בכלל פון רעפּוב-ליקאַנער און ליבעראַלען און געגען דיא-אימפעריאַליסטען און בכלל רעאַקציאָ-נערען און קלעריקאַלען.

אין אַנטוואָרט אויף אַ דיפּלאָמאַטישע נאָטע פון דער רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס האָט נאַפּאָלעאָן פערשפּראָכען אין אָנפאַנג פון 1866 צוריק-צורופען דיא פראַנצויזישע סאָלדאַטען אין פערלויף פון צוועלף מאָנאַטען (פון נאָוועמבער 1866 ביז נאָוועמבער 1867). מאקסימיליאן האָט דאַן געטראַכט וועגען ענטזאַגען זיך אין גאַנצען פון דעם געפעהרליכען טראָן; אָבער זיין אַמ-ביציעזע פרוי שאַרלאָטע, דיא טאָכטער פון בעלגישען קעניג לעאָפּאָלד דער ערשטער, האָט איהם אָבגערעדט דערפון. זיא האָט געהאָפט, אַז ווען זיא וועט אַליין קומען בעטען ווייטערע הילפע ביי נאַפּאָלעאָן'ען, וועט זיא עס אויס-

פיהרען. זיא האָט דארום איבערגעלאָזען איהר מאַן אין דעם פּאַלאַץ פון טשאַ־פּולטעפּעק און איז אַוועקגעפאָהרען נאָך פּאַריז. נאַפּאָלעאָן האָט איהר אָבער זעהר קאַלט אויפגענומען. ווען זיא האָט געזעהען, אַז זיא קען שוין ניט ער־וואַרטען אירגענד וועלכע שטיצע פון דער פראַנצויזישער רעגיערונג, איז זיא אַוועק בעטען הילפע ביים פּאַפּסט אין רוים, אָבער דאָרטען איז זיא פון האַרץ־קלעמענעס אראָב פון זינען (סעפּטעמבער 1866).

מאַקסימיליאַן האָט זיך געוואָרפען אויף אַלע זייטען. אָנפאַנגס האָט ער פּרובירט קאָקעטירען מיט דיא מעסיגע ליבעראַלען. ער האָט זיך, למשל, ענט־זאַגט צוריקצוקעהרען צו דער קירכע גיטער, וואָס זיינען קאָנפיסצירט געוואָרען פון דער פּראָוויזאָרישער רעגיערונג און פערקויפט געוואָרען, אום צו שאַפען געלד פאַר דיא אויסגאַבען. ער האָט אויך געוואָלט, אַז מען זאָל טאָלערירען פּראָטעסטאַנטישע קירכען אין מעקסיקאָ. פאַר דיא קלעריקאַלען איז דיזער קאַטאָלישער פּרינץ געווען צו ליבעראַל. אָבער ווען דיא ליבעראַלען זיינען ניט צוגעשטאַנען צו איהם און דיא פראַנצויזען האָבען זיך גענומען קלייבען אין וועג אהיים, האָט ער זיך אַליין ענגער פערבונדען מיט דיא קלעריקאַלען. ווען דיא גאַנצע פראַנצויזישע אַרמעע האָט אין פעברואַר 1867 פערלאָזען מעקסיקאָ, האָט מאַקסימיליאַן צוזאַמענגעקליבען זיינע אַנהענגער אין קווערעטאַראָ (דיא הויפּט־שטאָדט פון אַ סטייט מיט'ן זעלבען נאָמען, ניט ווייט צום נאָרד פון דער שטאָדט מעקסיקאָ). דיא כואַריסטען האָבען דאַן שנעל געוואונען אויף אַלע פּונקטען און האָבען בעלאַגערט דיא קלעריקאַלע אַרמעע אין קווערעטאַראָ. מאַק־סימיליאַן צוזאַמען מיט זיינע גרעסטע גענעראַלען, מיראַמאָן און מעכיאַ, זיינען אַריינגעפאַלען אין דיא הענד פון דיא כואַריסטען דורך אַ פערראַטה און זיינען איבערגעגעבען געוואָרען צו אַ מיליטער־געריכט, וועלכער האָט זיי פעראור־טהיילט צום טויט. דיעזער טויט־אורטהייל איז אויסגעפיהרט גע־וואָרען דעם 19טען יוני 1867, ניט אַכטענדיג אויף דיא פּראָטעסטען פון אַלע אייראָפּעאישע רעגיערונגען און פון גרויסע מענער, צווישען וועלכע וויקטאָר הוגאָ און גאַריבאַלדי האָבען פערנומען דעם ערשטען פּלאַץ.

אזוי טראַגיש האָט זיך געענדיגט דער פערזוך איינצופלאַנצען אין דער נייער וועלט אַ מאָנאַרכיע.



## צעהנטער קאַפּיטעל.

# דיאַז, מאַדעראָ און הוערטאַ

אַ פּאָאָר טעג נאָך דער עקזעקוציע פון דעם צוויטען קייזער פון מעקסיקאָ זיינען דיא ליבעראַלען אַריין אין דער הויפּט־שטאָדט אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל פּאָרפיריאָ דיאַז. אַ מאָנאַט שפּעטער איז געפאַלען דיא לעצטע פעסטונג פון דיא קלעריקאַלען. דיא ליבעראַלען האָבען דאַן טריאומפירט אויף אַלע פּונקטען. דיא מעקסיקאַנער זיינען אָבער ניט געוואָהנט געוואָרען צו דולדען איין רעגיערונג אַ לענגערע צייט. ביי דיא וואַהלען אין אָקטאָבער 1867 איז כואַרעז אויסגעוועהלט געוואָרען פאַר פּרעזידענט אויף נאָך פיער יאָהר; אָבער אין דיא רייהען פון דיא ליבעראַלען האָבען זיך אָנגעפאַנגען פערשיעדענע שטרייטען. גענעראַל דיאַז, וועלכער האָט דאַן געוואונען אַ סך אַנהענגער דורך זיינע מיליטערישע פעהיגקייטען, האָט אַרויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור געגען כואַרעז, אָבער ער איז דורכגעפאַלען.

אויפשטאַנדען האָבען אויסגעבראָכען אין פערשיעדענע ערטער, ניט נור פון רעאַקציאָנערען און קלעריקאַלען, זאָנדערן אויך פון אונצופריעדענע ליבעראַלען, און באַנדיטען האָבען זיך שרעקליך פערמעהרט אין גאַנצען לאַנד. אין 1870, ווען עס איז ערקלערט געוואָרען אַן אַלגעמיינע אַמניסטיע, איז עס רוהיגער געוואָרען, נור דעם נעכסטען יאָהר, ווען עס איז געקומען צו נייע וואַהלען פון אַ פּרעזידענט, האָט זיך פאַנאַנדערגעפלאַקערט אַ קאַמפּף, וואָס האָט געפיהרט צו אַ נייער רעוואָלוציאָן. אַלס קאַנדידאַטען זיינען אַרויסגעטראָטען כואַרעז, גענעראַל דיאַז און לערדאָ דע טעכאַדאַ, דער פּאָרזיצענדער פון העכסטען געריכט אין לאַנד. אַזוי וויא קיינער פון זיי האָט ניט געקראָגען אַ זיכערע מאַיאָריטעט ביי דיא אַלגעמיינע וואַהלען, איז עס געבליבען, אַז דער קאָנגרעס זאָל ענטשיידען, ווער עס זאָל ווערען פּרעזידענט. נור ווען דער קאָנגרעס האָט אויסגעקליבען כואַרעז'ן, האָט דיאַז זיך ענטזאַגט איהם צו אַנערקענען אויף דעם גרונד, אַז עס איז בכלל געגען דיא קאָנסטיטוציאָן, דאָס ווער עס איז זאָל בלייבען פּרעזידענט פון דער רעפּובליק מעהר פון איין טערמין. דיא "פּאָרפיריסטאַס" אָדער "דיאַזיסטאַס" און דיא "לערדיסטאַס" האָבען זיך דאַן פער־

בונדען געגען דיא "כואריסטאס", און עס האט אויסגעבראכען נאך א בירגער־קריעג, וועלכע האט זיך געצויגען ביז דעם פלעצליכען טויט פון כוארעץ, דעם גרויסען אינדיאנער פיהרער, דעם 18טען יולי 1872. לערדא דע טעבאדא איז דאן געווארען פרעזידענט לויט א פונקט פון דער קאנסטיטוציאן (ווייל ער איז



גענעראל פארפיריא דיאז

געוועזען פרעזידענט פון העכסטען געריכט). ער האט באלד אמניסטירט דיא רעבעלען, און דאס האט אויף א צייט איינגעשטילט דעם פייערדיגען פארטיי־קאמפף.

אונטער דער פרעזידענטשאפט פון דיעזען ריכטער זיינען דורכגעפיהרט געווארען איינייגע וויכטיגע אנטי־קלעריקאלע רעפארמען. פראטעסטאנטישע

מיסיאָנען האָבען דאַן געקראָגען דיא מעגליכקייט צו עטאַבלירען זיך אין מעקסיקאָ. אונגעפעהר דריי יאָהר איז דיא אָרדנונג ניט געשטערט געוואָרען דורך אויפשטאַנדען און פּראָנונסיאַמענטאָס, און דיא לאַגע פון לאַנד האָט זיך אָנגעפאַנגען צו פערבעסערען. דיא וויכטיגע אייזענבאַהן צווישען ווערא קרוץ און דיא הויפּט-שטאָדט איז ערעפענט געוואָרען און נייע אייזענבאַהנען האָט מען געפּלאַנעוועט. אָבער צו ענדע פון 1875 האָט עס זיך אָנגעפאַנגען צו רודערען אין לאַנד מכח אַ נייער פּראָנונסיאַמענטאָ. דיא אַנהענגער פון פּאָרפיריאָ דיאַז און אַנדערע געגנער פון לערדאָ דע טעכאַדאַ'ס רעגיערונג האָבען פערשפּרייטעט קלאַנגען, אַז דיזער פּרעזידענט וויל אויך ווערען אַ דיקטאַטאָר. אין אָנפאַנג פון 1876 האָט אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציאָן אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל דיאַז. אָנפאַנגס האָבען דיא דיאַזיסטען געליטען עטליכע נידערלאַגעס און דיאַז אַליין איז שיער ניט אַריינגעפאַלען אין דיא הענד פון זיינע געגנער; אָבער שליסליך האָבען זיי געזיעגט, און לערדאָ דע טעכאַדאַ האָט געמוזט זיך אָבטראָגען פון מעקסיקאָ אין 1877.

דיאַז איז דאַן געוואָרען פּרעזידענט, ריכטיגער גערעדט, דיקטאַטאָר; נור ער האָט געוואָלט צייגען, אַז ער האַלט וואָרט מכח איין טערמין פאַר אַ פּרעזידענט. זיין פּאַרטיי האָט דורכגעפיהרט אין קאָנגרעס דעם לאַנג-פערשפּראָכענען פערבאָט צו ערוועהלען אַ צווייטען מאָל אַ פּרעזידענט. אין 1880, ווען עס האָט זיך געענדיגט זיין געזעצליכער טערמין, האָט ער טאַקע קאָנסטיטוציאָנעל אָבגעטראָטען זיין פּלאַץ צו זיין פריינד, גענעראַל גאָנזאַלעץ, וועלכער איז אויך געזעצליך ערוועהלט געוואָרען. דאָס איז געווען דאָס צווייטע מאָל אין דער געשיכטע פון דער מעקסיקאַנער רעפּובליק, אַז איין פּרעזידענט זאָל איבערגעבען דעם רעגיערונגס-רודער אין דיא הענד פון זיין געזעצליכען נאַכפאָלגער אָהן שום רוהעשטערונגען און שטרייטען.

אונטער דער אַדמיניסטראַציאָן פון דיזע צוויי גענעראַלען האָט מעקסיקאָ געקענט זיך אָברוהען און מאַכען פּאָרטשריטע אין האַנדעל און אינדוסטריע. אין 1878 און דעם נעכסטען יאָהר האָט גענעראַל עסקאָבעדאָ, וועלכער איז געווען דער הויפּט-קאָמאַנדיר פון דער כואַריסטישער אַרמעע בשעת מאַקסימיליאַן איז געפאַנגען און הינגעריכטעט געוואָרען, פּרובירט מאַכען אַ פּראָנונסיאַמענטאָ געגען פּרעזידענט דיאַז; אָבער דאָס איז איהם ניט געלונגען. אין 1884, ווען עס האָט זיך געענדיגט דער טערמין פון פּרעזידענט גאָנזאַלעץ, האָט דיאַז ווידער אַרויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור, ווייל זיינע אַנהענגער האָבען אויסגעפיהרט, אַז מען זאָל ענדערען דעם פּונקט געגען דיא ווידער-ערוועהלונג פון אַ פּרעזידענט. דיאַז איז נאַכהער קאָנסטיטוציאָנעל ערוועהלט געוואָרען נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל פאַר פּרעזידענט. דיזע וואַהלען זיינען אַזוי געוואָרען אַ מין צערעמאָניע, און דיאַז איז פּאַקטיש געבליבען אַ דיקטאַטאָר. ער האָט

געהערשט פון 1884 ביז 1910 וויא אַ קייזער, אָבוואָהל אָפיציעל האָט ער גע־הייסען פּרעזידענט און יעדע פיער יאָהר פלעגט ער "ערוועהלט" ווערען אויף דעם גרונד פון דער קאָנסטיטוציאָן. זיעבען מאָל כסדר האָט ער זיך געלאָזט ערוועהלען, אום עס זאָל ניט הייסען, אַז ער איז אַ זעלבסטהערשער אָדער לע־בענסלענגליכער דיקטאַטאָר.

מען מוז אָבער געבען קרעדיט דיזען מערקווירדיגען מאַן, וועלכער פער־געהמט אַ בעזאָנדערס גרויסען פּלאַץ אין דער געשיכטע פון מעקסיקאָ און וועלכער מעג גערעכענט ווערען צווישען דיא גרעסטע און פעהיגסטע הערשער און אַדמיניסטראַטאָרס אין דער נייער וועלט, פאַר זיינע גוטע און וויכטיגע אויפטהואונגען. ער האָט געהערשט מיט אַן אייזערנער האַנד און געהאַנדעלט ניט זעלטען וויא אַ דעספּאָט, ער האָט אויך גרויזאַם פערפאָלגט זיינע געגנער; אָבער דערפאַר האָט ער עטאַבלירט רוהע און אָרדנונג, געבויט אייזענבאַהנען און פּאָרטען, וויא אויך געגרינדעט שולען פאַר'ן פאָלק און זעהר פיעל געזוכט צו ענטוויקלען וואָס שנעלער און מעהר דיא אונפערגלייכליכע נאַטירליכע רייכ־טהימער פון דיזען פיעל געפּלאָגטען לאַנד.

אום בעסער אויסצוראָטען דיא באַנדעס רויבער, וועלכע האָבען זיך בע־זאָנדערס פערמעהרט אין דער צייט פון דעם לאַנגען בירגער־קריעג, האָט ער געשאַפען אַ זשאַנדאַרמעריע פון דיא באַנדיטען, וועלכע פלעגען געפאַנגען ווערען פון זיינע סאָלדאַטען. אַנשטאָט זיי נידערצושיסען, וויא מען פלעגט עס געוועהנליך פריהער טהאָן, האָט ער געהייסען זיי בעגנאַדיגען מיט דער בעדינגונג, אַז זיי זאָלען דיענען דער געזעצליכער רעגיערונג, אום צו פאַנגען זייערע חברים און צו האַלטען אָרדנונג. דיזע זשאַנדאַרמען, דיא זאָ־גענאַנטע „גאַרדיאַס רוראַלעס“ האָבען טאַקע אין אַ קורצער צייט געמאַכט אַ קורצען סוף פון דיא רויבערישע באַנדעס.

אום מעהר און שנעלער צו ענטוויקלען דיא אינדוסטריען אין לאַנד, האָט דיאַז איינגעפיהרט הויכע טאַריפען אויף אימפּאָרטירטע סחורות און געשטיצט אויסלענדישע אונטערנעהמער און קאַפּיטאַליסטען. ריזיגע קאַפּיטאַלען פון אַמעריקאַנער, ענגלענדער, פראַנצויזען און דייטשען זיינען אַריינגעלעגט גע־וואָרען אין מינען, פאַבריקען, אייזענבאַהנען און האַפענס פון מעקסיקאָ. דורך דעם זיינען נאַטירליך דיא איינקינפטע פון דער רעגיערונג שנעל געוואַקסען. איינער פון דיא וויכטיגסטע רעזולטאַטען פון דיזער עקאָנאָמישער ענטוויקלונג איז דאָס אויפקומען פון אַ מיטעלקלאַס אין מעקסיקאָ. אַזאַ קלאַס האָט גע־פעהלט אין אַלע שפּאַנישע קאָלאָניעס אין דער נייער וועלט, און דאָס איז געווען איינע פון דיא גרעסטע אורזאַכען פון זייערע שטענדיגע רעוואָלוציאָנען און פון זייער הינטערשטעליגקייט בכלל. דיא רעגיערונג איז שטענדיג געלעגען אין דיא הענד פון אַ קליינער צאָהל פּריווילעגירטע שפּאַניער און קרעאָלען,

וועלכע האָבען צוטהיילט צווישען זיך דיא בעסטע לאנדגיטער און וועלכע האָ־
בען געקוקט מיט דער פעראַכטונג פון דער שפּאַנישער אַריסטאָקראַטיע אויף
האנדעל און אינדוסטריע. צווישען דיזע אַריסטאָקראַטען און גוטסבעזיצער
פון איין זייט און דיא אינדיאַנער פון דער אַנדער זייט, דיא פּעאָנען וואָס
זיינען פאַקטיש געבליבען שקלאַווען, איז ניט געשטאַנען אַ קלאַס פון קליינע
הענדלער, האַנדווערקער, קויפלייטע און פאַבריקאַנטען, וויא אפילו אין שפּאַניען
גופא, אַ קלאַס וואָס שפּיעלט דיא גרעסטע עקאָנאָמישע און פּאָליטישע ראָלע
אין ציוויליזירטע לענדער זייט דיא גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן, אַ קלאַס
וואָס זיין עקזיסטענץ איז בעזאָנדערס אָבהענגיג פון רוהע און אָרדנונג און וואָס
איז דאַרום דער נאַטירליכער שונא פון אויפשטאַנדען און בכלל פון געוואַלטיגע
פּאָליטישע איבערקעהרעניסען.

מען קען ניט זאָגען, אַז אונטער דער לאַנגער אייזערנער דיקטאַטור פון
גענעראַל דיאַז זיינען גאָר קיינע אויפשטאַנדען ניט פאָרגעקומען. אין 1890
און 1891 זיינען געמאַכט געוואָרען אַ פּאָאָר פּראָבעס פון אַ פּראָנונסיאַמענטאָ
אין דיא נאָרדליכע סטייטס, וואו עס איז געוועהנליך לייכט צו בעקומען גע־
וועהר און אויך וואָלאָנטירען און אַוואַנטוריסטען פון יונייטעד סטייטס. אין
1891 האָט אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד צווישען דיא אינדיאַנער (דיא מאַ־
יאַס) אין יוקאַטאַן און אין 1899 — אַן אויפשטאַנד פון דיא אינדיאַנער (דיא
יאַקיס) אין סטייט סאָנאָראַ. דיזע אויפשטאַנדען זיינען אונטערדריקט גע־
וואָרען מיט שרעקליכע רציחות און האָבען יעדענפאַלס וועניג געשטערט דיא
רעגיערונג דורכצופיהרען איהר עקאָנאָמישען פּראָגראַם.

דיא מעקסיקאַנער רעגיערונג האָט זיך שוין אָנגעפאַנגען צו פיהלען אַזוי
שטאַרק, אַז זיא האָט געקראָגען דיא אַמביציע צו שפּיעלען אין דער נייער
וועלט דיא ראָלע פון אַ גרויסמאַכט נאָך יונייטעד סטייטס. אין 1895, ווען צוויי־
שען ענגלאַנד און יונייטעד סטייטס זיינען פאָרגעקומען העפטיגע דיפּלאָמאַטי־
שע שטרייטען און אַ שאַרפער קאָנפליקט וועגען דיא חובות און גרענעצען פון
דער רעפּובליק ווענעצועלאַ, האָט דיא מעקסיקאַנער רעגיערונג זיך אויסגעשפּראָ־
כען צו גונסטען פון דער מאָנראָו דאָקטרין אין פּרינציפּ, נור האָט דערביי בע־
מערקט, אַז דיא אויפהאַלטונג פון דיזער דאָקטרין זאָל ניט איבערגעלאָזען ווערען
צו יונייטעד סטייטס אַליין און אַז דיא אַנדערע רעפּובליקען זאָלען זיך קענען
בעטהייליגען. אין דעם זעלבען יאָהר האָט מעקסיקאָ ניט דערלאָזען דורך איהר
אריינמישונג צו אַ מלחמה צווישען דיא רעפּובליקען פון צענטראַל־אַמעריקאַ.
דיא הויפּט־שטאָדט פון מעקסיקאָ איז אויסגעקליבען געוואָרען פאַר דעם פּלאַץ
פון דעם ערשטען פּאַן־אַמעריקאַנישען קאָנגרעס (דאָס מיינט פון אַלע רעפּובלי־
קען אין דער נייער וועלט) אין 1901. אויף דעם גרונד פון דעם אָבמאַך מיט
דער רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס אין 1907 האָט דיא מעקסיקאַנער רע־

גיערונג אנטהייל גענומען אין דער עטאַבלירונג פון אַ שטענדיגען שיעדס־גע־ריכט פאַר דיא צענטראַל־אַמעריקאַנישע רעפּובליקען אין קאַרטאַגאָ, קאָסטאַ ריקאַ. דער צוועק פון דיזען געריכט איז ניט צו דערלאָזען צו מלחמות צווישען דיזע רעפּובליקען, וועלכע זיינען לאַנגע יאָהרען געווען פעראייניגט און וועלכע האָבען בעדאַרפט בלייבען פעראייניגט.

דיא גרעסטע גדולה האָט פּאָרפיריאָ דיאַז דערגרייכט צו דער צייט, ווען ער האָט זיך צוזאַמענגעטראָפען מיט פּרעזידענט טאַפט פון יונייטעד סטייטס לעבען גרענעץ אין טעקסאַס. אַזאַ בעגעגעניס האָט פּאַסירט צום ערשטען מאָל אין דער געשיכטע פון דיזע רעפּובליקען, וואו עס איז איינגעפיהרט, אַז אַ פּרע־זידענט דאַרף פערבלייבען אין דיא גרענעצען פון זיין לאַנד אין פערלויף פון זיין טערמין. זיי האָבען דאַרום אָבגעשטאַטעט איינער דעם אַנדערען פריינד־ליכע וויזיטען אין דער גרענעץ־שטאָדט על פּאַסאָ אין אָקטאָבער 1909. אַלע האָבען דאַן גערעכענט, אַז ענדליך איז מעקסיקאָ פּטור געוואָרען פון דיא אויפ־שטאַנדען און פּראָנונסיאַמענטאָס, וועלכע האָבען איהר פעראונגליקט אַזוי וויא אַלע אַנדערע רעפּובליקען אין דער לאַטייניש׳ער אַמעריקאַ.

אָבער שטורמוואָלקענס האָבען זיך געצויגען אַלץ ווייטער איבער דעם שיינבאַר קלאָרען פּאָליטישען הימעל פון דיזען פיעל געפּרופטען לאַנד. עס פערשטעהט זיך, אַז אין דער צייט פון אַזאַ לאַנגער דיקטאַטור האָט דיא צאָהל פון געגנער געמוזט וואַקסען. דיא אונצופריעדענהייט איז געוואָרען אַלץ גרע־סער אויך צווישען דיא אינדיאַנער מאַסען, וועלכע פלעגען פריהער זיך ניט מישען אין דיא פּאָליטישע איבערקעהרעניסען. דורך דיא פערמעהרונג פון פּאָלקס־שולען, פאַר וועלכע דער גרויסער דיקטאַטאָר האָט שטענדיג געזאָרגט, איז נאַטירליך געוואַקסען דיא צאָהל פון אַזעלכע וואָס קענען לעזען און שריי־בען. דיא ענטוויקלונג פון האַנדעל און אינדוסטריע האָט געפיהרט אין מעק־סיקאָ, אַזוי גוט וויא איבעראַל, צו דער ענטשטעהונג פון אַ נייעם קלאַס פון פאַבריק־ארבייטער, אייזענבאַהן־ארבייטער און בכלל פּראָלעטאַריער. דיא פּע־אָנען האָבען אַלץ העכער און ענערגישער פערלאַנגט דיא לאַנג־פערשפּראָכענע פערטהיילונגען פון קהל׳שע לאַנד און בכלל אַגראַר־רעפאָרמען, פון וועלכע עס האָבען גאָר ניט געוואָלט הערען דיא "סיענטיפיקאָס", וויא מען האָט אַ נאָמען געגעבען דיא מיניסטאָרען און גובערנאַטאָרען וואָס האָבען ארומגערינגעלט דעם דיקטאַטאָר.

עס קען זיין, אַז מען וואָלט פון דעסטוועגען ווייטער געדולדעט דיזע דיק־טאַטור און אַז מען וואָלט געלאָזט דיאַז׳ן ענדיגען זיינע יאָהרען אַלס פּרע־זידענט, ווען ער וואָלט זיך ניט איינגעשפּאַרט, אַז ראַמאָן קאָראַל, איינער פון דיא בעזאָנדערס פערהאַסטע "סיענטיפיקאָס", זאָל פערבלייבען וויצע־פּרעזי־דענט. אַזוי וויא דיאַז איז דאַן אַלט געווען 81 יאָהר (ער איז געבאָרען געוואָרען

אין 1828), איז עס נאַטירליך בעזאָנדערס וויכטיג געווען, ווער עס וועט פערנעהמען זיין פּלאַץ. אין 1904 האָט מען איינגעפיהרט דעם אַמט פון אַ וויצע־פּרעזידענט נור צוליעב דיא אַלטקייט פון דעם דיקטאַטאָר. מען האָט געוואָלט אויף דיזען וועג אויסמיידען רוהע־שטערונגען און פּראָנונסיאַמענטאָס אין פאַל פון זיין טויט. מען האָט אויך גערעכענט, אַז ער וועט אפשר מוזען רעזיגנירען אין מיטען פון זיין אַמט צוליעב קראַנקהייט און אַלטקייט. ווען מען האָט אָנגעפאַנגען צו פּראָטעסטירען אַלץ מעהר, וואַרום ער טרעט ניט אָב דעם פּלאַץ צו אַן אַנדערען און לאָזט ניט צו אינגערע מענשען צום רעגיערונגס־רודער, האָט ער געלאָזט פערשפּרייטען קלאַנגען, אַז ער וועט שוין מעהר ניט זיין אַ קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט און וועט זיך בכלל צוריקציהען פון פּאָליטישען לעבען. ווען עס איז אָבער געקומען צו דיא וואַהלען אין 1909, האָט ער ניט נור ווידער אַרויסגעשטעלט זיין קאַנדידאַטור, וואָס עס האָט געמיינט, אַז קיין אַנדערער זאָל גאָר ניט וואַגען אַרויסצוטרעטען אַלס קאָנקורענט, און איז נאַטירליך ערוועהלט געוואָרען אויף דעם אַלטען שטייגער, זאָנדערן ער האָט אויך געצוואונגען, אַז ראַמאָן קאָראַל זאָל ווידער ווערען וויצע־פּרעזידענט. ווען עס האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ בעוועגונג, אַז גענעראַל בערנאַרדינאָ רעיעס, גובערנאַטאָר פון סטייט נועוואָ ליאָן, וועלכער איז געווען פּאָפּולער אין דער אַרמעע, זאָל אַרויסטרעטען אַלס קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט, האָט דיאַז איהם אַוועקגעשיקט נאָך אייראָפּאַ כלומרשט צו פאָרשען דיא מיליטערישע סיסטעמען אין אייראָפּאַ.

דאָס אַלעס האָט שליסליך געטריבען צו אַן אויפשטאַנד אין 1910 אונטער דער פיהרונג פון אַ יונגען ראַדיקאַל מיט׳ן נאָמען פראַנציסקאָ מאַדעראָ, וועלכער האָט זיך צוערשט אויסגעצייכענט מיט אַ בוך געגען דיא גאַנצע רעגיערונגס־סיסטעמע אונטער דער דיקטאַטור פון גענעראַל דיאַז. ער האָט צוערשט פּרובירט אַרויסטרעטען אויף אַ געזעצליכען וועג אַלס קאַנדידאַט פאַר פּרעזידענט געגען דעם אַלמעכטיגען דיקטאַטאָר; אָבער ווען ער איז אַרעסטירט געוואָרען און איהם איז געלונגען צו אַנטלויפען נאָך יונייטעד סטייטס, האָט ער בעשלאָסען צו אָרגאַניזירען אַן אויפשטאַנד און צו מאַכען אַ פּראָנונסיאַמענטאָ נאָך דיא אַלטע מוסטערס. דאָס איז איהם געלונגען שנעלער און בעסער, וויא מען האָט עס געקענט ערוואַרטען און וויא ער אַליין האָט עס געהאָפט. ער איז געווען אַ זעהר רייכער גוטסבעזיצער און זיין פאַמיליע, וועלכע האָט איהם געשטיצט, איז איינע פון דיא רייכסטע אין מעקסיקאָ. דאַרום האָט ער געהאַט געלד צו קויפען געוועהר און צוזאַמענצוקלייבען קאָמאַנדעס פון רעוואָלוציאָנערען און בכלל אונצופריעדענע מיט דער דיקטאַטור פון גענעראַל דיאַז. ער האָט געקראָגען שטיצע און אַנהענגער פון פיעלע זייטען, ניט נור אין מעקסיקאָ, זאָנדערן אויך אין יונייטעד סטייטס, וואו דאָס פאָלק האָט סימפּאַטיזירט מיט

דיזער רעוואָלוציאָן אין נאָמען פון פרייהייט געגען דיא טיראַניי פון אַ דיקטאַטאָר. מאַדעראָ איז אַרויסגעטראָטען מיט אַ זעהר ראַדיקאַלען פּראָגראַם. ער האָט פער־שפּראָכען ניט נור דורכצופיהרען דעם פּונקט וועגען בלויז איין טערמין פאַר אַ פּרעזידענט, זאָנדערן אויך דיא גרעסטע, וויכטיגסטע און אויך דיא שווערסטע פון אַלע רעפאָרמען, נעמליך: אַ פערטהיילונג פון לאַנד צווישען דיא פּעאָנען.



פראַנציסקאָ מאַדעראָ

דער רעזולטאַט פון דיזער שטאַרקער רעוואָלוציאָנערער בעוועגונג איז גע־וועז, דאָס דיאַז איז געצוואונגען געוועזען צו רעזיגנירען אין מאַי 1911. ער האָט דאַן אויך פערלאָזען מעקסיקאָ און איז אַוועק ענדיגען זיינע יאָהרען אין אייראָפּאַ, וויא פיעלע אַנדערע אַרונטערגעזעצטע דיקטאַטאָרס פון מעקסיקאָ און פון אַנ־

דערע רעפּובליקען פון דער לאַטיינישער אַמעריקאַ האָבען עס געטהאָן. לויט אַן אָבמאַך צווישען דיא פערטרעטער פון פּאָרפּיריאָ דיאַז און פון פראַנציסקאָ מאַדעראָ איז פראַנציסקאָ דע לאַ באַראַ, וועלכער איז דאַן געווען געזאַנדטער פון מעקסיקאָ אין וואַשינגטאָן, געוואָרען דער פּראָוויזאָרישער פּרעזידענט ביז נאָך דיא נייע וואַהלען פאַר אַ רעגעלמעסיגען פּרעזידענט. דיא פּאָפּולאַריטעט פון מאַדעראָ איז דאַן געווען אַזוי גרויס, אַז ניט נור איז ער איינשטימיג אויסגעוועהלט געוואָרען, זאָנדערן ער האָט אויך געצוואונגען אַרונטערצושלינגען זיין אייגענעם קאַנדידאַט פאַר וויצע־פּרעזידענט, געגען וועמען עס האָבען פּראָטעסטירט אַ גרויסער טהייל פון דיא פיהרער און גענעראַלען, וועלכע האָבען זיך אויסגעצייכענט אין דער רעוואָלוציאָן געגען דיאַז.

דעם 6טען נאָוועמבער 1911 איז מאַדעראָ געוואָרען דער געזעצליכער פּרעזידענט. אָבער פעסט איז ער אפשר דיא ערשטע פּאָאָר מאָנאַט געזעסען אויף'ן פּרעזידענט־שטול אין דעם נאַציאָנאַלען פּאַלאַץ און אין טשאַפּולטעפּעק, וואָס האָבען געזעהען אַזוי פיעל ענדערונגען אין פאָריגען יאָהרהונדערט. די שטרייטען מיט זיינע אַדיוטאַנטען וועגען דעם קאַנדידאַט פאַר וויצע־פּרעזידענט האָבען געפיהרט צו אַ נייעם אויסברוך פון אויפשטאַנדען, וועלכע הערען ניט אויף. מען האָט איהם בעשולדיגט אַלץ מעהר, דאָס ער האַלט ניט וואָרט און וויל ניט אויספיהרען דיא פערשפּראָכענע ראַדיקאַלע רעפאָרמען, ספּעציעל מכח דיא פערטהיילונג פון לאַנד צווישען פּעאָנען. אין דעם ערשטען יאָהר פון זיין פּרעזידענטשאַפט זיינען שוין געמאַכט געוואָרען צוויי פּראָבעס פון פּראָנונסיאַמענטאָס, דיא ערשטע פון דעם אויבען דערמאָנטען אַלטען גענעראַל בערנאַרדינאָ רעיעס, וועלכער האָט געהאָפּט בעזאָנדערס אויף דער שטיצע פון דיא קלעריקאַלען און קאָנסערוואַטיווע עלעמענטען, און דיא צווייטע פון גענעראַל פעליקס דיאַז, אַ פּלעמעניק פון פּאָרפּיריאָ דיאַז, וועלכער האָט געהאָפּט אויף דער שטיצע פון דיא פערעהרער פון זיין אָנקעל. דיזע פּראָנונסיאַמענטאָס זיינען זעהר שנעל דורכגעפאַלען, און ביידע גענעראַלען זיינען געפאַנגען און איינגעשפּאַרט געוואָרען אין פעסטונגען.

אַ פיעל וויכטיגערער אויפשטאַנד איז אין דעם זעלבען יאָהר געווען אונטער דער פיהרונג פון גענעראַל אָראָזקאָ, וועלכער איז געווען מאַדעראָ'ס הויפּטגענעראַל אין דער ערפאָלגרייכער רעוואָלוציאָן געגען פּאָרפּיריאָ דיאַז. צוליעב פערזענליכע גרינדע איז ער צוגעשטאַנען צו דיא אונצופריעדענע מיט מאַדעראָ'ס רעגיערונג. איהם איז אָנפאַנגס געלונגען צו פערכאַפּען איינינע וויכטיגע שטעדט לעבען דער אַמעריקאַנער גרענעץ אין דיא נאָרדליכע סטייטס טשיהואַהואַ און סאָנאָראַ, אָבער ער האָט זיך דאָרטען ניט געקענט האַלטען געגען דיא סאָלדאַטען פון מאַדעראָ'ס רעגיערונג און האָט געמוזט אַנטלויפען נאָך יונייטעד סטייטס.

צום אָנפאַנג פון 1913 האָט מען שוין געקענט מיינען, וועניגסטענס פון

ווייטענס, אַז מאַדעראָ וועט וויא עס איז ענדיגען זיין געזעצליכען טערמין אָהן אויפשטאַנדען און פּראָנונסיאַמענטאָס. אָבער אויסגעלאָזען האָט עס זיך, אַז אין פעברואַר איז דיזער יונגער טרוימער, וועמעס אַבזיכטען עס זיינען געווים געווען גוטע און עהרליכע, ניט נור אַרונטערגעזעצט געוואָרען מיט געוואַלט פון זיינע אייגענע מיליטערישע קאָמאַנדירען, זאָנדערן אַז ער איז אויך ערמאָרדעט געוואָרען צוזאַמען מיט זיין וויצע־פּרעזידענט כאָזע פּינאָ סואַרעז.

עס האָט דאַן פּאַסירט עטוואָס אונגעוועהנליכעס אפילו אין דער געשיכטע פון מעקסיקאַנער פּראָנונסיאַמענטאָס און פּאָליטישע איבערקעהרענעסען. דעם 9טען פעברואַר 1913 האָט זיך ניט נור אָנגעפאַנגען אַ מיליטערישער אויפשטאַנד אין דער הויפּט־שטאָדט גופא, זאָנדערן אויך אַ שיסעריי מיט קאַנאָנען אין רעכטען מיטען שטאָדט. דיא אַנהענגער פון גענעראַל פעליקס דיאַז, וועמען עס איז געלונגען צו אַנטלויפען פון געפענגנים (מאַדעראָ האָט געוואָלט ציינען גנאַדע און האָט ניט געלאָזען אויספיהרען דעם טויט־אורטהייל פון דעם מיליטערישען געריכט, וואָס האָט גע'משפט דיאַז'ן פאַר רעבעליאָן), און פון אַלטען גענעראַל בערנאַרדינאָ רעיעס, וועלכער איז געזעסען אין דער מיליטערישער תפיסה פון דער הויפּט־שטאָדט, האָבען זיך פערבונדען און האָבען צוגעצויגען אויף זייער זייט אַ טהייל פון דעם גאַרניזאָן.

זייער פּלאַן צו בעפאַלען פּלוצלונג דעם פּרעזידענט'ס פּאַלאַץ און צו פאַנגען מאַדעראָ'ן האָט זיך אָבער ניט איינגעגעבען. זייער ערשטע אַטאַקע איז צוריקגעשטויסען געוואָרען, און גענעראַל בערנאַרדינאָ רעיעס, וועמען דיא פערשווערער האָבען אַרויסגעשלעפּט פון געפענגנים, איז געווען איינער פון דיא געטויטעטע אין דיזער אַטאַקע. דיא רעבעלען האָבען זיך דאַן בעפעסטיגט אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל פעליקס דיאַז אין אַרסענאַל, פון וואַנען זיי האָבען גענומען באָמבאַרדירען דעם פּרעזידענט'ס פּאַלאַץ, ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס זייטיגע מענשען, אונשולדיגען איינוואָהנער פון שטאָדט, האָבען געמוזט דערביי פערוואונדעט און געטויטעט ווערען. פון פּאַלאַץ, וואו עס האָבען זיך צוזאַמענגעקליבען דיא מיליטערישע פערטהיידיגער פון פּרעזידענט מאַדעראָ אונטער דער קאָמאַנדע פון גענעראַל הוערטאַ, האָט מען געענטפערט מיט קאַנאָנען־שיסערייען אויף'ן אַרסענאַל.

דיזער שרעקליכער אַרטילערישער דועל אין צענטער פון אַ שטאָדט, וואָס צעהלט אַרום אַ האַלבען מיליאָן נפשות, האָט זיך געצויגען גאַנצע 9 טעג און האָט אומגעבראַכט, וויא וויים מען האָט עס געקענט אויסרעכענען, אַרום 3000 נפשות, מייסטענס אָרימע איינוואָהנער, וועלכע האָבען געמוזט ריזיקירען מיט זייערע לעבענס אויף דיא גאַסען. עס איז איבעריג צו זאָגען, אַז אַ סך הייזער זיינען דערביי בעשעדיגט און צושטערט געוואָרען, אָבוואָהל דיא אַרטילעריסטען פון ביידע זייטען האָבען זיך געסטאַרעט צו טרעפען ריכטיג אין זייערע ציעלען.

עס איז שווער צו זאָגען, ווען און וויא אַזוי דיזער אַרטילערישער דועל וואָלט זיך געענדיגט, וויל ביידע זייטען זיינען געווען כמעט גלייך אין קראַפט, אויב עס וואָלטען זיך ניט אַריינגעמישט פון איין זייט דיפּלאָמאַטישע פּער־



גענעראַל וויקטאָריאַנאָ הוערטאַ

טרעטער, וועלכע האָבען נאַטירליך געזוכט צו מאַכען אַן ענד פון אַזאַ שרעק־ליכען צושטאַנד, און פון דער אַנדער זייט גענעראַל וויקטאָריאַנאָ הוערטאַ, אויף וועמעס מיליטערישע פעהיגקייטען מאַדעראָ האָט בעזאָנדערס פיעל גערעכענט. דיזער גענעראַל, וועלכער האָט זיך נאָך אויסגעצייכענט אַלס קאָמאַנדיר אונטער

דער פּרעזידענטשאַפט פון פּאָרפיריאָ דיאַז און וועלכער האָט אויך אונטערדריקט אָראָזקאָ'ס אויפשטאַנד געגען מאַדעראָ'ן (ער האָט איבערהויפּט געזוכט צו דיענען דיא געזעצליך־עטאַבלירטע רעגיערונגען וויא אַ סאָלדאַט, וואָס האַלט זיין טרייהייטס־שבועה), האָט אין געהיים אָבגעמאַכט מיט גענעראַל פעליקס דיאַז, אַז מאַדעראָ זאָל אַרונטערגעזעצט ווערען. ער האָט נאַכהער ערקלערט, אַז עס איז איהם פּשוט אונמעגליך געווען ווייטער צו האַלטען זיך אין פּאַלאַץ געגען דיא באָמבאַרדירונג פון דיא רעבעלען אין אַרסענאַל. אויך האָט ער זיך ענטשולדיגט דערמיט, וואָס דער פערלאַנג פון דיא רעבעלען, אַז מַאַדעראָ זאָל רעזיגנירען, איז אַלץ מעהר אונטערשטיצט געוואָרען ניט נור פון אַלע קלאַסען פון פאָלק, זאָנדערן אויך פון דיפּלאָמאַטישע פערטרעטער, דער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר הענרי לעין ווילסאָן אַריינגערעכענט.

יעדענפאַלס זיינען מאַדעראָ און סואַרעץ אַרעסטירט געוואָרען אויף הוערטאַ'ס בעפעהל דעם 18טען פעברואַר, און דיא שוידערליכע באָמבאַרדירונג האָט דאַן אויפגעהערט. לויט אַן אָבמאַך צווישען דיא גענעראַלען דיאַז און הוערטאַ איז דער לעצטער געוואָרען דער פּראָוויזאָרישער פּרעזידענט ביז דער קאָנגרעס וועט עס פאָרמעל אַנערקענען, וואָס עס איז אויך באַלד געשעהען. דער פערמיטלער צווישען זיי איז גראַדע געווען דער דערמאָנטער אַמעריקאַנער אַמבאַסאַדאָר.

מאַדעראָ און סואַרעץ זיינען געהאַלטען געוואָרען אונטער אַרעסט אין פּאַלאַץ ביז דער נאַכט פון 22טען פעברואַר, ווען דיא פּראָוויזאָרישע רעגיערונג אונטער הוערטאַ'ס קאָמאַנדע האָט בעשלאָסען זיי אַריבערצופיהרען אין אַ געפענגניס. לעבען דיזע געפענגניס האָט מען זיי אָבער דערשאָסען אויף טויט. וויא אַזוי דיזע טראַגעדיע האָט פּאַסירט און וואָס פאַר אַ ראָלע עס האָט אין איהר געשפּיעלט גענעראַל הוערטאַ, וועלכער איז געוואָרען דיקטאַטאָר — דאָס וועט דער צוקינפטיגער אונפּאַרטייאישער היסטאָריקער קענען אָנווייזען בעשטימט. עס פערשטעהט זיך, אַז גענעראַל הוערטאַ האָט געהאַט אַן אינטערעס אָבצוראַמען פון וועג אַזעלכע געגנער, און עס פערשטעהט זיך אויך, אַז ער האָט זיך אָבגעטרייסעלט פון יעדער פעראַנטוואָרטליכקייט פאַר דיזען מערדערישען אַקט. דיא מאַדעריסטען וואַרפען, נאַטירליך, דיא שולד אויף איהם, און דיא אַנטי־מאַדעריסטען ערקלערען גאָר, אַז דיא מערדער זיינען געווען דיא פריינדע פון דעם קאָלאָנעל ריווערע, וועמען מאַדעראָ זאָל האָבען דערשאָסען אויף טויט, בשעת יענער איז געקומען איהם אָנזאָגען אין נאָמען פון דיא גענעראַלען הוערטאַ און בלאַנקעט, אַז ער זאָל רעזיגנירען.

נור אויב דיא הוערטיסטען, דיא דיאַזיסטען און אַלע אַנדערע אַנטי־מאַדעריסטען האָבען גערעכענט, אַז נאָך מאַדעראָ'ס טויט וועלען זיי ניט האָבען צו שרעקען זיך שטאַרק פאַר אויפשטאַנדען, האָבען זיי אַ גרויסען טעות געהאַט.

וויא נור עס איז בעקאַנט געוואָרען דער טראַגישער סוף פון דעם קאָנסטיטוציאָנעלען פּרעזידענט, האָט אויסגעבראָכען אַ רעוואָלוציאָן געגען דעם דיקטאַטאָר אין נאָמען פון דער קאָנסטיטוציאָן. דיזע רעוואָלוציאָן ציהט זיך נאָך צו דער צייט, ווען מיר שליסען דיזע געשיכטע (אָנפאַנג פון 1914), און מען דאַרף טאַקע זיין אַ נביא פאָרויסצוזאָגען, ווען זיא וועט זיך ענדיגען. דער הויפּטפיהרער פון דיזער רעוואָלוציאָן, וועלכע איז בעזאָנדערס שטאַרק אין דיא שיטער בעפעלקערטע נאָרדליכע סטייטס, וויא געוועהנליך ביי אַלע אַנדערע מעקסיקאַנער רעבעליאָנען, ווייל מען קען אַהין פערהעלטניסמעסיג לייכט אַריינשמוגלען געוועהר פון יונייטעד סטייטס, — איז איינער פון דיא מאַדעריסטישע גוּבערנאַטאָרען מיט'ן נאָמען קאַראַנזאַ. ער האָט ערקלערט, אַז ער קעמפּפט איבערהויפּט פאַר אַ קאָנסטיטוציאָנעלע רעגיערונג און אז ער וועט ניט אַוועקלייגען דיא וואַפען ביז גענעראַל הוערטאַ וועט רעזיגנירען אָדער פעריאָגט ווערען און עס וועט אויסגעוועהלט ווערען אַ געזעצליכער פּרעזידענט לויט דיא פאָרשריפטען פון דער קאָנסטיטוציאָן.

אָבער דיזע פּראָוויזאָרישע רעגיערונג האַלט זיך אַלץ, און פיעל פעסטער וויא מען האָט עס געקענט רעכענען באַלד נאָך דער ערמאָרדונג פון מאַדעראָ, צום טראָץ ניט נור פון דיא קאַראַנזיסטען אָדער קאָנסטיטוציאָנאַליסטען און פון אַלע איהרע אינערליכע פיינד, וועלכע אָרגאַניזירען אויפשטאַנדען אפילו אין דער נאָהענטער נאַכבאַרשאַפט פון דער הויפּט־שטאָדט און פון דעם גרעסטען און וויכטיגסטען מעקסיקאַנער פּאָרט ווערא קרוץ, זאָנדערן אויך צום טראָץ פון דער אַמעריקאַנער רעגיערונג אונטער דער לייטונג פון דעם דעמאָקראַטישען פּרעזידענט וואודראָו ווילסאָן, וועלכער האָט זיך ענטזאַגט צו אַנערקענען הוערטאַ'ס דיקטאַטור אין נאָמען פון מאָראַליטעט, הומאַניטעט און קאָנסטיטוציאָנאַליטעט (זעה דיא געשיכטע פון יונייטעד סטייטס).

ניט אַכטענדיג דערויף, וואָס אַלע אַנדערע רעגיערונגען האָבען אַנערקענט הוערטאַ'ס דיקטאַטור אַלס דיא פאַקטישע רעגיערונג, לויט דיא אַלטע אינטערנאַציאָנאַלע מנהגים, האָט דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס בעשלאָסען צו האַנדלען אין דיזען פאַל גאַנץ אַנדערש און צו געהן אויף איהר אייגענעם דיפּלאָמאַטישען וועג, אין דער האָפנונג אַז דאָס וועט זיין אַ גוטע לעהרע פאַר אַלע לאַטייניש רעפּובליקען זיי זאָלען אויפהערען צו מאַכען רעוואָלוציאָנען און זיך צוגעוואָהנען צו אמת קאָנסטיטוציאָנעלע פיהרונגען און געזעצליכע וואַהלען פון פּרעזידענטען. עס קען זיין, אַז פּרעזידענט ווילסאָן האָט דערביי זעהר פיעל געהאָפט, דאָס אָהן דער אַנערקענונג פון יונייטעד סטייטס וועט הוערטאַ'ס דיקטאַטור מוזען קומען צו אַ גאַנץ שנעלען סוף, זאָ דאָס דיא קאָנסטיטוציאָנאַליסטען וועלען קענען דורכפיהרען זייער פּראָגראַם און אַ נייער פּרעזידענט וועט טאַקע ערוועהלט ווערען אַזוי פריי און געזעצליך, וויא דאָס איז נור מעגליך אין מעק־

סיקאָ; אָבער פּאַסירט האָט עס גראַדע, דאָס דיא פּאָזיציע פון דיזען מיליטעי־ רישען דיקטאַטאָר איז גאָר שטאַרקער געוואָרען דורך דעם, וואָס ער האָט זיך זעהר געשיקט בענוצט מיט דיא האַנדלונגען פון דער אַמעריקאַנער רעגיערונג, אום צו ציינען, אַז ער איז ניט בלויז אַן אָפּפּערוויליגער מעקסיקאַנער פּאַטריאָט, וואָס קעמפּפט מיט אַלע כחות פאַר דיא אונאַבהענגיגקייט פון זיין פאַטערלאַנד, זאָנדערן אויך אַ קעמפּפער פאַר דיא גאַנצע לאַטיינישע אַמעריקאַ געגען דיא דיקטירונג און איבערמאַכט פון יונייטעד־סטייטס מיט איהר מאָנראָו דאָקטרין.

גענעראַל הוערטאַ שניידט זיך יעדענפאַלס אויף דעם וועג פון דעם אַלטען דיקטאַטאָר פּאָרפיריאָ דיאַז, וועלכער האָט דערלעבט צו האָבען נקמה אָן דעם אונגליקליכען מאַדעראָ און וועלכער קען נאָך אפשר ענדיגען זיינע יאָהרען (ער איז שוין 83 יאָהר אַלט) ניט אין גלות אין דער פראַנצויזישער הויפּט־שטאָדט, נור אין דער הויפּט־שטאָדט פון זיין פאַטערלאַנד אַלס פּרעזידענט. ווער קען פאָרויסזאָגען, וואָס פאַר איבערקעהרענגסען עס קענען פאָרקומען אין אַזאַ לאַנד וויא מעקסיקאַ אפילו אין אַ יאָהר אַרום?



## ערשטער קאפיטעל.

# אינערליכע איבערקעהרעניסען און געגענזייטיגע מלחמות

צענטראל אמעריקא איז היינט צוטהיילט אין זעקס אונאבהענגיגע רעפובליקען, ניט רעכענענדיג דעם טהייל, וואס טראגט דעם נאמען בעליזע אדער בריטיש האנדוראס און וואס געהערט צו ענגלאנד. דיזע רעפובליקען זיינען (אין דער ריכטונג פון נארד צו זיד): גוואטעמאלא, האנדוראס, סאלוואדאר, ניקאראגוא, קאסטא ריקא און פאנאמא. דיא ערשטע פינף זיינען א געוויסע צייט געוען פעראייניגט אונטער איין פעדעראלער רעגיערונג. זייער געשיכטע איז אויך מעהר אדער וועניגער געווען פערבונדען מיט דער געשיכטע פון מעקסיקא. אבער דיא זעקסטע רעפובליק, וועלכע איז דיא אינגסטע פון זיי און פון אלע אנדערע רעפובליקען אין דער נייער וועלט, איז ביז 1903 געווען א פראווינץ פון דער רעפובליק קאלאמביא און איז אין אלגעמיין געווען פערבונדען מיט זיד־אמעריקא. איהר הויפט־שטאדט פאנאמא ביי דיא ברעגען פון דעם גרויסען אדער שטילען (פאסיפיק) אקעאן, וועלכען דיא שפאניער האבען גערופען זידליכער ים, איז דיא עלטעסטע שטאדט אויף דעם אמעריקאנער קאנטינענט (איז געגרינדעט געווארען אין 1519) און איז געווארען דער צענטער פאר דיא שפאנישע עקספעדיציעס נאך פערו און נאך זיד־אמעריקא בכלל. דיזע נייע קליינע רעפובליק, וואס צייכענט זיך נור אויס מיט איהר געאגראפישער לאגע אין רעכטען מיטען און אין דעם שמאלסטען פאס פון דער נייער וועלט. — דער איסטהמוס פון פאנאמא — פערנעהמט דארום א גאנץ בעזונדערען פלאץ אין צענטראל אמעריקא.

קאלומבוס איז צוגעשוואומען צו די ברעגען פון צענטראל־אמעריקא, נעמליך פון האנדוראס, אין 1502, אין דער צייט פון זיין פיערטער רייזע. דאן האבען זיך געפונען דארטען, ספעציעל אויף דעם האלב־אינזעל יוקאטאן, אייניגע אינדיאנער מלוכות, פון וועלכע מיר וויסען היינט מייסטענס פון דיא חורבות וואס זיינען איבערגעבליבען פון דיא אמאליגע טעמפלען און פאלאצען (זעה דיא געשיכטע פון מעקסיקא). דיא ציוויליזירטעסטע שטאמען זיינען געווען דיא מאיאס, וועלכע האבען איבערגעלעבט אלע אונטערדריקונגען און גרויזאמקייטען פון זיי־

ערע שפאנישע הערשער. נאך דיא עקספעדיציעס פון פעדרא דע אווילא, וועלכער האט איינגענומען דיא טעריטאריע פון דער יעצטיגער רעפובליק קאסטא ריקא אין 1513, און פון הערנאנדא קארטעז, וועלכער האט דערגרייכט פון מעקסיקא ביז האנדוראס אין 1525, וויא דאס איז בעשריעבען אין דער געשיכטע פון מעקסיקא, איז צענטראל אמעריקא געווארען א בעזונדערע שפאנישע קאלאניע אונטער דעם נאמען גוואטעמאלא. זיא איז פערוואלטעט געווארען אין פערלויף פון 300 יאהר, ביז דעם שלום פון דעם קאמפף פאר אונאבהענגיגקייט אין 1821, פון א גענעראל־קאפיטאן און איז צוטהיילט געווען אין פינף גרויסע דערפארטאמענטען אדער פראווינצען, וועלכע האבען געטראגען דיא נעמען און פערנומען אונגעפעהר דיא טעריטאריעס פון דיא היינטיגע רעפובליקען גוואטעמאלא, האנדוראס, סאלוואדאר, ניקאראגוא און קאסטא ריקא. אלע אינדיאנער שבטים זיינען פערשקלאווט געווארען דארטען וויא אין דיא אנדערע שפאנישע קאלאניעס. זיי זיינען אבער ניט אומגעקומען און ניט פערשוואונדען, וויא דיא שווארצע קאריב־שטאמען אויף דיא וועסט־אינדישע אינזלען.

ביסלעכווייז האבען דיא מאיאס און אנדערע אינדיאנער אין צענטראל אמעריקא איבערגענומען דיא רעליגיאן און אויך דיא שפראך פון זייערע הערשער און זיי בילדען היינט דיא מאיאריטעט פון דער בעפעלקערונג, וועלכע איז העכסט וואהרשיינליך ניט אזוי צאהלרייך וויא צו דער צייט פון קאלומבוס'עס ענטדעקונג, אבער וועלכע פערשפרעכט אלץ מעהר צו פערמעהרען און צו ענטוויקלען זיך. אין דיא נארדליכע טהיילען פון צענטראל אמעריקא, ספעציעל אין גוואטעמאלא, וועלכע גרענעצט זיך מיט מעקסיקא, האבען זיך דיא איינגעבארענע גאנץ וועניג אונטערשיידעט פון דיא איינגעבארענע אין דיא טהיילען פון יוקאטאן, וויא אויך אין טשיאפאס און אאכאקא, וועלכע געהערען יעצט צו דער מעקסיקאנער רעפובליק. אויך היינט, אבוואהל זיי בלייבען פאליטיש אבגעזונדערט, אונטערשיידען זיך זייערע בעפעלקערונגען פיעל וועניגער אין זייערע פיהרונגען, אין זייער קולטור, אין זייער אבשטאמונג א. ז. וו., וויא דיא בעפעלקערונג פון איינינע נארדליכע און זידליכע שטאאטען פון מעקסיקא גופא. אין בעצוג אויף רעליגיאן — דיא קאטאלישע קירכע איז פעסט איינגעווארצעלט געווארען אין דער גאנצער לאטיינישער אמעריקא — אין בעצוג אויף שפראך — דיא שפאנישע — אין בעצוג אויף ראסע — אלץ מעהר אדער וועניגער ענגליכע אינדיאנער שטאמען און דיא זעלבע מישונגען מיט שפאניער — אין בעצוג אויף געשיכטע און סאציאל־פאליטישע ארגאניזאציאנען — אלץ רעפובליקען, וואו דיא מינאריטעטען פון קרעאלען בעהערשען דיא מעסטיזאס און ריינע אינדיאנער — קענען גערעכענט ווערען פאר איין נאציאן ניט נור דיא איינוואהנער פון דעם האלבען דוצענד רעפובליקען פון צענטראל אמעריקא, זאנדערן אויך פון מעקסיקא.

אין דער צייט פון דער רעוואָלוציאָן געגען שפּאַניען זיינען דיא פּינף פּראָ־וויגצען פון גוואַטעמאַלאַ צוגעשטאַנען צו מעקסיקאָ. אין 1822 זיינען זיי אריינ־געדעכענט געוואָרען אין דער מעקסיקאַנער אימפּעריע אונטער איטורבידע. אָבער דעם נעכסטען יאָהר האָבען זיך דיזע פינף פּראָווינצען אָבגעזונדערט פון מעקסיקאָ און געבילדעט אַ רעפּובליק אונטער דעם נאָמען „פעראייניגטע שטאאטען פון צענטראל אמעריקא".

דיזער פערבאנד האָט אָבער אויך ניט געדויערט לאנג. דיא געשיכטע פון צענטראל אמעריקא זייט דיא אָבשאפונג פון דער שפּאַנישער הערשאַפט אין 1821, איז ניט נור פול מיט אויפשטאנדען, רעוואָלוציאָנען, פּראָנונסיאַמענטאָס א. ז. וו. וויא אין מעקסיקאָ און אין אלע שפּאַניש־שפּרעכענדע רעפּובליקען, זאָנדערן אויך מיט שטרייטען און מלחמות צווישען איהרע פינף שטאַא־טען. דיא רוהיגסטע צייטען פאר דיזע לענדער זיינען נאָך אלעמען געוועזען אונ־טער דער שפּאַנישער הערשאַפט. דיא אינדיאַנער פון צענטראל אמעריקא האָ־בען אזוי שנעל איבערגענומען דיא רעליגיאָן, דיא שפּראך און דיא קולטור פון זייערע ווייסע הערשער, וויא דיא אינדיאַנער פון מעקסיקאָ. זיי האָבען זיך אויך ביסלעכווייז אזוי צוזאַמענגעמישט, אַז עס איז צו דער צייט פון זייער בעפריי־אונגס־קאַמפּף אויפגעקומען, מעג מען זאָגען, אַ נייע ראַסע. די הויטפארב־פראגע האָט קיין מאָל ניט געשפּיעלט אזא ראָלע אין דיא קאָלאָניעס פון שפּאַניען און בכלל פון דיא לאטיינישע אָדער ראָמאַנישע לענדער, וויא אין דיא קאָלאָניעס פון ענגלאַנד. דיא קרעאָלען האָבען נאַטירליך פערנומען דעם אויבען־אָן און געהאלטען אין זייערע הענד דיא רעגיערונג, אָבער דאָס איז געקומען ניט אזוי דורך זייערע יחסן׳ישע הויטפאַרב, וויא דורך זייערע פעהיגקייטען. אזוי איז עס אויך היינט צו טאָג. אָבער מעסטיזאָס און אפילו ריינע אינדיאַנער זיינען ניט אויסגעשלאָסען געוואָרען פון רעגיערונגס־פּלעצער בלויז צוליעב זייער הויט־פאַרב. אין צענטראל אמעריקא, אזוי וויא אין מעקסיקאָ און אין אלע אנדערע שפּאַניש־שפּרעכענדע רעפּובליקען, זיינען דיא פּאָליטישע רעכטע פון דיא רויט־הויטיגע און אפילו פון דיא שוואַרץ־הויטיגע געזעצליך ניט בעשרענקט געוואָרען. אַ געבילדעטער אינדיאַנער איז היינט אזא יחסן וויא אַ שפּאַניער. אונטער דעם וואָרט „לאַדינאָ" (לאטיינער) פערשטעהט מען דאָרטען אַ געבילדעטען מאַן, אָבגעזעהען פון זיין הויטפּאַרב.

דיא צומישונג פון נעגערישע בלוט איז בכלל געוועזען אַ קליינע אין דיא שפּאַנישע קאָלאָניעס, מיט אויסנאהמע פון דיא וועסט־אינדישע אינזלען, וואו דיא אינדיאַנער, דיא קאַריב־שטאַמען, זיינען אויסגעשטאָרבען אין אַ קורצער צייט נאָך קאָלומבוס׳עס ענטדעקונג און וואו זייערע פּלעצער זיינען פערנומען גע־וואָרען פון שוואַרצע שקלאַווען. דאָרטען וואו דיא אינדיאַנער האָבען געקענט אויסהאלטען דיא אונטערדריקונגען און רציחות פון דיא שפּאַנישע עראָבערער

און אוואנטוריסטען, איז ניט נויטיג געווען צו אימפּאָרטירען שווארצע שקלאווען. אין צענטראל אַמעריקאַ זיינען געווען גענוג אינדיאַנער שקלאווען פאַר דיא שפּאַנישע הערשער, אַזוי וויא אין מעקסיקאָ און אין זיד־אַמעריקאַ. דאַרום זיינען דיא בלוט־מישונגען דאָרטען כמעט אויסשליסליך פון דער ווייסער און רויט־הויטיגער ראַסען.

דיא שטענדיגע רייסערייען און בלוטפערגיסונגען אין צענטראַל אַמעריקאַ נאָך דער ערקלערונג פון אונאַבהענגיגקייט זיינען געווען דער רעזולטאַט פון דיא זעלבע אורזאַכען, וועלכע זיינען ערקלערט געוואָרען אין דער געשיכטע פון מעקסיקאָ און וועלכע האָבען געפיהרט גלייכצייטיג צו בירגער־קריעג אין אַלע שפּאַנישע קאָלאָניעס. אַזוי שנעל וויא דיא "פעראייניגטע שטאַאטען פון צענטראַל אַמעריקאַ" זיינען געגרינדעט געוואָרען, האָט זיך אָנגעפאַנגען אַ ביטערער און לאַנגער קאַמפּף צווישען דיזע שטאַאטען גופא צוליעב דעם, וואָס אין איינעם האָבען געקראָגען דיא אויבערהאַנד דיא קלעריקאַלען און אין אַן אַנדערען — דיא ליבעראַלען.

אין גוואַטעמאַלאַ זיינען דיא צענטראַליסטען און קאָנסערוואַטאָרס, דיא געוועזענע שפּאַנישע בעאַמטע און דיא גלחים אריינגערעכענט, געווען בעזאָנדערס שטאַרק. זיי האָבען אינטריגירט געגען דיא ליבעראַלען און פעדעראַליסטען, וועלכע זיינען געווען בעזאָנדערס שטאַרק אין האָנדוראַס. דאָס האָט געטריבען צו אַ שפּאַלטונג אין דעם פערבאַנד. אונטער דער לייטונג פון גענעראַל ראַפאַעל קאַררעראַ האָט זיך גוואַטעמאַלאַ ערקלערט פאַר אַן אונאַבהענגיגע רעפּובליק אין 1837. דיא ליבעראַלען האָבען עס ניט געוואָלט צולאָזען, נור זיי זיינען בעזיעגט געוואָרען. דאַן איז דער פערבאַנד צופאַלען געוואָרען. אין 1842 האָבען דיא ליבעראַלען ווידער פּרובירט אַרונטערזעצען גענעראַל קאַררעראַ, וועלכער איז געוואָרען דער שטענדיגער דיקטאַטאָר פון גוואַטעמאַלאַ, און איינפיהרען אַ פעדעראַלע צענטראַל־אַמעריקאַנישע רעפּובליק; אָבער זיי זיינען ווידער בעזיעגט געוואָרען. זייער פיהרער, גענעראַל פראַנציסקאָ מאָראַזאַן פון האָנדוראַס, איז דאַן געפאַנגען און דערשאָסען געוואָרען פון דיא קלעריקאַלען. אין 1850 האָבען זיך האָנדוראַס, סאַלוואַדאָר און ניקאַראַגואַ פערבונדען, אום צו עטאַבלירען צוריק דיא פעראייניגטע שטאַאטען פון צענטראַל אַמעריקאַ, אָבער זייערע אַרמעען זיינען בעזיעגט געוואָרען פון דיא גוואַטעמאַלער אונטער דער קאָמאַנדע פון קאַררעראַ.

אַזוי וויא גוואַטעמאַלאַ צעהלט מעהר פון אַ דריטעל פון דער בעפעלקערונג פון גאַנץ צענטראַל אַמעריקאַ, דאַרום איז זיא דיא שטאַרקסטע. קאַררעראַ איז דערצו נאָך געווען אַ פעהיגער דיקטאַטאָר. דאַרום האָט ער געקענט בעזיעגען דיא ליבעראַלע אַרמעען פון וועניגסטענס צוויי אַנדערע רעפּובליקען. איין צייט האָט ער געפיהרט דיא גרענדע כמעט אין גאַנץ צענטראַל אַמעריקאַ. זיין אַמבי־

ציע איז יעדענפאלס געווען צו ווערען דער פרעזידענט פון אלע פינף רעפובליקען. אין גוואטעמאלא גופא האט ער אין 1854 אויסגעפיהרט דורך אן ענדערונג אין דער קאנסטיטוציאן, אז ער זאל אנערקענט ווערען פאר פרעזידענט אויף זיין גאנצען לעבען.

אבער אין 1863, ווען דיזער דיקטאטאר האט אינטריגירט געגען גענעראל זשערארדא באריאס, דעם פרעזידענט פון סאלוואדאר, האט ער ערליטען א נידערלאגע אין א שלאכט מיט דיא ליבעראלען. סאלוואדאר איז דיא קלענסטע פון דיא צענטראל־אמעריקאנישע רעפובליקען, אבער דערפאר איז זיא זעהר געדיכט בעפעלקערט. זיא צעהלט מעהר איינוואהנער פאר ניקאראגוא און האנדוראס צוזאמען, וועלכע פערנעהמען איבער 13 מאל מעהר לאנד פאר איהר (זעה דיא סטאטיסטיק אין דעם פארווארט צו דער געשיכטע פון דער לאטיינישער אמעריקא). האנדוראס איז דאן צוגעשטאנען צו סאלוואדאר; אבער ניקאראגוא און קאסטא ריקא האבען אונטערשטיצט גוואטעמאלא. דארום האט עס קארערא, וועלכער האט אליץ געקעמפפט פאר דיא יעזואיטען און בכלל דיא קלעריקאלען, געקענט פערבלייבען דער דיקטאטאר פון גוואטעמאלא ביז זיין טויט אין 1865.

זיין קאנסערוואטיווער נאכפאלגער, גענעראל צערנא, איז ארונטערגעזעצט געווארען אין 1871, ווען דיא ליבעראלען זיינען שטארקער געווארען. דיא יעזואיטען און אפילו דער ארכיביסקופ פון דער הויפט־שטאדט גוואטעמאלא האבען דאן געמוזט זיך אבטראגען. נור גענעראל רופינא באריאס, וועלכער איז געווארען פרעזידענט אין 1873 אלס פיהרער פון דיא ליבעראלען, האט זיך באלד אנגעפאנגען צו פיהרען וויא א דיקטאטאר. זיין אמביציע איז דאן געווארען צו פערבינדען אלע צענטראל־אמעריקאנישע רעפובליקען. אנפאנגס האט ער עס פרובירט דורכפיהרען דורך אונטערהאנדלונגען אויף א דיפלאמאטישען וועג. אבער ווען ער האט זיך איבערצייגט, אז מיט פריעדליכע מיטעל וועט ער גאר ניט אויספיהרען, האט ער זיך אליין ערקלערט אין 1885 פאר דעם הויפט־קאמאנדיר פון גאנץ צענטראל אמעריקא. דאס האט ארויסגערופען געגען איהם א פערבאנד פון סאלוואדאר, ניקאראגוא און קאסטא ריקא. ער האט זיך דאן אריינגעריסען אין סאלוואדאר מיט זיין ארמעע; אבער אין דער שלאכט איז ער געפאלען טויט.

דיא לעצטע פראבע צו עטאבלירען דיא פעראייניגטע שטאאטען פון צענטראל אמעריקא איז געמאכט געווארען אין 1895. ניקאראגוא, סאלוואדאר און האנדוראס האבען זיך דאן פעראייניגט, אנגענומען א פעדעראלע קאנסטיטוציאן און איינגעלאדען גוואטעמאלא און קאסטא ריקא אריינצוטרעטען. אבער דיא לעצטע האבען ניט אנגענומען דיא איינלאדונג, און אין 1898 איז סאלוואדאר אויך ארויסגעטראטען פון דיזען פערבאנד.

אין 1892 איז אַן אַנדער גענעראַל מיט'ן נאָמען באַריאָס ערוועהלט געוואָרען פאַר פרעזידענט אין גוואַטעמאַלאַ. ער האָט זיך "געלאָזט אויסוועהלען" אַ צווייטען מאָל אין 1897, נור איז עטליכע מאָנאַט שפעטער ערמאָרדעט געוואָרען, וואָס עס האָט ניט איין מאָל געטראָפען מיט דיקטאַטאָרס אין אַלע לאַטיינישע רעפובליקען. זיין פלאַץ איז פערנומען געוואָרען פון דעם וויצע־פרעזידענט, וויא עס איז פאָרגעשריעבען אין דער קאָנסטיטוציאָן; אָבער באַלד האָט זיך געפונען אַ נייער דיקטאַטאָר אין דער פערזאָן פון גענעראַל קאַברעראַ, וועלכער האָט זיך "געלאָזט אויסוועהלען" אין 1898 און נאַכהער אַ צווייטען מאָל ביז 1911. זיין דיקטאַטור האָט אַרויסגערופען בעזאָנדערס גרויסע אונצופריעדענהייט אין גאַנץ צענטראַל אַמעריקאַ. מען האָט איהם בעשולדיגט אין גרויזאַמקייטען צו זיינע פאָליטישע געגנער, וויא אויך אין אינטריגעס און פערשווערונגען געגען זיינע שכנים. דער רעזולטאַט איז געווען, אַז אין 1906 האָט אויסגעבראָכען אַן אויפשטאַנד געגען איהם. גוט בעוואַפענטע מחנות, צווישען וועלכע עס האָבען זיך אויך געפונען אַמעריקאַנער אַוואַנטוריסטען, האָבען זיך אריינגעריסען אין גוואַטעמאַלאַ פון מעקסיקאָ, סאַלוואַדאָר און אויך פון בריטיש האָנדוראַס. דיזער אויפשטאַנד האָט שנעל געפיהרט צו אַ מלחמה צווישען דיא פינף רעפובליקען. סאַלוואַדאָר, האָנדוראַס און קאָסטאַ ריקאַ זיינען אַרויס געגען דעם דיקטאַטאָר קאַברעראַ, וועהרענד ניקאַראַגואַ האָט געהאַלטען מיט איהם.

דיזע מלחמה האָט עס געפיהרט צו אַן אַריינמישונג פון יונייטעד סטייטס און מעקסיקאָ אין דיא אינטערעסען פון פריעדען. דאַן איז געשלאָסען געוואָרען אַן אָבמאַך, וועלכער איז אונטערשריעבען געוואָרען פון דיא פערטרעטער פון גוואַטעמאַלאַ, האָנדוראַס, סאַלוואַדאָר און קאָסטאַ ריקאַ, אָבער ניט פון ניקאַראַגואַ. נאָך דיזען אָבמאַך זיינען זיי פערפליכטעט איבערצוגעבען אַלע זייערע שטרייטען צו אַ שיעדס־געריכט פון יונייטעד סטייטס און מעקסיקאָ.

אויסער זייערע מלחמות מיט גוואַטעמאַלאַ האָבען דיא אַנדערע פיער רעפובליקען געהאַט קאָנפליקטען צווישען זיך. יעדע פון דיזע רעפובליקען האָט געהאַט איהרע אינערליכע רייסערייען צווישען דיא קאָנסערוואַטאָרס, צענטראַליסטען און קלעריקאַלען פון איין זייט און דיא ליבעראַלען און פעדעראַליסטען פון דער אַנדער זייט; יעדע האָט געהאַט איהרע פראָנונסיאַמענטאָס און דיקטאַטאָרס און יעדע האָט געהאַט איהרע מלחמות צוליעב איהרע גרענעצען אָדער צוליעב דיא אינטריגעס, פערשווערונגען און אַמביציעס פון דיקטאַטאָרס. אַלע האָבען דורכגעלעבט דיא זעלבע צרות און פאָליטישע איבערקעהרעניסען זייט זייער אונאַבהענגיגקייט.

ניקאַראַגואַ האָט זיי אָבער אַלעמען איבערטראָפען אין בלוטיגע שטרייטען און אין פראָנונסיאַמענטאָס. דיזע רעפובליק איז געווען דיא סצענע, מעג מען

זאָגען, פון אַן אונאויפהערליכען בירגער־קריעג. דורך דיא אויפשטאַנדען און
פּראָנונסיאַמענטאָס, וויא אויך דורך מלחמות מיט קאָסטאַ ריקאַ, סאַלוואַדאָר
און האָנדוראַס צוליעב איהרע גרענעצען, איז איהר בעפעלקערונג, כמעט אויס־
שליסליך פון אינדיאַנער און מעסטיזאָס אָדער לאַדינאָס, ניט נור פעראָרימט
און פערווילדעט געוואָרען, זאָנדערן אויך בעדייטענד פערקלענערט געוואָרען.
דער שטענדיגער ביטערער קאַמפּף צווישען דיא ליבעראַלען, וועלכע האָבען גע־
האַט זייער צענטער אין דער שטאָדט לעאָן, און דיא קאָנסערוואַטאָרס, וועלכע
האָבען געהאַט זייער צענטער אין דער שטאָדט גראַנאַדאַ, האָט אויך געפיהרט
צו דער דיקטאַטור פון דעם בעריהמטען אַמעריקאַנער אַוואַנטוריסט וויליאַם
וואָקער (Walker) אין 1856.

דיעזער גרעסטער און מערקווירדיגסטער פון אַלע אַמעריקאַנער, וועלכע האָ־
בען אַנטהייל גענומען אין דיא רעוואָלוציאָנען און קאָנטר־רעוואָלוציאָנען פון
דיא רעפּובליקען אין דער לאַטיינישער אַמעריקאַ, האָט זיך צוערשט אויסגעציי־
כענט מיט אַן עקספּעדיציע נאָך דעם האַלבאינזעל קאַליפאָרניאַ, וואָס געהערט
צו מעקסיקאָ. ער האָט דערביי אויך געהאַט פּאָליטישע צוועקען, נעמליך: צו
אונטערשטיצען דיא שקלאַוועןהאַלטערס אין יונייטעד סטייטס דורך דיא גרינ־
דונג פון נייע שטאַאטען, וואו די נעגער־שקלאַווערייַ זאָל געזעצליך אַנערקענט ווע־
רען. ער האָט צוערשט פּראַקטיצירט אַלס אַדוואָקאַט אין זיין געבורטס־שטאָדט
נעשוויל, טענעסי (ער איז דאָרט געבאָרען געוואָרען אין 1824); אָבער ער האָט
עס שנעל אויפגעגעבען, אום צו שטודירען מעדיצין. עטליכע מאָנאַט האָט ער
פּראַקטיצירט מעדיצין אין פילאַדעלפיאַ. נאַכהער איז ער אַוועק נאָך ניו־אָרלי־
ענס, וואו ער האָט אָנגעפאַנגען אַ קאַריערע פון אַ זשורנאַליסט אין דיא אינ־
טערעסען פון דיא שקלאַוועןהאַלטערס. צו דער צייט פון דער קאָכערייַ נאָך
דער ענטדעקונג פון גאָלד אין קאַליפאָרניאַ האָט ער אַריבערגעוואַנדערט נאָך
סאַן פראַנציסקאָ, וואו ער האָט אָנגעפאַנגען אַרויסצוגעבען אַ צייטונג אין 1850.

דאַן האָט וואָקער אויך אָנגעפאַנגען צו פּלאַנעווען, וויא דורכצופיהרען זיינע
פאַנטאַזיעס וועגען עראָבערונגען און וועגען גרינדונגען פון נייע שקלאַווערייַ־
שטאַאטען. אין אָקטאָבער 1853 איז ער אַרויס פון סאַן פראַנציסקאָ אויף אַ
שיף מיט אַ באַנדע אַוואַנטוריסטען צו פערכאַפּען מעקסיקאַנער טעריטאָריע און
אין יאַנואַר 1854, נאָכדעם וויא זיי האָבען געלאַנדעט אויף דעם קאַליפאָרניער
האַלבאינזעל, האָט ער ערקלערט דיזע געגענד און אויך דעם מעקסיקאַנער שטאַאט
סאָנאָראַ פאַר אַן אונאַבהענגיגע רעפּובליק. דיזע עקספּעדיציע האָט זיך אָבער
באַלד געענדיגט זעהר אונגליקליך. דיא אַוואַנטוריסטען האָבען געליטען פון
דיא אַטאַקעס פון דיא אינדיאַנער און נאָך מעהר פון הונגער. אַ טהייל פון
זיי זיינען אומגעקומען, און דיא איבריגע האָבען זיך קוים דערשלעפּט ביז צום
אַמעריקאַנער גרענעץ. וואָקער האָט זיך דאַן ווידער גענומען צו זיין זשורנאַ־

ליסטישער פּעדער, אָבער זיינע פאַנטאַסטישע פּלענער וועגען ערָאָבערונגען אין דער לאַטיינישער אַמעריקאַ האָט ער ניט אויפגעגעבען.

אין 1855 איז וואָקער איינגעלאַדען געוואָרען פון איינִיגע ליבעראַלען פון ני־קאַראַגואַ צו קומען זיי העלפען מיט אַ באַנדע אַמעריקאַנער אוואַנטוריסטען אין זייער קאַמפּף מיט די קאָנסערוואַטאָרס. ער האָט זיך אָנגעכאַפּט אָן דיזער געלעגענהייט צו פערווירקליכען זיינע טרוימען. ווען ער איז אָנגעקומען מיט זיין "מחנה", וועלכע איז בעשטאַנען פון 56 אַמעריקאַנער גליק־זוכער, זיינען צוגעשטאַנען איינִיגע ליבעראַלען פון ניקאַראַגואַ, וועלכע האָבען איהם געהאָל־פען צו פערכאַפּען אַ דאַמפּף־שיף פון אַן אַמעריקאַנער האַנדעלס קאָמפּאַניע אויף דער לעיק (אָזערע) ניקאַראַגואַ. מיט דער הילפע פון דיזער שיף איז איהם געלונגען איינצונעהמען די שטאָדט גראַנאַדאַ, וואָס איז געווען דער צענטער פון דער קאָנסערוואַטיווער פּאַרטיי. די פיהרער פוןביידע פּאַרטייען האָבען דאַן אָבגעמאַכט צווישען זיך אויסצוקלייבען פאַר דעם פּראָוויזאָרישען פּרעזי־דענט אַן אונפּאַרטייאישען מאַן. אָבער וואָקער איז ניט נור געבליבען דער הויפּט־קאָמאַנדיר פון דער אַרמעע, זאָנדערן האָט אויך אָנגעפאַנגען צו פיהרען זיך וויא אַ דיקטאַטאָר.

צו יענער צייט האָט זיך שוין געפונען דאָרטען אַן אַמעריקאַנער קאָמפּאַניע, וועלכע האָט זיך בעשעפטיגט מיט דעם טראַנספּאָרט פון סחורות און פּאַסאַ־זשירען אויף דעם וועג, וואָס ציהט זיך פון אַטלאַנטיק ביז פּאַסיפיק גרעסטענ־טהיילס דורך די לעיק ניקאַראַגואַ, די גרעסטע און וויכטיגסטע אין צענטראַל אַמעריקאַ. דאָס איז דער וועג פון דעם פיעל־מאָל געפּלאַנעוועטען, אָבער דער־ווייל נאָך ניט אויסגעפיהרטען ניקאַראַגואַ קאַנאַל. דיזע קאָמפּאַניע איז קאָנ־טראָלירט געווען פון דעם מיליאָנער קאָרנעליוס וואַנדערבילט. איינִיגע פון איהרע מיטגליעדער האָבען צוליעב זייערע קאָמערציעלע אינטערעסען געשטיצט פינאַנציעל וואָקער׳ס עקספּעדיציע און דיקטאַטור. זיא האָט אויך טראַנס־פּאָרטירט אויף איהרע שיפען רעקרוטען פון ניו־אָרליענס און פון אַנדערע אַמע־ריקאַנער פּאָרטען נאָך ניקאַראַגואַ צו בעפעסטיגען וואָקער׳ס דיקטאַטור. די דעמאָקראַטען אין יונייטעד סטייטס האָבען סימפּאַטיזירט מיט דיזער אוואַנ־טורע. אין מאַי 1856 האָט די וואַשינגטאָנער רעגיערונג אונטער פּרעזידענט פּיערס זאָגאַר אָפיציעל אַנערקענט די נייע רעגיערונג אין ניקאַראַגואַ. דעם נעכסטען מאָנאַט האָט די קאָנווענציאָן פון דער דעמאָקראַטישער פּאַרטיי אויס־געדריקט איהר סימפּאַטיע מיט די "אָנשטרענגונגען אויפצולעבען ניקאַראַגואַ". פון זיין זייט האָט וואָקער אָבגעשאַפט די געזעצע, וועלכע האָבען פערבאָטען שקלאַווערייַ דאָרטען, וויא נור ער האָט זיך "געלאָזט אויסוועהלען" פאַר פּרעז־זידענט פון דיזער רעפּובליק. זיין צוועק איז געווען צו געווינען מעהר סימפּאַ־

טיע און צו קריעגען מעהר הילפע אין געלד און רעקרוטען אין די שקלאווערייי־שטאאטען פון יונייטעד סטייטס.

אָבער ניט לאנג האט אָנגעהאלטען וואָקער׳ס דיקטאטור. דיא אנדערע רעפובליקען פון צענטראל אמעריקא האָבען זיך פערבונדען געגען איהם, ווייל זיי האָבען זיך דערשראָקען פאר דיא ארייננמישונג פון אמעריקאנער (דערצו נאָך האָבען זיך אויך געפונען אמעריקאנער קאפיטאליסטען, וועלכע האָבען געשטיצט פינאנציעל וואָקער׳ס געגנער), און דער רעזולטאט איז געווען, אז אין מאי 1857 האט וואָקער זיך געמוזט רעטען אויף אן אמעריקאנער קריעגס־שיף, וועלכע האט איהם אוועקגעפיהרט נאָך יונייטעד סטייטס. ער האט אָבער ניט געקענט רוהען און האט אָרגאניזירט נייע עקספעדיציעס פון אוואנטוריסטען אין דיא זידליכע פּאָרטען פון יונייטעד סטייטס. נאָך אייניגע אונגעלונגענע פערזוכען האט ער זיך ארויסגע׳גנב׳עט פון מאָביל, אלאבאמא, אין אָגוסט 1860 אויף א שיף מיט א באנדע אוואנטוריסטען און האט געלאנדעט אין האָנדוראס. נור דאָרטען איז ער געפאנגען געוואָרען פון א קאפיטאן פון אן ענגלישער קריעגס־שיף, וועלכער האט איהם איבערגעגעבען אין די הענד פון דער רעגיערונג פון האָנדוראס. דאן האט מען מיט איהם קיינע צערעמאָניעס ניט געמאכט. א מיליטער־געריכט האט איהם באלד פעראורטהיילט צום טויט, און דער טויט־אורטהייל איז אויסגעפיהרט געוואָרען דעם 12טען סעפּטעמבער 1860.

וואָקער׳ס טראגישער סוף האט ניט אָבגעשראָקען אנדערע אמעריקאנער אוואנטוריסטען צו נעהמען אנטהייל אין דיא רעוואָלוציאָנען און קאָנטער־רעוואָלוציאָנען, וועלכע זיינען געווען דיא גרעסטע קללה פון אלע לאטיינישע רעפובליקען אין דער נייער וועלט אין 19טען יאָהרהונדערט, בעזאָנדערס אין דיא ערשטע פופציג יאָהר נאָך דער אָבשאפונג פון דער שפּאנישער הערשאפט. דיא אָנפיהרער פון דיזע רעוואָלוציאָנען, דיא אמביציעזע גענעראלען, וועלכע האָבען געזוכט צו פעריאָגען א דיקטאטאָר, אום נאָכהער אליין צו פערנעהמען זיין פּלאץ, פלעגען אויך קריעגען זייט וואָקער׳ס עקספעדיציעס פינאנציעלע שטיצע ביי ספעקולאנטען, באנקירען און בעזאָנדערס געוועהר־הענדלער אין יונייטעד סטייטס. דיא בעזיעגטע גענעראלען, וועלכע עס פלעגט געלינגען צו אנטלויפען מיט גאנצע ביינער, פלעגען אָרגאניזירען עקספעדיציעס, נאטירליך געהיים, אין דיא זידליכע פּאָרטען פון יונייטעד סטייטס.

צוליעב דיזע אוואנטוריסטען איז אויך דיא וואשינגטאָנער רעגיערונג ניט איין מאָל געצוואונגען געווען זיך אריינצומישען אין דיא אינערליכע אנגעלעגענהייטען פון דיזע רעפובליקען. עס פערשטעהט זיך, אז דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס האט ניט געקענט בלייבען גלייכגילטיג צום שיקזאל פון איהרע בירגער, וועלכע האָבען ריזיקירט מיט זייערע ביינער אין דיא שלאכטען צווישען דיא פּאַרטייען אין דיא לאטיינישע רעפובליקען אָדער צווישען דיזע רעפובלי־

קען גופא. ווען א געפאנגענער אמעריקאנער אוואנטוריסט פלעגט פעראור־
טהיילט ווערען צום טויט, איז עס געווען נאטירליך, אז דער אמעריקאנער דיפ־
לאמאטישער פערטרעטער זאל זוכען איהם צו רעטען און זאל פערלאנגען ווע־
ניגסטענס אן אונפארטייאישען געריכט. אין פאל א געפאנגענער אמעריקאנער
אוואנטוריסט פלעגט דערשאסען ווערען אויף דעם בעפעהל פון א דיקטאטאר,
איז עס אויך געווען נאטירליך, אז דיא אמעריקאנער רעגיערונג זאל פראטעס־
טירען געגען דעם און פערלאנגען בעפריעדיגונג.

א שלאגענדען ביישפיעל פון אזא פאל האט געליפערט ניקאראגוא אזוי
ניט לאנג צוריק וויא אין 1909. דער דיקטאטאר איז דאן געווען דער בעריהמ־
טער גענעראל כאזע סאנטאס זעלאיא, וועלכער האט פערכאפט דיא רעגיערונג
נאך א פראנונסיאמענטא אין 1893 און האט זיך ״געלאזט אויסוועהלען״ פאר
פרעזידענט עטליכע מאל כסדר. דיא אויפשטאנדען, וועלכע זיינען אויסגעבראָ־
כען געגען זיין דיקטאטור, זיינען אלע אונטערדריקט געווארען מעהר אדער ווע־
ניגער שנעל. זיינע פאליטישע געגנער זיינען אלץ ניט געווען גענוג שטארק
איהם ארונטערצוזעצען. נאך דער מלחמה צווישען ניקאראגוא און האנדוראס
אין 1907, וועלכע האט זיך געענדיגט צו גונסטען פון ניקאראגוא, איז זעלאיא'ס
פאזיציע אזוי שטארק געווארען, אז מען האט אנגעפאנגען איהם צו פערדעכ־
טיגען, דאס ער פלאנעוועט גאר צו בעהערשען גאנץ צענטראל אמעריקא. אלץ
שטארקער איז דאן געווארען דיא אונצופריעדענהייט מיט זיין רעגיערונג, ספע־
ציעל מיט זיינע איינפיהרונגען פון האנדעלס־מאנאפאליעס און בעוויליגונגען
פון וויכטיגע קאנצעסיעס צו געוויסע אויסלענדישע קאפיטאליסטען און ספע־
קולאנטען, וואס עס האט אלץ רייכער געמאכט איהם און זיינע טרייע אנהענגער
אויף דער רעכנונג פון גאנצען לאנד און וואס עס האט אויך ארויסגערופען
אינטריגעס און פערשווערונגען פון איין גרופע אויסלענדישע ספעקולאנטען און
אוואנטוריסטען געגען דיא אנדערע. שליסליך האט עס געפיהרט צו א רעוואָ־
לוציאן אונטער דער לייטונג פון גענעראל עסטראדא, וועלכער איז זעהר פיעל
געשטיצט געווארען פינאנציעל און אויך מיט רעקרוטען אין געוויסע פינאנציע־
לע קרייזען פון יונייטעד סטייטס. זעלאיא, וועלכער האט בכלל ארויסגעוויזען
פיינדשאפט צו יונייטעד סטייטס, האט זיך דערפאר זעהר גרויזאם אבגערעכענט
מיט צוויי אמעריקאנער אוואנטוריסטען, וועלכע האבען געדיענט אין גענעראל
עסטראדא'ס רעוואלוציאנערער ארמעע און האבען געהאט דעם שלים־מזל גע־
פאנגען צו ווערען פון דעם דיקטאטאר'ס סאלדאטען. מען האט בעהויפטעט,
אז זעלאיא האט זיי געהייסען זאגאר פייניגען; נור עס איז זיכער, אז אויף
זיין בעפעהל זיינען זיי נידערגעשאסען געווארען, ניט אכטענדיג אויף דיא פראָ־
טעסטען און ווארנונגען פון דער וואשינגטאנער רעגיערונג. דאס האט שוין
געפיהרט צו אזא אריינמישונג פון יונייטעד סטייטס, אז זעלאיא האט געמוזט

אנטלויפען אויף אַ מעקסיקאַנער שיף, אום זיך מעהר ניט צוריקצוקעהרען. ני־קאַראַגוּאַ איז אַזוי ענדליך פּטור געוואָרען פון דיזען לאַנגיעהריגען דיקטאַטאָר, וועלכער וועט שוין אפשר זיין דער לעצטער דאָרטען, ווייל דיא רעגיערונג פון יונייטעד סטייטס ווערט אַלץ מעהר געצוואונגען דורך דעם בעזיץ פון פּאַנאַמאַ קאַנאַל צו זאָרגען פאַר רוהע, אָרדנונג און אמת׳ע קאָנסטיטוציאָנעלע פיהרונגען אין גאַנץ צענטראַל־אַמעריקאַ.

וואָס אַנבעלאַנגט צו האָנדוראַס, זאָ האָט זיך דאָרטען בעזאָנדערס אויס־געצייכענט אַן אַמעריקאַנער אַוואַנטוריסט מיט׳ן נאָמען לי קריסמאַס, וועלכער איז פריהער געוועזן אַן אייזענבאַהן־ארבייטער. ער האָט אויך גענומען אַנטהייל אין 1907 אין דער מלחמה צווישען ניקאַראַגוּאַ אונטער דער דיקטאַטור פון זעלאַיאַ און האָנדוראַס אונטער דער דיקטאַטור פון גענעראַל באָנילאַ. פריהער האָט ער זיך בעטהייליגט אין איינינע רעוואָלוציאָנען און קאָנטר־רעוואָלוציאָנען פון האָנדוראַס, נור ספּעציעל האָט ער געזוכט צו העלפען גענעראַל באָנילאַ. אין איינער פון דיא שלאַכטען מיט דיא ניקאַראַגוּאַנער איז ער געטויטעט גע־וואָרען.



צווייטער קאַפּיטעל.

# פּאַנאַמאַ: איסטמוס, קאַנאַל און רעפּובליק

דער אָנפאַנג פון דער רעפּובליק פון פּאַנאַמאַ איז דער לעצטער אַקט פון דעם קאַנאַל, וואָס איז שוין געפּלאַנעוועט געוועזן אַ קורצע צייט נאָך באַלבאָאַ'ס ענטדעקונג פון פּאַסיפיק אָקעאַן און וואָס ווערט ענדליך אויסגעגראָבען פון אַמעריקאַנער. דיא גאַנצע בעדייטונג פון דיזער קליינער און וועניג־בעפעלקער־טער רעפּובליק ליעגט אין איהר געאָגראַפישער פּאָזיציע. איהר טעריטאָריע ציהט זיך איבער דעם שמאָלסטען פּאַס לאַנד, וואָס טהיילט אָב דיא גרעסטע צוויי אָקעאַנען: דעם פּאַסיפישען און אַטלאַנטישען. דער וועג פון דער שטאָדט קאָלאָן ביי דיא ברעגען פון אַטלאַנטישען אָקעאַן ביז צו דער שטאָדט פּאַנאַמאַ ביי דיא ברעגען פון פּאַסיפישען אָקעאַן, ד. ה. דער וועג פון פּאַנאַמאַ קאַנאַל, איז אייגענטליך ניט דער קירצעסטער. אַ ביסעל ווייטער צו מזרח זייט פון דער שטאָדט פּאַנאַמאַ געפינט זיך דער איסטמוס (דאָס איז אַ גריכיש וואָרט וואָס בעדייטעט: אַ שמאָלער דורכגאַנג) פון סאַן בלאַז, וואָס איז בלויז 31 מייל לאַנג, מיט 4 מייל קירצער פאַר'ן פּאַנאַמאַ איסטמוס. נאָך ווייטער צו מזרח זייט און אויך אַרונטער צו דרום געפינט זיך דער דריטער קירצעסטער וועג, דער איסטמוס פון דאַריען, וואָס זיין לענג איז 46 מייל. די וויכטיגסטע מעלה פון דעם פּאַנאַמאַ וועג בעשטעהט אין דעם, וואָס דיא קאָרדילערען, דיא בערג וואָס ציהען זיך דורך דיא גאַנצע לענג פון דער נייער וועלט אין מערב זייט, מעהר אָדער וועניגער נאָהענט פון דיא ברעגען פון פּאַסיפישען אָקעאַן, זיינען גראָדע דאָרטען נידריגער וויא אין דיא אַנדערע איסטמוסען פון צענטראַל אַמע־ריקאַ, מיט אויסנאַהמע בלויז פון דעם וועג דורך ניקאַראַגואַ. דיא הויכקייט פון דיא קאָרדילערען צווישען קאָלאָן און פּאַנאַמאַ איז בלויז 300 פוס.

דאָרום האָט מען עס נאָך פיעלע רייזען און פאָרשונגען אין דיא שמאָלסטע ערטער פון צענטראַל אַמעריקאַ פאַר אַ קאַנאַל שליסליך אויסגעקליבען דעם פּאַנאַמאַ־וועג. עס איז דאָרטען לייכטער און בעקוועמער צו גראָבען אַ קאַנאַל. אָבער מיט 400 יאָהר צוריק, ווען דיא שפּאַנישע שווערד־העלדען האָבען זיך אַ לאָז געטהאָן אויף דעם וועג, וואָס באַלבאָאַ האָט זיי געצייגט, האָבען זיי גע־

וואוסט בלויז פון דעם איסטמוס פון דאַריען. ווען קאָלומבוס איז געפאָהרען
ביי דיא ברעגען פון צענטראַל אַמעריקאַ אין 1502, האָט ער געגרינדעט ניט
ווייט פון דער יעצטיגער שטאָדט קאָלאָן (זיא טראָגט טאַקע זיין נאָמען ; דיא
שפאַניער רופען איהם קריסטאָבאַל קאָלאָן) אַ קאָלאָניע, וועלכע ער האָט אַ



וואסקא נוניעץ דע באלבאָא (1517—1475).

נאָמען געגעבען נאָמברע דע דיאָס און וועלכע איז באַלד צושטערט געוואָרען
פון דיא אינדיאַנער. מיט אַכט יאָהר שפעטער האָט ענסיזאָ, אַ לייטענאַנט
פון אַלאָנסאָ דע אָכעדאַ, געגרינדעט אַ קאָלאָניע לעבען דעם טייך און דעם
גאָלף דאַריען און האָט איהר אַ נאָמען געגעבען סאַנטאָ מאַריאָ לאַ אַנטיגאַ דעל

דאַריען. דיזער פונקט, וואָס מען האָט אָנגעפאַנגען צו רופען קורץ דאַריען, איז עס בענוצט געוואָרען פון באַלבאָא און פון אַנדערע שפּאַנישע שווערד־העלדען און גאָלד־זוכער פאַר עקספּעדיציעס אַלץ ווייטער אין זיד־אַמעריקאַ. דיא ביילִיעגענדע לאַנדקאַרטע צייגט דיא טייכען, דיא בערג און דיא ערשטע שפּאַנישע קאָלאָניעס ארום דעם גאָלף אָדער בעי פון פּאַנאַמאַ.




דיא לאַנדקאַרטע פון דאַריען, פּאַנאַמאַ און זידליכען ים (פּאַסיפישער אָקעאַן).

צווישען דיא אַוואַנטוריסטען, וואָס האָבען אַנטהייל גענומען אין דיא עקספּעדיציעס פון אָבעדאַ און פון ענסיזאָ לעבען דיא מזרח־ברעגען פון צענ־טראַל אַמעריקאַ, האָבען זיך געפונען באַלבאָא און פּיזאַראָ, פון וועלכער דער

ערשטער האָט זיך אונשטערבליך געמאַכט מיט דער ענטדעקונג פון פּאַסיפישען אָקעאַן און דער צווייטער — מיט דער ערְאָבערונג פון פּערו. אין 1511, ווען באַלבאָאַ מיט עטליכע אַנדערע אַוואַנטוריסטען האָט זיך אַ לאָז געטהאָן פון אַנטיגאַ דעל דאַריען צו זוכען גאָלד, דעם ענדציעל פון אַלע שפּאַנישע שווערד־העלדען, האָט ער זיך דערוואוסט פון אַן אינדיאַנער עלטסטען דאָרטען, אַז צו דרום־זייט געפינט זיך אַ גרויסער ים, וואָס זיינע ברעגען זיינען בעוואָהנט פון רייכע און ציוויליזירטע פעלקער. דאָס האָט איהם אונטערגעיאָגט צו זוכען דיזע געהיימניספאָלע געגענדען. זיין פּלאַן האָט ער אָבער געקענט אויספיהרען מיט צוויי יאָהר שפּעטער. אין דער בעגלייטונג פון 190 שפּאַניער, צווישען וועלכע עס האָט זיך אויך געפונען פראַנציסקאָ פּיזאַראָ, און פון אַ טויזענד אינדיאַנער האָט ער אָנגעפאַנגען דעם 1טען סעפּטעמבער 1513 זיין בעריהמטע רייזע דורך דיא טראָפּישע וועלדער און איבער דיא בערג פון דעם איסטמוס פון דאַריען צו דערגרייכען דעם אונבעקאַנטען ים און צו ענטדעקען נייע לענדער. דער וועג איז געווען אַ זעהר שווערער. מען האָט געמוזט אויסהאַקען פּלאַץ פאַר יעדען שריט דורך דיא געדיכטע טראָפּישע וועלדער. אָבער דיא שפּאַנישע אַוואַנטוריסטען האָבען זיך ניט אָבגעשטעלט פאַר קיינע שוויריגקייטען. זיי האָבען בראַווירט דיא גרעסטע געפאַהרען און געקוקט דעם טויט גליך אין דיא אויגען. ווען זיי האָבען, נאָך גרויסע מאַטערניסען אין פערלויף פון דריי וואָכען, דורכגעהאַקט זיך אַ וועג ביז צום שפּיץ פון אַ באַרג, פון וועלכען מען האָט געקענט זעהען דעם געהיימניספאָלען ים, וויא דיא אינדיאַנער האָבען עס פערזיכערט, האָט באַלבאָאַ זיך אַ לאָז געטהאָן פאָרויס, אום צו כאַפּען דעם ערשטען בליק; אָבער אין דער לויפענעם נאָך דעם כבוד צו דערגרייכען דיא ברעגען פון דיזען ים דער ערשטער איז ער איבערגעיאָגט געוואָרען פון פראַנציסקאָ פּיזאַראָ.

אַנדערע אַוואַנטוריסטען האָבען זיך באַלד אַ לאָז געטהאָן אויף דיזען וועג, אום צו געפינען נייע לענדער מיט גאָלד און שקלאַווען. דיא שווערד־העלדען, וועלכע האָבען אין פערלויף פון דיא ערשטע צוואַנציג יאָהר נאָך קאָלומבוס'עס ערשטע רייזע ניט נור צוזאַמענגעקראָגען דאָס גאָלד, וואָס האָט זיך געפונען אין היספּאַניאָלאַ (האַאיטי), זאָנדערן אויך אויסגעראָטעט דיא שוואַכע אינדיאַנער דאָרטען און אויף דיא אַנדערע וועסט־אינדישע אינזלען, האָבען געזוכט אַלץ נייע פּלעצער צו שעפּען גאָלד. נאָך דיזע פּיאָנערען האָבען געפאָלגט נייע אַוואַנטוריסטען, זאָ דאָס אין אַ זעהר קורצע צייט האָבען זיי איינגענומען אַלע מלוכות פון די האַלב־ציוויליזירטע אינדיאַנער און אויך דערגרייכט ביז צו די פּערוואָרפענסטע ערטער פון זיד־אַמעריקאַ — די העכסטע בערג, וואָס זיינען בעדעקט מיט אייביגען אייז, און דיא טיעפסטע טהאָלען, וואָס זיינען אימער גרין, פייכט און שטיקענד.

דער וועג דורך דעם איסטמוס האט געדיענט ניט נור צו עראבערען דיא מלוכות פון זיד־אמעריקא, זאנדערן אויך צו גרינדען קאלאניעס ביי דיא ברעגען פון פאסיפישען אקעאן, וועלכע זיינען פיעל געזינטער און פאסען בעסער פאר אויראפעער, וויא דיא זומפיגע, פייכטע און פיעבער־ברענגענדע אטלאנטישע ברעגען פון צענטראל אמעריקא. אויסער דעם געפינען זיך אויך בעסערע האפענס דארטען ביי דיא פאסיפישע וויא ביי דיא אטלאנטישע ברעגען. דיא וועסטליכע טהיילען פון אלע צענטראל־אמעריקאנישע רעפובליקען, וויא אויך פון זיד־מעקסיקא, זיינען טאקע בעדייטענד מעהר בעפעלקערט פאר דיא אסטליכע טהיילען. אויף דיא פלאטאס (הויכלענדער) פון דיא קארדילערען און אנדעסען קענען אויראפעער וואהנען אפילו אונטער דעם סאמע עקוואטאר. דיא געגענדען ביי דיא אטלאנטישע ברעגען (גענויער: ביי דיא ברעגען פון מעקסיקאנער גאלף און פון קאריבעער ים) פון צענטראל אמעריקא טויגען ניט פאר אויראפעער אפילו אין אונזערע צייטען, ווען מען האט שוין געפונען הילף־מיטעל געגען דיא שרעקליכע מגפה פון געלען פיעבער. דיא אינדיאנער זיינען דארטען ביז היינט צו טאג געבליבען כמעט אזוי ווילד וויא אין באלבאא'ס צייט. דיזע שרעקליך אונגעזונדע ערטער זיינען אבער זעהר פרוכטבאר, און דאס האט געפיהרט צו דער נעגרישער שקלאווערייי אויף דיא פלאנטאציעס דארטען.

באלבאא האט פיעלע מאל אריבערגעשפרייזט דעם איסטמוס פון דאריען און האט אויך געזוכט אנדערע וועגען, אום צו דערגרייכען צו דיא זידליכע מלוכות, וועגען וועלכע ער האט אלץ עפטער געהערט פון דיא אינדיאנער ארום דעם גאלף פון פאנאמא. ער האט אויך געפלאנעוועט, וויא איינצונעהמען דיא גרויסע אימפעריע אין פערו, וואו גאלד האט זיך פשוט געוואלגערט, וויא דיא אינדיאנער האבען עס דערצעהלט. ער האט שוין אנגעהויבען צו קלייבען מאטעריאלען צו בויען שיפען. צוויי זעגעל־שיפען איז איהם געלונגען אויפצובויען און צו בעוואפענען ביי דיא ברעגען פון פאנאמא גאלף. מיט דיזע שיפען איז ער צוגעקומען צו דיא פערל אינזלען (זעה דיא אביגע לאנדקארטע), וועלכע האבען געקראגען דיזען נאמען, ווייל דארטען האט מען בעקומען און מען בעקומט אויך היינט פערל, און עס קען זיין, אז ער וואלט זאגאר צוגעשוואומען ביז צו דיא ברעגען פון פערו, ווען דאס וועטער וואלט דאן געווען גינסטיגער פאר אזא רייזע.

נור איהם איז ניט בעשערט געווען אויסצופיהרען דיזען גרויסען פלאן. פיער יאהר נאך זיין גרויסער ענטדעקונג איז ער געפאלען פון דיא הענד פון זיינע לאנדסלייט, וועלכע האבען איהם ניט פערגונען זיין גדולה. דיא שפאנישע רעגיערונג האט איהם בעהאנדעלט אזוי שלעכט, וויא קאלומבוס'ען און דיא מייסטע אנדערע ענטדעקער און עראבערער, וועלכע האבען אלץ פערגרע־

סערט איהר ממשלה אין דער נייער וועלט. דער קעניג האָט איהם אפילו בעלוינט פאַר די ענטדעקונג פון פּאַסיפיק מיט'ן טיטול "אדעלאַנטאַדאָ פון זידליכען ים", אָדער אַדמיראַל פון דעם ניי־ענטדעקטען ים; אָבער אַלס גובערנאַטאָר פון דאַריען גופא איז געשיקט געוואָרען אַן אַדעליגער מיט'ן נאָמען פּעדראָ אריאַס דע אווילאַ. צווישען דיזען גובערנאַטאָר און באַלבאָאַ האָבען זיך אָנגעפאַנגען רייַ־בערייען. דיא פריינד פון דעם נייען גובערנאַטאָר האָבען געמאַכט אַ בלבול אויף באַלבאָאַ'ן, אַז ער וויל גאָר גרינדען אַן אייגענע מלוכה — אַזאַ בלבול האָט מען אויך געמאַכט אויף קאָלאָמבוס'ען, קאָרטעץ'ען און אַנדערע — און אויף דעם גרונד האָט מען איהם ניט נור גע'משפּט און פעראורטהיילט צום טויט פאַר האָכפעררעטה, ווען ער האָט זיך געלאָזט אַריינגעאַרען אין דיא הענד פון זיינע געגנער, זאָנדערן דער טויט־אורטהייל איז אויך באַלד אויסגעפיהרט געוואָרען אין 1517.

באַלבאָאַ'ס עראָבערונגס־פּלענער זיינען אויסגעפיהרט געוואָרען פון פראַנציסקאָ פּיזאַראָ, וויא מיר וועלען עס זעהען, ווען מיר וועלען קומען צו דער געשיכטע פון פּערו. אין פערלויף פון 16טען יאָהרהונדערט, ווען שפּאַניען האָט דערגרייכט איהר העכסטע פּאָליטישע גדולה, ווען איהר אימפּעריע האָט זיך אויך צושפּרייט איבער בראַזיליען און איבער פּאָרטוגאַל גופא, און אין פערלויף פון 17טען יאָהרהונדערט, ווען זיא האָט אַלץ מעהר און שנעלער אָנגעהויבען צו זינקען, האָט דער איסטמוס פון פּאַנאַמאַ געדיענט אַלס דער איינציגער פּראַקטישער וועג צווישען איהר און איהרע פּאָסעסיעס אין זיד־אַמעריקאַ ביי דיא ברעגען פון פּאַסיפישען אָקעאַן. דיא אוצרות פון פּערו זיינען געפיהרט געוואָרען אויף שיפען ביז צום פּאָרט פּאַנאַמאַ. נאָכהער זיינען זיי טראַנספּאָרטירט געוואָרען איבער דעם איסטמוס ביז צו אַן אַטלאַנטישען פּאָרט, פון וואַנען שיפען פּלעגען אָבפאָהרען נאָך שפּאַנישע פּאָרטען, מייסטענס נאָך קאַדיקס. אויף דיזען וועג פּלעגט מען פיהרען סחורות פון שפּאַניען ניט נור נאָך פּערו און בכלל דיא לענדער פון דער אינקאַ אימפּעריע, זאָנדערן אפילו נאָך אַרגענטינע און אַנדערע קאָלאָניעס, וואָס זייערע נאַטירליכע האַנדעלס־וועגען זיינען נור דורך דיא אַטלאַנטישע פּאָרטען. דיא אורזאַכע דערפון איז געלעגען אין דער קאָלאָניאַלער סיסטעם, וועלכע האָט רואינירט דיא גאַנצע שפּאַנישע אימפּעריע, וויא מיר וועלען עס זעהען אין דער געשיכטע פון דיא זיד־אַמעריקאַנישע רעפּובליקען. אַן ערגערע סיסטעם צו פערוואַלטען קאָלאָניעס, וויא דיא שפּאַנישע רעגיערונג האָט איינגעפיהרט, איז גאָר שווער אויסצוטראַכטען.

דיא פערבינדונגען צווישען דיא פּראָווינץ פּאַנאַמאַ און ניי־גראַנאַדאַ (נאָכהער דיא רעפּובליק קאָלאָמביאַ), צו וועלכער זיא האָט פּאָליטיש געהערט, זיינען געפיהרט געוואָרען דורך'ן ים. דער טיעפער טהאָל פון דעם טייך אַטראַטאָ, וואָס פאַלט אַריין אין דעם גאָלף פון דאַריען, האָט איבערגעהאַקט דעם יבשה־

וועג דורך דיא געדיכטע און פייכטע טראָפּישע וועלדער (דיא געגענדען דאָרטען זיינען בעזאָנדערס רעגענדיגע). אויך אין אונזערע צייטען איז עס זעהר שווער צו דערגרייכען פון קאָלאָמביא ביז צו פּאנאמא אויף יבשה־וועגען. דאָס האָט פּאַקטיש געמאכט דיא איסטמוס־פּראָווינץ אונאבהענגיג פון דיא וויצע־קעניגע און נאָכהער פון דיא פּרעזידענטען פון ניי־גראנאדא אָדער קאָלאָמביא. דאָס האָט אויך לייכטער געמאכט דאָרטען דיא מרידות געגען דיא קאָלאָמביאנער רעגיערונג און שליסליך מיטגעהאָלפען אין דער גרינדונג פון אַן אונאבהענגי־גער רעפּובליק אין פּאנאמא אין 1903.

אויסער דיא פּאָרטען פון דעם איסטמוס זיינען קיינע שפּאנישע בעזע־צונגען ניט געווען אין דיזען טהייל פון צענטראל אַמעריקא. דיא וויצע־קעניגע אין באָגאָטא, דיא הויפּט־שטאָדט פון קאָלאָמביא, האָבען זיך איבערהויפּט זעהר ווייניג געקימערט וועגען דיא פּאנאמא־פּראָווינץ, צו וועלכער מען האָט נור געקענט צוקומען אויף שיפען איבער׳ן ים און וועלכע איז געווען בעזאָנדערס אונגעזונד פאר אייראָפּעער.

דערמיט האָט זיך צו ענדע פון 17טען יאָהרהונדערט בענוצט אַ מערקוויר־דיגע פּערזאָן צו גרינדען דאָרטען אַ קאָלאָניע פון שאָטלענדער מיט דער הילפע פון דער ענגלישער רעגיערונג אין דיא אינטערעסען פון וועלט־האנדעל און פון רעליגיעזע פרייהייט. דיא געשיכטע פון דיזער קאָלאָניע, וועלכע האָט ליידער געהאט אַ זעהר קורצען און טרויעריגען סוף, איז בכלל זעהר אינטערעסאנט.

דער גרינדער איז געווען דער שאָטלענדער וויליאם פּאטערסאָן, וועלכער איז אויך געווען דער גרינדער פון דער בענק אָוו אינגלענד און האָט זיך אויס־געצייכענט ניט נור אַלס קויפמאַן און פינאנסיסט, זאָנדערן אויך אַלס שרייבער און טרוימער. אין איינער פון זיינע שריפטען ווערט ערקלערט „אַ פּאָרשלאג צו עטאבלירען אַ קאָלאָניע אין דאריען צו פערטהיידיגען דיא אינדיאנער געגען שפּאניען און צו עפענען זיד־אַמעריקא פאר דעם האנדעל פון אַלע נאציאָנען". דיזע שריפט צייגט, וואָס פאר אַ וויטען און ברייטען בליק ער האָט געהאט איבער דער וועלט.

מיט אַ פּלאַן צו גרינדען אַ גרויסע האנדעלס־קאָלאָניע אין דעם איסטמוס פון דאריען האָט זיך פּאטערסאָן, דער זוהן פון אַ פּארמער אין שאָטלאנד, ארומ־געטראָגען עטליכע יאָהר, נאָכדעם וויא ער האָט געלעבט אַ געוויסע צייט אין דיא באהאמא אינזלען, וועלכע געהערען אויך היינט צו ענגלאנד (אויף איינעם פון דיזע אינזלען האָט עס קאָלומבוס צוערשט געלאנדעט אין דער נייער וועלט). ער האָט געזוכט אונטערשטיצונג ניט נור אין שאָטלאנד און אין ענגלאנד, זאָנ־דערן אויך אין דיא האנדעלס־פּאָרטען פון האָלאנד, דייטשלאנד און בכלל פון פּראָטעסטאנטישע לענדער.

אין 1695 איז איהם שליסליך געלונגען צו גרינדען אין עדינבורג אַ האנ־

דעלס־קאָמפּאַניע, וואָס האָט זיך אונטערנומען דורכצופיהרען זיין פּלאַן וועגען די קאָלאָניזירונג פון דעם איסטמוס פון דאַריען פאַר דעם פרייען האַנדעל פון דער גאַנצער וועלט. דיעזע קאָמפּאַניע האָט געהאַט אין אויג ספּעציעל די קאָמערציעלע אינטערעסען און אויך די פּאָסעסיע פון א פּונקט, וואָס איז "דער שליסעל פון דעם וועלט־האַנדעל", וויא וויליאַם פּאַטערסאָן האָט עס ער־קלערט. ער אָבער האָט דערביי געהאַט אין זינען אויך רעליגיעזע און פּאָלי־טישע פרייהייטען.

זיין זאָ־גענאַנטער "דאַריען פּלאַן" האָט געוואונען די סימפּאַטיע פון פאָלק אין שאָטלאַנד. דורך אַן עפענטליכע סובסקריפּציאָן האָט מען דאָרטען צוזאַ־מענגעקליבען גענוג געלד צו שיקען אין 1698 א גרויסע עקספּעדיציע מיט דער צושטימונג פון שאָטלענדישען פּאַרלאַמענט. ארום צוועלף טויזענד שאָטלענ־דער האָבען דעם יאָהר געלאַנדעט אין דאַריען, אום צו רעאַליזירען פּאַטערסאָן'ס טרוימערישען פּלאַן וועגען די גרינדונג פון א פרייער האַנדעלס־אימפּעריע אין רעכטען מיטען פון דער נייער וועלט. אָבער דיזע אונטערנעהמונג האָט זיך געענ־דיגט אזוי שנעל ווי טרויעריג, די מייסטע קאָלאָניסטען זיינען אומגעקומען פון קראַנקהייטען און אויך פון מאַנגעל אין שפּייז. פּאַטערסאָן'ס פרוי און קינד זיינען געווען צווישען די ערשטע אָפּפער פון דעם שרעקליך־אונגעזונדען קלימאַט ביי די אַטלאַנטישע ברעגען פון איסטמוס. ער אַליין איז קוים גע־קומען א לעבעדיגער מיט א טהייל פון די קאָלאָניסטען צוריק נאָך שאָטלאַנד צו ענדע פון 1699.

נאָך אזעלכע הערצרייסענדע ערפאַהרונגען האָט פּאַטערסאָן דאָך ניט אויפ־געגעבען זיינע פאַנטאַסטישע פּלענער. ווען עס זיינען נאָכהער אָנגעקומען א פּאָאַר שיפען פון שאָטלאַנד מיט נייע ענטהוזיאַסטען, האָט זיך שוין אין דאַריען געפונען א שפּאַנישע פלאָטע מיט סאָלדאַטען צו פעריאָגען די אונגעבעטענע געסט פון אזא וויכטיגען סטראַטעגישען און קאָמערציעלען פּונקט. אזוי וויא די ענגלישע רעגיערונג איז געווען גלייכגילטיג צו דיזער אונטערנעהמונג, האָ־בען די איבערגעבליבענע שאָטלענדער זיך אונטערגעגעבען צו די שפּאַניער, און די פּראָווינץ טיעראַ פירמאַ, וויא מען האָט דאַן אָפיציעל גערופען די טעריטאָריע פון דער היינטיגער פּאַנאַמאַ רעפּובליק, איז געבליבען אין פערלויף פון די נעכסטע צוויי יאָהרהונדערטע א טהייל פון דעם וויצע־קעניגטהום נועוואַ גראַנאַדאַ און נאָכהער פון דער רעפּובליק קאָלאָמביאַ.

די וויצע־קעניגע און, נאָך דער אָבשאַפונג פון דער שפּאַנישער הער־שאַפט אין 1819, די פּרעזידענטען פון קאָלאָמביאַ האָבען זיך וועניג געקימערט וועגען דיזע וועניג בעפעלקערטע און אונגעזונדע פּראָווינץ, וועלכע האָט נור געדיענט אַלס א דורכוועג אין איהרע שמאָלסטע ערטער פאַר דעם פערקעהר און האַנדעל מיט די לענדער ביי די פּאַסיפישע ברעגען פון דער נייער וועלט.

אין 1841 האָבען דיא פּראָווינצען פּאנאמא און וועראגוא פּרובירט זיך אָבטהיי־
לען פון קאָלאָמביא, אָבער דאָס איז זיי ניט געלונגען. א צווייטע פּראָבע צו
גרינדען א זעלבסטשטענדיגע רעפּובליק אין דער פּראָווינץ פּאנאמא איז גע־
מאכט געוואָרען אין 1857, עטליכע יאָהר נאָכדעם, וויא דיא קאָנסטיטוציאָן
פון ניי־גראנאדא, וויא מען האָט צו יענער צייט גערופען דיא פעראייניגטע
שטאאטען פון קאָלאָמביא, האָט געגעבען דיא שטאאטען דאָס רעכט זיך אָב־
צוטהיילען. אָבער דאָס האָט אויך קיין קיום ניט געהאט.

פּאנאמא וואָלט וואהרשיינליך עד היום פערבליבען א שטאאט פון קאָ־
לאָמביא, טראָץ אלע אינערליכע רייסערייען וועגען דעם קאנאל זייט דיא
פראנצויזען האָבען טאקע אָנגעפאנגען צו גראָבען דאָרטען און טראָץ אן אויפ־
שטאנד אין 1895, ווען דיא רעגיערונג און דער קאָנגרעס אין באָגאָטא
וואָלטען געהאנדעלט קליגער און פּאָרזיכטיגער מיט דער רעגיערונג אין ווא־
שינגטאָן אונטער דער פּרעזידענטשאפט פון טהעאָדאָר רוזוועלט. דיא גע־
שיכטע פון דעם קאנאל און פון דער עטאבלירונג פון דער רעפּובליק פּאנאמא
אונטער דעם שוץ פון יונייטעד סטייטס איז שוין איבערגעגעבען געוואָרען אין
א קאפּיטעל פון דער געשיכטע פון דער מעכטיגער נאָרד־אמעריקאנער רעפּובליק
(זעה זייטע 97 און 98). מיר וועלען עס דאָ ניט ווידערהאָלען. דאָ בלייבט נור
צוצוזעצען, אז דיא קאָלאָמביאנער רעפּובליק הערט ניט אויף צו פּראָטעסטירען
געגען דיא האנדלונגען פון דער אמעריקאנער רעגיערונג אין נאָוועמבער 1903,
ווען דיא רעפּובליק פּאנאמא איז אין איין נאכט געשאפען געוואָרען אָהן א שאָס
פּולווער, און אז זייט דאן הערשט דאָרטען רוהע און אָרדנונג.

דיא איינגסטע פון אלע רעפּובליקען אין דער נייער וועלט האָט א גלענ־
צענדע צוקונפט ניט נור א דאנק דעם קאנאל, וועלכער וועט איהר מאכען פאר
דעם צווייטען גרעסטען צענטער (נאָך זועץ קאנאל) פון שיף־וועלטהאנדעל און
פאר וועלכען זיא קריעגט פון יונייטעד סטייטס א יעהרליכע רענט פון
א פערטעל מיליאָן דאָלאר, זאָנדערן אויך א דאנק דער וויסענשאפט, וועלכע
האָט שוין בייגעקומען דיא שרעקליכע מגפה פון געלען פיעבער און וועלכע
וועט מעגליך מאכען פאר ווייסע צו בעזעצען זיך און צו פערמעהרען זיך דאָרטען.

